א. א. פישער

# היסטארישע דראמעס

הילע געצייכנט פון

ל. פאַך

אַרויסגעגעבן
פון
אַ. א. פישער־בוך־קאָמיטעט
בוענאָס־איירעס
תשי"ח — 1957

All rights reserved
Derechos reservados
Hecho el depósito que marca
la Ley
Industria Argentina

Impreso en la Argentina
Printed in Argentina
Copyright 1957 by
A. E. FISCHER
Buenos Aires.

392.42
F522h
cop.3

**A. E. FISCHER**

# DRAMAS HISTORICOS

אויפפירן אָדער איבערזעצן די דראַמעס אָן
דעם מחברס וויסן איז שטרענג פאַרווערט.

Editado por el
**COMITE EDITOR LIBROS A. E. FISCHER**
**Buenos Aires, 1957**

THE CHICAGO PUBLIC LIBRARY
MAY 26 1959 D

# אינהאלט

# אַ. א. פישער־בוך־קאָמיטעט

פרעזידענט — — — — — — — — מרדכי לעווין

וויצע־פרעזידענט — — — — — — דר' ראַול נאָוויק

סעקרעטאַרן — — — — — — — — ר. פעפערמאַן

יוסף פיין

קאַסיר — — — — — — — — — אַברהם פּאָליאַקאָוו

פראָ־קאַסיר — — — — — — — — יצחק דעמבינסקי

וו אָ ק אַ ל ן :

שלום אייזיקס

מאיר אייזענבערג

דוב באַרקאַן

אינזש' יצחק ברייטער

יעקב גראַבאָווסקי

מ. גאָראָדישטש

הדסה האַלפּערין

ז. וואַסערצוג

אַ. י. זאַקוסקי

י. טראיעוויצקי

איסר לעוו

אברהם מאָסענקיס

ב. קאָברינסקי

משה קאַמענשטיין

אינזש' נחמן ראַדזשיכאָווסקי

שמחה רובינס

משה שטייף

משה שענדעריי

## פערזאנען:

דער כהן און שופט עלי
דער נביא שמואל
חפני | עליס זין
פנחס | עליס זין
1טער געהילפס־כהן
2טער געהילפס־כהן
ערשטע פרוי
צווייטע פרוי
1טער מאַן פון פאָלק
2טער מאַן פון פאָלק
שלומית, אַ פרומע פרוי, אַ טונקעלע
תירצה, אַ זינדיקע פרוי, אַ בלאָנד־רויטע
אַ זקן
בת־קול
עמרם | כהנים, עליס תלמידים
יצהר | כהנים, עליס תלמידים
גרשון
קהת
איתמר
לבני
אליצור
עמינדב
אליסף
אלישמע
אחיעזר
אבימלך
(גרשון — אבימלך: כהנים, לוויים, נזירים, עליס תלמידים און געהילפן)
ערשטער וועכטער
צווייטער וועכטער
דריטער וועכטער
עלטסטער פון שילה

כרמי פון ראובן
ימין פון שמעון
פרץ פון יהודה
שמרון פון יששכר
אלון פון זבולון
חגי פון גד
ימנה פון אשר
גדעון פון מנשה
מכיהו פון אפרים
גרא פון בנימין
חושים פון דן
יצר פון נפתלי
} פאַרטרעטער פון די שבטים

מנוח פון צרעה
זרח פון עיטם
} פאַרטרעטער פון די גרענעץ־שטעט

ערשטער ראַטמאַן פון שילה
צווייטער ראַטמאַן פון שילה
פליט פון שלאַכטפעלד
כהנים
לוויים
פרויען פונעם פאָלק
מענער פונעם פאָלק

## באַמערקונגען:

די גאַנצע האַנדלונג קומט פאָר אין שילה. — צווישן ערשטן און צווייטן בילד גייען דורך עטלעכע יאָר. — דאָס צווייטע, דריטע און פערטע בילד שפּילן זיך אָפּ אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג. — צווישן פערטן און פינפטן בילד, דעסגלייכן צווישן פינפטן און זעקסטן בילד, גייען פאָרביי צוויי־דריי מאָנאַטן. — צווישן זעקסטן און זיבעטן בילד, דעסגלייכן צווישן אַכטן און ניינטן בילד, גייט אַריבער לערך אַ יאָר. — דאָס זיבעטע און אַכטע בילד שפּילן זיך אָפּ אין פאַרלויף פון צוויי טעג.

די גאַנצע דראַמע איז אויפגעבויט אויף פראַגמענטן פון די ערשטע זיבן קאַפּיטלען פון דעם ספר שמואל א׳.

# דאָס ערשטע בילד

לינקס (פונעם צושויער) אַ דרויסנדיקער ווינקל פונעם משכן אין שילה. אין הינטערגרונט, נעבן דער פּאַראַלעלער (צום צושויער) וואַנט, אַ שטיינערנער, פּאַרצירטער ברונעם, מיט אַ קאַרעטע צום אָנטרינקען הויז־חיות און צום וואַשן געפעס. אין דער ווערטיקאַלער וואַנט איז פּאַראַנען אַ זייטיקער אריינגאַנג אין משכן, וועמענס פאַרהאַנגען זענען פון אָנהייב פאַרצויגן און צו וועלכן עס פירן אַרויף עטלעכע שטיינערנע טרעפּ. פאַרן אריינגאַנג איז אַ גראַמער פּלאַץ, אויף וועלכן עס זענען פאַרזאַמלט, אין אומאָרדענונג, ווען דער פאַרהאַנג גייט אויף, אַ נישט איבעריק גרויסע צאָל פון פרויען, מענער און קינדער, אָנגעטוענע אין פּאַרביקע פעסטלעכע קליידער און אויסגעצירטע אין קווייטן, בלומען און צווייגן און די פרויען באַהאַנגענע מיט אויערינגען, האַלדזבענדער, דיאַדעמען, בראַסלעטן און כל המינים אַנדערע צירונג. רעכטס פונעם פּלאַץ, אונטער עטלעכע אַלטע פאַרצווייגטע פייגנביימער, שטיינערנע טישן און בענק, אויסגעשטעלטע אין דער לענג ווערטיקאַל צום צושויער. פּאַראַלעל צו דיזעלבע, אַ שורה פון פייערשטעלן, אויף וועלכע עס שטייען, אָדער איבער וועלכע עס הענ־גען, טעפּ, קעסלען, אָדער בעקנס. אַ ווײַלע נאָך דעם ווי עס גייט אויף דער פאַרהאַנג, ווערן פאַנאַנדערגעצויגן די פאַרהאַנגען ביים אַריינגאַנג אין משכן און אויף דער אייבערשטער גאַנץ ברייטער טרעפּ באַווייזן זיך חפני הכהן מיט אַ סוויטע פון געהילפס־כהנים, אָנגעטוענע אין זייערע צערע־מאָניאַל־קליידער.

חפני: זייט גרייט, קינדער פון ישראל, צו ברענגען אייערע קרבנות פאַר אונדזער האַר, דעם גאָט פון אונדזערע אבות!... (הינטער די כהנים, אינעווייניק אין משכן, שפּילן אויף די לויים אַ פייערלעכע

מעלאָדיע. דערווייל האָט זיך דאָס פאָלק פאַרן אַריינגאַנג אויסגע־שטעלט משפחותווייז, די מענער מיט די אויסגעצירטע ציגן, שאָף, און קעלבלעך, ווּעלכע זענען באַשטימט פאַר קרבנות, אויף די אָרעמס. נאָכדעם ווי די לויים האָבן פאַרענדיקט זייער מוזיקאַלישן אַריינפיר, הייבט אָן דאָס פאָלק צו זינגען אונטער זייער באַגלייטונג).

פ אָ ל ק : (זינגט):

מיט אַ ליד פון אויפגאַנג, מיט פרייד און געזאַנג,
מאַכן מיר קיין שילה אונדזער פרומען גאַנג.
אויסגעצירט אין נייע קליידער, בלומען און צווייגן,
טוען מיר צו גאָטס משכן־הויז אויפשטייגן.
ווער עס טראָגט אַ קעלבל, ווער אַ ציג, אַ שעפס, אַ לאַם
צו ברענגען אַלס קרבן פאַרן האַר פון אונדזער שטאַם.
האָסט אונדז אויסגעלייזט, באַפרייט, אַלמעכטיקער האַר,
פון מצרים און פון יעטוועדער געפאַר.
אַ גוט לאַנד פון וועלדער, פרוכטן, ווײַן און תבואה־גאַרב
האָסטו אונדז געגעבן אַלס אייביקע אַרב.
דעריבער זײַ געלויבט האַר, גאָט פון דער וועלט,
וואָס הויזט צווישן כרובים אין אָט־דעם געצעלט!

ח פ נ י : (אַ הויכער, טונקעלער און פעסטער. ווען דאָס פאָלק פאַרענ־דיקט דאָס געזאַנג) היט אָפּ די אָרדענונג מיט דרך־ארץ! זאָל אַריינ־גיין דער ערשטער! (טרעט צוריק מיט זיין סוויטע, מאַכט פּלאַץ צום אַריינגיין).

נאָכדעם ווי עס קומט אַרויס די ערשטע משפחה, טראָגנדיק די שטי־קער פלייש פון זייער קרבן, גייט אַריין די צווייטע משפחה. ווען די קומט אַרויס, גייט אַריין די דריטע און אַזוי ווייטער, לויט דער ריי. דערווייל ווערט אַ באַוועגונג ביי די פייערשטעלן, ביי די טישן אונטער די פייגנ־ביימער און ביים ברונעם. די מענער לייגן אָן און צעבלאָזן די פייערן; צעשניידן דאָס פלייש אויף קלענערע שטיקלעך. די פרויען שעפּן אָן וואַ־סער, פולן אָן די כלים איבער די פייערן, וואַרפן אַריין די פלייש־חלקים;

גייען ווידער צום ברונעם איבערשווענקען די טעלער, קרוגן, בעכערס א. א. וו. מיידלעך און קינדער גרייטן די טישן און לייגן אַוועק לעפלען, מעסערס און גאָפּלען; זיי שטעלן אויס קערבלעך מיט געטריקנטע פּרוכטן: פייגן, טייטלען, ראָזשינקעס און מאַנדלען און מיט פרישע ווייַנטרויבן, פלוימען, עפּל, באַרנעס א.א.וו. געהילפס־כהן באַווייזט זיך צווישן עולם אין באַגלייטונג פון צוויי ייִנגלעך, וועלכע טראָגן גרויסע קוישן מיט ברויט.

געהילפס־כהן: (רופט אויס הויך) קויפט דאָס געהייליקטע ברויט צו דער קרבן־סעודה! קויפט דאָס געשמאַקע ברויט! (עס זאַמלען זיך אָן אַרום אים עטלעכע פרויען).

א פרוי: (קוקט אַריין אַ ווײַלע אין איינעם פון די קוישן. שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ) קלײנע ברויטלעך זענען עס... פאַר דער גאַנצער משפּחה וועלן נײטיק זיין צוויי, אָדער גאָר גאַנצע דריי... (צום כהן) וויפל קאָסט בײַ דיר איינס פון אָט־די קליינע ברויטעלעך?...

געהילפס־כהן: יעדעס ברויטל קאָסט אַ פערטל זילבער־שקל. וויפל זאָל איך דיר געבן?

א פרוי: אוי, ווי טייער!... אַ פערטל שקל... פאַר דעם געלט באַקומט מען דאָך צוויי פרישע, פיל גרעסערע לאַבנס ברויט אין יעדער שטאָט און דאָרף פון ישׂראל. און דײַנע ברויטלעך זענען דאָך שוין אָלטגעבאַקענע און איבערגעשטאַנענע.

געהילפס־כהן: וואָס פּלאַפּלסטו נאַרישקייטן, מיין גענדזעלע? דאָס איז דאָך געהייליקט ברויט, געמאַכט פונעם שענסטן און בעסטן זעמל־מעל, וועלכעס איז געלעגן פאַר גאָט נעבן דעם אָרון הברית. דאָס איז לחם־הפּנים, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון משכּן. אַזאַ ברויט ווילסטו פאַרגלייכן מיטן פּשוטן געבעקס, וואָס ווערט פאַרקויפט אויף אַלע מערק? אָט־דאָס ברויט מוז דאָך זיין טייערער. עס ווערט דאָך באַנוצט נאָר צו קרבן־סעודות!

א צווייטע פרוי: (אַ דרייסטערע) וואָס טויגן מיר דײַנע שיינע ריידעלעך, כהן. דיין ברויט איז צו טייער. פאַרקויף מיר צוויי ברויט־

לעך פאַר אַ פּערטל שקל! זיי זענען עס נישט ווערט, אָבער זאָל שוין זיין... ביסט דאָך עפּעס פון די הייליקע לייט...

ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : איך קען דיר נישט פאַרקויפן אויף דעם פּרייז. (וויל אַוועקגיין).

ע ר ש ט ע פ ר ו י : נו, גוט! גיב דריי ברויטלעך פאַר אַ האַלבן שקל. איר באַרייסט אונדז סיי־ווי־סיי. ווען מיר קומען צו אייך קיין שילה ברענגען קרבנות, ווערט עס קאָסטן נאָך אַביסל טייערער.

ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : דיר וועל איך געבן, טייבעלע, דריי פאַר אַ האַלבן שקל. דערפאַר ווייל דו האָסט נישט אַזאַ גרויס מויל ווי יענע. זאָל דיר וואויל באַקומען! (נאָך פרויען קויפן) איר זעט, אָט־דאָס שיינע ווייבל האָט שוין אויסגעדונגען פאַר אייך אַלע אַ גוטן פּרייז. (גייט ווייטער מיט די יינגלעך).

צ ווי י ט ע ר ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : (קומט אַרויס פון משכן און הינ־ טער אים גייען צוויי יינגלעך מיט אַ גרויסן קעסל אין די הענט. דער כהן טראָגט אין האַנט אַ גרויסן דרייצייינערדיקן גאָפּל. אַליין איז ער אַ הויכער, פעסטער, מיט אַ צעשויבערטער שוואַרצער באָרד. ער לאָזט זיך מיט אימפּעט צו דער ערשטער פייערשטעלע אין פאָדער־ גרונט) גיט, בני ישראל, פלייש פאַר די כהנים! (שטעקט אַריין זיין גאָפּל אין דער כלי אויף דער ערשטער פייערשטעלע, שלעפּט אַרויס אַ שטיק פלייש און וואַרפט אַריין אין קעסל וואָס עס טראָגן אים נאָך די צוויי יינגלעך).

מ אַ ן פ ו ן פ אָ ל ק : (ביי ווען דער כהן האָט גענומען דאָס פלייש. אַן עלטערער פויער, וועמען דאָס לעבן האָט שוין קענטיק אויסגע־ לערנט צו זיין געדולדיק און נאָכגעביק. מאַכט אַן אומצופרידענע גרימאַסע) האָסט אַרויסגעשלעפּט אַ צו גרויס שטיק פלייש, כהן. ס'וועט דאָך נישט בלייבן אַפּצועסן פאַר מיר מיט מיין משפחה...

צ ווי י ט ע ר ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : ס'איז מיין גליק! איר וועט חלילה נישט שטאַרבן פון הונגער. (גייט צו דער צווייטער פייער־ שטעלע) גיב פלייש פאַר די כהנים!

צ ווי י ט ע ר מ אַ ן פ ו ן פ אָ ל ק : (אַ יונגער, דרייסטער, אַפילו

האָפּערדיקער, ווי עס ווייזט אויס פון אַ מיוחסדיקער משפחה. פאַר־שטעלט דעם כהן דעם וועג צו זיין קעסל) איך וועל דיר קיין פלייש נישט געבן, מיין פריינט. איך האָב שוין געגעבן אַ פיינעם חלק פלייש פאַר די כהנים נאָך אינעווייניק אין משכן, נעבן דעם מזבח, און דאָס איבעריקע דאַרף איך פאַר זיך אַליין.

צווייטער געהילפס־כהן: ווי עס ווייזט אויס, ביסטו איצט געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין שילה צו ברענגען אַ קרבן און עס איז דיר נישט באַקאַנט ווי מיר פירן זיך דאָ. דאָס פלייש וואָס דו האָסט געגעבן נעבן מזבח, האָסטו געגעבן מיט דיין גוטע ווילן, דער־פאַר וואָס מיר האָבן צעפּערטלט דיין קרבן. מיר זענען דאָך נישט מחויב עס צו טאָן פאַר דיר. מיר זענען דאָך נישט דיינע משרתים. אָבער דאָס פלייש וואָס איך מאָן ביי דיר איצט, קומט מיר על־פי דעם געזעץ וואָס איז איינגעפירט צווישן די כהנים און דעם פאָלק און עס ווערט אָפּגעהיט זינט די אוראַלטע צייטן. (וויל אַריינשטעקן זיין גאָפּל, אָבער דער אייגנטימער פונעם פלייש לאָזט נישט).

צווייטער מאַן פון פאָלק: איך וועל דיר מער קיין פלייש נישט געבן! ס'איז וואָר, אַז איך בין דאָ איצט צום ערשטן מאָל אין שילה און איך בין נישט באַקאַנט מיט אייערע היגע געזעצן און משפּטים. אָבער עס איז דאָך פאַראַנען אַזאַ גערעכטיקייט, וועלכע מ'דאַרף נישט ערשט לאַנג באַווייזן, ווייל מ'ווערט מיט איר גע־בוירן. נעמען צוויי מאָל פלייש פאַר די כהנים און דערצו נאָך גאָר נישט קיין באַשיידענע חלקים, הייסט נעמען צופיל און דאָס איז אומגערעכט!

צווייטער געהילפס־כהן: מאַך זיך נישט נאַריש, יונגער־מאַן, און לאָז נעמען מיט גוטן וואָס עס קומט מיר.

צווייטער מאַן פון פאָלק: איך האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז איך וועל נישט געבן!

צווייטער געהילפס־כהן: אויב אַזוי וועל איך מוזן נעמען אויף כוח! ((וויל אָפּשטופּן דעם יונגנמאַן מיט געוואַלט און יענער לאָזט זיך נישט).

צווייטער מאַן פון פאָלק: נעם צו דיינע הענט, אומווירדיקער כהן, אויב נישט... (עס פאַרזאַמלען זיך אַרום זיי אַ צאָל מענער פון פאָלק).

שטימען פון פאָלק: וועסט נישט ענדערן זייערע געזעצן, אפרתי. מאַך נישט קיין טומל און לאָז אים נעמען! — לאָז זיך נישט באַרייסן פון דעם חוצפּהדיקן יונג, אפרתי. מ׳דאַרף אַמאָל מאַכן אַ סוף צו זייער ווילקיר! — פאַרגעסט נישט ביידע, אַז מיר געפינען זיך דאָך אינעם הויף פונעם הייליקן משכן, דרך־ארץ! — מ׳קען זיך אָבער פאָרט נישט לאָזן טרעטן מיט די פיס! — מ׳קען דאָך נישט איבערטראָגן אַלע עוולות וואָס מען טוט אונדז און פאַרשווייגן! (די סיטואַציע ווערט דראָענדיק).

פינחס: (אַ בלאָנדער און מיטלוואוקסיקער. באַווייזט זיך, עפּעננדיק זיך אַ וועג צווישן עולם גוטמוטיג, אָבער דאָך ענערגיש, מיט גוטע ריידעלעך) וואָס קומט דאָ פאָר, קינדער פון ישראל? וואָס דאַרפט איר זיך קריגן און מיט אייערע געשרייען פאַרשוועכן אונדזער גאָטס הויז? קען מען דען נישט דורכקומען געלאַסן און מיט גוטן, ווי עס פּאַסט פאַר פרומע און גאָטספאָרכטיקע לייט?

צווייטער געהילפס־כהן: כ׳האָב ביי אים געמאָנט מיט גוטן פלייש פאַר די כהנים, וויל ער נישט געבן — האָב איך אים געדראָט צו נעמען אויף כוח דאָס, וואָס עס קומט אונדז לויטן אורשלטן געזעץ.

צווייטער מאַן פון פאָלק: כ׳האָב שוין פריער געגעבן פלייש פאַר די כהנים אינעווייניק אין משכן, ביים מזבח. זינט איך בין געקומען אַהער, האַלט מען ביי מיר אין איין מאָנען און נעמען. גאָר צוערשט האָט מען גענומען ביי מיר אַ תרומה פאַר די כהנים, אַזאַ מין שטייער־אָפּצאָל אין מזומן געלט. דערנאָך זענען געקומען אַנדערע און האָבן געבעטן אויף צדקה פאַר אָרעמע. שפּעטער האָט מען גענומען נעבן מזבח רוי פלייש פאַר די כהנים. נאָרוואָס האָט אַ כהן פאַרקויפט מיין ווייב געהייליקט, פאַרטרוקנט ברויט כמעט פאַר אַ טאָפּלטן פּרייז. אָט־דאָס ברויט טאָרט איר גאָרנישט פאַרקויפן.

און איצט וויל מען ביי מיר נעמען אויף כוח געקאָכט פלייש פאַר די כהנים. איר באַרייסט אונדז צופיל, חשובע כהנים. אַלץ דאַרף האָבן אַ גרענעץ און דאָס פאָלק איז שוין מיד און אויפגעבראַכט.

פ י נ ח ס : כ׳האָב דיך געדולדיק אויסגעהערט, יונגער אפרתי. איצט הער דו מיך אויך אויס מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט און אָן אויפרעגונג. דו קומסט איין מאָל אין יאָר, אָדער איין מאָל אין עטלעכע יאָר, קיין שילה צו ברענגען אַ קרבן. און טאָמער בעט מען ביי דיר עפּעס פאַר די כהנים, גאָטס דינערס, ביסטו אומצופרידן און ווערסט גאָר גייך מיד פון געבן. מיר דאַרפן אָבער אויך לעבן...

א יי נ ע ר  פ ו ן  פ אָ ל ק : איר לעבט! איר לעבט דווקא אין וואויל־טאָג און אין איבערפלוס!

פ י נ ח ס : זאָל שווייגן יענער, ביי וועמען מ׳האָט נישט געפרעגט זיין מיינונג. יאָ! מיר דאַרפן אויך לעבן. אָבער ווען עס איז צעטיילט געוואָרן דאָס לאַנד צווישן די שבטים פון ישראל, האָט מען אונדז קיין נחלה נישט צוגעטיילט. מען האָט אונדז צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד און מען האָט אונדז געהייסן דינען אונדזער האַר, דעם גאָט פון ישראל, און זיין די פירשפּרעכערס פון זיין געבאָט ביי די קינדער פון ישראל. לעבן דאַרפן מיר אָבער פון זייערע תרומות. די קינדער פון ישראל האָבן וועלדער, פעלדער און סעדער וואָס זיי באַ־אַרבעטן, זיי באַטרייבן מסחר און האַנטווערק, זיי נוצן אויס די וואַ־סערן פאַר פישעריי און נאַוועגאַציע און זיי לעבן בכבוד. ווען זיי באַגליקן, ווערן זיי אויך רייך. מיר אָבער מוזן אָפּהיטן דעם אָרון הברית און ברענגען אויפן מזבח די קרבנות פונעם פאָלק. און לעבן מוזן מיר פון דעם וואָס דאָס פאָלק גיט אונדז פרייוויליק און ברייט־האַרציק.

ע ט ל ע כ ע  פ ו ן  פ אָ ל ק : (אין אויפרעגונג) מיר לעבן פון דער ערלעכער מי פון אונדזערע הענט און איר זענט טאַקע פּוסטעפּאַס־ניקעס און ליידיקגייערס! — פון גאַרנישט טאָן און פון צופיל וואוילטאָג זענט איר פעט און אויסגעפּאַשעט געוואָרן! — נישט־נאָר דאָס, איר זענט אויך פאַרדאָרבן געוואָרן און אייערע געדאַנקען זע־נען אָוועק צום שלעכטן!

פ י נ ח ס : אָ־וואַ! אָ־וואַ! ווי איר האָט זיך מיטאָמאָל צערעדט, הדיוּ־טים! איצט אָבער לאָזט מיך ווייטער ריידן. יאָ! מיר מוזן לעבן פון דעם פאָלקס אָפּצאָלן און תרומות. און ווייט נישט דאָס גאַנצע פאָלק קומט קיין שילה און אַפילו די וואָס קומען, טוען עס נישט שטענ־דיק און רעגלמעסיק. עס זענען דאָ יאָרן פון שלעכטע גערעטענישן און הונגער און צייטן פון פיינטלעכע אָנפאַלן און פאַראָרעמונג און פאַרוויסטונג. דעמאָלט קומט מען נישט צו אונדז און ווען מען קומט שוין יאָ, קען מען אונדז ווייניק געבן. מיר מוזן אָבער אויך דעמאָלט האָבן פון וואָס צו לעבן. און אַפילו אין געוויינטלעכע צייטן און אַפילו אין גוטע יאָרן, זענען דאָ תקופות פון אָנגעשטרענגטער אַר־בעט אין די ווירטשאַפטן, אָדער פון שטורמישע רעגנס וואָס פאַר־דאַרבן די וועגן, ווען דאָס פאָלק קען נישט קומען קיין שילה צו ברענגען קרבנות. קענען מיר אויך דעמאָלט נישט באַהאַלטן די צייַן אויף אַ פאָליצע און באַפעלן דעם מאָגן ער זאָל וואַרטן. אויך דע־מאָלט דאַרפן מיר האָבן פון וואָס צו לעבן.

ע ט ל ע כ ע פ ו ן פ אָ ל ק : פּינחסל מיט זיין געשליפן צינגעלע און זיין מיילכל אויף שרייפלעך! — אונדזער כהן איז אַ כיטרער פוקס, מ׳קען נישט לייקענען, און ער ווייסט ווי צו פאַרטיידיקן זיינע אינ־טערעסן! — איך וואָלט עס נישט געקענט דערקלערן פאַרוואָס, אבער איך פיל אַז גערעכט איז ער נישט!

פ י נ ח ס : דעריבער דאַרפן מיר האָבן מזומן געלט איינצוקויפן קליי־דער, שיכוואַרג, וועש, מעבל, כלים און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף האָבן. דעריבער דאַרפן מיר האָבן רוי פלייש צו קענען עס רויכערן און טריקענען און באַהאַלטן אויף אַ שלעכטער צייט. דעריבער דאַרפן מיר האָבן געקאָכט פלייש צו קע־נען זיך שפייזן איצט און היינט. איך וויל האָפן, אַז איר האָט פאַר־שטאַנען מיינע רייד און איינגעזען זייער ריכטיקייט. און דו, אפרתי, ווּעלכער ביסט, ווייזט אויס, דווקא פון אַ מיוחסדיקער און פאַרמעג־לעכער משפּחה, וואָלסט זיך געמעגט שעמען צו פאַראורזאַכן אַ טומל און אַ צוזאַמענגעלויף נעבן גאָטס משכן, צוליב אַ חלק פלייש.

וואָלסט עס געמעגט פאַרגינען אין גוטן מוט די כהנים, בפרט, אַז זיי האָבן אַ רעכט אויף דעם און וואָלטן עס אַפילו געקענט נעמען ביי דיר מיט געוואַלד. אָבער אויב דו ביסט טאַקע פאַרבליבן איינגעשפּאַרט און ווילסט נישט געבן, וועל איך הייסן מאַכן אַן אויסנאַם און ביי דיר נישט נעמען. (דרייט זיך אויס צום אַוועקגיין און שטויסט זיך אָן אויף שמואלן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען צווישן פאָלק. זיי מעסטן אַ קורצע ווײַלע איינער דעם אַנדערן מיט די אויגן).

צווייטער מאַן פון פאָלק: (צום געהילפס־כהן) נעם דיין חלק פלייש. איך וויל נישט מאַכן דאָ קיין לייטיש געלעכטער.

צווייטער געהילפס־כהן: (שטעקט אַריין דעם גאָפּל, נעמט אַרויס דאָס פלייש און לייגט אַריין אין קעסל וואָס עס טראָגן אים נאָך די יינגלעך. ער טוט דאָס אַלץ פּאַמעלעך, אָסטענטאַטיוו, דערנאָך סאַרקאַסטיש) אַ גרויסן דאַנק דיר, מיין האַר, פאַר דיין פריינטלעכקייט און ברייטהאַרציקייט. (פאַרנייגט זיך איבערגעטריבן העפלעך. גייט צו דער נאָענטסטער פייערשטעלע און דערנאָך ווייטער, טוענדיק זיין אַרבעט אָן שטערונגען).

פּינחס: (שפּאָטיש, צו שמואלן) דו ביסט אויך דאָ, נישט־געשוירענער? אומעטום מוזסטו טאַקע אַריינרוקן דיין נעזל, אונטער וועלכן עס האָט זיך נאָך נישט אויסגעטריקנט דער מאַמעס מילך?

שמואל: (מעסט שאַרף זיין קעגנער מיט די ברענענדיקע, טרוימערישע אויגן. זייער ווערטער זענען געמאָסטן און אַקצענטירט) איך בין אַ דינער פון הייליקן משכן און אַ תלמיד פונעם עלטסטן כהן, דיין פאָטער עלי. איך גרייט מיך אויך אַמאָל צו ווערן דער דינער פון מיין פאָלק ישראל. מוז איך זיין צווישן מיין פאָלק, וואָס קומט אַהער צו ברענגען קרבנות פאַר אונדזער גאָט און איך מוז זען וואָס עס טוט און הערן וואָס עס רעדט. איך מוז אויך זען און הערן וואָס עס טוען און זאָגן די כהנים פון גאָט.

פּינחס: (בייז) וואָלסט בעסער געזעסן און אַריינגעקוקט אין דיינע פאַרמעטענע מגילות אנשטאָט אַרומצוגיין שפּאַנירן אין אַלע וויב־

קעלעך, דו לאַנגהאַריקער שמויגער איינער.

ש מ ו א ל : איך שפּיאַניר קיינעם נישט נאָך. איך טו וואָס מיין האַרץ הייסט מיר טאָן און וואָס עס איז מיין פליכט צו טאָן. אין מ יי נ ע פּאַרמעטענע מגילות, ווידער, ק ו ק ס ט ו פּ אַ ר מ י ר נ י ש ט אַ ר יי ן. און נאָך עפּעס וויל איך דיר זאָגן, כהן פינחס: עס איז פיל אָרנטלעכער צו זיין אַ לאַנגהאַריקער שמויגער, ווי אַ ווייכצונ־גיקער ביטרער אויסטויגער — נעם דיר דאָס גוט אין זינען אַריין. ס׳וועט קומען אַ טאָג, ווען דו וועסט זיך אָן דעם מוזן דערמאָנען. (פינחס גיט, מיט ביטול, אַ מאַך מיט דער האַנט און גייט אַריין אין משכן. שמואל קוקט אים נאָך און שפּעטער גייט ער אַוועק צווישן פאָלק).

ש ט י מ ע ן  פ ו ן  פ אָ ל ק : ער האָט אים גוט געענטפערט, דער יונ־גער נזיר! — אָבער ווער איז ער, דער יונגערמאַן מיט די לאַנגע לאָקן און ברענענדיקע אויגן? — איך קען אים. ער שטאַמט פון רמתיים־צופים, אין די בערג פון אפרים. זיין פאָטער הייסט אלקנה און זיין מוטער חנה. זיין געבוירן־ווערן איז געווען פאַרבונדן מיט אַ נס. זיין מוטער האָט אין משך פון יאָרן נישט געהאַט קיין קינ־דער, ביז דער כהן עלי האָט זי געבענטשט און זי האָט געבוירן צו־ערשט שמואלן, וועלכן זי האָט געהייליקט פאַר גאָט, און דערנאָך נאָך זין און טעכטער. — אויך איך האָב געהערט וועגן דעם יונגן נזיר, אַז ער איז באַקאַנט מיט די הייליקע שריפטן און גאָטס גייסט שוועבט איבער אים. ער איז אַ גרויסע האָפענונג פאַרן פאָלק ישראל און ער וועט נאָך אַמאָל זיין פאַר אונדז אַ פעסטע שטיצע און הילף.

דאָס פאָלק זעצט זיך אויס משפחותווייז ביי די טישן און מ׳הייבט אָן עסן. די פרויען ברענגען אויך צו די טישן קריגלעך און לאָגלען מיט וויין, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן אויף קילע ערטער. מען זעט אָן די באַ־וועגונגען, אַז דער עולם ווערט גוט אויפגעלייגט).

ח פ נ י : (קומט אָן צום ברונעם פון לינקס הינטערן משכן. לינקס און רעכטס פונעם ברונעם צוויי פרויען, וואָס זענען פאַרנומען מיט

שווענקען כלים. פאַרהאַלט זיך ביי דער פרוי לינקס) פרידן צו דיר,
שוואַרץ־חנעוודיקע טאָכטער פון ישראל!

ש ל ו מ י ת : אין פרידן זאָלסטו לעבן, מיין האַר!

ח פ נ י : ווער ביסטו און פון וואַנען ביסטו, מיין טייבעלע?

ש ל ו מ י ת : איך הייס שלומית און איך בין פון בית־לחם אין יהודה.

ח פ נ י : און אַ מאַן האָסטו, מיין טייערע, און מיט קינדער האָט דיך
אונדזער גאָט געבענטשט?

ש ל ו מ י ת : אַ מאַן האָב איך, אָבער מיר זענען שוין פינף יאָר נאָך
דער חתונה און קיין קינד האָב איך אים נאָך אַלץ נישט געבוירן.

ח פ נ י : אַזוי... אַזוי... קיין קינד האָסטו נישט געבוירן... ווייסטו ווער
איך בין, מיין טיילעבע?

ש ל ו מ י ת : איך זע דאָך, אַז דו ביסט אַ כהן, מיין האַר.

ח פ נ י : האָסט טאַקע געטראָפן. איך בין חפני, אייגער פון דעם עלטסטן
כהן עליס צוויי זין. (טראַכט נאָך אַ ווײַלע) וואָלסט מסתמא זייער
געוואָלט האָבן אַ קינד, נישט אַזוי?

ש ל ו מ י ת : זיכער! טאַקע צוליב דעם בין איך געקומען קיין שילה,
מתפלל זיין און ברענגען אַ קרבן.

ח פ נ י : אויב דו וועסט נאָר האָבן שכל, וועל איך דיר קענען העלפן
אין דיין נויט.

ש ל ו מ י ת : טאָ בענטש מיך, האַר חפני, אפשר וועט אונדזער גאָט
אויסהערן דיין ברכה.

ח פ נ י : גוט! קום צו היינט נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַלע וועלן שוין
שלאָפן, צום שטיבעלע, וואָס נעבן גרויסן שייער — דאָרט וועל
איך וואַרטן אויף דיר...

ש ל ו מ י ת : וועסט דאָרטן זיין אַליין?

ח פ נ י : אוודאי אַליין. ווי דען אַנדערש?

ש ל ו מ י ת : עס איז דאָך אָבער אַ גרויסע זינד פאַר אַן אשת־איש צו
זיין אַליין נאָך האַלבער נאַכט מיט אַ פרעמדן מאַנספאַרשוין... און
איך בין אַ פרומע טאָכטער פון ישראל... און איך האָב זייער ליב
מיין מאַן...

ח פ נ י : קום, מיין טייבעלע, קום. מיט אַ כהן צו זיין אַליין איז גאָר נישט קיין זינד. (אין איר אויער אַריין) וועסט שלאָפן מיט מיר, וועסטו געהאָלפן ווערן...

ש ל ו מ י ת : (אַ פאַרציטערטע) וואָס?... ניין! ניין! קיינמאָל נישט!... (זי גייט האַסטיק אַוועק. חפני בלייבט אַ פאַרלוירענער צוליב דעם דורכפאַל. ער נעמט זיך אומקוקן און באַמערקט די צווייטע פרוי, רעכטס פונעם ברונעם. מאַכט אַ שריט אין איר ריכטונג און צעגערט).

ת י ר צ ה : מיטאַמאָל ביסטו געוואָרן אַזוי שרעקעוודיק, כהן חפני?

ח פ נ י : קענסט מיך, מיין רויט קעצעלע?

ת י ר צ ה : זיכער קען איך דיך. דאָס דערקענסטו נישט קיין מענטשן. דאָס פאַרדריסט מיך טאַקע נישט ווייניק...

ח פ נ י : עס דאַרף דיך נישט פאַרדריסן, מיין טייערינקע, אַהער קומען אַזויפיל מענטשן, אַז אַלץ מישט זיך אויס אין זכרון... ווער זשע ביסטו, ווייבעלע?

ת י ר צ ה : מיין נאָמען איז תירצה און איך בין פון אַ דאָרף נעבן צרעה, ביי דער גרענעץ מיט די פלישתים. פאַראַיאָרן האָסטו מיך איבערגערעדט איך זאָל שלאָפן מיט דיר...

ח פ נ י : נו, ליבינקע, האָסטו אפשר חרטה אויף דעם? אָ, איצט דער־מאָן איך מיך אָן דיר, ווי דו האָסט מיך אַרומגעפלאָכטן מיט דיינע לאַנגע, געדיכטע קופער־רויטע האָר...

ת י ר צ ה : (פאַרטרוימט) עס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע נאַכט און צו די ניין חדשים איז געבוירן געוואָרן אַ געזונטער יונג, אַן ענלעכער צו דיר ווי צוויי טראָפּנס וואַסער...

ח פ נ י : גוט! קום זשע צו מיר אויך היינטיקע נאַכט. דו ווייסט דאָך וואוהין?... (ער גייט אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַנען ער איז געקומען און תירצה גייט צוריק צו די טישן).

אַ ז ק ן : (ביי אַ טיש אינמיטן, הייבט זיך געלאַסן אויף. פייערלעך) קינדער פון ישראל! לאָמיר בענטשן און דאַנקען דעם האַר פון דער וועלט, פאַר דער גוטער שפּייז, וואָס מיר האָבן פאַרצערט, לויטן מנהג פון אונדזערע אבות!

**פ אָ ל ק :** (אין כאָר) לאָמיר בענטשן און דאַנקען דעם האַר פון דער וועלט!

**ז ק ן :** (רעציטירט פראַזנווייז און דאָך פאָלק זאָגט אים נאָך) געבענטשט און געלויבט ביסטו, אונדזער גאָט, באַשעפער און האַר פון דער וועלט, פאַר אַלדאָס גוטע וואָס דו טוסט צו אונדז! — דו האָסט, אין דיין חכמה באַשאַפן אַלע פלאַנצן און געוויקסן און אַלע לעבע־דיקע וועזנס, וועלכע לעבן אויף דער ערד, אין די וואַסערן און אין דער לופטן! — ווי אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער שפייזסטו אַלע דיינע באַשעפענישן, פון גרויס ביז קליין, דעם לויתן, דעם העלפאַנט, דעם לייב, דעם אָדלער, דאָס ווערעמל און דאָס פליגעלע! — פאַר דיינע אויסדערוויילטע קינדער, די מענטשן, האָסטו צוגעגרייט מכל טוב צו דערהאַלטן זייער לעבן, צו שפייזן זיי און צו געבן זיי כוחות! — דאַנקען מיר דיר און מיר לויבן דיך פאַר די זאַטע מתנות וואָס דו האָסט אונדז געגעבן היינט און וואָס דו גיסט אונדז יעדן טאָג, האַר פון דער וועלט, און אויך דערפאַר, וואָס העלפסט אונדז, ווי אַ גע־טרייער פאַסטוך, קעגן אַלע אונדזערע שונאים! — לאָמיר דעריבער לויבן גאָט מיטן גאַנצן האַרצן! הללויה! הללויה! (נאָך איידער עס לויבן גאָט מיטן גאַנצן האַרצן! הללויה! הללויה!

(נאָך איידער עס פאַרקלינגען די לעצטע ווערטער, פאַלט לאַנגזאַם דער פאָרהאַנג).

# דאָס צווייטע בילד

אינעווייניק אין משכן פון שילה. פאַרנאַכט. פון לינקס פאַלן שיף די לעצטע רויטע זון־שטראַלן, וואָס באַלייכטן זייער קנאַפּ דעם אָרום. אין הינטערגרונט דער פּרוכת, הינטער וועלכן עס געפינט זיך דער ארון הברית. רעכטס — דער שולחן מיטן לחם הפּנים. אין דער רעכטער זייטנ־וואַנט אַן אַריינגאַנג אין עלי הכהנס צימער. לינקס — די מנורה און אין דער לינקער זייטנוואַנט אַן אַריינגאַנג אינעם משמר־שטיבל, וואו עס איז פאַראַנען אַ געלעגער פאַר דעם, וואָס האַלט וואַך אין משך פון דער נאַכט. הינטער דעם משמר־שטיבל געפינען זיך די צימערן פון די יונגע כהנים, לויים און נזירים, וועלכע זענען עליס תלמידים און זיי דינען אין משכן. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זענען די צוויי יונגע כהנים עמרם און יצהר באַשעפטיקטביים פּוצן און רייניקן די מנורה און שמואל העלפט זיי צו. די כהנים געפינען זיך אויף אַ געשטעל פאַר דער מנורה און שמואל שטייט אויף דער ערד און דערלאַנגט זיי אַלעס נייטיקע.

עמרם: איך האָב שוין פאַרענדיקט דאָס רייניקן פון מיין טייל מנורה. וואו האַלטסטו מיט דיין אַרבעט, יצהר?

יצהר: אויך איך האַלט שוין ביים ענדיקן.

עמרם: אויב אַזוי, דערלאַנג זשע, שמואל, דעם בוימל און די פעדעם פאַר די קנייטלעך. ברענג אויך די איבעריקע מכשירים.

שמואל: (דערלאַנגט צוערשט עמרמען און שפּעטער יצהרן אַ קריגל מיט בוימל, צוגעשניטענע בינטלעך פעדעם פאַר די קנייטלעך, שער־רעלעך, צווענגלעך א.א.וו.) האָט אין זינען, קינדער, אַז דאָס אָנ־צינדן די מנורה איז איינע פון די הייליקסטע עבודות אינעם משכן. דעריבער זייט מכוון, אַז אַלץ זאָל געטאָן ווערן שטרענג על פּי דין.

י צ ה ר: קענסט זיין רואיק, שמואל, אַלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג.

ע מ ר ם: איך האָב שוין אָנגעגאָסן דעם בוימל און אַריינגעטאָן די קנויטן. איצט דערלאַנג מיר, שמואל, דאָס פייער, וועל איך פאַרענדיקן די אַרבעט.

י צ ה ר: דערלאַנג אויך מיר דאָס פייער.

ש מ ו א ל: (גייט אַרויס לינקס און קומט באַלד צוריק מיט צוויי אָנגעצונדענע קינדלעך. אין משכן איז דערווייל כמעט פינצטער געוואָרן. דערלאַנגענדיק דאָס פייער צו זיינע חברים) צינדט אָן די הייליקע ליכט פאַר דעם האַר פון דער וועלט און זאָלן זיי לייכטן ווי אַ גוט מזל פאַר אונדזער פאָלק. (עמרם און יצהר האָבן אָנגעצונדן די קנויטן און איבערן משכן צעשפרייט זיך אַ געדעמפט און פייערלעך, אָבער גענוג שטאַרק ליכט. די צוויי יונגע כהנים טראָגן אַרויס לינקס דאָס געשטעל, אויף וועלכן זיי האָבן געאַרבעט און קומען באַלד אַריין צוריק. קוקן זיך אַרום צופרידענע).

ע מ ר ם: שיין איז דער משכן פונעם האַר פון דער וועלט אין ליכט פון דער הייליקער מנורה...

י צ ה ר: יאָ, שיין איז דאָס געצעלט פונעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב...

ע ל י: (שאַרט זיך פאַמעלעך אַריין פון רעכטס, מיט קליינע זקנישע טריטעלעך. זיין קול איז שוואַך און ציטערדיק. זיין געשטאַלט איז הויך און שווערלייביק.) שוין פאַרענדיקט די עבודה, קינדערלעך?

ש מ ו א ל, ע מ ר ם א ו ן י צ ה ר: שוין פאַרענדיקט, זיידע עלי.

ע ל י: זייט געבענטשט דערפאַר און זאָל אונדזער האַר געבן, איר אַליין זאָלט אויך שיינען ווי די ליכט פאַר אונדזער פאָלק ישראל.

ש מ ו א ל, ע מ ר ם א ו ן י צ ה ר: אמן! זאָל טאַקע אַזוי זיין דער ווילן פון גאָט, אונדזער האַר. און דיר, זיידע, דאַנקען מיר פון האַרצן פאַר דיין טייערער ברכה.

ע ל י: (גוטמוטיק) נו, גוט. דו, שמואל, וועסט היינטיקע נאַכט פאַרבלייבן אויף משמר און אירביידע, עמרם און יצהר, קענט שוין

גיין שלאָפן. אָבער פֿאַרגעסט נישט, למען השם, צו זאָגן די ביינאַכ־טיקע קריאת־שמע, איר צעלאָזענע עכברושים. אַ גוטע נאַכט! (גייט צוריק אויף רעכטס. עמרם און יצהר גייען אָפּ לינקס און שמואל בלייבט אַליין אינמיטן דער בינע).

שמואל: ווי ליב איך האָב אָט־די ביינאַכטיקע שעהן, ווען איך בלייב אַליין אויף משמר. אויף אַלץ איז אויסגעשפּרייט טיפֿע רו. דאָס מילדע, הייליקע ליכט צערטלט די נשמה. נאָר ביינאַכט, דאַכט זיך, שוועבט טאַקע דאָ דער דערהויבענער גייסט פֿונעם אַלמעכטיקן. (פֿאַרטראַכט זיך.) בייטאָג איז דאָ צופֿיל טומל, צופֿיל האַנדל־וואַנדל. דאָס וואָס עס קומען אַהער זינדיקע, פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך פֿונעם הויז ישראל זוכן פֿאַרגעבונג פֿאַר זייערע זינד און אַ תשובה אויף זייערע שלעכטע מעשים, דאָס וואָלט געווען נאַטירלעך, כאָטש עס פֿאַראומווירדיקט דאָך די הייליקייט פֿונעם אָרט. אָבער ערגער איז עס וואָס דעם אַלטן עליס געוויסנלאָזע בנים און זייערע פֿאַר־דאָרבענע העלפֿערס פֿאַראומרייניקן דאָס קרבנות־ברענגען און דעם גאָט־דינסט בכלל מיט זייער שאַכער־מאַכער, מיט זייער אָפּנאַרעריי און גזלה, מיט זייער ניבול־פּה און ניאוף. דאָס בייזע בלוט און האַרצווייטאָג וואָס עס פֿאַרשאַפֿן זייערע פּירונגען איז נאָך פֿיל ער־גער פֿונעם טומל. אָבער אין די ביינאַכטיקע שעהן אויף משמר קען מען צונויפֿנעמען די אייגענע געדאַנקען וועגן דעם בורא־עולם און זיינע באַשעפֿענישן; וועגן זיין אויסדערוויילט פֿאָלק ישראל און די אַנדערע פֿעלקער; וועגן די דערהויבענע און שטרענגע געבאָטן און לערעס וואָס ער האָט אונדז געגעבן און מיר היטן נישט אָפּ ווי געה־העריק, ווייל מיר זענען נאָך נישט דערוואַקסן דערצו; וועגן דער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון אונדזער פֿאָלק, וואָס איז אַנדערש פֿון דער פֿאַר־גאַנגענהייט פֿון אַנדערע פֿעלקער און וועגן אונדזער צוקונפֿט, וועל־כע וועט זיכער אויך זיין אינגאַנצן אַנדערש. לאָמיך טאַקע אַביסל לייענען אין די הייליקע מגילות. (נעמט אַרויס פֿון אַ געהיימען שופֿלאָד אין שולחן אַ פּאַרמעטענע מגילה, ברענגט אַ נידעריק בענ־קעלע, שטעלט עס אַוועק נעבן דער מנורה און פֿאַרטיפֿט זיך אין

לייענען... מען זעט ווי ער ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרכאַפּט און אינגאַנצן אַבסאָרבירט פון דער לעקטור).

ב ת ־ ק ו ל : (רופט שטילערהייט פון הינטערן פּרוכת) שמואל! שמואל!...

ש מ ו א ל : (כאַפּט זיך אויף אַ צעטומלטער און איבעראַשטער) אַ!... ווער רופט עס?... עס איז מסתמא דער אַלטיטשקער עלי. (גייט צום אַריינגאַנג אויף רעכטס) זיידע עלי, האָסט מיך גערופן? דאַרפסט אפשר עפּעס? פילסט זיך אפשר נישט גוט?...

ע ל י : (פון הינטערן פאָרהאַנג) איך קען טאַקע נישט שלאָפן, מיין זון, אָבער גערופן האָב איך דיך נישט און איך דאַרף אויך גאָרנישט האָבן... עס האָט זיך דיר מסתמא בלויז אויסגעדאַכט... מאַך דיר נישט קיין געדאַנקען וועגן דעם און גיי רואיק צוריק אויף דיין אָרט.

ש מ ו א ל : איך וואָלט געקענט שווערן, אַז עמעצער האָט מיך טאַקע באמת גערופן און עס איז בשום אופן נישט געווען קיין אויסדאַכ־טעניש. נו, מילא... (גייט צוריק, זעצט זיך אוים בענקעלע מיט דער מגילה אין די הענט.) ווי וואונדערלעך שיין זענען די דערציי־לונגען וועגן אונדזערע אבות אבותינו, וועגן דעם אָנהייב פון אונ־דזער פאָלק, און ווי אַנדערש זענען זיי געווען אין פאַרגלייך מיט די שבטים און פעלקערשאַפטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך צוזאַמענגע־טראָפן און אָנגעשטויסן אויף זייער וועג. פון אָנהייב אָן האָבן זיי פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם ווערט פון רוח און אים צו שטעלן העכער פונעם חומר... (לייענט ווידער אַזוי פאַרטיפט ווי פריער).

ב ת ־ ק ו ל : (רופט העכער און צודרינגלעכער ווי דאָס ערשטע מאָל) שמואל! שמואל!....

ש מ ו א ל : (גייט צום אַריינגאַנג, רעכטס) איצט האָב איך קיין שום ספק נישט, זיידע עלי, אַז דאָס האָסטו מיך גערופן. וואָסזשע דאַרפס־טו האָבן, וועל איך דיר דערלאַנגען.

ע ל י : (פון הינטערן פאָרהאַנג) נישט איך האָב דיך גערופן, מיין זון, נישט איך באַדאַרף עפּעס האָבן. ביסטו זיכער, אַז מען האָט דיך גע־רופן?... עס קען דאָך גאַנץ גוט געמאָלט זיין ,אַז דער ווינט האָט אַ שאָרכע געטאָן מיט אַ פאָרהאַנג, אָדער עפּעס אַ נאַכט־פויגל האָט

אַ רוף געטאָן... יעדנפאַלס, זיי נישט אומרואיק און גיי צוריק אויף דיין אָרט...

ש מ ו א ל : (צוריקגייענדיק צום בענקעלע) עס איז נישט געווען קיין שאָרך פון אַ פאַרהאַנג און אויך נישט קיין רוף פון אַ פויגל, אין דעם בין איך זיכער. טרייבט נישט אַמאָל איינער פון מיינע חברים שפּאַס מיט מיר?... איך וועל אַ קוק טאָן... (גייט אַרויס לינקס און קערט זיך באַלד אום צוריק) ניין, קיין חבר איז עס נישט. זיי שלאָפן אַלע גאַנץ געשמאַק. (זעצט זיך אויפן בענקענע) יאָ! עס איז אַ מאָדנע זאַך מיט אונדזערע אבות. זיי זענען, דאַכט זיך, געווען אַזעל־כע בשר־ודמס ווי אַלע אַנדערע מענטשן, יעדנפאַלס זענען זיי ווייט געווען פון צו זיין מלאכים. זיי האָבן געהאַט מעלות און חסרונות ווי אַלע שטערבלעכע. זיי האָבן פאַרקויפט זייער ברודער יוסף; זיי האָבן אָפּגענאַרט זייער אַלטן פאָטער יעקב. זיי האָבן זיך נוקם געווען פאַר זייער שוועסטער דינה. אָבער ווען יהודה איז געוואויר געוואָרן, אַז זיין שנור תמר האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קדשה און האָט מיט אים געזינדיקט, ווייל ער האָט איר נישט געגעבן זיין ייִנגסטן זון פאַר אַ מאַן, ווי דאָס געזעץ שרייבט פאָר — האָט ער אָנערקענט זיין אייגן אומרעכט און איר רעכט. אין דער קנעכטשאַפט פון מצרים האָבן זיי נישט געביטן זייערע נעמען און זייערע קליי־דער און זיי האָבן נישט אויפגעהערט צוריידן זייער אייגענע שפּראַך. ווען זיי זענען אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים, האָבן זיי מיטגע־נומען די ביינער פון זייער פאָטער יעקב און פון זייער ברודער יוסף, בכדי זיי צו באַגראָבן אין דער הייליקער ערד פונעם צוגעזאָגטן לאַנד. זיי האָבן איבערגעטראָגן אַזאַ לאַנגע וואַנדערונג אין דער מדבר, כאָטש זיי האָבן געוואוסט אַז זיי אַליין וועלן דאָרטן אויסשטאַרבן, אַבי זייערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן קענען אויפגעריכט ווערן. יאָ! זיי זענען טאַקע געווען נישט קיין מלאכים נאָר מענטשן, אָבער מענטשן מיט אַ גרויסן גאָט אין האַרצן און מיט אַ דערהויבענעם אידעאַל פאַר די אויגן. (נעמט זיך ווידער לייענען).

ב ת ־ ק ו ל : (רופט גאַנץ הויך, מאָנענדיק און פאָדערנדיק פון הינטערן פּרוכת) שמואל! שמואל!...

ש מ ו א ל : (שוין נישט איבעראַשט, אָבער שטאַרק פאַרוואונדערט. הייבט זיך אויף, קוקט זיך אַרום. הערט זיך אויפמערקזאַם איין) וואָס קען דאָס זיין?... איך האָב דאָך פאַרט דייטלעך געהערט ווי מען האָט מיך גערופן! (גייט ווידער צום אַריינגאַנג, רעכטס.) איצט האָסטו מיך אויך נישט גערופן, זיידע עלי?

ע ל י : גיין, מיין קינד, אויך איצט האָב איך דיך נישט גערופן... אָבער גערופן האָט מען דיך. איצט האָב איך שוין אין דעם קיין שום ספק נישט!...

ש מ ו א ל : (הייבט אָן געשפּאַנט און אויפגערעגט ווערן) ווער־זשע האָט עס מיך געקענט רופן שוין דריי מאָל היינטיקע נאַכט?...

ע ל י : (באַווייזט זיך אין משכן, נעבן אַריינגאַנג, ווי אַ געשפּענסט. ער טראָגט אַ לאַנגן ווייסן שלאָפקיטל און ציטערט פון קאָפּ ביז די פיס.) הער, מיין זון, איך מיין אַז דאָס האָט דיך גערופן די שטים פון דעם אַלמעכטיקן. דו האָסט זיכער געפונען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן און ער וויל דיך מאַכן פאַר זיין אויסדערוויילטן נביא, פאַר דעם געטרייען פאַסטוך פון זיין פאָלק ישראל...

ש מ ו א ל : (ציטערנדיק אין שרעק) פון וואַנען נעמסטו דאָס, כהן עלי?...

ע ל י : אָ, איך ווייס דאָס... אַמאָל פלעגט דער אַלמעכטיקער ריידן אויך צו מיר.

ש מ ו א ל : און אויב ער וועט מיך נאָכאַמאָל רופן, וואָס זאָל איך טאָן?...

ע ל י : זאָלסט אים אָן מורא ענטפערן: אָט־דאָ בין איך, מיין האַר. באַ־וויליק צו ריידן, ווייל עס הערט דיך דיין קנעכט! (גייט צוריק אַריין אין זיין חדר הינטערן פאַרהאַנג).

ש מ ו א ל : (מאַכט עטלעכע שריט אויף לינקס) זאָל איך וואַרטן ביז איך וועל ווידער גערופן ווערן?... איך בין דאָך שוין דריי מאָל גע־רופן געוואָרן און איך האָב עס נישט פאַרשטאַנען און האָב נישט געענטפערט... אפשר האָב איך אַרויסגערופן מיט דעם, דעם אַלמעכ־טיקנס צאָרן?... ווער בין איך, נאָך אַלעמען?... איך שטאַם אַפילו נישט פונעם שבט לוי... אין וועלכן זכות בין איך ווערט ער זאָל

ריידן צו מיר, און נישט צו וועלכן נישט איז פון מיינע חברים?... זיי זענען אַלע נישט ערגער פון מיר... יעדער איינער פון זיי דינט אים דאָך מיטן גאַנצן האַרצן...

ב ת ־ ק ו ל : (פּאַדערנדיק און פייערלעך) שמואל! שמואל!...

ש מ ו א ל : אָט־דאָ בין איך, מיין האַר, באַוויליק צו ריידן, ווייל עס האָרכט דיך דיין קנעכט!

ב ת ־ ק ו ל : איך האָב דיך אויסגעקליבן צו ריידן צו דיר היינט און אין די קומענדיקע טעג און יאָרן, כל־זמן דו וועסט גיין אין מיינע וועגן און דו וועסט אָפּהיטן מיין געבאָט. געדענק, אַז איך בין אַ שטרענגער האַר, ווייל שטרענג מוז איך זיין צו מיין אויסדערוויילט פאָלק און צו די אויסדערוויילטע פון די אויסדערוויילטע צווישן זיי, צו די כהנים, לויים און נזירים, אַזוי לאַנג ווי זיי זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט געצנדינערישע שכנים, וועלכע קענען נישט מיך און נישט מיין וואָרט. און טאָפּלט שטרענג מוז איך זיין צו דעם, וועמען איך באַשטים אַלס פאַסטוך פון מיין פאָלק, וועלכער זאָל עס פירן קלוג און געטריי אויף די גוטע וועגן, סיי אין פרידן, סיי אין קריג. יאָ, טאָפּלט שטרענג מוז איך זיין צו יענעם, וועמען איך באַשטים אַלס נביא, בכדי ער זאָל לערנען דאָס פאָלק מיינע געבאָטן און זאָל אים דינען אַלס ביישפּיל מיט זיין לעבן און מיט זיינע מעשים. געדענק עס גוט — דיך באַשטים איך היינט אַלס מיין נביא און פון היינט אָן וועל איך מיך דורך דיר ווענדן מיט מיין וואָרט צו מיין פאָלק ישראל!

ש מ ו א ל : (ציטערט פון עמאָציע) ביז איצט בין איך יונג און אומדערפאַרן, אַלמעכטיקער האַר פון אַלע וועלטן, אָבער איצט פיל איך ווי דיינע ווערטער דערהויבן מיין שכל און שטאַרקן מיין מוט. איך וועל דינען דיר און מיין פאָלק מיט מיין גאַנצן וועזן, מיט מיין גאַנצער זעל און מיט מיין גאַנצער קראַפט!

ב ת ־ ק ו ל : און פון דעם כהן עלי נעם איך צו היינט מיין גענאָד. איך גיי טאָן מיט אים און מיט זיין הויזגעזינד אַ זאַך, וואָס וועט לאַנג אָפּקלינגען אין די אויערן פון גאַנץ ישראל. איך וועל משפטן עלין

דערפאַר, וואָס ער האָט געוואוסט וועגן די זינד פון זיינע זין און ער האָט עס דערלאָזט. און זיי וועל איך באַצאָלן ווי זיי קומט פאַר זייערע שלעכטע מעשים. עס וועלן זיי שוין נישט העלפן נישט קיין קרבנות און קיין תפילות און זאָל מיין פאָלק וויסן, אַז איך בין אַ גערעכטער גאָט, וועלכער דערלאָזט נישט קיין עוולות און איז זיך נוקם פאַר באַגאַנגענעם אומרעכט. און דו, שמואל, געדענק גוט, אַז היינט האָב איך דיך באַשטימט פאַר מיין נביא און איך וועל זיין מיט דיר. זע! שטאַרק זיך און זיי געשטאַרקט! ווייל עס וועט פאַר דיר גאָרנישט לייכט זיין צו פירן אָט דאָס האַרטנעקיקע פאָלק אויף זיין אייגענעם אַנדערשדיקן וועג צווישן די האַלב־ווילדע געצנדינער וואָס רינגלען עס אַרום.

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם).

# דאָס דריטע בילד

אינעווייניק אין משכן פון שילה. דיזעלבע דעקאָראַציע ווי אין דעם צווייטן בילד. פאַרטאָג. די ליכט פון דער מנורה שימערן בלאָס אינעם גרוילעך־בלייכן חלל. שמואל שטייט ווי פאַרשיכורט אין דער רעכטער העלפט פון דער בינע. זיין פנים איז פאַרבאָרגן אין זיינע האַנטפלאַכן. פון רעכטס פאַלן אויף אים עטלעכע גאָלדיק־ראָזעווע ליכט־סנאָפּעס פון דער אויפגייענדיקער זון.

ש מ ו א ל : (נעמט אוועק די הענט פונעם פנים. קוקט זיך אַרום.) ווי שרעקלעך עס איז אָט־דאָס אָרט!... ווי שטרענג עס האָט דאָ אָפּגע־קלונגען דאָס געטלעכע קול!... איז דאָס טאַקע געווען די וואָרהייט, אָדער בלויז אַ בייטאָגיקער חלום?... איז דאָס טאַקע געווען האַר־טער ווירקלעכער גורל, אָדער בלויז אַן איינריידעניש פון אַ שטרעב־זאַמען און אייגנעבילדעטן יונגן מענטשן, וועמענס געהיימע וואונטשן רייסן זיך צו ווערן ממשותדיקע ווירקלעכקייט?... (טראַכט אַ ווײַלע. קוקט זיך ווידער אַרום) יאָ! עס איז וואָר... עס איז טאַקע ווירקלעך געשען... אויב נישט, וואָלט איך דאָך נישט געפילט ווי די נייע אחריות דריקט אויף מיר ווי אַ שווערער יאָך... יאָ! עס איז וואָר!... (טראַכט ווידער.) ווי עס בלוטיקט מיין האַרץ פאַר דעם אַלטן עלין, כאָטש אויף זיינע פאַרדאַרבענע בנים האָב איך קיין רחמנות נישט. אָבער דער זיידע עלי איז דאָך שטענדיק געווען אַ גאָטספאָרכטיקער און גוטער מענטש. ער האָט קיינמאָל נישט גע־זינדיקט... אים האָט נאָר געפעלט אַביסל מער פעסטקייט צו קענען זיין אַ פירער פון ישראל אין אַזעלכע אויפגעבראָזטע און פאַרדאָר־בענע צייטן. ווי באַדויער איך דיך, מיין אַלטער לערער און וועג־ווייזער!...

עלי: (קומט פון רעכטס) אַ גוט־מאָרגן דיר, שמואל. איך זע אַז דו ביסט שטאַרק אויפגערודערט. אַ סימן, אַז ער האָט גערעדט מיט דיר, נישט אמת?

שמואל: (האָט נישט קיין מוט צו קוקן אים גלייך אין די אויגן) גוט־מאָרגן, גוט־יאָר! ער האָט גערעדט מיט מיר, זיידע, ס'איז וואָר...

עלי: איך באַשווער דיך, שמואל, זאָלסט מיר איבערגעבן וואָס ער האָט דיר געזאָגט, זאָלסט מיר נישט פאַרלייקענען קיין זאַך.

שמואל: ווי קען איך דאָס טאָן, זיידע?...

עלי: גיי אַריין אין מיין חדר און ברענג מיר אַ שטול. איך קען שוין לאַנג נישט שטיין אויף די פיס. (שמואל ברענגט דעם שטול. אין דעם מאָמענט ווען ער בלייבט אַליין.) דאָס האַרץ זאָגט מיר גאָר־נישט קיין גוטס...

שמואל: (שטעלט אַריין דעם שטול נישט ווייט פונעם אַריינגאַנג. נעמט אָן דעם אַלטן פאַר אַ האַנט און העלפט אים זיך זעצן) עס איז געווען אַן אויסטערלישע נאַכט. ער האָט גערעדט זייער שטרענג צו מיר.

עלי: אַזוי רעדט ער זייער אָפט... נו, דערצייל מיר איצט וואָס ער האָט דיר געזאָגט.

שמואל: זיי מיר מוחל, מיין גוטער לערער און מדריך, איך האָב נישט דאָס האַרץ צו ריידן פאַר דיר...

עלי: דאַרפסט נישט צעגערן, מיין זון. איך האָב שוין מיינע סימנים צו וויסן, אַז קיין גוטס האָט ער דיר נישט פאַרויסגעזאָגט פאַר מיר, אָבער איך וויל האָבן אַ באַשטעטיקונג. אַמאָל, און ביז נישט גאָר לאַנג צוריק, פלעגט ער אויך ריידן צו מיר אַליין, אָבער ווען ער האָט אויפגעהערט דאָס צו טאָן, איז עס שוין פאַר מיר געווען אַ קלאָרער סימן, אַז ער צערנט אויף מיר זייער שטאַרק. דערצייל מיר אַלץ, מיין זון. עס וועט פאַר מיר גאָרנישט זיין קיין איבעראַשונג.

שמואל: מיין האַרץ דערלאָזט מיך נישט דיך מצער צו זיין... איך קען דיר נישט איבערגעבן זיינע שטרענגע רייד.

עלי: ווען ער האָט אויפגעהערט ריידן צו מיר, האָב איך געוואוסט, אַז

דאָס איז צוליב די זינד פון מיינע זין, וואָס זענען פאַר אים גאָר נישט פאַרהוילן. שוין פריער האָב איך געהערט די קלאַגעס פונעם פאָלק וועגן זייערע שלעכטע מעשים. איך האָב גערעדט צו זיי און פאַרגעוואָרפן זייערע חטאים, האָב געפּרואווט זיי צוריקצוברענגען אויפן גוטן וועג, אָבער בכדי דאָס צו דערגרייכן וואָלט איך געוועזן געדאַרפט צו זיין גאָר שטרענג צו זיי. דאָס האָב איך נישט געקענט טאָן, ווייל איך בין דאָך פאָרט זייער פאָטער...

שמואל: האָסט זיי געדאַרפט באַשטראָפן ווי־נאָר דו האָסט געזען, אַז זיי פירן זיך אויף שלעכט, און נישט וואַרטן דער אַלמעכטיקער זאָל עס דאַרפן אַליין טאָן.

עלי: איך ווייס עס. אָבער איך האָב נישט געהאַט גענוג פעסטקייט עס צו טאָן, כאָטש איך האָב געוואוסט אַז דאָ גייט עס נישט בלויז אין די חטאים פון מיינע זין, ווייל זיי פאַרפירן דאָך אויך אַ סך פונעם פאָלק צום שלעכטן. (טראַכט אַ ווײַלע) דאָ נישט לאַנג צוריק האָט מיך נאָך דער אַלמעכטיקער געוואָרנט. ער האָט טאַקע נישט מער גערעדט גלייך צו מיר, אָבער ער האָט מיר געשיקט אַ שליח און גע־הייסן מיר אַזוי צו זאָגן: „איך האָב אויסגעקליבן אייער שבט פון אַלע שבטים פון ישראל און האָב זיי באַשטימט צו זיין מיינע כהנים און לוויים, צו ברענגען די קרבנות אויף מיין מזבח, צו רויכערן מיין ווייררויך און צו טראָגן מיין אפוד. איך האָב אייך געגעבן דאָס רעכט צו נעמען מעשר, צו איינמאָנען דאָס אויסלייז־געלט פאַר די בכורים, צו באַקומען תרומות, צו פאַרצערן אַ טייל פונעם פלייש פון די קרבנות און צו באַקומען פון מיין פאָלק נאָך אַנדערע אָפּצאָלן. איך האָב אייך פאַרזאָרגט איר זאָלט קענען לעבן ברייטלעך און אַפילו אין וואוילטאָג. פאַרוואָס־זשע האָט איר זיך צעבריקעוועט און גע־זינדיקט אַנטקעגן מיר? און פאַרוואָס־זשע האָסטו געלייגט מער כבוד אויף דיינע זין, ווי אויף מיר? דעריבער וועט אינגיכן קומען אַ טאָג ווען איך וועל אויסראָטן דיין נאָמען און דיינע צוויי זין חפני און פינחס וועלן געטויט ווערן אין איין און דעמזעלבן טאָג. אויך דו אַליין וועסט דעמאָלט אומקומען. און די איבערגעבליבענע פון דיין הויז וועלן זיך בוקן פאַר אַ זילבערנער מטבע און פאַר אַ לאַבן ברויט

און זיי ווען זיך בעטן מען זאָל זיי צונעמען צו וועלכער עס־איז נישט כהונה, בכדי זיי זאָלן נישט דאַרפן שטאַרבן פון הונגער. איך אָבער וועל מיר אויסקלייבן אַן אַנדערן דינער, וואָס וועט מיר זיין געטרייער און וועט פאָלגן מיין וואָרט״... אַזוי האָט צו מיר גע־רעדט גאָטס שליח. איצט ווייסטו אַליין פאַרשטיין, מיין זון, אַז גאָרנישט וועט מיך שוין איבעראַשן און דו קענסט ריידן צו מיר אָן צעגערונג וועגן דעם וואָס דער אַלמעכטיקער האָט דיר געזאָגט.

שמואל: איך שווער דיר, כהן עלי, אַז דו ווייסט מער פון מיר. מיר האָט גאָט בלויז געזאָגט, אַז ער וועט באַשטראָפן דיך און דיין הויז פאַר אייערע זינד און אַז זיין שטראָף וועט זיין האַרב און שטרענג. קיין איינצלהייטן האָט ער מיר נישט געזאָגט. אויסערדעם האָט ער מיך באַשטימט פאַר זיין נביא...

עלי: ער האָט דיך באַשטימט פאַר זיין נביא... אויך דאָס איז געווען צו דערוואַרטן... דו ביסט דער פאַסיקסטער פאַר דעם... אויך דאָס גאַנצע פאָלק פון ישראל קען דיך שוין און האָט דיך ליב... (פאַר־טראַכט זיך אַ ווײַלע. זיפצט טיף אָפּ) איך נעם אָן פאַר ליב זיין גזר־דיך. ער און זיין משפט איז גערעכט. ער איז דער אייבערשטער האַר און ער טוט קיינמאָל נישט שלעכט. אָבער איידער ער וועט טאָן זיין ווילן, בעט איך אים פונעם גאַנצן האַרצן ער זאָל מיר דער־לויבן צו פאַרענדיקן מיין לעבן מיט אַ וויכטיקער און גוטער טאַט.

שמואל: איך גלויב, אַז ער וועט טאָן מיט דיר זיין חסד און וועט באַוויליקן אָנצונעמען דיין תפילה. אויסער דער שוואַכקייט צו דיינע זין, ביסטו דאָך שטענדיק געווען זיין געטרייער דינער און אַ גוטער מדריך און שופט פון זיין פאָלק. דו פאַרדינסט, דיין תפילה זאָל אויסגעהערט ווערן. (פויזע) אָבער מעג איך וויסן וואָס פאַר אַ וויכ־טיקע און גוטע טאַט דו ווילסט טאָן?...

עלי: דו וועסט עס געוואויר ווערן באַצייטנס, אָבער נישט איצט. (פון לינקס קומען אַן עמרם, יצהר, גרשון, קהת, איתמר, לבני, אליצור, עמינדב, אליסף, אלישמע, אחיעזר און אבימלך, עליס תלמידים).

יצהר: כהן עלי און שמואל, איר זענט גאָר דאָ? מיר זענען שוין גע־

ווען אין דער סוכּה, וואו מיר לערנען שטענדיק, ווען דער טאָג איז אַ שיינער און דער זיידע עלי איז ביים גוטן געזונט.

**ע מ ר ם:** האָבן מיר אייך דאָרטן נישט געטראָפן און אַזוי־ווי דאָס האָט אונדז געוואונדערט, זענען מיר געקומען אַהער זען וואָס איז די סיבה.

**ע ל י:** הערט זיך איין, קינדער. שמואל און איך האָבן לעצטע נאַכט גע־האַט אַ וויכטיקע איבערלעבונג. עס איז פאַר אונדז געווען אַ וואַכ־נאַכט, וועלכע האָט אונדז היפש צעטרייסלט. דעריבער וועלן מיר היינט נישט קענען לערנען.

**ע ט ל ע כ ע  י ו נ ג ע ל י י ט  א ו י ף  א מ א ל:** וואָס־זשע וועלן מיר היינט טאָן, זיידעשי?

**ע ל י:** איר קענט גיין שפּאַצירן איבער די פעלדער און וועלדער. אָדער איר קענט אַרויסהעלפן די אַרבעטער אין ווייִנגאָרטן און אין סאָד. נאָר זעט זיך אויפצופירן גוט, מען זאָל זיך נישט קומען באַקלאָגן אויף אייך.

**ע ט ל ע כ ע  י ו נ ג ע ל י י ט:** מיר זאָגן דיר צו צו זיין גוט און פרום. זיידע. — קענען מיר שוין איצט אַוועקגיין מיט דיין דערלויבעניש?

**ע ל י:** איין מינוטקעלע וואַרט נאָך צו און הערט זיך איין. מאָרגן פאַר־טאָג וועלן מיר זיך טרעפן, ווי שטענדיק, אין דער סוכּה, אָבער אויף היינט בייטאָג האָב איך פאַר אייך נאָך אַ טשיקאַווע אַרבעט. קנעט אייך אויס פון ליים אַזעלכע טאָוועלעך און לאָזט זיי זיך אַביסל צו־טריקענען איבער נאַכט. אויסערדעם שניצט אייך אויס פון האָלץ אַזעלכע גריפלען און ברענגט דאָס אַלעס מאָרגן מיט. מיר וועלן זיך באַנוצן מיט דעם צו לערנען אַ נייע עובדה. איצט קענט איר שוין גיין.

(דער פאָרהאַנג פאַלט).

# דאָס פערטע בילד

אַ סוכה אין אַ שטילן ווינקל אין גאָרטן פון משכן אין שילה. רעכטס און לינקס און פון אויבן דראַפּען און וויקלען זיך אויף הילצערנע געשטעלן ווייַנשטאָקן, וועלכע בילדן די ווענט און דעם געוועלבטן סופיט פון דער סוכה, וואָס פאַרנעמט דעם פאָדערגרונט, ביז מער פון אַ העלפט אין דער טיף פון דער בינע. אין דער סוכה איז פאַראַנען אַ לאַנגער שטיינערנער טיש מיט דעסגלייכן שטיינערנע בענק פון ביידע זייטן. ביי דער שמאָלער זייט פונעם טיש, אַנטקעגן די צושויער, אַ ברייטער און באַקוועמער פאָ־טערשטול און אַ שטול. דורך דעם געראַמען, געוועלבטן אַריינגאַנג אין דער סוכה און אין הינטערגרונט, זעט מען אַ טייל פון דער פּאַרצייטיקער שטאָט שילה און אַ לאַנדשאַפט מיט פעלדער, גערטנער און היגלען, באַ־לויכטן דורך אַ שפּעטזומערדיקער פרימאָרגן־זון.

אין מאָמענט, ווען עס גייט אויף דער פאָרהאַנג, זיצן עלי מיט זייַנע תלמידים אין סוכה. דער אַלטער כהן אויפן פאָטערשטול און די יונגעלייט פון ביידע זייטן טיש. בלויז שמואל זיצט אויף אַ שטול נעבן דעם כהן. די תלמידים לערנען זיך שרייבן מיט הילצערנע גריפלען אויף האַלב־טרוקענע ליימענע טאָוועלעך.

ע ל י : (האָט אַריינגעקוקט, אינאיינעם מיט שמואלן, אין אַ האַלב־צע־עפנטער מגילה. איצט ראָלט ער זי ווידער צונויף און ווענדט זיך צו די תלמידים) נו, חברה, ווי גייט עס מיט דער נייער אמנות? (אַלע שווייגן און עטלעכע קוקן זיך איבער איינער מיטן אַנדערן.) נו, איך זע שוין, אַז איר זענט מיט זיך אַליין נישט צופרידן. טאַ לאָמיר טאַקע זען וואָס עס האָט אויפגעטאָן אין שרייבן אליסף, וועלכער

האָט דאָך אַזעלכע פלינקע הענט צו אַנדערע אַרבעטן. קום נאָר אַהער, אליסף, און באַווייז דיין מלאכה.

א ל י ס ף : (אַ לוי מיט קלוגע, אומרואיקע אויגן, אַ ציטער־שפּילער אין לוויים־אָרקעסטער, וועמענס לאַנגע פינגער זענען טאַקע רירעווּדיק און געניט.) אָט־איז מיין טאָוועלע, זיידע עלי. עפּעס גייט מיר אָט־די אַרבעט נישט אַזוי גוט פון דער האַנט. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז צו־ליב דעם, וואָס מיינע הענט זענען צופיל פלינק. אויף דעם אינסטרו־מענט, וואָס איך שפּיל, דאַרפן זיך די הענט, און דער עיקר די פינ־גער, באַוועגן שנעל און שפּרינגען פון איין סטרונע צו דער צווייטער.

ע ל י : (באַטראַכטנדיק דאָס טאָוועלע) יאָ... יאָ... זענען טאַקע דיינע אותיות צו פלאַך אויסגעקריצט, די אָפּשטאַנדן צווישן איין אות און דעם צווייטן זענען נישט רעגלמעסיק און די שורות זענען נישט גלייך, נאָר זיי זענען אָנגעבויגן אַרויף און אַראָפּ, אָדער זיי גייען גאָר אַביסל אין זיגזאַג. אָבער פאַר אַן אָנהייב איז דאָס גאָרנישט שלעכט. וועסט זיך צוגעוואוינען צו זיין אַביסל מער געדולדיק, ווע־סטו זיכער ווערן אַ גאַנץ פיינער קאַליגראַף. (ווענדט זיך צו אַ צווייטן תלמיד) און דו, אלישמע?

א ל י ש מ ע : (אַ פאַרטראַכטער בזיר, מיט אַביסל שווערמוטיקע אויגן און אַן אַסקעטיש אויסגעדאַרטן גוף) אָט איז מיין טאָוועלע... שטאַלץ בין איך מיט מיין אַרבעט בשום אופן נישט. עפּעס קומט מיר אויס דער גריפל צו זיין צופיל לייכט, דריק איך אים, עפּעס ווי אומגערן, צופיל אָן און די אותיות קומען ביי מיר אויס צו טיף איינגעקריצט אין ליים, איבערמאָסיק גרויס און האַמעטנע.

ע ל י : (קוקנדיק אויפן טאָוועלע) דו האָסט גאַנץ ריכטיק אָפּגעשאַצט דיין אויפטו. אויב דו קענסט אָבער אַליין דיינע חסרונות און קיין פאַר־שטענדעניש פעלט דיר אויך נישט אויס, איז כאָטש דיינע הענט זענען אַביסל שווערפעליק, וועסטו טאַקע אפשר נישט ווערן קיין שיינשרייבער, וועסט זיך אָבער גרינטלעך אויסלערנען די איידעלע אמנות פון שרייבן.

א ב י מ ל ך : (אַ נזיר, אַן אומרואיקער גריבלער מיט נייגעריקע אויגן

און שניידנדיקע באַוועגונגען) זיי נישט ברוגז, זיידע עלי, פאַר מיין פראַגע: צו וואָס דאַרפן מיר אַלע קענען די קונסט פון שרייבן? — איך פאַרשטיי, אַז עס דאַרפן זיין צווישן אונדז איינער, אָדער צוויי סופרים. דעריבער האָט מיך נישט געוואונדערט ווען דו האָסט פריער שוין אויסגעלערנט שרייבן דיין באַליבטן און עלטסטן תלמיד שמואל. אָבער צו־וואָס דאַרפסטו זיך אָנשטרענגען אַזויפיל צו מאַכן אונדז אַלעמען פאַר שרייבערס, אַז מיר וועלן דאָך נישט האָבן קיין באַ־דערפעניש און קיין געלעגנהייט זיך צו באַנוצן אָפט מיט דעם?

ע ט ל ע כ ע   ת ל מ י ד י ם : אבימלך איז טאַקע גערעכט! — צו וואָס דאַרפן מיר אַלע קענען שרייבן? — אַפילו ביי די מצרים און ביי די פלישתים, וועלכע זענען דאָך גרעסערע און געלערנטערע פעלקער פון אונדז, זענען דאָך, ווי מען דערציילט, פאַראַנען בלויז גאָר ווייניק שרייבערס צווישן די פריסטערס...

ש מ ו א ל : (וועלכער האָט ביז איצט געשוויגן, רופט אַרויס אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט) אָבער מיר זענען גאַנץ אַנדערש נישט נאָר פון די עמלקים, אדומים און בני עמון, נאָר אַפילו פון די מצרים און פלישתים. ביי אונדז דאַרפן קענען נישט נאָר לייענען, נאָר אויך שרייבן, וואָס גרעסערע טיילן פונעם פאָלק, בכדי יעדער איינער פון אונדז זאָל קענען איבערלייענען און איבערדערציילן די מעשים און די מחשבות פון די פאַרגאַנגענע דורות און פון אונדזער אייגענעם דור. אויב די מצרים און פלישתים, די אשורים און די אַנדערע פעל־קער פון אַרם נהריים בויען גראַנדיעזע בנינים — טעמפּלען, פּאַ־לאַצן, פּיראַמידן א.א.וו. — דאַרפן מיר אָנשרייבן וואָס־מער ספרים — קראָניקעס, פּאָעטישע שאַפונגען, זאַמלונגען פון געדאַנקען און געזעצן א.א.וו. זיי האָבן זייער דרך און מיר אונדזערן, וועלכן מיר האָבן איבערגענומען פון אונדזערע אבות און פון אונדזער גרעסטן לערער משה רבינו.

ע ט ל ע כ ע   ת ל מ י ד י ם : הערט זיך גוט איין, ווייל דאָס זענען גאָלדענע ווערטער — דאָס זענען טיפע ווערטער, וואָס האָבן זייערע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט — יאָ דאָס זענען הויכע ווער־

טער, וועלכע צילן ווייט־ווייט אין דער צוקונפט אַריין! — דאָס זע־נען ווערטער, וועמענס דערגרייך עס איז פאָרויסגעזען אויף טויזנ־טער יאָרן! —

עלי: דער אַלמעכטיקער גייסט רעדט דורך דיין מויל, מיין זון, און בלויז בכדי צו קענען פאַרשרייבן אַזעלכע ווערטער, איז כדאַי אויס־צולערנען זיך די אמנות פון שרייבן.

שמואל: און נאָך עפּעס וועגן דער עצם קונסט פון שרייבן... זאָל זי נישט זיין גרינג אין אייערע אויגן. באַטראַכט זי נישט ווי אַן איי־דעלע שפּילעריי, ווייל זי איז פיל־פיל מער פון דעם. זי איז אַ דער־הויבענער, יאָ כמעט אַ געטלעכער ענין. דורך איר ווערט דער מענטש אַ שותף צום בורא עולם און צו זיינע מעשי־בראשית, פּונקט אַזוי ווי ער ווערט דאָס דורך דעם וואָס ער געבוירט קינדער, וואָס ער פאַרפלאַנצט אַ גאָרטן און פאַרזייט אַ פעלד. איר וואונדערט זיך? איר טראַכט ביי זיך: ווי קומט איין זאַך צו דער אַנדערער? שרייבט דען אויך דער אַלמעכטיקער באַשאַפער פון דער וועלט? יאָ! דער אַלמעכטיקער אַליין שרייבט אויך! איר קענט עס זען ביי אַן אָפּ־געהאַקטן בוים, דורך וועמענס רינגען די האַנט פונעם באַשעפער האָט פאַרשריבן זיינע יאָרן. איר קענט עס זען אין יעדן נאַטירלעכן, אָדער דורך דער מענשטלעכער האַנט געמאַכטן, איינשניט אין די פעלדזן. די פאַרשיידענע שיכטן, וועלכע לאַגערן דאָרטן איינער אי־בערן אַנדערן און אין וועלכע עס זענען באַגראָבן פאַרשטיינערטע אָפּבילדער פון פאַרצייטיקע צמחים און בעל־חיים, וואָס מען געפינט זיי אָפּט אונטער דער ערד, זענען ממש אַ גאַניש ספר, געשריבן דורכן בורא עולם מיט זיין אייגענער האַנט, וואו יעדער וואָס איז באַשאָנקען מיט שכל און גייסט, קען אַרויסלייענען די פאַרגאַנגענ־הייט פון דער וועלט. יאָ! דאָס שרייבן איז אַ גרויסער ענין, מיט וועלכן יעדער תלמיד חכם דאַרף זיך שטענדיק פאַרנעמען.

עטלעכע תלמידים: ער האָט אונדז ממש געעפנט די אויגן! — מען דאַרף טאַקע זיין אַ געליבטער זון ביים אייבערשטן באַשע־פער, צו באַשאָנקען ווערן מיט אַזאַ אויסערגעוויינטלעכן כוח־הסברה.

— דאָס הייסט אַריינדרינגען אין סאַמע תוך פון אַן ענין און אַרויס־נעמען פון אים דעם תמצית. — איצט ווען מיר וויסן פאַרוואָס מיר דאַרפן נישט שפּאָרן קיין באַמיאונגען, בכדי צו באַהערשן די אמנות פון שרייבן. —

ע ל י: אַ ברכה אויף דיר, מיין געליבטער זון און תלמיד, פאַר דיינע פּערלדיקע רייד. נאָך דעם, וואָס דו האָסט געזאָגט, וועלן שוין האָבן אַ גרעסערע פּעולה די ווערטער, וואָס איך וועל איצט זאָגן און וואָס רייסן זיך מיט קראַפט פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן, זיינט נעכטן אין דער פרי. הערט זיך גוט איין, תלמידים מיינע, צו דעם וואָס איך וועל אייך זאָגן, ווייל דאָס איז אפשר אַ ווידוי און אַ צוואה פון אייער לערער.

ע ט ל ע כ ע  ת ל מ י ד י ם: (איבעראַשט) וואָס זאָגסטו, זיידע עלי? — וואָס רעדסטו עפּעס פלוצים וועגן ווידוי און צוואה? — ווי קו־מען מיטאַמאָל אַהער אַזעלכע שווערמוטיקע, אָדער טאַקע טרויעריקע רייד?

ע ל י: ניין, קינדער, דאָס זענען נישט קיין טרויעריקע רייד. זיי זענען אָבער יאָ וויכטיק און ערנסט און איך וויל טאַקע איר זאָלט זיי אויפ־מערקזאַם אויסהערן. איך בין שוין איצט אַכט און ניינציק יאָר אַלט און אין משך פון כמעט פערציק יאָר בין איך געווען דער שופט איבערן פאָלק ישראל. איך בין שטענדיק געגאַנגען אויפן וועג פון רעכטפאַרטיקייט און האָב געדינט אונדזער גאָט און געפאָלגט זיין געבאָט, אָבער מיינע קינדער זענען אַוועק אויף שלעכטע וועגן און איך האָב מיך פאַרזינדיקט דורך דעם, וואָס איך בין נישט געווען גענוג שטרענג מיט זיי. דעריבער איז שוין אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ שלעכטער גזר־דין אויף מיר און אויף מיין הויזגעזינד.

ע מ ר ם: זיידע עלי! דיינע ווערטער זענען אָבער פאָרט טרויעריק און ביטער. פאַרוואָס זאָלסטו דענקען אַזוי און צו־וואָס זאָלסטו זיך פאַר־שטעלן אַזעלכע אומעטיקע פאָרשטעלונגען?...

ע ל י: ניין! ניין! דאָס זענען נישט בלויז געדאַנקען און פאָרשטעלונ־גען... דער גזר־דין איז מיר שוין קלאָר אָנגעזאָגט געוואָרן... אָבער

איך נעם עס אָן באהבה. איך באַקלאָג מיך נישט אויף מיין גורל. דער ווילן פונעם אַלמעכטיקן דאַרף געשען. איך וויל בלויז נאָך עפּעס מתקן זיין, איידער איך גיי אַוועק פון דער וועלט, עפּעס וואָס איז לויט מיין מיינונג וויכטיק, און דעריבער וויל איך אייך אויסלערנען די איידעלע אמנות פון שרייבן צוערשט אויף די ליימענע טאָוועלעך, ווי אַ געניטונג, און שפּעטער טאַקע אויף ריכטיקן און טייערן פּאַפּירוס און פּאַרמעט.

יצהר: לאָמיר ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, זיידע עלי. שטענדיק פלעגסטו ריידן מיט אונדז אַזוי הייטער און שפּאַסיק, אַזוי ליבלעך און גוטמוטיק, און מיטאַמאָל...

עלי: ס׳קען אַנדערש נישט זיין, מיין זון, און אַזוי מוז איך איצט ריידן. יאָ, הערט ווייטער מיט געדולד. עס האָבן זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט אַ געוויסע צאָל אַלטע מגילות, וועלכע איך האָב באַקומען בירושה. פון אַ טייל פון זיי, פון דעם גרעסטן טייל, האָב איך שוין געלייענט פאַר אייך און געלערנט מיט אייך. פון עטלעכע, פון די וויכטיקסטע, וועל איך מיט אייך נאָך לערנען אין די קומענדיקע טעג, וואָכן און חדשים, אַזוי לאַנג ווי עס וועט מיר נאָך באַשערט זיין צו פאַרבלייבן מיט אייך...

איתמר: וועסט נאָך זיין לאַנג מיט אונדז אינאיינעם, זיידע עלי, ווייניקסטנס ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר...

עלי: נו, גוט. אָבער אויסער אונדז דאָ זענען נאָך פאַראַנען ווייניק מענטשן אין ישראל, וועלכע ווייסן וואָס עס שטייט געשריבן אין די מגילות און עס זענען פאַראַנען גאָר גאָר ווייניק אָפּשריפטן פון זיי. איך מיין אָבער, אַז דער אינהאַלט פון די מגילות איז אַזוי שיין, אַזוי דערהויבן און טיפזיניק, אַז וואָס גרעסערע צאָלן פון די בני ישראל דאַרפן זיין באַקאַנט מיט אים. דעריבער לאָז איך אייך איבער בצוואה איר זאָלט קודם־כל מאַכן פון די מגילות וואָס מער קאָפּיעס, ווען איר וועט זיך אויסלערנען שרייבן, און איר זאָלט נישט־נאָר אַליין זיך שטענדיק פאַרטיפן אין זיי, נאָר איר זאָלט אויך אויפשטעלן דורות פון תלמידים, אַ סך תלמידים, מיט וועלכע איר וועט לער־

נען און פאַר וועלכע איר וועט אויסטייטשן און קאָמענטירן די לערע
פון די אוראַלטע מגילות.

א ב י מ ל ך : לייגסט אויף אונדז אַרויף נישט קיין קליינע אויפגאַבע,
רבי...

ע ל י : דאָס איז נאָך נישט אַלץ! איך וואָלט וועלן איר זאָלט זיך נישט
נאָר אויסלערנען די געניטשאַפט פון שרייבן, נאָר אויך איר זאָלט
זיך דורך לייענען און לערנען אָנאייגענען די גייסטיקע פעאיקייט
ריכטיק צו פורעמען פראַזן און קאַפּיטלען, בכדי איר אַליין זאָלט קע־
נען פאַרשרייבן די געשעעענישן פון אייער אייגענעם דור, אייערע
חידושים אין דער אויסטייטשונג פון אונדזער אַלטער לערע, אָדער
גאָר אייערע אייגענע געפילן און געדאַנקען. אויב אַ גרויסער טייל
פון אונדזער פאָלק וועט זיין פעאיק עס צו טאָן, וועלן מיר דורך
דעם באַקומען אַזאַ שטאַרקייט, וואָס קיין שום אַנדערע אומה וועט
נישט פאַרמאָגן...

ש מ ו א ל : איך בייג מיין קאָפּ פאַר דיר אין ערפאָרכט, כהן עלי, מיין
טייערער לערער און רבי, ווען איך האָב צו פאַרדאַנקען אַלץ וואָס
איך ווייס. (צו די איבעריקע תלמידים.) חברים! לאָמיר דאָ פייער־
לעך צוזאָגן און אַ נדר טאָן צו נעמען אויף זיך און אויסצופירן דאָס
וואָס אונדזער אַלטער רבי פאָדערט פון אונדז!

אַ ל ע ת ל מ י ד י ם : (הויבן זיך אויף פון זייערע ערטער און זאָגן
אינאיינעם מיט שמואלן) מיר טוען אַ נדר און שווערן צו טראָגן
אונדזער אַלמעכטיקן גאָטס וואָרט, געשריבן און גערעדט, צו די מאַסן
פון אונדזער פאָלק ישראל! אין דעם זכות פון אָט־דער גוטער טאַט,
זאָל דער אייבערשטער העלפן אונדזער פאָלק און אונדז!

ע ל י : (מיט טרערן פון עמאָציע) אויב אַזוי, איז מיין לעבן נישט געווען
אומזיסט און איך קען רואיק אייך פאַרלאָזן, קינדערלעך, צוליב דעם
וואָס איך האָב אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן און צוליב נאָך עפּעס...

אַ ל ע ת ל מ י ד י ם : צוליב וואָס נאָך, רבי. זאָג עס אונדז באַלד,
ווייל מיר זענען נייגעריק אַלץ צו וויסן.

ע ל י : איך קען רואיק איינגעזאַמלט ווערן צו מיינע אבות אויך צוליב

דעם, וואָס איך האָב זוכה געווען, אַז נאָך ביי מיין לעבן זאָל אויס־געקליבן ווערן מיין ווירדיקער ממלא־מקום. אין דער פאַרלעצטער נאַכט האָט דער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל גערעדט צו שמואלן, ווי ער פלעגט אַמאָל ריידן אויך צו מיר, און ער האָט אים באַשטימט פאַר זיין נביא און פאַרן שופט איבער זיין אויסדערוויילט פאָלק.

ע מ ר ם : (צו זיינע חברים, וועלכע קוקן זיך איבער דערשטוינטע און צעמישטע און זיי האַלטן צוריק אויף כוח די אויסדרוקן פון זייער צופרידנקייט און פרייד, בכדי נישט מצער זיין דעם אַלטן עלי.) איר האָט געהערט, ברידער! אינאיינעם מיט זיין שלעכטער בשורה וועגן זיך אַליין, האָט אונדז דער כהן עלי געבראַכט אויך אַ גוטע ידיעה. איך קען נישט קיין אַנדערן, וועלכער זאָל זיין בעסער צוגעפּאַסט פאַר דער היכער שליחות, ווי שמואל...

ע ל י : (ווען ער זעט, אַז זיינע תלמידים ווייסן נאָך אַלץ נישט ווי־אַזוי צו רעאַגירן, דריקט ער צו שמואלן צום האַרצן און דערנאָך לענט ער אָן זיינע הענט אויף זיין קאָפּ.) דו האָסט שוין אַ העכערע און ווערטפולערע ברכה פון מיינער — פונדעסטוועגן וויל אויך איך דיך בענטשן: זאָלסט מצליח זיין אויף אַלע דיינע וועגן לטובת אונדזער פאָלק און זאָלסט האָבן דעם מוט און די שטאַרקייט עס צו פירן און באַשיצן, דורך אַלע געפאַרן וואָס לויערן אויף אים און פון אַלע שונאים, וואָס רינגלען עס אַרום. אמן! כן יהי רצון! (צו די תלמי־דים) און איר אַלע, פרייט זיך און האָט נישט מורא, אַז עס וועט מיך פאַרדריסן. איך פריי מיך שטאַרק מיט אייך אינאיינעם. זאָל יעדער פון אייך צודריקן דעם יונגן נביא און אייער מנהיג צו זיין האַרצן און אים צוזאָגן צו שטיין הינטער אים מיט טריישאַפט און פעסטקייט אין יעדן מאָמענט און אין יעדן מצב.

ש מ ו א ל : (האַלט אָפּ די חברים, וואָס לאָזן זיך צו אים און ווילן אים אומאַרעמען) הערט פריער אויס מיין וואָרט, מיינע טייערע! איך וועל קענען מצליח זיין אין מיין שליחות מיט דער הילף פונעם האַר פון ישראל און אויב איר וועט מיך שטיצן מיטן גאַנצן האַרצן. די צייטן זענען שווערע און איך וועל מוזן מיט שטרענגקייט פאָדערן פון אייך

גאָר אַ סך. זענט איר גרייט צו טאָן דאָס וואָס איך וועל פאָדערן פון אייך פאַר אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און פאַר אונדזער פאָלק?

אַ ל ע ת ל מ י ד י ם : (פריידיק און מוטיק) מיר זענען מוכן ומזומן דיך צו פאָלגן און דיר נאָכצוגיין אין אַלע צייטן און אומעטום!

ש מ ו א ל : (עפנט זיינע אָרעמס און נעמט אַרום עמרמען, וואָס שטייט נעבן אים.) מיט אייך אינאיינעם וועלן מיר מאַכן פון די האַלבע געצנדינער, וואָס עס זענען נאָך היינט די בני־ישראל, אַ גרויס און געטלעך פאָלק, אַן אמתן עם־קדושים. און מיר וועלן עס פירן צו דער אייביקייט. (בשעת ער דריקט צום האַרצן זיינע חברים, איינעם נאָך דעם אַנדערן, פאַלט פאַמעלעך דער פאָרהאַנג).

## דאָס פינפטע בילד

פאַר איינעם פון די שטאָט־טויערן פון שילה. אין הינטערגרונט די שטאָט־מויער, געמאַכט פון אומבאַאַרבעטע, האמעטנע, גרויסע שטיינער. אין דער מויער, מער אויף לינקס, אַ גרויסער, שווערער, צוויי־פליגלדי־קער, אויף דרויסן געעפנטער טויער, דורך וועלכן מען זעט אַ לאַנדשאַפט. רעכטס פונעם טויער אַ וואַך־טורעם, צו וועלכן עס פירט אַרויף אַ שטיי־נערנע, אויך אַזאַ האַמעטענע טרעפ, וואָס איז פּאַראַלעל צו דער מויער און איז איינגעבויט אין איר. רעכטס און לינקס עטלעכע הייזקעס, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַנען אויסגענג פון שמאָלע געסלעך. ווען דער פאָר־האַנג גייט אויף זענען דריי וועכטערס פאַרנומען מיטן אויסשטעלן, צו־פוסנס פונעם וואַך־טורעם, פון אַ לאַנגן טיש און אַ היפשער צאָל שטולן אין די זייטן און הינטער דעם טיש, אין עטלעכע רייען. ביים טיש אינ־מיטן שטעלן זיי אַוועק אַ געשניצטן גרויסן פאָטערשטול און פוןביידע זייטן פאָטערשטול צו צוויי ענלעכע שטולן, אָבער קלענערע. דעם טיש פאַרשפּרייטן זיי מיט אַ סאַמעטענעם צודעק, אויף וועלכן עס זענען אויס־געהאָפטן פאַרשיידענערליי בלומען.

פון אָנהייב הייבן אָן צו קומען פון די זייטיקע געסלעך מענער און פרויען פונעם פאָלק און זיי שטעלן זיך אויס ביי די זייטן. בשעת מעשה פירן די וועכטער צווישן זיך אַ געשפּרעך. ווען זיי פאַרענדיקן זייער אַר־בעט, הייבן אָן אָנצוקומען די זקנים און עלטסטע פון דער שטאָט, שליחים פון די שבטים און כהנים און לויים פונעם משכן. די שטאָטישע דיגנאַ־טאַרן נעמען אויף פריינטלעך די געסט און ווייזן זיי אָן פּלעצער, לויט דער חשיבות פון יעדן איינעם. בלויז דער גרויסער פאָטערשטול אין מיטן בלייבט פון אָנהייב ליידיק.

ע ר ש ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : ס׳װעט דאָ הײנט הפּנים זײַן אַ זעלטן־גרױסע פֿאַרזאַמלונג...

צ װ ײ ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : מ׳דאַרף זײַן אַזאַ גרױסער חכם װי דו, בכדי זיך צו געבן אַ רעכענונג װעגן דעם.

ד ר י ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : גערעכט! מען קען זיך דאָך אָנשטױסן לױט דער צאָל שטולן װאָס מען האָט אונדז געהײסן דאָ אױסשטעלן, אַז הײנט װעט עס זײַן אַ צאָלרײַכע פֿאַרזאַמלונג.

ע ר ש ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : איר זענט טאַקע בײדע גרעסערע חכמים פֿון מיר, װעגן דעם װיל איך מיך מיט אײַך נישט שפּאַרן, אָבער איך האָב גערעדט װעגן אַ זעלטן־גרױסער און נישט װעגן קײן צאָל־רײַכער פֿאַרזאַמלונג. מיט דעם האָב איך געמײנט צו זאָגן, אַז עס װעלן דאָ הײנט זײַן נישט־נאָר אַ סך, נאָר אױך זײער װיכטיקע לײַט.

צ װ ײ ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : (אַביסל פֿאַרשעמט) האָסט געװאָונען... כ׳האָב מיך צופֿיל געאײַלט צו חוזק פֿון דיר. ס׳װעלן טאַקע הײנט באמת זײַן זײער חשובֿע לײַט.

ד ר י ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : דאָס איז ריכטיק. בעת איך האָב אײַן שטאָ־טישן הױז אָנגעלאָדן שטולן אױף אַ האַנט־װעגעלע צו ברענגען זײ אַהער, האָב איך דאָרטן טאַקע געזען, אַ חוץ אונדזערע הײמישע שטאָט־עלטסטע, חשובֿע מענטשן פֿון װײַטע מקומות.

אַ  פּ ר ו י  פֿ ו ן  פֿ אָ ל ק : אַזױ, אַזױ... איך װאָלט טאַקע בײגעריק געװען צו װיסן װער זענען עס געװען יענע פֿרעמדע, װאָס דו האָסט געזען.

אַ  מ אַ ן  פֿ ו ן  פֿ אָ ל ק : רוק נישט דײַן נאָז דאָרט װאו מען דאַרף נישט, חוהס טאָכטער. שטענדיק איז זי בײגעריק אַלץ צו װיסן.

ד ר י ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : עס איז גאָרנישט קײן בײזס דערבײַ. איך בין אױך געװען בײגעריק און איך האָב טאַקע געפֿרעגט — האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען װיכטיקע שליחים פֿון אַלע שבֿטים פֿון ישׂראל און פֿון אַ צאָל ישובֿים בײַ דער גרענעץ מיט די פּליש־תּים, װאו עס איז לעצטנס גאָרנישט רואיק.

צ װ ײ ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : מיר האָט מען דערצײלט, אַז עס װעלן

דאָ זיין חפני און פינחס, די זין פון עלי הכהן, און נאָך אַנדערע וויכטיקע כהנים פון זייער משפחה, וועלכע קומען נישט אויף די געוויינטלעכע שטאָטישע פאַרזאַמלונגען.

ע ר ש ט ע ר  װ ע כ ט ע ר : און מיר האָט מען געזאָגט, אַז עס וועט דאָ היינט זיין אויך דער יונגער נביא שמואל פון שילה מיט זיינע חברים און תלמידים, וועלכע ער האָט צוריק מיט אַ צייט געהאט פונאַנדערגעשיקט איבערן לאַנד צו זען ווי אחינו בני ישראל לעבן, וואָס זיי טוען און ווי זיי פירן זיך, און איצט זענען זיי צוריקגעקו־מען אינאיינעם מיט די שליחים פון די שבטים. (עס הייבן זיך אָן צונויפקומען די וויכטיקע לייט און די וועכטער גייען אָפּ).

ע ל ט ס ט ע ר  פ ו ן  ש י ל ה : (ווען אַלע זענען שוין אויסגעזעצט אויף זייערע ערטער, הייבט ער זיך אויף פון זיין פּלאַץ, רעכטס פון דעם גרויסן שטול. אין דעמזעלבן מאָמענט ווערן אַלע שטיל און זיי קוקן אויף אים אויפמערקזאַם און דערוואַרטונגספול) רבותי! איי־דער מיר הייבן אָן די פאַרהאַנדלונגען, דאַרפן מיר צום אַלעם ערשט באַשטימען אַ פאָרזיצער פאַר אונדזער פאַרזאַמלונג...

ח פ נ י : (לינקס פונעם גרויסן שטול. האָפערדיק.) זיי דו אַליין דער פאָרזיצער. אייגנטלעך קומט עס דיר. דו ביסט דאָך דער ראש פונעם שטאָטראַט פון שילה.

ע ל ט ס ט ע ר  פ ו ן  ש י ל ה : איך בין טאַקע דער ראש פון אונדזער שטאָטראַט און אויף אונדזערע אָרטיקע פאַרזאַמלונגען קומט עס מיר צו זיין דער פאָרזיצער — דאָס איז ריכטיק. אָבער די היינטיקע פאַר־זאַמלונג איז נישט קיין אָרטיקע. עס זענען זיך דאָ צונויפגעקומען פאַרטרעטער פון אַלע שבטים פון ישראל, פון אַ סך שטעט און דער־פער ביי דער גרענעץ מיט די פלישתים, די וויכטיקסטע כהנים און לויים און עס איז אויך פאַראַנען צווישן אונדז דער געטלעכער מאַן, דער נביא שמואל מיט זיינע חברים און תלמידים. ער איז עס אייגנט־לעך דער, וואָס האָט צונויפגערופן די היינטיקע פאַרזאַמלונג און איך מיין, אַז ער דאַרף זיין איר פאָרזיצער...

פ י נ ח ס : (זיצט נעבן דעם עלטסטן פון שילה. מיט אַ שמן־זיתדיק

שמייכעלע אויף די ליפּן און ווייכע, פאַלשע ריידעלעך) ס׳איז בשום אופן נישט ריכטיק וואָס דו שלאָגסט דאָ פאָר, מיין פריינט. שמואל איז אַ יונגערמאַנטשיק, וועלכער האָט נאָך נישט געפאַקט און גע־מאָזלט. ער איז פון די ייִנגסטע צווישן אונדז און האָט נאָך נישט קיין שום דערפאַרונג אין כלל־זאַכן. אויסערדעם וואָלט עס איינפאַך געווען אַ סימן פון אומאַכטונג צו זיך אַליין, ווען מיר באַשטימען איינעם פון די ייִנגסטע פאַר אונדזער פאַרזיצער. זיי דו דער ראש פון אונדזער פאַרזאַמלונג, עלטסטער פון שילה!

עמרם: עס איז אמת, אַז אונדזער נביא שמואל איז נאָך יונג. ער פאַר־מאָגט אויך נישט קיין חוצפּה און נישט קיין גלאַט צינגעלע. און פאַרוואָס די בני עלי זענען קעגן אים ווייסן דאָך אַלע. אָבער ער איז דער אויסדערוויילטער פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און זיין הייליקער גייסט שוועבט איבער אים.

יצהר: פון אים דאַרף ישראל דערוואַרטן אַ סך הילף און ער דאַרף אונדז פירן...

עלטסטער פון שילה: איך האַלט אָן מיין ערשטן פאָרשלאָג און גער נישט אָן די רייד פון די בני עלי. האָט אפשר עמיצער נאָך אַן אַנדערן פאָרשלאָג? (קיינער ענטפערט נישט) אויב אַזוי, איז דאָך דער ענין קלאָר, אָבער איך וויל נישט לאָזן קיין פּלאַץ פאַר קיין שום ספק. וואָס איז אייער מיינונג, פאַרשטייער פון די שבטי ישראל? (רופט זיי אויס ביי די נעמען. יעדער איינער שטעלט זיך אויף און רופט אָן שמואלס נאָמען) כרמי פון ראובן... — ימין פון שמעון? — פּרץ פון יהודה? — שמרון פון יששכר? — אלון פון זבולון? — חגי פון גד? — ימנה פון אשר? — גדעון פון מנשה? — מכיהו פון אפרים? — גראַ פון בנימין? — חושים פון דן? — יצר פון נפתלי? (נאָכדעם ווי אַלע האָבן געשטימט פאַר שמואלן און אויך דאָס פאָלק האָט אים אַקלאַמירט, רופט ער אים צו איבערנעמען דעם פאָרזיץ) קום איצט, אויסדערוויילטער פון גאָט און פונעם פאָלק פון ישראל, און פאַרנעם דיין פּלאַץ אויבנאָן!

שמואל: (גייט דורך די רייען זיצנדיקע ביים טיש, וועלכע באַטראַכטן

אים מיט ערפאָרכט און מאַכן אים פלאַץ. ער האַלט זיך פעסט, דאַנקט אָבער פריינטלעך מיט אַ לייכטער פאַרנייגונג. ער זעצט זיך נישט גלייך, נאָר שטייענדיק ביים אויבנאָן, נעמט ער אַ ווייַלע אַרום דעם עולם מיט פעסטע, שאַרפע און דאָך גוטע בליקן). ברידער מייַנע! איך וועל נישט ריידן צו אייך האָפערדיק און וועל אייך נישט זאָגן קיין גוטע ריידעלעך. איך בין אַ דינער פון דעם האַר פון דער וועלט, וועלכער איז שטרענג. אַזוי ווי איך וועל אייך דאַרפן איבערגעבן זייַן וואָרט, וועל אויך איך אָפט דאַרפן ריידן צו אייך האַרב און שטרענג און אויך שטראָפן אייך, ווען איר וועט עס פאַרדינען. איך וועל אָבער זיך באַמיען צו זייַן גערעכט צו אייך אַלעמען און צו פירן אייך אויף גאָטס וועגן, וועלכע איר פאַרלאָזט גאַנץ אָפט. (זעצט זיך אויף דעם גרויסן שטול) איך האָב גערופן די הייַנטיקע פאַרזאַמלונג צוליב צוויי זייער וויכטיקע ענינים, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן דאָס ווייטער־דיקע לעבן פון אונדזער פאָלק. ערשטנס איז שוין געקומען די זעכס־טע צייט מיר זאָלן זיך באַשיצן מיט מער קראַפט ווי ביז איצט קעגן דעם גרעסטן און געפערלעכסטן שונא אונדזערן, דעם פלישתי, און צווייטנס, מוזן מיר אויסראָטן אָן רחמנות די פרעמדע געטשקעס און זייערע דינערס, ווי אויך די ווילדע און אָפשטויסנדיקע מנהגים פון די אַרומיקע געצנדינער, וועלכע האָבן זיך ווידער איינגעוואָרצלט און אויסגעשפרייט צווישן אונדז. איך וואָלט וועגן ביידע ענינים גע־האַט אייך פיל צו זאָגן, אין נאָמען פון גאָט, און אויב דאָס וועט נייטיק זייַן וועל איך עס שפּעטער טאָן, אָבער איצט וויל איך לאָזן ריידן קודם־כל די שליחים פון די גרענעץ־שבטים מיט די פלישתים און זאָלן זיי אונדז דערציילן וואָס דאָרטן קומט פאָר. זאָל ריידן דער ערשטער מנוח, פון צרעה.

מ נ ו ח : שוין אַ סך יאָרן, אַז מיר לייַדן פון די פלישתים און מיר מוזן קעמפן מיט זיי. מיר צאָלן זיי אַ טריבוט און זענען אונטערגעוואָרפן צו זיי. זייערע סאָלדאַטן קומען צו אונדז ווען זיי ווילן נאָר און לאָזן אונדז נישט אָנזאַמלען קיין וואָפן. דאָסזעלבע טוען זיי אין די אַרו־מיקע שטעט און דערפער. און ערשט נאָך אַלעמען באַפאַלן זיי אונדז אין די לעצטע יאָרן, יעדעס מאָל ווען מיר האָבן אָנגעזאַמלט אונ־

דזער גערעטעניש און זיי באַרויבן אונדז פון אונדזער גוטס און באַ־
ליידיקן אונדז נאָך דערצו. איר ווייסט דאָך, אַז דער שבט דן איז אַ
קליינער שבט. קענען מיר נישט אַליין זיך אַנטקעגנשטעלן די פּליש־
תים און דעריבער הייבן מיר אויף אונדזער געשריי צו אונדזערע
ברידער פון די אַנדערע שבטים און מיר בעטן זיי זאָלן צו אונדז
אויסשטרעקן אַ העלפנדיקע האַנט, ווייל אויב נישט ווען מיר אינ־
גאַנצן אונטעריאָכט און פאַרשקלאַפט ווערן דורך די פלישתים און
דערנאָך וועט קומען די ריי אויף אַנדערע שבטים, ביז מיר וועלן
חלילה פאַרלירן אונדזער פרייהייט און ווערן קנעכט ביי פרעמדע.

שמואל: איר האָט געהערט די רייד פון מנוח פון צרעה און איצט זאָל
ריידן זרח פון עיטם.

זרח: מיין שבט יהודה איז טאַקע איינער פון די גרעסטע פון ישראל
און דאָך מוזן מיר אויך זייער פיל ליידן פון די פלישתים. מיר האָבן
מיט זיי די לענגסטע גרענעץ און דעריבער איז אונדזער לאַנד מער
אָפן פאַר זיי און עס איז זיי לייכטער אַריינצודרינגען אין אונזערע
שטעט און דערפער. אויסערדעם ווייסן זיי, און זיי האָבן עס שוין
נישט איין מאָל געפילט אויף זייער אייגענער הויט, אַז מיר זענען
מוטיקע און שטאָלצע קריגסלייט, דעריבער האָבן זיי אויף אונדז
שווערער אַוועקגעלייגט זייערע הענט, בכדי אונדז שטענדיק זיכער
צו האַלטן אין צוים. זיי באַהאַנדלען אונדז נאָך ערגער ווי די ברי־
דער פונעם שבט דן. מיר האָבן אויך געפּרואווט מיט זיי צו גיין מיט
גוטן און האָבן געשלאָסן מיט זיי אַן אָפּמאַך צו צאָלן זיי אַ יערלעכן
שטייער, אָבער קיין סך האָט עס נישט געהאָלפן. זיי האַלטן נישט
דעם אָפּמאַך און רייסן אָפּ פון אונדז יעדעס מאָל אַלץ אַנדערע שטעט־
לעך און דערפער און באַרויבן אונדז פון אונדזער האָב און גוטס.
זענען מיר טאַקע אַ גרויסער שבט און קענען שיקן אין קאַמף קעגן
די פלישתים אַ גרויסע מחנה קריגער, אָבער די זענען נאָך אַלעמען
צאָלרייכער פון אונדז און אויסערדעם זענען זיי בעסער באַוואָפנט
און געניטערע סאָלדאַטן, ווייל זיי לעבן פון זייער שווערד און מיר
זענען דאָך נאָך אַלעמען גרעסטנטיילס ערדאַרבעטער. עס איז פאַר
אונדז קיין שום ספק נישט, אַז די פלישתים זענען אַ גרויסע געפאַר

פאַר גאַנץ ישראל און דעריבער האַלטן מיר ,אַז אַלע שבטים דאַרפן קומען צו הילף אונדז, די צוערשט באַדראַטע, וואָס גיכער, איידער עס ווערט צו שפּעט.

ש מ ו א ל : מיר האָבן געהערט די געווגו טרויעריקע ידיעות פון די שלי־חים פון די גרענעץ־ישובים. ווער וויל נאָך עפּעס זאָגן?

ע ט ל ע כ ע  ש ל י ח י ם : (אין פאַרשיידענע פלעצער אַרום טיש) מיר, די פאַרטרעטער פון לחי און תמנה באַשטעטיקן און באַקרעפטיקן אַלץ און יעדעס וואָרט וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן. — מיר, די שליחים פון בית־שמש און אשתאל זענען עדות פון די אַלע געשעענישן, וואָס זענען דאָ דערציילט געוואָרן און אויך מיר פאָדערן פון אַלע שבטים צו וועלכע די פלישתים זענען נאָך נישט דערגאַנגען, זיי זאָלן אונדז וואָס גיכער אויסשטרעקן אַ העלפנדיקע, ברידערלעכע האַנט!

ש מ ו א ל : דער מצב איז שוין, דאַכט זיך, גענוג קלאָר. וויל עמעצער איצט ריידן וועגן די מיטלען, וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן קעגן דעם פלישתים־שונא? (חפני גיט אַ צייכן, אַז ער וויל ריידן) רעד, כהן חפני!

ח פ נ י : (וואוילעריש) איר האָט געהערט, ברידער, וואָס עס טוען די פלישתים אויף די גרענעצן פון אונדזער לאַנד. דאָס איז נישט נאָר אַ גרויסער שאָדן פאַר אונדזערע פאַרמעגנס, נאָר עס איז אויך אַן אומכבוד פאַר אונדז, ממש אַ חרפה און אַ בושה פאַר פרייע מענטשן. דעריבער לייג איך פאָר מיר זאָלן צונויפזאַמלען אַ גרויס חייל פון די בעסטע מענטשן פון גאַנץ ישראל, מיר זאָלן איינקויפן אין גע־היים, מיט די געלטער וואָס עס וועלן צושטעלן אַלע שבטים, אין צידון און צור כלערליי וואָפן און אַפילו אַזעלכע פערד און רייט־וואָגנס ווי עס האָבן די פלישתים, און מיר זאָלן אין איין גרויסער אָנשטרענגונג אַראָפּוואַרפן פון זיך זייער יאָך און זיי אַליין אונטער־וואַרפן, אָדער גאָר אַרייניאָגן אין ים אַריין, פון וואַנען זיי זענען אַמאָל געקומען.

ש מ ו א ל : איר האָט געהערט די רייד פונעם כהן חפני. ווער נאָך וויל ריידן? (קוקט זיך אַרום איבער די רייען פון זיצנדיקע) רעד דו, ימין, שליח פון שבט שמעון!

י מ י ן : מיר וואוינען מער אויף דרום און מיר זענען ווייטער פון די פלישתים — ליידן מיר פון זיי ווייניקער ווי די קינדער פון דן און יהודה. אָבער אויך מיר האַלטן, אַז גאַנץ ישראל דאַרף זיך שטעלן קעגן דעם שונא. און אויב אַזוי, איז דער כהן חפני גערעכט. אויב אַזוי מוזן מיר אויף איינמאָל אַנזאַמלען אַ גרויסע קראַפט און געבן אַן אַנטשיידנדיקן קלאַפּ, אַזוי אַז מיר זאָלן דעם שונא פאַרניכטן און באַקומען רו אויף אַ לאַנגער צייט.

מ ע נ ע ר פ ו ן פ אָ ל ק : (נישט גאָר קיין סך). חפני און ימין זענען גערעכט! — זאָל ישראל אַנגורטן די שווערד אויף די לענדן און נישט לאָזן זיך מער טרעטן מיט די פיס! — לאָמיר זיך אַלע לאָזן אויפן שונא ווי איין מאַן, וועלן מיר אים מנצח זיין!

ש מ ו א ל : וויל נאָך עמעצער ריידן? (קוקט זיך אַרום) רעד דו, כהן פינחס!...

פ י נ ח ס : (שטענדיק מיט זיין שמן־זיתדיקן שמייכעלע אויף די ליפּן און מיט גוטע ריידעלעך) עס פאַרדריסט מיך באמת, ברודער חפני, וואָס איך קען מיט דיר נישט זיין איינשטימיק אין דעם ענין. ווי עס פּאַסט פאַר אַ כהן, בין איך שטענדיק אַ רודף שלום. איך האַלט, אַז קעמפן און פירן מלחמה, הייסט פאַרגיסן אייגן און פרעמד בלוט און אויסגעבן פאַרמעגנס. דעריבער איז מיין מיינונג, אַז עס איז שטענדיק בעסער, און טאַקע ביליקער אויך, דורכצוקומען מיט גוטן, אַפילו ווען מען דאַרף באַצאָלן פאַר דער געקויפטער רו אַ הויכן טריבוט. מיר האָבן דאָס אומגליק צו האָבן אַלס שכנים אַ קריגעריש פאָלק, וואָס לעבט פון זיין שווערד. איז דאָס געגליכן צו אַ פייער־שפייענדיקן באַרג, וואָס באַלעסטיקט שטענדיק די מענטשן וואָס וואוינען נעבן אים, אָדער צו אַ ווילדן וואַסערשטראָם וואָס קומט פון די בערג פלוצים און שטורמיש און ער פאַרגיסט דאָס פלאַכע לאַנד. קעגן אַזאַ מאַכט איז אומזיניק צו קעמפן — מ'דאַרף איר גיין אויסן וועג. אַזוי דאַרפן מיר טאָן מיט די פלישתים. מיר דאַרפן זיך איינקויפן זייער גינציקייט פאַר אַן אָפּצאָל און ווי הויך דערזעלבער זאָל נישט זיין, וועט אונדז דער עסק נאָך אַלץ קאָסטן ביליקער ווי צו גיין

אין מלחמה אַריין. צו ריידן וועגן כבוד איז נישט שייך דעמאָלט ווען עס גייט אין לויִנבאַרקייט. מען דאַרף האָבן גענוג שכל, אָדער שלוי־קייט, אָפּצוהיטן אויך דעם כבוד אין איין וועגס. בקיצור, ברידער, איך לייג אייך פאָר צו שיקן אונטער מיין אָנפירונג אַ צאָל קלוגע אונטערהענדלער צו די פלישתים, וועלכע זאָלן מאַכן מיט זיי אַ נייעם אָפּמאַך. איך בין זיכער, אַז אויך יענע ווילן נישט גיין אין מלחמה אַריין אויף יעדן פאַל. מיר וועלן זיי פאָרלייגן אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס וועלן זיין לויִנבאַר פאַר זיי און אויך פאַר אונדז.

ש מ ו א ל : די מיינונג פונעם כהן פינחס איז קלאָר. ווער נאָך וויל ריידן? (קוקט זיך אַרום) רעד דו ימנה, שליח פונעם שבט אשר.

י מ נ ה : איך בין מסכים מיט די רייד פונעם כהן פינחס. פאַר די קינ־דער פון אשר איז אַ קאַמף קעגן די פלישתים אַ פרעמדער און ווייטער ענין. אויב מען וועט באַשליסן צו גיין אין מלחמה, וועלן מיר זיך נאַטירלעך נישט אויסשליסן פונעם כלל, אָבער מיר וועלן דע־מאָלט גיין נישט מיטן גאַנצן האַרצן. עס איז מעגלעך, אַז מיר וועלן ברענגען דער געמיינזאַמער זאַך מער שאָדן ווי נוצן.

ש מ ו א ל : דער פאַרטרעטער פון אשר האָט גערעדט אויפריכטיק. (קוקט זיך אַרום) איצט וויל ריידן דער שליח פון נאָך אַ צפונדיקן שבט. רעד דו, יצר פון נפתלי!

י צ ר : איך בין מסכים מיט די רייד פון דעם כהן פינחס און פון ימנה, דעם שליח פון אשר. אויך מיר זענען זייער ווייט פון דעם ענין, וועגן וועלכן מיר ריידן און אַ מענטש גייט נישט גערן איינשטעלן זיין לעבן פאַר אַ זאַך וואָס איז אים ווייט און פרעמד. מיר זענען, אָבער, געטרייע זין פונעם פאָלק ישראל און מיר זענען גרייט צו העלפן אונדזערע ברידער פון דרום מיט אונדזער האָב און גוטס. לאָמיר באַשליסן צו שיקן דעם כהן פינחס און נאָך עטלעכע גייסטיק פלינקע מענטשן מיט אים אינאיינעם, בכדי זיי זאָלן מאַכן מיטן שונא אַ לויִנענדיקן אָפּמאַך. די קינדער פון נפתלי וועלן ביישטייערן צום טריבוט, וואָס מען וועט דאַרפן צאָלן, זייער פולן חלק.

ש מ ו א ל : אויך דער שליח פון נפתלי האָט גערעדט אויפריכטיק און

שכלדיק. (קוקט זיך אַרום) ווי עס ווייזט אויס, וויל קיינער מער נישט ריידן?...

פ ר ו י ע ן א ו ן מ ע נ ע ר פ ו נ ע ם פ אָ ל ק : (דער אָנטייל פון די פרויען איז גרעסער) לאָמיר אָננעמען די עצה פונעם כהן פינחס! — לאָמיר אויסמיידן די מלחמה! — לאָמיר נישט ברענגען צו קיין בלוטפאַרגיסונג! — לאָמיר שיקן שליחים צו די פלישתים און פאַר־לייגן זיי צו צאָלן אַ טריבוט! — זאָל זיין שלום פאַר יעדן פרייז! — זאָלן אונדזערע מענער און זין נישט דאַרפן אַוועקגעבן זייערע לעבנס! — זאָלן אונדזערע קינדער נישט דאַרפן פאַרבלייבן קיין יתומים! —

ש מ ו א ל : איך האָב אייך אויפמערקזאַם אויסגעהערט, קינדער פון ישראל. איך האָב געהערט ביידע צדדים. איצט בעט איך אייך אויס־צוהערן אויך מיך. פון אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז מיר וועלן דאַרפן באַהאַנדלען באַזונדער די צוויי ענינים „קאַמף מיט די פלישתים" און „אויסראָטונג פון די פרעמדע געטשקעס". אָבער בשעת איך האָב אויסגעהערט אייערע אַלעמענס רייד, סיי פון די קאַמפּסלוסטיקע, סיי פון די פאַרהאַנדלונגוויליקע, האָב איך מיך איבערצייגט, אַז אַט־די וויכטיקע ביידע ענינים זענען אין תוך אייגנטלעך בלויז איינער. (סיי די איידעלע לייט, סיי דאָס פשוטע פאָלק, שפּיצן אָן זייער אויפ־מערקזאַמקייט).

ע ט ל ע כ ע : (פאַרוואונדערט) ווי אַזוי?... — ווי קענען אַזעלכע צוויי ענינים זיין איינס? — עס איז פאַר אונדז נישט פאַרשטענדלעך...

ש מ ו א ל : האָט געדולד און הערט זיך גוט איין, וועט איר זיכער פאַר־שטיין. עס איז גאָרנישט אַזאַ שווערער ענין... נאָכדעם ווי דער אַל־מעכטיקער האַר האָט מיך באַשטימט פאַר זיין נביא, האָב איך פאַר־לאַנגט פון מיינע צוועלף חברים, אַלע תלמידים פון דעם עלטסטן כהן עלי, זיי זאָלן ביי אים בעטן אַ דערלויבעניש צו גיין צו די שבטים פון ישראל, בכדי צו באַטראַכטן פון דער נאָענט די לאַגע פון אונדזער פאָלק; צי דינען זיי זייער גאָט און היטן אָפּ זיינע גע־באָטן; צי באַאַרבעטן זיי ווי עס געהער צו זיין זייערע נחלות און דערנערן זיך ערלעך און בכבודיק; צי באַשיצן זיי זייער לאַנד פון די

שונאים און לאָזן זיך נישט פאַרדרענגען פון זייער ערד. אויב איך דאַרף זיין אַ פּאַסטוך און אַ פירער פון מיין פאָלק, דאַרף איך דאָך זיין געגנוי באקאַנט מיט זיין לאַגע און קענען זיינע נויטן.

עֶ ט ל ע כ ע  פ ו ן  פ אָ ל ק: דאָס זענען קלוגע ריידן!... דאָס זענען אמתע ווערטער פון אַ געטרייען פאָלקס־פירער!... — ער מיינט עס אויפריכטיק מיט זיין שליחות!...

ש מ ו א ל: זענען צוריקגעקומען מי'נע חברים פון אַלע ווינקעלעך וואו עס וואוינען די בני ישראל און זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז אומעטום האָט מען פאַרגעסן כמעט דעם גאָט פון ישראל און מען דינט די געטשקעס פון בעל און עשתורת און אַפילו דעם גרויזאַמען אָפּגאָט מולך; מען היט נישט שטאַרק אָפּ די רעכט פון די אלמנות און יתומים און מען פאַרקוקט בכלל די געבאָטן פון אונדזער האַר; אין די גרענעץ־געבי'טן באַאַרבעט מען בלויז שוואַך און אַן חשק די נחלות, ווייל עס פאַלן דאָרטן אָן גאַנץ אָפט די פאַרשיידענע שונאים, וואָס ריינגלען אונדז אַרום און זיי רויבן און פאַראָרעמען דאָס לאַנד. אָבער די ערגסטע און געפערלעכסטע פון די שונאים אויף די גרענעצן זע־נען די פלישתים, ווייל זיי באַנוגענען זיך נישט בלויז מיט גזלה און גנבה, נאָר זייער ציל איז צו פאַרנעמען די ערד און צו פאַרשקלאַפן די באַפעלקערונג. יאָ! זיי אַליין באַטראַכטן זיך פאַר אַ העכערער אומה, וואָס איז פּטור פון אַרבעטן אויף זייער ברויט און דעריבער דאַרפן זיי צו האָבן שקלאַפן, וואָס זאָלן אַרבעטן פאַר זיי. יאָ! זיי האָבן דערהויבן שקלאַפעריי צו דער מדרגה פון זייער העכסטן פּרינ־ציפּ און זיי פּראַקטיצירן זי במזיד, זיי זענען דאָך אַ געלערנט און אַנטוויקלט פאָלק, און נישט בשוגג ווי די האַלב־ווילדע כנענישע פעל־קערשאַפטן. ביי אונדז אָבער איז דער פּרינציפּ פון פרייהייט אַוועק־געשטעלט געוואָרן ווי איינער פון די הויפּט־עיקרים פון אונדזער אמונה, זינט מיר זענען באַפרייט געוואָרן פון דער מצרישער קנעכט־שאַפט. אויב די פלישתים זענען וואַסער, זענען מיר פייער. מיר זע־נען צוויי עלעמענטן, צווישן וועלכע עס קען נישט זיין קיין שום פּשרה. און מיר זענען מחויב דורכצוזעצן אונדזער אמונה קעגן דעם פּרינציפּ פון די פלישתים.

אלון: (פאַרטרעטער פון זבולון) ביסטו, הייסט עס, מיט דער זעלביקער מיינונג וואָס דער כהן חפני? האַלטסטו אויך, אַז מיר דאַרפן גיין אין אַן אָפענער מלחמה מיט די פּלישתים און נישט אונטערהאַנדלען מיט זיי און פּרוּאוון דורכקומען מיט גוטן?... מיינסטו, אַז די מלחמה קען אונדז לוינען, אַפילו ווען מיר זאָלן מנצח זיין?...

שמואל: (עטוואָס ביטער און צאָרנדיק) אָט אין דעם גייט עס טאַקע, וואָס איר באַטראַכט דעם ענין בלויז אין דער שיין פון לוינבאַרקייט, ווייל אונטער דער ווירקונג פון די פרעמדע אָפּגעטער האָט איר זיך אויסגעלערנט בלויז אָפּצושאַצן דעם ווערט פונעם חומר און איר האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז אונדזער גאָט איז נישט פון האָלץ אָדער שטיין, נאָר ער איז עס דער גייסט פון דער וועלט, פאַר וועמען דער רוח איז העכער פונעם חומר און וועמענס ווילן עס איז, אַז דער מענטש זאָל דערהויבן ווערן פון זיין חיהשער באַטור צו אַ העכערער מדרגה. איר זאָגט, אַז עס איז ביליקער צו צאָלן טריבוט און איר האָט מורא פאַר די רייטוואָגנס — און איר גיט זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז דורך דעם אנערקענט איר דעם פּרינציפּ פון שקלאַפעריי און דינט אַן עבודה זרה. דאָס איז דערפאַר, וואָס איר האָט פאַרלאָזט דעם גאָט פון ישראל און זיינע געבאָטן. ווען אונדזערע אָבות האָבן איינגענומען אָט־דאָס גוטע און געבענטשטע לאַנד, האָבן זיי געטראָגן דעם גייסט פון אונדזער האַר גאָט אין זייערע הערצער. דעריבער זענען זיי נישט איינגעגאַנגען אויף קיין פּשרות מיט די באַזיגטע פעלקער; פאַר די רייטוואָגנס פון יבין מלך חצור און זיינע פריינט האָבן זיי זיך נישט דערשראָקן און דער אַלמעכטיקער האָט אָנגעוויזן זייער פירער יהושוע בן נון ווי־אַזוי ער זאָל זיי פאַרניכטן. מיר אָבער זענען געפאַלן און זינדיק און אויך אונדזערע געדאַנקען זענען פאַרקרימט געוואָרן.

שטימען פון פאָלק: ס'איז אמת, אַז מיר האָבן געזינדיקט! ס'איז וואָר אַז מיר זענען אַראָפּ פון די וועגן פון אונדזערע אָבות! — ס'איז ריכטיק, אַז מיר האָבן פאַרטריבן פון אונדזערע הערצער דעם גייסט פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט! —

חגי: (פאָרשטייער פון גד) מיט רעכט שטראָפסטו אונדז, נביא שמואל, און פון דיינע רייד איז קלאָר פאַר אונדז, אַז מיר טאָרן נישט נעמען אויף זיך צו זיין אונטערגעוואָרפן צו די פּלישתים. מיר טאָרן נישט איינגיין דערויף צו צאָלן זיי טריבוט, ווייל דאָס הייסט אָננעמען צו זיין זייערע קנעכט. וואָסזשע דאַרפן מיר טאָן, לויט דיין מיינונג? זאָלן מיר גיין אין אַן אָפענער מלחמה מיט זיי? וועט דער אַלמעכ־טיקער אונדז געבן דעם ניצחון איבער זיי? וועסטו קענען אויסבעטן פאַר אונדז זיין גענאָד, נאָכדעם ווי מיר האָבן אַזויפיל געזינדיקט קעגן אים?

שמואל: ניין! אין קיין אָפענער מלחמה מיט די פּלישתים קענען מיר איצט אויך נישט גיין, ווייל מיר וועלן זי פאַרשפּילן. דער אַלמעכ־טיקער גאָט וועט אונדז נישט העלפן און דאָס פאָלק האָט אָנגע־וואוירן זיין אַמאָליקע פרייהייטס־ליבע, וועט עס אויך נישט זיין באַ־הערשט פון דעם גייטיקן קאַמפס־גייסט.

פרץ: (פאַרטרעטער פון יהודה) מיר מוזן אָבער עפּעס טאָן, נביא שמואל! מיר קענען דאָך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן די פּלישתים זאָלן אויסרויבן ביי אונדז איין דאָרף נאָכן אַנדערן; זיי זאָלן באַזעצן זייערע סאָלדאַטן יעדעס מאָל אין אַן אַנדערער פון אונ־דזערע שטעט; מיר זאָלן אינגיכן אינגאַנצן ווערן זייערע קנעכט; מיט שטראָפרייד אַליין קען מען דאָ גאָרנישט בעסער מאַכן. גיב אַן עצה, נביא, וואָס זאָלן מיר טאָן?

שטימען פון פאָלק: (אין אַ בעטנדיקן טאָן) יאָ, נביא, גיב אַן עצה וואָס צו טאָן? — בעט פאַר אונדז דעם באַשעפער פון דער וועלט, דעם גאָט פון אונדזערע אבות, ער זאָל אונדז העלפן אין דער נויט — מיר וועלן זיך אומקערן צו אונדזער גרויסן גאָט, אָבער דו זיי מתפלל צו אים ער זאָל אויפהערן אונדז צו צערענען! — נביא שמואל, פיר אונדז אַרויף אויפן ריכטיקן וועג! —

שמואל: (פאַרטראַכט) איך זאָל אייך געבן אַן עצה, פאָדערט איר?... איך זאָל פאַר אייך מתפלל זיין, בעט איר?...

חפני: (צו די וואָס זיצן נעבן אים) איר זעט נישט, מיינע פריינט, אַז

דער קלוגער נביא, אייער פּאַסטוך, ווייסט אַליין נישט וואָס מען דאַרף טאָן?...

פּ י נ ח ס : (צו זיינע שכנים) וואָס ווילט איר האָבן פון אָט־דעם אומ־דערפאַרענעם יונגגמאַן? באַשליסט אַליין!...

ש מ ו א ל : (ווי אויפכאַפּנדיק זיך. אַנטשלאָסן.) איך וועל אייך געבן מיינע עצות נישט נאָר פאַר דעם איצטיקן מאָמענט, נאָר אויף שטענ־דיק. איך האָב אייך שוין געזאָגט און איך חזר איבער: קודם־כל ראַמט אויס דאָס שלעכטס צווישן אייך אַליין! ווען איר וועט זיך אומקערן צוריק אַהיים פון אָט־דער פאַרזאַמלונג, שליחים פון די שבטים פון ישראל, רופט צונויף דאָס פאָלק און גיט זיי איבער, אַז דער אַלמעכ־טיקער, אונדזער גאָט, צערנט אויף זיי צוליב דעם וואָס זיי האָבן פאַר־לאָזט זיינע וועגן. אויב זיי ווילן ער זאָל זיי העלפן, טאָ זאָלן זיי זיך אומקערן צו אים מיטן גאַנצן האַרצן. זאָלן זיי צוערשט צעשטערן די עקלדיקע הילצערנע און שטיינערנע בילדער פון בעל, פון עשתורת און פון די אַנדערע אָפּגעטער, וועלכע זיי דינען. זאָלן זיי פאַרניכטן אַלע מזבחות פון די פאַלשע געטער און צעטרייבן און פאַריאָגן זייע־רע פאַרדאָרבענע דינערס און פריסטערס. דערנאָך זאָלן זיי זיך אומ־קערן אויפריכטיק און פון גאַנצן האַרצן צו אונדזער גאָט און פאָלגן זיינע געבאָטן. אָן אַזאַ תשובה וועט קיין שום אונטערנעמונג זייערע נישט מצליח זיין!

ש ט י מ ע ן פ ו ן פ אָ ל ק : און ווי־אַזוי זאָלן מיר זיך באַשיצן קעגן די פּלישתּים?

ש מ ו א ל : בשום אופן זאָלט איר נישט אונטערהאַנדלען מיט זיי און אין קיין פאַל זאָלט איר נישט מאַכן מיט זיי קיין פשרות. איצט און אין די נאָענטסטע טעג זאָלט איר אָבער אויך אויסמיידן אַן אָפענע און אַנטשיידנדיקע מלחמה מיט זיי. עס וועט אויך קומען אַ צייט פאַר דעם, אָבער איצט נישט. ווען איר וועט קומען צוריק אַהיים פון דאַנען, שליחים פון די שבטי־ישראל, און איר וועט האָבן אויסגע־ראָטן דאָס שלעכטס פון אייער מיט, וועט איר אויסקלייבן די פּאַסנ־דיקע מענטשן צו באַקעמפן דעם פּלישתּים־שונא מיט ענלעכע מיט־

לען ווי ער אַליין באַנוצט. אַט־די קעמפּער וועלן דאַרפן זיין גאַטס־פּאַרכטיקע, פרייהייט־ליבנדיקע און מוטיקע מענער און איר וועט זיי צעטיילן גרופּעסווייז אין די וועלדער און אין די קליינע פּאַרוואָרפענע דערפלעך, ווייט פון די הויפּט־שליאַכן לענגאויס דער גרענעץ מיט די פּלישתים. געניטע אויסשפּירערס וועלן זיי דאַרפן שטענדיק צו־שטעלן גענויע ידיעות וועגן די באַוועגונגען, פּלענער און מעשים פונעם פיינט, מיט וועלכן זיי וועלן דאַרפן פירן אַן אומאויפהערלעכן קליין־קאַמף. פאַר יעדן אויסגעראַבטן דאָרף אין ישראל, וועלן זיי דאַרפן אויסרויבן זייערס אַ דאָרף. זייערע סאָלדאַטן וואָס זיצן אין אונדזערע שטעט, וועלן דאַרפן צוריק פאַרטריבן ווערן. דורך אַזעל־כע קליינע, אָבער געוואַגטע קאַמפן, וועלן מיר דאַרפן אַנוואַרפן אויף זיי אַ מורא און צוריק אויפהייבן דעם נאָמען פון אונדזערע קעמפער. ס׳קען זיין, אַז לאַנג וועלן זיי נישט וועלן דולדן אַזאַ קליינע מלחמה, וועלן מיר זיך דערוויילן דאַרפן ווי געהעריק צוגרייטן צו אַ גרעסערן קאַמף. נעמט איר אָן מיינע עצות? (אַלע שטייען אויף פון די ער־טער).

עטלעכע שליחים פון די שבטים: (אויפגעהייטערט און דערמוטיקט) האָסט גוט גערעדט, נביא שמואל! — דיינע עצות זענען קלוג און צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען! — מיר זענען מסכים מיט דיר און וועלן אויספאָלגן דיינע אָנווייזונגען! —

שטימען פון פאָלק: (באַגייסטערט) אַ גרויסער נביא איז אויפגעשטאַנען אין ישראל! — לאָמיר זיך פרייען מיט אים! — לאָ־מיר גיין אויף די גוטע וועגן וואָס ער ווייזט אונדז אָן! — לאָמיר לויבן אונדזער אַלמעכטיקן האַר!

(פאָרהאַנג).

# דאָס זעקסטע בילד

דיזעלבע דעקאָראַציע פון דער סוכה ווי אין פערטן בילד. בשעת עס גייט אויף דער פאָרהאַנג, זיצן אַ טייל פון עליס תלמידים ביים טיש און שרייבן איבער אויף פּאַרמעט אַלטע טעקסטן פון מגילות. עס פעלן שמואל, עמרם, יצהר, אלישמע און אבימלך. די יונגעלייט שמועסן צווישן זיך.

ג ר ש ו ן : באַווייז נאָר, אליסף, דיין כתב־יד? (יענער דערלאַנגט אים דעם פּאַרמעט און ער באַטראַכט אים אויפמערקזאַם) איך באַוואונ־דער די שיינקייט פון דיין שריפט. ווי רעגלמעסיק, קלאָר און גענוי עס זענען דיינע אותיות. ווי גלייך עס זענען דיינע שורות און ווי געמאָסטן עס זענען די אָפּשטאנדן צווישן זיי. (דערלאַנגט אים צוריק דעם פּאַרמעט) ביי מיר גייט עס נאָך אַלץ נישט אַזוי גוט. ווייזט אויס, אַז דער זיידע עלי איז געווען גערעכט, ווען ער האָט דיר שוין נאָך די ערשטע פּרוּוון אויף די ליימענע טאָוועלעך פאָרויסגעזאָגט, אַז דו וועסט ווערן אַ גוטער קאַליגראַף.

ק ה ת : (מיט אַביסל קנאה) נישט נאָר אליסף קען שיין שרייבן. אויך מיין כתב־יד איז נישט ערגער פון זיינעם. נאַ, זע.

ג ר ש ו ן : (נעמט און באַטראַכט) אמת, אויך דו שרייבסט גאַנץ שיין, כאָטש נישט אַזוי שלמותדיק ווי אליסף. ווייזט אויס, אַז די הענט פון די שפּילערס אויף איידעלע אינסטרומענטן זענען באַזונדערס פלינק צום שרייבן. איך פאַרנעם זיך מיט צוגרייטן דעם מזבח פאַר די קרבנות און דערפון זענען מיינע הענט היפּש פאַרגרעבט געוואָרן...

א ל י ס ף : אויב די הענט זענען נישט פאַרגרעבט, איז עס זיכער אַ מעלה צום שרייבן. אָבער... (גיט אַ פילדייטיקן וואונק צו קהתן) דער עיקר דאַרף מען האָבן טאַלאַנט און דאָס האָט נישט יעדער אין דערזעל־בער מאָס...

א י ת מ ר: שיינשרייבעריי איז זיכער אַ מעלה, אָבער די הויפּטזאַך איז עס נישט. אַבי מ׳קען נאָר לייענען איז שוין גוט. וויכטיקער פון דער שיינקייט, איז די שנעלקייט ביים שרייבן, ווייל אַזוי אַרום קען מען אין דערזעלבער צייט אויספּאַרטיקן מער מגילות.

ל ב נ י: יעדער איינער לויבט זיך דאָס זייניקע. איתמר איז דאָך דער שנעלסטער שרייבער צווישן אונדז, מוז ביי אים נאַטירלעך שנעל־קייט זיין דער עיקר.

א ל י צ ו ר: נו, גענוג שוין!... עס איז נישט שיין אַפילו פאַרשטעלטער־הייט צו לויבן זיך אַליין. און נאָך ווייניקער שיין איז עס צו שיסן מיט שטעכווערטלעך איינער אויפן אַנדערן, אַפילו ווען זיי זע־נען חלילה נישט בייזוויליק, נאָר בפירוש גוטמוטיק.

ע מ י נ ד ב: ס׳איז אָן סכנות נפשות, אליצור, אויב מען שפּאַסט אַמאָל. די חבריה איז גוט אויפגעלייגט וואָס מיר האָבן באַוויזן אַזויפיל אויפצוטאָן ביי דער נייער מלאכה פון קאָפּירן אַלטע טעקסטן און אָפּראַטעווען זיי פון פאַרגעסנקייט, איז מען צופרידן און אויפגע־לייגט צו ווערטלען זיך.

א ח י ע ז ר: מיר מעגן טאַקע זיין נישט נאָר צופרידן, נאָר טאַקע שטאָלץ אויך, וואָס מיר האָבן באַוויזן אין אַ לערך קורצער צייט אָפּצושרייבן אַ סך צענדליקער הייליקע ספרים, פון וועלכע עס וועלן לערנען גאָטס וואָרט פיל־פיל קינדערלעך פון ישראל. (אויף אַ ווײַלע ווערט דאָס געשפּרעך איבערגעריסן און יעדער איינער פאַרטיפט זיך אין זיין אַרבעט).

א ל י צ ו ר: איך קלער די גאַנצע צייט, אַז עס איז שוין היפּש שפּעט, שפּעטער ווי געוויינטלעך, און עלי מיט די איבעריקע חברים אונדזע־רע זענען נאָך נישט געקומען צום פרימאָרגן־לערנען... זאָל האָבן פאַרגעקומען חלילה עפּעס שלעכטס...

ע מ י נ ד ב: דו, אליצור, מוזסט טאַקע שטענדיק זיין אַ מרה־שחורהניק? מאַכט עמעצער אַ שפּאַס, קענסטו נישט ליידן. קומען עלי, שמואל און די איבעריקע נישט אַזוי פּינקטלעך אין צייט, דאַרפסטו עס דווקא אויסטייטשן צום שלעכטן...

א ל י צ ו ר : איך ווייס?... דער זיידע עלי איז לעצטנס זייער שוואַך...
ער ווערט יעדן טאָג אַליין שוואַכער און קיין עגמת־נפש פעלט אים אויך נישט...

א ח י ע ז ר : דאָס וואָס אליצור זאָגט איז טאַקע אמת, אָבער קיין מרה־שחורהניק דאַרף ער נישט זיין. מען דאַרף די זאַך אויסטייטשן אַנ־דערש. מסתמא האָט מען אים פאַרהאַלטן. לעצטנס קומען גאַנץ אָפט אַהער שליחים פון די קעמפער ביי דער פלישתים־גרענעץ...

ל ב נ י : איך האָב טאַקע געהערט, אַז ביי דער גרענעץ איז ווידער גאָר־נישט רואיק.

ע מ י נ ד ב : פון וועמען האָסטו דאָס געהערט? פון אַ גלויבווירדיקן מענטשן?...

ל ב נ י : איך האָב ליב צו ריידן מיט די מענער וואָס קומען קיין שילה ברענגען זייערע קרבנות, בכדי צו הערן פון זיי נייעסן פונעם לאַנד. דערציילן לעצטנס די מענטשן פון דן און יהודה, אַז די פלישתים זאַמלען אָן כוחות, בכדי אונדז איבערצופאַלן.

א ח י ע ז ר : דאָס קען זיין ריכטיק און עס לייגט זיך אויפן שכל. די פלישתים האָבן באַקומען עטלעכע גוטע קלעפּ, זינט מען האָט גע־פאָלגט שמואלס עצה און מען האָט אָנגעזאַמלט באַוועגלעכע גרו־פּעס פון מוטיקע קעמפער לענגאויס דער גרענעץ, וועלכע מאַכן איינ־געגעבענע און געוואָגטע איבערפאַלן אויפן שונא. די פלישתים דער־שמעקן אַ געפאַר מיט אַ לאַנגער צייט פאַרויס און זיי האָבן פיינט צו וואַרטן ביז דיזעלבע וועט זיך אָנרוקן גאָר נאָענט. דאָס פירן מיר זיך אַזוי צו טאָן, ווייל מיר זענען אָפּטמאָל קורצזיכטיק און אומ־אייניק... אָבער די פלישתים זענען גוט אָרגאַניזירט און זיי לעבן דאָך פון באַהערשונג און פאַרשקלאַפונג, דעריבער לאָזן זיי נישט אויפקומען נעבן זיך קיין שטאַרקע מאַכט, וועלכע קען מאָרגן ווערן געפערלעך פאַר זיי. עס לייגט זיך דעריבער אויפן שכל, אַז זיי גרייטן זיך איצט צו אַ גרעסערן פאַרמעסט, בכדי צו דערשטיקן באַלד אין אָנהייב די אויפקומענדיקע מיליטערישע מאַכט פון ישראל.

א י ת מ ר : וואָס דאַרפן מיר דאָ מאַכן השערות, אָט קומען אָן אלישמע

און אבימלך — וועלן זיי אונדז שוין מסתמא קענען אויפקלערן וואָס עס איז פאָרגעקומען.

אליסף: (וואָס זיצט נישט ווייט פונעם אַריינגאַנג) נו, אלישמע, פאַר־וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט? און וואו זענען עלי מיט די חברים וואָס פעלן נאָך?

איתמר: מיר ווייסן שוין נישט וואָס איבערצוקלערן. מיר האָבן שוין איבערגעטראַכט פאַרשיידנס. וואָסזשע איז דאָרט געשען?...

אלישמע: איר האָט זיך דאָך געקענט אָנשטויסן... נייעס פון דער גרענעץ מיט די פלישתים. (אַלע שטעלן זיך אַרום די אָנגעקומענע און ווייזן אַרויס פיל נייגער).

קהת: זאָג דו, אבימלך, וואָס עס איז געשען, ווייל ביז דער פאַרטראַכ־טער אלישמע וועט זיך אויפכאַפּן פון זיינע מחשבות, קען דאָס חיות דערווייל אויסגיין...

גרשון: יאָ, אבימלך, רעד טאַקע דו. דו ביסט רירעוודיקער און פליג־קער.

אבימלך: (זשעסטיקולירט לעבעדיק) ס'איז נישטאָ קיין סך צו דער־ציילן. עס זענען פאַרטאָג געקומען שליחים פון דער גרענעץ און עלי מיט שמואלן האָבן זיי געמוזט באַלד אויפנעמען, דעריבער האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן לענגער ווי שטענדיק. עמרם, יצהר, אלישמע און איך זענען פון דעם געוואויר געוואָרן — זענען מיר אויך געגאַנגען צו עלין, וואו זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט.

קהת: וואָסזשע פאַר אַ נייעסן האָבן געבראַכט די שליחים?...

אלישמע: (פאַרטראַכט און פלעגמאַטיש) עס שמעקט מיט מלחמה...

גרשון: לאָז! זאָל שוין ווייטער דערציילן אבימלך.

אבימלך: (שניידיק, ווי פריער) די פלישתים זאַמלען אָן אַ גרויס חיל אין אַ לאַגער נעבן אַפק. זיי ווילן באַשיינפערלעך איבערפאַלן מיט אַ שטאַרקן כוח די קאַמף־גרופּן אויף אונדזער זייט, לענגאויס דער גרענעץ, און זיי פאַרניכטן מיט איינמאָל. האָבן זיך אונדזערע קעמפער נאַטירלעך צעטומלט און זיי זענען געקומען בעטן אַן עצה וואָס צו טאָן.

ק ה ת : נו, וואָסזשע פאַר אַן עצה האָט מען זיי געגעבן?...

א ל י ש מ ע : עלי האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון געבן עצות... דער אַלטער זיידע פילט שוין הפּנים, אַז ער דאַרף זיך מער נישט מישן...

ג ר ש ו ן : נו, און וואָס האָט געזאָגט שמואל? דערציייל שוין שנעלער, אבימלך!...

א ב י מ ל ך : איר קענט זיך דאָס פאָרשטעלן. שמואל וויל דאָך דערוויייל אויסמיידן אַן אָפּענעם און אַנטשיידנדיקן קאַמף מיט די פּלישתּים. אָבער ווען ער הערט, אַז דער שונא גרייט זיך יאָ צו אַ קאַמף, האָט ער נישט קיין אַנדערע ברירה ווי אים אויפצוהאַלטן, כאָטש ער טוט עס גאַנץ אומגערן. ווי מען האָט געקענט זען אַן אים און לויט מען האָט געקענט אַרויסהערן פון זיינע רייד. ער האָט געהייסן אונדזערע צע־וואָרפענע קעמפער־גרופּן זיך צונויפזאַמלען אין אַ לאַגער נעבן אבן־העזר און אָפּוואַרטן און ענטפערן דעם שונא.

ק ה ת : אָט קומען דער זיידע עלי מיט די איבעריקע דריי. (די יונגעלייט זעצן זיך אויס צוריק ביים טיש, אָבער ווען עס קומט אַריין זייער לערער מיט זיינע באַגלייטער, שטייען זיי ווידער אויף מיט דרך־ארץ).

ע ל י : (קומט אַריין פּאַמעלעך, מיט קורצע טריטעלעך, געפירט אונטער די אָרעמס דורך עמרמען און יצהרן. פון הינטן גייט שמואל). גוט מאָרגן אייך, קינדערלעך!

אַ ל ע : גוט־מאָרגן, גוט־יאָר, זיידע עלי!

ע ל י : זייט נישט ברוגז אויף מיר וואָס איך האָב אייך הייַנט געלאָזט אַביסל לענגער וואַרטן.

א ב י מ ל ך : כ'האָב זיי שוין דערציילט די סיבה פון דעם...

ע ל י : (זעצט זיך פּאַמעלעך אויף זיין פּאָטערשטול און שמואל נעבן אים) עך, קינדערלעך, עס זענען הייַנט שווערע צייטן ביי אונדז און עס איז גאָרנישט לייכט זיי אַריבערצוטראָגן. הלוואַי עס זאָל נאָר נישט ערגער ווערן... אָבער לאָמיר דאָס איצט איבערלאָזן... (קורצע פּויזע) נו, און ווי־אַזוי גייט עס אייך עפּעס מיטן איבערשרייבן די פּאַרציי־טיקע ספרים?

עטלעכע: זייער גוט, זיידע! — יעדן טאָג מאַכן מיר אַ היפּשן שפּאַן פּאַרויס! — מיר קענען זיך שוין באַרימען מיט אַ גאַנץ פיינעם אויפטו! —

עלי: זייער גוט, קינדערלעך, אויב אַזוי בין איך טאַקע זייער צופרידן. (פאַרטראַכט זיך אַ ווייל און מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך אויף אַ מונ־טערער, אָבער פייערלעכער.) נו, מיינע טייערע, מיר זענען איצט צוגעקומען צום הויכפּונקט פון אונדזערע לימודים. איך וועל אייך היינט פאָרלייענען און פאַרטייטשן דעם טעקסט פון די צען געבאָט, וואָס זענען פאַרשריבן אויף די לוחות, וועלכע משה רבינו האָט באַ־קומען אויפן באַרג סיני און וואָס מיר היטן אָפּ זינט יענער צייט אין ארון הברית, אין הייליקן משכן. אָט־די צען געבאָט זענען דער פונדאַמענט פון אונדזער אמונה און פון אונדזער לעבן. זיי דערהויבן אונדז איבער דעם המון פון אָפּגעשטאַנענע פעלקער, וואָס רינגלען אונדז אַרום פון אַלע זייטן. עס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז אויב מיר וועלן אָפּהיטן די צען געבאָט און לעבן מיט זיי, וועלן מיר פאַר־בלייבן אויף דער ערד ווי אַ הייליק און אייביק פאָלק. גיב מיר, שמואל, דאָס ספר.

שמואל: (נעמט אַרויס פון אונטערן מאַנטל די מגילה און דערלאַנגט זי) אָט איז דאָס ספר, רבי.

עלי: (וויקלט פונאַנדער מיט גרויס כוונה און שטעלט זיך אָפּ) הערט זיך איין מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, קינדערלעך, און פאַרלירט ניט קיין וואָרט און קיין האַלב וואָרט, ווייל יעדעס אות פון דעם וואָס איך וועל אייך פאָרלייענען, איז אַ לעבעדיקער קוואַל פון העכסטער חכמה. (הייבט אָן צו לייענען זייער פייערלעך, מיט אַ קלאַנגפולער, כאָטש אַביסל ציטערדיקער שטים.) „איך בין יהוה, דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט". — דאָס איז דאָך קלאָר און עס פאָדערט נישט קיין באַזונדערע אויסטייטשונגען.

שמואל: פונדעסטוועגן דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אונדזער גאָט יהוה ווערט דאָ אידענטיפיצירט מיט יציאת מצרים, וואָס איז

דורכגעפירט געוואָרן דורך אים. ער איז דורך דעם דער גאָט פון באַ־
פרייאונג און פרייהייט, וועלכער דולדעט בשום אופן נישט קיין
קנעכטשאַפט.

עלי: זייער ריכטיק איז דיין באַמערקונג, שמואל. (לייענט ווייטער ווי
פריער.) „זאָלסט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מיין פנים.
זאָלסט דיר נישט מאַכן אַ געשניץ, אָדער אַ שום געשטאַלט פון וואָס
אין הימל אויבן, אָדער וואָס אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין
וואַסער אונטער דער ערד. זאָלסט זיך ניט בוקן צו זיי, און זאָלסט
זיי ניט דינען; וואָרעם איך, יהוה דיין גאָט, בין אַ צערנדיקער גאָט,
וואָס רעכן זיך פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער, מיטן
דריטן און מיטן פערטן דור פון די, וואָס האָבן מיך פיינט, און טו
חסד מיטן טויזנטסטן גליד פון די וואָס האָבן מיך ליב, און פון די
וואָס היטן מיינע געבאָט". — יאָ, אונדזער גאָט איז אַן אייניציקער
און אַ גייסטיקער, וועלכער פולט אויס די גאַנצע וועלט. עס איז
פשוט נישט מעגלעך עס זאָל געבן אים זיין נאָך איין גאָט, שוין
אָפגערעדט פון אַ סך אָפגעטער, ווייל ווער עס אָנערקענט נאָך איין
גאָט נעבן יהוה, דער פאַרלייקנט אים אַליין. אַזוי־ווי אונדזער גאָט
פולט אויס די גאַנצע וועלט און איז אַזוי גרויס ווי דיזעלבע, וואָלט
געווען אומזיניק צו וועלן אים פאַרשטעלן דורך אַ סימבאָל פון וועל־
כער־עס־איז־נישט געשטאַלט וואָס עס איז פאַראַנען אויף דער וועלט.
מאַכן, דעריבער, אַן אָפבילד פאַר אים, הייסט ווידער אים פאַרליי־
קענען און איז פשוט געצנדינערײ. יהוה איז אַ שטרענגער גאָט, ווייל
עס איז זייער שווער אים צו דינען און צו האַלטן זיינע געבאָט. דע־
ריבער מוז ער זיין נישט נאָכגעביק און האַרט צו זיינע גלויביקע,
בכדי צו פאַרמיידן זיי זאָלן אים פאַרלאָזן און אָננעמען די אָפגע־
טער, וואָס עס איז לייכטער זיי צו באַגרייפן און גרינגער זיי צו די־
נען. אָבער דערפאַר שענקט ער זיין פולן גענאָד צו די, וואָס טראָגן
זיין שווערן יאָך מיט ליבשאַפט.

שמואל: ווי וואונדערלעך טיף און גוט דו האָסט פאַרשטאַנען און
אויסגעטייטשט אָט־דאָס געבאָט, מיין לערער און מייסטער עלי!

**אלישמע:** יהוהס גייסט רוט היינט ממש אויפֿן זיידן עלי!...

**עלי:** (לייענט ווי פריער) „זאָלסט נישט אַרויפֿברענגען דעם נאָמען פֿון יהוה דיין גאָט צום פֿאַלשן". — (טוט אַ טיפֿן, ווייטיקלעכן קרעכץ, ווייל ער דערמאָנט זיך אָן זיינע זין.) יהוהן מוז מען דינען אויפֿריכטיק און אָן פֿאַלשקייט. ווי איז צו די וואָס טיף אין זייערע נשמות פֿאַרלייקענען זיי אים, אָבער מיט די ליפּן טוען זיי אַ גאַנצן טאָג אַרויפֿברענגען זיין נאָמען צום פֿאַלשן. ווי איז צו יענע, וואָס פֿון זיין הייליקן גאָטדינסט מאַכן זיי זיך אַ געשעפֿט אויף צו אָנזאַמלען דורך דעם פֿאַרמעגנס און רייכטימער. פֿאַר אַזאַ פֿאַלשקייט באַשטראָפֿט יהוה זייער שטרענג.

**אבימלך:** זאָל יהוה פֿאַרגעבן די זינד פֿון יענע, וואָס דינען אים מיט פֿאַלשקייט, אויב זיי וועלן זיך נאָר אומקערן אויפֿן ריכטיקן וועג. (אַלע לאָזן אַראָפּ די קעפּ).

**עלי:** (לייענט ווי פֿריער) „געדענק דעם טאָג פֿון שבת, אים צו האַלטן הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאכות; אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו יהוה דיין גאָט; זאָלסטו נישט טאָן קיין מלאכה, דו, און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין בהמה, און דיין פֿרעמדער, וואָס אין דיינע טויערן. וואָרום אין זעקס טעג האָט גאָט געמאַכט דעם הימל און די ערד, דעם ים, און אַלץ וואָס אין זיי, און אויפֿן זיבעטן טאָג האָט ער גערוט; דערום האָט גאָט געבענטשט דעם טאָג פֿון שבת און האָט אים געהייליקט". — אַ גרויסן חסד האָט מיט אונדז געטאָן יהוה דורך דעם וואָס ער האָט אונדז געגעבן דעם שבת! דאָס איז אַן אוצר, וואָס זיינסגלייכן פֿאַרמאָגט נישט קיין שום אומה אויסער אונדז. און נאָך גרעסער איז דער באַדייט פֿון דעם הייליקן רו־טאָג מיט דעם, וואָס ער איז נישט בלויז קיין פּריווילעגיע פֿון דעם רייכן און פֿון דעם בעל־הבית פֿונעם לאַנד, נאָר אויך פֿונעם קנעכט, פֿון דער דינסט און פֿונעם פֿרעמדן. יאָ! אַזוי דערהויבן איז דאָס געבאָט פֿונעם שבת, אַז עס איז גילטיק אַפֿילו פֿאַר דער הויז־בהמה. אַזוי־ווי דער ביינאַכטיקער שלאָף איז וויכטיק פֿאַרן גוף, ווייל אָן דעם וואָלט ער קיין

קיום נישט געקענט האָבן, פּונקט אַזוי, און אפשר נאָך וויכטיקער, פאַר דער נשמה פונעם מענטשן איז דער הייליקער רו־טאָג, ווייל אָן אים וואָלט ער געוועזן פאַראורטיילט אייביק צו פאַרבלייבן אויף דער מדרגה פון אַ חיה. אָבער דער שבת גיט יעדן מענטשן צווישן אונדז, אָן קיין שום אויסנאַם, די מעגלעכקייט כאָטש איין טאָג אין דער וואָך צו דערהויבן זיין נשמה אויף אַ העכער און צומאָל אויף דער העכסטער מדרגה, צו פאַרטיפן זיך אין דעם באַדייט פונעם מענטשן און פון זיין לעבן און צו דערנענטערן זיך צום באַשאַפער פון דער וועלט און צו זיינע געבאָטן. דעריבער דאַרף דער מענטש אום שבת אָנטאָן זיינע בעסטע קליידער און עסן די געשמאַקסטע און טייערס־טע מאכלים, בכדי אויך זיין גוף זאָל זיין באַפרידיקט און ער זאָל אים נישט שטערן זיך צו דערהויבן אויף די העכערע מדרגות.

ש מ ו א ל : מיין גאַנץ לעבן וועל איך דיך געדענקען צום גוטן, מיין טייערער רבי און מדריך, פאַר די ווערטער וואָס דו זאָגסט אונדז היינט, וועלכע זענען ווי אַ ליכט פאַר מיינע אויגן און ווי אַ לאַבונג פאַר מיין גאָט־דורשטיקער נשמה. אין זכות פון דער לערע וואָס דו גיסט אונדז איצט איבער, און וועלכע מיר וועלן זיך באַמיען איבער־צוגעבן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער ביז אין אַלע קומענדיקע דורות, וועט אונדזער פאָלק דיך שטענדיק געדענקען.

ע מ ר ם : ס'איז היינט אַ גרויסער טאָג פאַר אונדז, וועלכן מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

י צ ה ר : פאַר אונדזער דור איז דער היינטיקער טאָג געגליכן צום אַמאָ־ליקן מעמד הר סיני.

אַ ל ע ת ל מ י ד י ם : אַ דאַנק און אַ לויב דיר, זיידע עלי, פאַר דיינע שטאַרקנדיקע און באַלעבנדיקע ווערטער, וועלכע וועלן פאַר אונדז שטענדיק זיין ווי אַ לייכט־טורעם אין דער נאַכט!

ע ל י : די גוטע ווערטער, וואָס איר האָט מיר אַלע ערשט נאָרוואָס גע־זאָגט, טייערע קינדערלעך מיינע, זענען אין איינקלאַנג מיטן געבאָט, וואָס איך וועל אייך איצט לייענען, און זיי זענען ווי אַ פאַרויסיקע אויסטייטשונג פאַר דעם. (לייענט ווי פריער) — „האַלט אין כבוד

דיין פֿאָטער און דיין מוטער, כדי דיינע טעג זאָלן זיך לענגערן אויף דער ערד, וואָס יהוה דיין גאָט גיט דיר". — אונטער פֿאָטער און מוטער ווערן געמיינט נישט־נאָר די לייבלעכע עלטערן, נאָר אויך די לערערס, וואָס זענען געגליכן צו גייסטיקע עלטערן, און בכלל די זקנים פונעם פֿאָלק. אין זכות פון דעם וואָס עס האַלט זיי בכבוד, קען אַ פֿאָלק לענגערן זיינע טעג און יאָרן אויף דער ערד וואָס גאָט האָט אים געגעבן.

א ל י ס ף : ווי אַ צאַרטער, אָבער דערפֿרייענדיקער מזמור קלינגען די רייד פון זיידן עלי.

ע ל י : און איצט פיר קורצע געבאָטן, וועלכע שליסן אָבער איין אין זיך ימען מיט חכמה יעדעס באַזונדער. (לייענט ווי פריער) — „זאָלסט נישט הרגענען!" — „זאָלסט נישט מזנה זיין!" — „זאָלסט נישט גנבענען!" — „זאָלסט נישט זאָגן אויף דיין חבר פֿאַלשע עדות!" — אַלע מענטשן זענען באַשאַפֿן געוואָרן דורך אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און אין יעדן איינעם האָט ער אַריינגעבלאָזן אַ פונק פון זיין גייסט, דעריבער איז עס אַ הויפּט־זינד ווען איינער לעשט אויס דעם פונק פון זיינעם אַ מיטמענטש. מיר ווייסן דאָך, אַז קין, דער ערשטער וואָס האָט דערהרגעט זיין ברודער הבל, איז טאַקע אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון צווישן די מענטשן און, אַ געשטעמפּלטער מיט אַ צייכן אויפן שטערן, האָט ער געמוזט אַרומוואַלגערן זיך ווי אַ געיאָגטע חיה איבער די מדבריות. — זנות איז נישט־נאָר אַזאַ מין פֿאַלש־קייט, וואָס אַ פּרוי באַגייט קעגן איר מאַן, נאָר עס איז אויך אַ פֿאַר־ברעכן קעגן די אומשולדיקע קינדערלעך, וואָס ווערן דערפון געבוירן, ווייל זיי ווערן דאָך נישט גלייכגעשטעלט מיט אַנדערע קינדער און זיי דאַרפֿן ליידן דאָס גאַנצע לעבן. — גנבענען איז טאַקע נישט אַזוי האַרב, אין געווייינטלעכע באַדינגונגען, ווי רציחה און זנות, אָבער עס קען דערפֿירן צו אַלע אַנדערע שווערע חטאים און שוין אַליין פֿאַר זיך איז עס אַן עוולה קעגן דעם מיטמענטש און אַ סיבה צו פֿאַרדאַרבן די אָרדענונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. — זאָגן פֿאַלשע עדות אויף אַ מענטשן זעט אויס צו זיין גאָרנישט אַזוי האַרב,

אָבער פונדעסטוועגן קען עס דערפירן צו רציחה, דורך דעם וואָס אויפן סמך פון פאַלשן עדות־זאָגן זאָל פאַרמשפט ווערן צום טויט אַן אומשולדיקער.

א ב י מ ל ך : (צו זיך אַליין, אַ פאַרטראַכטער) ס׳איז וואָר, אין יעדן איינעם פון אָט־די קורצע געבאָטן קען מען זיך גריבלען און גריבלען און מען וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ באַזונדערן ספר אויסצוטייטשן יעדעס איינע פון זיי.

ע ל י : מיר קומען איצט צום לעצטן געבאָט. (לייענט ווי פריער.) — „זאָלסט נישט גלוסטן דיין חברס הויז; זאָלסט נישט גלוסטן דיין חברס ווייב, אָדער זיין קנעכט, אָדער זיין דינסט, אָדער זיין אָקס, אָדער זיין אייזל, אָדער וואָס נאָר עס איז דיין חברס". — אָט־דאָס געבאָט זעט אויס צו זיין אַמווייניקסטנס האַרב פון אַלע פריערדיקע. אויפן ערשטן בליק דאַכט זיך אויס, אַז אין גלוסטן שטעקט גאָר קיין בייזס נישט. וואָס קען עמעצן שאַטן ווען איך גלוסט זיין הויז, אָדער זיין ווייב, ווען איך נעם עס נאָר נישט צו ביי אים? דער אמת איז אָבער, אַז דאָס גלוסטן פירט שטענדיק צו אַלע שווערע חטאים און עס איז זייער אָנהייב. דעריבער דאַרף אַ מענטש באַקעמפן אין זיך און דערשטיקן דאָס גלוסטן, בכדי זיך אויסצוהיטן פון שווערע זינד. (ער איז מיד פון דער אָנשטרענגונג און אויך אַלע איבעריקע שווייגן אַ ווײַלע).

ש מ ו א ל : (מיט ווייטיק אין קול) יעדעס מאָל וואָס איך פאַרטיף מיך אין דער הייליקער תורה פון יהוה, אונדזער גאָט, און איך זע אויפ־סניי וויפיל אוצרות פון חכמה, וויפיל דערהויבענע און געזונטע לעבנס־כללים און וויפיל צדק און יושר עס זענען דאָרטן אָנגעזאַמלט, ווער איך האָפערדיקער ביי זיך וואָס אויך איך בין אַ קינד פונעם פאָלק ישראל. אָבער ווען איך דערמאָן מיך ווי ווייט מיר זענען נאָך פון זיין פולשטענדיק דורכגעדרונגען מיט דעם אַלעמען און ווען איך דענק, אַז אַ סך, גאָר אַ סך, פון אונדז דינען נאָך צו הילצערנע און שטיינערנע געטשקעס און פאַרלייקענען אונדזער גרויסן האַר פון דער וועלט, דעמאָלט צעפלאַקערט זיך אין מיר אַ גרויסער צאָרן אויף

דער טעמפּקייט און שוואַכקייט פון מיין פאָלק, אויף זיין אָפּגעשטאַ־נענקייט און אויף זיין אומפּעאיקייט צו קענען זיך דערהויבן איבער די ווילדע געצנדינער. (שטייט אויף פון זיין פּלאַץ און זאָגט פאַמע־לעך און פייערלעך) איך לייג אייך פאָר מיר זאָלן שליסן אַ הייליקן בונד פון קעמפער פאַר דער תורה פון יהוה. ווער עס איז מסכים מיט מיר זאָל אַרויסגיין פון פאָרנט.

אלע תלמידים: מיר זענען מסכים... (גייען אַרויס איינציקווייז פון פאָרנט. עמרם און יצהר פירן אויך אַרויס עלין אין פאָדערגרונט און שטעלן אים אַוועק אינמיטן. אַלע, אויך שמואל מיטן פּנים צום צושויער, שטעלן זיך אַרום דעם אַלטן כהן, אין אַ קרייז. זיי פאַר־לייגן זייערע הענט יעדער אויפן אַקסל פון זיין חבר).

שמואל: מיר וועלן שווערן! איך וועל פאַרזאָגן און איר וועט מיר נאָכזאָגן! (אַזוי געשעט עס טאַקע) מיר שליסן היינט אַ הייליקן ברי־דערלעכן בונד פון קעמפער פאַר דער תורה פון אונדזער האַר יהוה! — מיר שווערן אַליין אָפּצוהיטן יהוהס געבאָטן און זיי צו מאַכן אָפּהיטן דורך אַנדערע! — מיר שווערן צו ברענגען דאָס לעבעדיקע און דערהויבענע וואָרט פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט צו אַלע קינדער פון אונדזער פאָלק און צו לערנען זיי צו גיין אין זיינע אמתע וועגן! — זאָל אונדז אַזוי העלפן יהוה, אונדזער גאָט, ווי מיר וועלן דער־פילן אונדזער שבועה.

(פאָרהאַנג).

# דאָס זיבעטע בילד

פאַרן הויפּט־אַריינגאַנג צום משכן אין שילה. אין פאָדערגרונט אַ נידעריקער שטיינערנער פּלויט, מיט אַ ברייטער צווייפליגלדיקער, צע־עפנטער פאָרטקע אין דער מיטן. פון דער פאָרטקע פירט צום הינטער־גרונט אַ ברייטער, מיט אומרעגלמעסיקע פלאַכע שטיינער אויסגעפלאַס־טערטער וועג, וועלכער איז פון ביידע זייטן אַרומגעצוימט מיט הויכע מאַסיווע קאָלומנעס. אין הינטערגרונט די פאָדערשטע וואַנט פון דעם משכן, מיט אַ פאַראַדנעם אַריינגאַנג, וועלכער איז פאַרצויגן מיט אַ פאַר־האַנג און צו וועלכן עס פירן אַרויף עטלעכע מאָנומענטאַלע טרעפּ. רעכטס און לינקס פון דער קאָלומנאַדע, עטלעכע ציר־קוסטן און ביימער. פון ביי־דע זייטן פאָרטקע, צווישן דעם פּלויט און דער ערשטער קאָלומנע, שייך־אויסגעשניצטע שטיינערנע בענק מיט הויכע אָנלענען. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, איז די בינע פאַרגאָסן מיט רויטן שקיעה־ליכט. אויף די בענק אין פאָרדערגרונט זיצן: רעכטס — עלי און פון ביידע זייטן נעבן אים עמרם און יצהר און לינקס — שמואל און פון ביידע זייטן נעבן אים אלישמע און אבימלך. פאַרביי דער פאָרטקע, אין פאָדערגרונט, פירט אַ וועג.

**ע ל י :** ווי שיין עס איז אונדזער לאַנד אין די פאַרנאַכטן... איך פיל, אַז דאָס זענען שוין די לעצטע און געשאָנקענע טעג, וואָס איך האָב דאָס גליק צו קענען באַטראַכטן אין פרידן אָט־די בילדער, וועלכע זענען מיר שוין באַקאַנט זינט אַזוי פיל יאָרן... און איך דאַנק דעם אַלמעכטיקן האַר פון דער וועלט פאַר דעם גרויסן חסד וואָס ער טוט מיט מיר...

**א ל י ש מ ע :** די שעה פון שקיעה איז טאַקע באַזונדערס צוגעפּאַסט זיך צו פאַרטראַכטן און צו פאַרטיפן זיך אין זכרונות...

ע מ ר ם: אָבער די איצטיקע צייטן זענען צו ערנסט און שווער פאַר אַזעלכע זאַכן...

א ב י מ ל ך: (שטעלט זיך אויף און קוקט זיך אויפמערקזאַם איין אויף רעכטס) איך זע דאָרטן אָנקומען עטלעכע מענער. זיי שפּרייזן גאַנץ איילנדיק... זיי קומען מיטן וועג פון שילה.

י צ ה ר: ווער קען דאָס גיין אַזוי שפּעט? גייען זיי אַהער צו אונדז, אָדער וועלן זיי בלויז פאַרבייגיין?...

א ל י ש מ ע: עפּעס זאָגט מיר מיין האַרץ פאַרויס גאָרנישט קיין גוטס...

א ב י מ ל ך: אָט אַ נייס... דעם מרה־שחורהדיקן אלישמע זאָגט דאָס האַרץ פאָרויס עפּעס שלעכטס... (ביי דער פאָרטקע באַווייזן זיך דער עלטסטער פון שילה און נאָך צוויי מיטגלידער פונעם שטאָט־ראַט, פּרץ פון יהודה, חושים פון דן, גדעון פון מנשה און גרא פון בנימין. די קליידער פון די פיר שליחים פון די שבטים זענען צעריסן און באַדעקט מיט שטויב. זיי שטעלן זיך אָפּ ביים אַריינגאַנג).

ע ל ט ס ט ע ר פ ו ן ש י ל ה: פרידן צו אייך, כהן עלי, נביא שמואל און איר אַנדערע!

ע ל י: אין פרידן זאָלט איר לעבן און פרידן זאָל שטענדיק הערשן אין הויז פון ישראל. קומט אַריין נעענטער. (די אָנגעקומענע גייען אַריין).

פּ ר ץ פ ו ן י ה ו ד ה: דאָס הויז פון ישראל האָט אָבער איצט נישט קיין פרידן, כהן עלי.

א ל י ש מ ע: (פאַר זיך אַליין) עס איז פאַרגעקומען עפּעס שלעכטס... נישט אומזיסט האָט מיין האַרץ אַזוי געקלאַפּט אין שרעק...

ע ל י: אבימלך, לויף צו און רוף מיינע זין חפני און פינחס (אבימלך אָפּ) און איר, מיינע טייערע, זעצט זיך נעבן אונדז אויף די בענק. איך זע, אַז איר קומט פון ווייט און איר זענט געגאַנגען שנעל. טאָ זעצט זיך און כאַפּט איבער אַביסל דעם אָטעם. (די אָנגעקומענע זעצן זיך).

(דערווייל קומען אָן גרופּעסווייז מענטשן פונעם פאָלק אין פאָדער־גרונט רעכטס, מיטן וועג פון שילה. זיי גייען אַריין און שטעלן זיך אויס הינטער די בענק. פון הינטערגרונט לינקס קומען אָן אייליק חפני, פינחס,

אבימלך און נאָך כהנים און לויים און זיי בלייבן שטיין אויפן וועג צווישן די קאָלומנעס).

ע ל י : חפני און פינחס, ווי איר זעט זענען דאָ געקומען אַזוי שפּעט, שליחים פונעם שטאָט־ראַט פון שילה און פון די שבטים. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס ברענגט זיי זיכער אַהער עפּעס אַ וויכטיקער ענין און איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו ריידן מיט זיי, האָב איך געשיקט אייך רופן.

ח פ נ י : (אימפּולסיוו און אומגעדולדיק) וואָסזשע פאַר אַ נייעס ברענגט איר אונדז טאַקע, חשובע מענער פון ישראל. איר קומט דאָך זיכער פונעם לאַגער ביי אבן־העזר...

ע ט ל ע כ ע פ ו ן ד י ש ל י ח י ם : רעד דו, פּרץ פון יהודה. — דו ווייסט אַמבעסטן קענען דערקלערן דעם ענין.

פ ר ץ פ ו ן י ה ו ד ה : עס איז נישטאָ קיין סך צו ריידן און צו דער־קלערן. היינט אין דער פרי האָבן זיך געלאָזט אויף אונדז די פּליש־תים. ווי נאָר אונדזערע אויסשפּירערס האָבן אונדז געבראַכט די ידיעה, האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט פונעם לאַגער אַנטקעגן זיי. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט זיי אין דער ערשטער אָפענער שלאַכט זינט אַ לאַנגער צייט און מיר זענען פון זיי געשלאָגן געוואָרן.

ח ו ש י ם פ ו ן ד ן : טויזנטער אונדזעריקע זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד...

ג ר א פ ו ן ב נ י מ י ן : דער רעשט איז צוריקגעלאָפן אין לאַגער אַריין אין מורא און אין פחד.

ג ד ע ו ן פ ו ן מ נ ש ה : דאָס וואָלט נאָך נישט געווען דאָס ערגס־טע... אין יעדער שלאַכט פאַלן טויטע און אין יעדן קאַמף אַנטלויפן די באַזיגטע... ערגער איז וואָס אונדזערע מענטשן האָבן אינגאַנצן אָנגעוואוירן דעם מוט. און די פּלישתים, וועלנדיק געהעריק אויס־נוצן זייער ערשטן ניצחון, וועלן זיי דאָך מאָרגן ווידער אָנפאַלן. ווי־אַזוי וועלן זיך דעמאָלט אונדזערע חיילות פאַרטיידיקן אינגאַנצן אַנטמוטיקטע?...

פ ר ץ פ ו ן י ה ו ד ה : האָט מען אונדז טאַקע, נאָך איידער עס האָט

זיך איינגאַנצן געענדיקט די שלאַכט, געשיקט אין גרויס איילעניש צו אייך, מיר זאָלן ביי אייך בעטן איר זאָלט מיט אונדז תיכף מיטשיקן אין לאַגער אַריין דעם ארון הברית. די אַנוועזנהייט פון דעם הייליקטום אין אונדזער מחנה קען העלפן צו הייבן דעם געפאַלענעם מוט פון די קעמפער און צו פאַרטרייבן דעם שונא.

גדעון פון מנשה: אויב איר זאָלט מיט אונדז תיכף ומיד מיטשיקן דעם הייליקן ארון, וועלן מיר אין איילעניש וואַנדערן אַ גאַנצע נאַכט, אויסנוצנדיק די פינצטערניש און די קילקייט, און פאַרטאָגס קענען מיר אָנקומען אין לאַגער אַריין. פאַרצייטנס פלעגן אונדזערע אבות גאַנץ אָפט מיטנעמען דעם אָרון הברית אין זייערע שלאַכטן און פאַרוואָס זאָלן מיר איצט נישט טון דאָסזעלבע?

גרא פון בנימין: אין זכות פונעם אָרון, וואו עס ווערן אויפגעהיט זיינע צען געבאָט, וועט אונדז דער אַלמעכטיקער האר, אונדזער גאָט, געבן דעם ניצחון. די גרויסקייט פון יהוה'ס נאָמען וועט אָנווואַרפן אַ פחד אויף די פלישתים און מיר וועלן זיי שלאָגן!

חושים פון דן: שיקט מיט אונדז דעם הייליקן אָרון, ברידער, ווייל דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט זיך אַרויסצוראַטעווען פון דער קלעם.

עלטסטער פון שילה: דער שטאָט־ראָט פון שילה איז מסכים מען זאָל שיקן אין לאַגער אַריין דעם ארון־הברית צו־הילף אונדזערע אַנטמוטיקטע קעמפער.

ערשטער ראַטמאַן: נישט־נאָר איז אונדזער שטאָט־ראָט איינשטימיק צו שיקן דעם אָרון, נאָר מיר האָבן אויך באַשלאָסן מיטצושיקן מיטן הייליקטום אַ גרויסע צאָל פרישע קריגער צו דער שלאַכט.

צווייטער ראַטמאַן: אַזוי האָבן מיר טאַקע באַשלאָסן און מיר וועלן אונדזערע קריגער מיטגעבן אויך די בעסטע וואָפן וואָס מיר פאַרמאָגן.

עלטסטער פון שילה: וואָס זאָגסטו, כהן עלי? וואָס איז דיין מיינונג וועגן דער זאַך?

עלי: (צעגערנדיק און אויסציִענדיק די ווערטער) וואָס עס איז מיין

מיינונג וועגן דער זאַך?... מיין האַרץ ציטערט פאַרן הייליקן אָרון...
איך וויל נישט מען זאָל אים אַרויספירן פון דאַנען... עס זענען פאַ־
ריבער זייער אַ סך יאָרן וואָס מען האָט אים נישט געריררט פונעם
משכן... פאַר די פערציק יאָר וואָס איך בין שופט אין ישראל האָט
מען אים יעדנפאַלס נישט אַרויסגענומען פון דאַנען... מיין נשמה איז
אומרואיק פאַרן אָרון, אויב איר וועט באַשליסן...

**פרץ פון יהודה:** (ברוגזלעך) וואָס איז דיין מיינונג, נביא שמואל? דו ביסט דאָך נאָך אַ יונגערמאַן — וויל איך האָפן, אַז דו ביסט מוטיקער פונעם אַלטן כהן!

**חושים פון דן:** יאָ! מיר דערוואַרטן, נביא שמואל, אַז דו וועסט נישט לאָזן אויף הפקר די קינדער פון ישראל אין אַ מאָמענט פון געפאַר. הייס מיט אונדז שיקן דעם אָרון!

**שמואל:** איך קען נישט הייסן שיקן דעם אָרון, ווייל איך האָב איבער דעם גאָרנישט צו שאַפן. עס איז אין דער מאַכט פון די כהנים חפני און פינחס, די זין פון עלין, אַרויסצוגעבן אַזאַ באַפעל...

**גדעון פון מנשה:** וואָס זשע איז אייער מיינונג, בני עלי? וועט איר וועלן וואַגן צו אַנטוישן די קעמפער פון ישראל?...

**גרא פון בנימין:** וועט איר וועלן נאָך מער פאַרגרעסערן דעם ווידערווילן פונעם פאָלק קעגן אייך?...

**חפני:** (בייזוויליק און חוצפּהדיק) מיר וואָלטן אין דער אמתן איינ־גאַנצן נישט געדאַרפט מישן זיך איצט אין אייערע ענינים. אויף דער לעצטער פאָלקספאַרזאַמלונג, וואו מען האָט באַשלאָסן ווי־אַזוי צו קעמפן מיט די פלישתים, האָט איר נישט געשענקט קיין שום אויפ־מערקזאַמקייט נישט מיינע ווערטער און נישט די ווערטער פון מיין ברודער פינחס. איר האָט אָן וואַקלעניש אָנגענומען איינשטימיק די עצה פון אייער נביא שמואל, וועלכער האָט אייך דערפירט צו דעם איצטיקן אומגליק. צו וואָס־זשע דאַרפן מיר זיך איצט מישן אין אייערע ענינים? מיר זענען דאָך גאָרנישט שולדיק אין דעם וואָס עס איז געשען. זאָל אייך איצט אַרויסהעלפן פון דער נויט אייער באַליבטער נביא שמואל!... (קורצע פויזע). אָבער אַזוי ווי ער טרייסלט זיך איצט

אָפּ פון אייך און שיקט אייך אָפּ צו די בני־עלי... און אַזוי ווי איך בין דאָך נישט קיין צעקראָכענער ספרים־גריבלער און איך פאַרשטיי וואָס פאַר אַ געפאַר ער האָט געבראַכט אויף אייך — בין איך מסכים צו שיקן מיט אייך דעם אָרון און אויך אַליין מיטצוגיין, אויב פינחס איז נישט קענ...

**ע ל ט ס ט ע ר  פ ו ן  ש י ל ה :** לאָמיר איצט הערן די מיינונג פון פינחס הכהן.

**פ י נ ח ס :** מיין ברודער חפני איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אייך געזאָגט, אַז איצט וואָלטן מיר זיך אינגאַנצן נישט געדאַרפט מישן אין אייערע ענינים. וואָלט איר געווען אָנגענומען מיין עצה, וואָס איך האָב אייך געגעבן אויף דער גרויסער פאָלקספאַרזאַמלונג, וואָלטן מיר איצט שוין געווען דורכגעקומען אויפן בעסטן אופן מיט די פלישתים. עס וואָלט געווען אויסגעגאַנגען צו גאָלד, אָדער זילבער, אָבער מיר וואָלטן היינט געלעבט אין רו און אין פרידן. האָט איר דעמאָלט בעסער געוואָלט פאָלגן אייער פריש־געבאַקענעם נביא שמואל... זעט איר דאָך איצט וואָס פון דעם איז געוואָרן! איר מוזט סוף־כל־סוף אָנקומען נאָך הילף צו די בני־עלי...

**פ ר ץ  פ ו ן  י ה ו ד ה :** (אויפגערעגט און דראָענדיק) הער זיך איין, כהן פינחס, מיר זענען נישט געקומען אַהער, בכדי דו זאָלסט אונדז קענען אויסמוסרן ווי די חדר־יינגלעך און שיטן זאַלץ אויף די וואונדן. מיר האָבן געוואוסט אויף יענער גרויסער פאָלקספאַרזאַמלונג וואָס מיר האָבן צו טאָן און מיר ווייסן עס אויך איצט. און דו דאַרפסט אויך קענען דיין פלאַץ און ויסן וואָס דו האָסט צו טאָן!...

**ש ט י מ ע ן  פ ו ן  פ א ל ק :** חפני און פינחס, עס איז איצט נישט קיין צייט צו מאַכן אַלטע חשבונות! — אונדזערע קריגער וואַרטן אויפן אָרון־הברית, טאָ פאַרלירט נישט קיין צייט! — שיקט אַרויס דאָס הייליקטום אומפאַרזאַמט, זאָל עס אָנקומען באַצייטנס! —

**פ י נ ח ס :** (אַביסל דערשראָקן) וואָס קען איך טאָן, אַז איר האָט מיך דאָך נישט געלאָזט אויסרעדן... איך נעם אָן די מיינונג פון מיין ברודער חפני! מיר וועלן שיקן דעם אָרון־הברית אין לאַגער אַריין און אויך איך אַליין וועל מיטגיין.

חפני: (ענערגיש) עס איז באַשלאָסן! איצט, איר כהנים און לוויים, איילט אייך גיכער צו! גייט געזעגנט זיך מיט אייערע משפחות, נעמט מיט צידה לדרך און אַלע מכשירים וואָס איר וועט דאַרפן האָבן אין וועג און זאָל באַלד יעדער איינער זיין צוריק אויף זיין פּאָסטן אין משכן! (חפני, פינחס, כהנים און לוויים אָפּ, איבערן וועג צווישן די קאָלומנעס).

שמואל: איר, שליחים פון די שבטי ישראל און עלטסטע פון דעם שטאָטראָט פון שילה! איידער איר וועט אַוועקגיין פון דאַנען, וויל איך דאָ נאָך עפּעס אויפקלערן. איר האָט געהערט ווי די בני־עלי האָבן באַשולדיקט, אַז אין דעם דורכפאַל פון דער היינטיקער שלאַכט איז שולדיק די עצה וואָס איך האָב אייך געגעבן צוריק מיט אַ צייט אויף דער לעצטער פאָלקספאַרזאַמלונג. וויל איך וויסן צי האַלט אויך איר, אַז זייער באַשולדיקונג איז אַ ריכטיקע?

גדעון פון מנשה: הער זיך נישט איין אין זייער פּלאַפּלעריי, נביא שמואל. איך בין די גאַנצע צייט געווען אינאיינעם מיט די קאַמף־גרופּן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן, לויט דיין עצה, ביי דער גרענעץ און איך קען עדות זאָגן, אַז זיי זענען געווען זייער דער־פאָלגרייך.

חושים פון דן: אויך איך בין געווען מיט די קעמפער ביי דער גרענעץ און איך האָב געקענט זען מיט מיינע אייגענע אויגן וויפיל שאָדן זיי האָבן אָנגעטאָן די פלישתים און וואָס פאַראַ פחד זיי האָבן אָנגעוואָרפן אויף זיי. די היינטיקע מפּלה האָבן מיר געליטן צוליב דעם, וואָס מיר זענען נאָך נישט געווואוינט צו אַן אָפענעם קאַמף.

שמואל: נאָך עפּעס וויל איך וויסן פון אייך. דער כהן חפני האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך האָב אייך געבראַכט צו דעם שלעכטן מצב און איצט טרייסל איך מיך אָפּ פון אייך. איך רעכן, אַז איר וועט פאַר־שטיין, אַז איך, וואָס בין בכלל גאָר קיין כהן נישט, קען מיך נישט אַריינמישן אין קיין שום אַנטשיידונג בנוגע דעם אָרון־הברית, אָדער דעם משכן. האַלט איר, אַז דאָס וואָס איך זאָג איז ריכטיק, אָדער עס איז בלויז אַן אויסרייד.

פרץ פון יהודה: איך וועל אַפילו נישט צולאָזן קיין שאָטן פון חשד בנוגע דער ריכטיקייט פון דיינע ווערטער. עס איז ווייטיקלעך וואָס מען מוז עס זאָגן אין אַנגעזיכט פון זייער אַלטן פאָטער, אָבער חפני און פּינחס זענען נישט די מענער וואָס קענען מאַכן צווייפלען אין דיין אָרנטלעכקייט און אויפריכטיקייט.

גראָ פון בנימין: מיר קענען געבוי, נביא שמואל, דיך און דיינע מעשים און מיר ווייסן אויך וועגן די פירונגען פון די כהנים חפני און פּינחס. מעגסט רואיק זיין...

שטימען פון פאָלק: יאָ! דו קענסט רואיק זיין, נביא שמואל, דאָס פאָלק קען דיך און עס איז מיט דיר! — מיר לייגן אונדזער האָפענונג אויף דיר, נביא! — מיר ווייסן אַז דו, נביא, וועסט אונדז אַרויספירן אויפן גוטן וועג! — (דערווייל איז היפש טונקל געוואָרן. מיטאַמאָל צעעפנט זיך דער פאָרהאַנג פונעם הויפּט־אַריינגאַנג אין משכן און פון דאָרטן שטראַלט אַרויס דאָס ליכט פון דער מנורה. אויף דער אייבערשטער טרעפּ באַווייזן זיך צוויי לוויים און זיי שפּילן אויס אַ סיגנאַל אויף זייערע זילבערנע טרומייטן. דערנאָך ווערט אַרויסגעטראָגן דער אָרון מיט די בליאַסקענדיקע כרובים אויפן דעק. ער ווערט אַראָפּגעטראָגן פון די טרעפּ מיט זיין לאַנגער זייט פּאַראַ־לעל צו דער לענג פון די טרעפּ און אונטן ווערט ער ווידער אויס־געדרייט מיט דער שמאָלער זייט צום צושויער. ווען עס הייבט זיך אָן דער מאַרש צווישן די קאָלומנעס, הייבן אָן די לוויים־זינגערס, וועלכע גייען הינטער דעם אָרון, צו זינגען ביי דער באַגלייטונג פון די לוויים־שפּילערס, וואָס גייען הינטער זיי, לאַנגזאַם און פייערלעך).

לוויים:

ווען עס פלעגט רירן דער אָרון, האָט משה געזאָגט אַזוי צו זאָגן:
שטיי אויף האַר יהוה און זאָלן דיינע שונאים ווערן פאַריאָגט
און צעשלאָגן!
העלף אונדז פאַרטיידיקן דיין לערע און דיין געבאָט
און מאַך אונדזערע קעגנער צו שאַנד און צו שפּאָט!
לויבט אַלע אונדזער אַלמעכטיקן גאָט!

ד אָ ס  פ אָ ל ק : (וואָס גייט נאָך פון הינטן) לויבט אַלע אונדזער אַל־
מעכטיקן גאָט! הללויה! (פאַמעלעך קומט דער צוג נאָענט
צו דער פּאָרטקע. דאָרטן שטעלן זיך אָפּ די פרויען, מענער און קינ־
דער, וואָס פאַרבלייבן אַרום משכן און זיי שרייען נאָך די אַוועק־
גייענדיקע אויף רעכטס מיטן וועג קיין שילה: „גייט געזונטערהייט
און זייט מצליח" — עלי, שמואל און די פיר תלמידים וואָס זענען
גערוען מיט זיי פון אָנהייב אָן בלייבן אויך ביי דער פּאָרטקע).
ע ל י : מיין האַרץ איז זייער שטאַרק באַאומרואיקט...

(פאָרהאַנג פאַלט פאַמעלעך).

## דאָס אַכטע בילד

די דעקאָראַציע איז ווי אין זיבעטן בילד און אויף די שטיינערנע בענק ביי דער פאָרטקע זיצן אויך איצט עלי, שמואל, עמרם, יצהר, אליי־שמע און אבימלך. פון דער ווייטנס הערט זיך דאָס ברומען און היילו פון ווינט און איבער דער בינע שלייכן זיך פאַרביי שאָטנס פון געדיכטע, שוואַרצע וואָלקנס.

ע ל י : קומט, קינדערלעך, לאָמיר צוגיין אין שטאָט אַריין, אפשר וועלן מיר דאָרטן הערן עפּעס נייעס וועגן דער שלאַכט. איך בין זייער שטאַרק אומרואיק צוליב דעם אָרון־הברית און בכלל...

ע מ ר ם : עס איז נישט פאַר דיינע כוחות, זיידע עלי, צו גיין קיין שילה. אַט־דער וועג איז שוין פאַר דיר צו לאַנג...

ש מ ו א ל : איך מיין, זיידע, אַז דו וואָלסט איצט באַדאַרפט צוריקגיין אין דיין חדר אַריין. יעדן מאָמענט קען אויסברעכן דער שטורעם, וואָלט עס פאַר דיר געווען געזינטער און זיכערער צו זיין געשיצט אונטער אַ דאַך. (עס טוט אַ בליץ און אין אַ ווײַלע אַרום אַ דונער).

ע ל י: (טרויעריק) זעסט, מיין זון, דער שטורעם איז שוין ערגעץ אויס־געבראָכן, אָבער איך וועל בלייבן דאָ און וועל נישט זוכן דעם שוץ פון אַ דאַך... (די בליצן און דונערן ווידערהאָלן זיך יעדעס מאָל אַלץ אָפטער. אַלע הערן זיך אויפמערקזאַם איין. פון דער ווייטנס דער־טראָגן זיך יאָמערלעכע ווײ־געשרייען, צוערשט שוואַך און דערנאָך אַלע מאָל קלאָרער און שטאַרקער).

י צ ה ר : איר הערט דאָס וויינען, שרייען און קלאָגן וואָס טראָגט זיך אַהער פון דער שטאָט?... וואָס, מיינט איר, קען זיין די סיבה דער־פון?...

א ל י ש מ ע : קיין גוטס באַטייט עס בשום אופן נישט... עס איז גע־

שען עפּעס אַ גרויס אומגליק, אויב די מענטשן פון שילה יאָמערן אַזוי שטאַרק...

א ב י מ ל ך : (אַביסל סאַרקאַסטיש און שפּאָטיש) ווי איר הערט, רעדט דאָסמאָל אונדזער אלישמע מיט מער זיכערקייט... ביז איצט האָט אים שטענדיק בלויז זיין מרה־שחורהדיק האַרץ עפּעס פאָרויסגעזאָגט, אָבער היינט...

ע ל י : (רעזיגנירט) קינדערלעך מיינע! דער שטורעם האָט שוין כמעט דערגרייכט ביז צו אונדז... אָט איז ער שוין דאָ... (פון רעכטס דער־הערט זיך דאָס יאָמערן און קלאָגן פון אַ לויפנדיקן מענטשן. פון היג־טערגרונט, פון רעכטס און לינקס הינטערן משכן קומען אָן צו לויפן דערשראָקענע פרויען, האַלב־דערוואַקסענע און קינדער, ווען מענער און טאַטעס עס זענען נעכטן אַוועק מיטן ארון־הברית אין לאַגער ביי אבן־העזר).

ש ט י מ ע ן : וואָס באַטייטן די געוואַלדן? — פאַרוואָס עפּעס די קלאָ־גענישן? — וואָס איז אַזוינס געשען? — זענען די פלישתים שוין דערגאַנגען ביז אַהער? — זענען זיי שוין אפשר אַריינגעדרונגען קיין שילה? — וואָס וואַרט איר? — לאָמיר עפּעס טאָן! — לאָמיר אַנט־לויפן! — לאָמיר זיך אויסבאַהאַלטן! —

פּ ל י ט : (באַווייזט זיך ביי דער פאַרטקע. קומט פון דער שלאַכט, אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער, צעשויבערטער, אויסגעשמירטער אין שטויב און פאַרטריקנט בלוט) אַ קלאָג איז צו אונדז!... אַ בראָך איז צו אונדז!... אַ גרויס אומגליק איז אונדז געשען!...

ש מ ו א ל : (גייט אַנטקעגן דעם פּליט) קום אַריין, יונגערמאַן, און הער אויף צו יאָמערן און צו קלאָגן. באַרואיק דיך אַביסל, אויב דו קענסט, און דערצייל וואָס עס איז פאָרגעקומען. נישט אומזיסט ביסטו דאָך אַזוי צעטרייסלט...

ע ל י : זאָל ער צוקומען גאַנץ נאָענט, ווייל איך הער אים נישט גוט. און זאָל ער ריידן הויך... (ווען שמואל פירט צו אים צו דעם פּליט, אַ געשפּאַנטער און פאַרציטערטער) דערצייל, מענטש, וואָס פאַר אַן אומגליק איז געשען?... דערצייל אַלץ, אָבער בקיצור...

פ ל י ט : ווען דער אָרון־הבית איז היינט פאַרטאָג אָנגעקומען אין לאַגער אַריין, האָט דאָס גאַנצע חייל פון ישראל אַזוי שטאַרק זיך געפרייט און געיובעלט, אַז די ערד האָט אונטער זיי געציטערט און אָפּגע־קלונגען. האָבן די פּלישתים זיך שטאַרק פאַרוואונדערט צוליב דער גרויסער שמחה אין לאַגער פון די עברים און ווען זייערע אויסשפּי־רערס האָבן זיי מודיע געווען, אַז דער אָרון פונעם גאָט פון ישראל איז געבראַכט געוואָרן אין לאַגער אַריין, האָבן זיי זיך שטאַרק דער־שראָקן. און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „אַזוינס איז נישט געשען נישט נעכטן און נישט אייערנעכטן! ווי איז צו אונדז! ווער וועט אונדז אָפּראַטעווען פון די הענט פון אָט־דעם מעכטיקן גאָט, וואָס האָט געשלאָגן די מצרים מיט אַלערליי מכות און האָט באַזיגט אַזויפיל פעלקער פון כנען?" — האָבן זייערע גענעראַלן זיך צעשריען אויף זיי: „וואָס זענט איר גלייך ווי ווייבער, איר פּליש־תים? שטאַרקט אייך און קעמפט ווי מענער, ווייל אויב נישט וועט איר מוזן דינען די עברים אַזוי ווי זיי האָבן אייך געדינט ביז איצט!..." (שטעלט זיך אָפּ איבערצוכאַפּן דעם אָטעם).

א ב י מ ל ך : דו האַלטסט נישט דעם אָפּמאַך... דערציילסט מיט אַלע פּרטים, אָבער אויף קיין פאַל נישט בקיצור...

ע ל י : (נאָכמער געשפּאַנט און אומגעדולדיק) נו, דערצייל שוין ווייטער, יונגער מענטש.

פ ל י ט : בקיצור: עס האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט און די בני ישראל זענען ווידער געשלאָגן געוואָרן. עס זענען געפאַלן פון אונדז דריי־סיק טויזנט מאַן. עס זענען אומגעקומען די הויפּט־כהנים חפני און פינחס. דער אָרון־הברית איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. די איבערגעבליבענע פון די בני ישראל זענען אַנטלאָפן יעדער איי־נער אין זיין געצעלט אַריין...

י צ ה ר : ווי מיינסטו, אבימלך? איז דאָס נישט געווען שוין צופיל בקיצור?...

ע ל י : (מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ציטערנדיק אויפן גאַנצן קערפּער. שטאַמלענדיק). און דער אָרון־הברית איז געפאַנגען געוואָרן... זייט

געזונט, קינדערלעך, און דערמאָנט מיך צום גוטן... (ער באַדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און טוט אַ ביטערן קרעכץ. זיין קאָפּ טוט אַ שווערן קלאַפּ אָנעם שטיינערנעם אָנלען און גליטשט זיך אַראָפּ אויף דער באַנק. שמואל און די אַנדערע תּלמידים לויפן צו צו אים. דער המון פון ווייבער, האַלב־דערוואַקסענע און קינדער הייבט אָן צו יאָמערן).

ה מ ו ן : וויי איז אונדז!... — ביטער איז אונדז!... — גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן איבער אונדז!... — אַ שווערע שטראָף האָט אונדז געטראָפן ווי אַ דונער!... — די קרוין איז אַראָפּגעפאַלן פון אונדזער קאָפּ!... — אונדזערע מענער זענען פאַרשניטן געוואָרן!... — אלמנות און יתומים זענען מיר געבליבן!... — ווער וועט זיך איצט זאָרגן פאַר אונדז?... — ווער וועט אונדז שפּייזן?... ווער וועט אונדז באַ־קליידן?...

ש מ ו א ל : (הייבט אויף די האַנט צום המון. באַפעלנדיק) זייט שטיל, מענטשן! דאָ איז עפּעס געשען מיטן אַלטן כהן עלי... לאָזט אונדז אים העלפן. אבימלך, יצהר! לויפט שנעלער און ברענגט אַהער קאַלט וואַסער, שטאַרקן וויין און שאַרפע עסענצן. לאָמיר פּרוּוון אים אָפּ־צומונטערן. (אבימלך און יצהר לויפן אַוועק).

א ל י ש מ ע : מיין האַרץ איז אומרואיק פאַרן זיידן עלי... זיינע אויגן זענען פאַרגלייזט...

ע מ ר ם : (האַלט דעם אַלטנס אומעכטיקע האַנט אַ היפּשע ווײַלע אין זיינער און לאָזט זי אָפּ, זאָגנדיק:) דער דפק קלאַפּט נישט מער...

ש מ ו א ל : (בייגט זיך אָן, לייגט צו זיין אויער צום אַלטנס ברוסט. גלייכט זיך ווידער אויס שעפּטשענדיק שטיל, אָבער דייטלעך) אויך זיין האַרץ קלאַפּט נישט מער. (אבימלך און יצהר קומען צוריק) עס איז שוין צו שפּעט... ער לעבט נישט מער...

א ב י מ ל ך : דער עלטסטער כהן פון ישׂראל לעבט נישט מער...

י צ ה ר : דער גוטער זיידע עלי איז אויך אַוועק אין דער אייביקייט אריין!...

ה מ ו ן : איצט זענען מיר שוין אינגאַנצן פאַריתומט געוואָרן!... — עס

איז שוין נישטאָ מער דער שטאָלץ פון ישראל!... — ער האָט פאַר אונדז שטענדיק מתפלל געווען און איצט איז ער מער נישטאָ!... — ער האָט פאַר יעדן פון אונדז געהאַט שטענדיק אַ גוט וואָרט און אַ טרייסט אין דער נויט און איצט איז ער צוגענומען געוואָרן פון אונדז!... — אַזוי פיל אומגליקן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף אונדזערע קעפּ מיטאָמאָל, ווי אַזוי וועלן מיר עס קענען איבערטראָגן?...

ש מ ו א ל : (הייבט אויף די האַנט צום המון, ווי פריער) זאָל זיין שטיל איין ווײַלע, גוטע מענטשן, און הערט מיך אויס, כאָטש איר זענט אַזוי שטאַרק אַנגעווייטיקט פון דעם אַלעמען וואָס עס איז היינט פאָרגעקומען! איך וויל נאָכזאָגן אַ שבח מיין רבין און מדריך; נעבן אים בין איך אויפגעוואַקסן פון קינדווייז אָן און מיין האַרץ וויל דערלייכטערן דעם שווערן ווייטיק צוליב זיין פּטירה מיט עטלעכע לויב־ווערטער פאַר אים, וועמען איך בין אַזוי פיל גוטס שולדיק. און אויך איר דאַרפט אים אויסדריקן אייער דאַנק און אַכטונג דורך דעם וואָס איר וועט מיך אויסהערן אויפמערקזאַם און ווירדיק. (שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע פאַרטראַכט) אַ גרויס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ האַרץ וואָס איז געווען איבערפולט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער שפע פון ליבשאַפט. ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט זיין גאָט, דעם אַלמעכטיקן גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. ער האָט מיט זעלטענער קראַפט ליב געהאַט זיין תורה, די תורה פון משה רבינו... ער האָט הייס ליב געהאַט זיין פאָלק, די בני ישראל. ער האָט ליב געהאַט זיינע תלמידים און אַפילו זיינע פאַרדאָרבענע זין, וואָס האָבן אים אַזויפיל צער פאַרשאַפט. צופיל ליבעפול איז געווען זיין וואָרעם האַרץ...

אַ ש ט י מ ע פ ו ן ה מ ו ן : וויי איז צו אונדז וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אַזאַ פאָטערלעך און איבערגעגעבן האַרץ...

ש מ ו א ל : אַ מנהיג פון אונדזער פאָלק איז אַוועק פון אונדז, אַ געטרייער פאַסטוך! ווי אַ צעדערבוים, הויך און פעסט, איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז, מיט ריינע הענט און מיט אויפריכטיקע קלאָרע אויגן. פערציק יאָר איז ער געווען שופט איבער אונדז און זיין משפט איז געווען גערעכט און זיין געוויסן ריין.

אַ שטים פון המון: עס איז אמת! ער האָט קיינעם קיינמאָל קיין אומרעכט און קיין שלעכטס נישט געטאָן...

שמואל: אַ גרויסער לערער איז צוגענומען געוואָרן ביי אונדז! זיין שכל איז טיף אַריינגעדרונגען אין דעם אינהאַלט פון אונדזערע אור־אַלטע ספרים און האָט דאָרטן אויפגעדעקט, ווי אַ טויכער אָדער מי־נען־גרעבער, פערל, גאָלד און זילבער און איידלשטיינער פון חכמה און געדאַנק. ווי די קרישטאָל־ריינע און דערפרישנדיקע קילע וואַ־סערן פון אַ באַרגקוואַל זענען געפלאָסן די ווערטער פון זיין מויל, ווען ער האָט דערקלערט פאַר זיינע תלמידים די הייליקע מגילות און אַלץ איז אַזוי פאַרשטענדלעך, פשוט און קלאָר געוואָרן, אַפילו שווערע און פאַרוויקלטע ענינים, פונקט ווי עס וואָלטן געווען אַל־טעגלעכקייטן. (קורצע פויזע). פאָטערלעכער לערער מיינער! איך גע־זעגן מיך מיט דיר! מיין האַרץ וויינט נאָך דיר! עס איז מיר אַ שאָד וואָס איך האָב דיך פאַרלוירן, אָבער פאַרגעסן וועל איך דיך נישט!

שטימען פון המון: (פייערלעך און אומעטיק) מיר טרויערן נאָך דיר, כהן עלי!... — מיר וויינען צוליב דעם וואָס מיר האָבן דיך פאַרלוירן, שופט עלי!... — עס וועט אונדז פעלן דיין חכמה, לערער עלי!... מיר וועלן דיך שטענדיק געדענקען, גוטער פאָטער עלי!...

(פאָרהאַנג).

# דאָס ניינטע בילד

די דעקאָראַציע איז ווי אין ערשטן בילד, נאָר די טישן און בענק זענען אַרויסגערוקט מער אויף לינקס און אויסגעשטעלט איינס נעבן אַנ־דערן אויפן גערוימען פּלאַץ. אויבנאָן, צום הינטערגרונט צו, שטייען אַ צאָל שטולן. ווען דער פֿאָרהאַנג גייט אויף קומען אָן פֿונעם פֿאָדערגרונט רעכטס און פֿונעם הינטערגרונט גרופּעס און איינציקע מענטשן, צו אַ פֿאַרזאַמלונג. זיי שטייען אויפן פּלאַץ, אַרום די טישן, און שמועסן שטיל. נעבן ברונעם, אין פֿאָדערגרונט לינקס, זיצן אויף דער קאָרעטע דער ער־שטער און צווייטער געהילפֿס־כהן. זיי זענען פֿאַרעלטערט און אויסגע־מאָגערט, און זייערע קליידער זענען אָפּגעטראָגן.

**ערשטער געהילפֿס־כּהן:** שוין לאַנג זענען אַהערצו נישט געקומען אַזויפֿיל מענטשן ווי הייַנט... די וועגן און שטעגן זענען דאָך שוין דאָ באַוואַקסן געוואָרן מיט גראָז... זינט יענעם גרויסן אומגליק קומט שוין נישט קיינער אַהער צו ברענגען אַ קרבן... מען האָט שוין פֿאַרגעסן אָן משכן פֿון שילה...

**צווייטער געהילפֿס־כּהן:** צו וועמען זאָל מען דאָ קומען, אַז דער אָרון־הברית איז נישטאָ און די הויפּט־כּהנים זענען אומגע־קומען?...

**ערשטער געהילפֿס־כּהן:** ס'איז נאָך גוט וואָס מיר ביידע זענען על־פּי נס אַרויס מיט די לעבנס פֿון יענער אומגליקלעכער שלאַכט...

**צווייטער געהילפֿס־כּהן:** וואָס איז דאָ די גוטסקייט?... ווען איך פֿאַרגלייך אונדזער הייַנטיק געמוטשעט לעבן מיט די פֿרי־ערדיקע צייטן, דענק איך אַז אפשר וואָלט געווען בעסער פֿאַר אונדז ווען מיר וואָלטן אויך געווען אומגעקומען אין יענער שלאַכט ווי

אַזויפֿיל אַנדערע... איך קען מיך בשום אופן נישט צוגעוואוינען צו דער איצטיקער נויט און דחקות.

ע ר ש ט ע ר  ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : וואָס רעדסטו, ברודער? איך בין מיט דיר אויף קיין פֿאַל נישט מסכים... כל־זמן מען לעבט, קען מען האָפן אויף בעסערע צייטן, אָבער ווען מען איז געשטאָרבן האָט זיך שוין אַלץ פֿאַרענדיקט.

צ ו ו יי ט ע ר  ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : יאָ! יאָ! דו האָף נאָר אויף בע־סערע צייטן!... אין עטלעכע וואָכן אַרום וועלן מיר האָבן פֿאַרצערט דאָס לעצטע רעשטל פֿון געראויכערטן און געטריקנטן פֿלייש, וועלן מיר האָבן פֿאַר־ברויכט דאָס לעצטע זעקל מעל, וואָס חפני און פינחס האָבן געהאט אַוועקגעלייגט אין די שפּייז־קאַמערן און קעלערס אויף אַ שלעכטער צייט, וועט זיך אויסלאָזן אויך דער לעצטער אָפּגע־שפּאָרטער שקל — טאָ וואָס וועלן מיר דעמאָלט טאָן?...

ע ר ש ט ע ר  ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : ס'איז נישט אַזוי שרעקלעך, ברו־דער, דו זעסט די זאַכן אַביסל צו שוואַרץ. ווען מיר וועלן מער נישט האָבן דאָ ביי וואָס צו זיין, וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש פּרואוון דאָס מזל. איך קלער צו זוכן אַן אַנדערע כהונה ערגעץ ביי אַ מזבח, מעג זיין אַפילו פֿון בעל אָדער עשתורת. מען וועט נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן און אויב עס וועט נאָר אַביסעלע צושפּילן דאָס גליק, וועלן ווידער זיין פֿולע קעשענעס מיט געלט און גרויסע קעסלען מיט פֿלייש, וועט זיך אומקערן די שפע פֿון אַמאָל...

צ ו ו יי ט ע ר  ג ע ה י ל פ ס ־ כ ה ן : יאָ! יאָ! לייג דיר נאָר פֿייגע־לעך אין בוזעם אַריין, מיין פֿריינט!... אָבער אין דער ווירקלעכקייט וועט עס מסתמא זיין אַזוי: וועסט קומען צו אַ פֿרעמדן מזבח און וועסט בעטן אַ כהונה, וועט מען דיר אין צען פֿלעצער אָפּזאָגן אינ־גאַנצן, און אויב אויפֿן עלפֿטן וועסטו האָבן מזל, וועט מען דיר צוטיילן די אַרבעט פֿון טראָגן וואַסער און האַקן האָלץ און דערפֿאַר וועט מע דיר צושניידן דאָס ברויט און צואוואַרפֿן אַ ביין... און וואָס שייך די מזבחות פֿון די פֿרעמדע געטער וואָס האָבן געווימלט אין אַלע ווינקעלעך פֿונעם לאַנד אין די הונדערטער — האָסטו נישט

געהערט, אַז אַט־דער נביא שמואל האָט אויפגעדרייצט דאָס פאָלק מען זאָל זיי צעשטערן, די געטשקעס פאַרניכטן און די כהנים פאַר־טרייבן, אָדער גאָר דערשלאָגן?...

ערשטער געהילפס־כהן: ס'איז לײדער ריכטיק וואָס דו זאָגסט, אָבער מיר ווילט זיך פאָרט נישט פאַרלירן די האָפענונג אויף בעסערע צייטן... און אָט־דער נייער נביא שמואל איז הפּנים טאַקע אַ גרויסער מאַן. ער איז אויסגעוואַקסן ביים פאָלק אין די אויגן און מען פאָלגט אים. אָט האָט ער אַ רוף געטאָן, נאָר איין פּיפּס געטאָן, און עס שטראָמען היינט אַהערצו אַ סך מענטשן ווי אין די גאָר גוטע אַלטע צייטן. אגב, דו ווייסט אפשר וואָס איז דער צוועק פון דער היינטיקער פאַרזאַמלונג? אפשר וויל ער באַווירקן דאָס פאָלק מען זאָל צוריקברענגען אַהערצו דעם אָרון־הברית?...

צווייטער געהילפס־כהן: ווען ער וואָלט געווען אַ כהן, וואָלט מען אפשר געקענט דערוואַרטן פון אים אַזאַ זאַך, אָבער ער איז דאָך נישט קיין כהן... (קוקט זיך שאַרף איין אין צוויי מענער, אין רייכע קליידער, וואָס קומען אָן פון פאָדערגרונט רעכטס, פאַר־טיפטע אין אַ געשפּרעך. הייבט זיך אויף, דערנענטערט זיך צו זיי און דרייט זיך אַרום זיי אַזוי ווי עס טוט אַ הונט, וואָס וויל זיך צולאַשטשען צו אַ מענטשן. ווען זיי שענקען אים נישט קיין אויפ־מערקזאַמקייט, פאַרנייגט ער זיך און זאָגט צו איינעם פון זיי) פרידן צו דיר, מיין האַר. דערקענסט מיך נישט?...

צווייטער מאַן פון פאָלק: (פון ערשטן בילד) ביין, איך דערקען דיך נישט... (קוקט זיך גוט איין אין אים. דערווייל איז צו־געקומען אויך דער ערשטער געהילפס־כהן. קוקט זיך איין אויך אין אים) איצט הייב איך מיך אָן צו דערמאָנען... זענט איר נישט געווען פריער געהילפס־כהנים דאָ אין משכן? עס איז באמת שווער אייך איצט צו דערקענען. זייער שווער...

ערשטער געהילפס־כהן: ס'איז ריכטיק. מיר זענען דאָ געווען אַמאָל געהילפס־כהנים.

צווייטער מאַן פון פאָלק: איך געדענק נאָך גוט דעם

סיכסוך וואָס איך האָב מיט אייך געהאַט דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בין געקומען אַהער קיין שילה. צוליב דעם וואָס איר האָט גענומען צוויי מאָל פלייש ביי די קרבנות־ברענגער און איר האָט בכלל באַריסן דאָס פאָלק.

צווייטער געהילפס־כהן: דאָס איז געווען אַמאָל... הייַנט אָבער האָבן מיר נישט קיין פלייש און אָפילו דאָס טרוקענע שטיקל ברויט איז אויך קנאַפּ. מיר זענען איצט אינגאַנצן אַראָפּ פון דער מדרגה...

צווייטער מאַן פון פאָלק: נאָך דעמאָלט ווען איר האָט געהערשעוועט איבערן פאָלק, לויט ווי עס האָט זיך אייך געגלוסט, האָב איך געפילט און פאַרשטאַנען אַז דער סוף פון דעם קען נישט זיין קיין גוטער...

צווייטער געהילפס־כהן: נו, אפרתי, דו געדענקסט דאָך ווי עס פלעגט דעמאָלט זאָגן דער כהן פינחס, אַז לעבן דאַרף מען דאָך — וויל איך דיך בעטן זאָלסט מיר עפּעס שענקען...

צווייטער מאַן פון פאָלק: אַזוי ווייט האַלט עס שוין מיט אייך?... (שאָקלט מיטן קאָפּ און גיט אים אַ מטבע. דער ערשטער געהילפס־כהן שטרעקט אויס די האַנט, גיט ער אים אויך. אויך זיין באַגלייטער גיט זיי מטבעות. — צו די טישן זענען צוגעקומען שמואל און זיינע חברים און האָבן זיך געזעצט אויבנאָן. די חשובים זעצן זיך אויף די בענק און דאָס פאָלק שטעלט זיך אַרום הינטער זיי. די צוויי פאַרמעגלעכע מענער און די צוויי כהנים גייען אויך צו די פאַרזאַמלטע).

שמואל: (שטייט אויף פון זיין שטול אויבנאָן, ווען אַלע זענען שוין פאַרזאַמלט) איך האָב אייך הייַנט גערופן אַהער, פאַרטרעטער פון די שבטים און מענער פון שילה, צוליב עטלעכע טעמים. מיר וועלן הייַנט נישט האָבן קיין אויסטויש פון מיינונגען און מיר וועלן אויך גאָרנישט דאַרפן באַשליסן. דעריבער וועט מיר אַליין אויסקומען צו ריידן כמעט די גאַנצע צייט און איך בעט אייך זייער צו האָבן מיט מיר איינזעעניש און מיך געדולדיק אויסצוהערן.

**שטימען צווישן די חשובים און דעם פאָלק:** מיר זענען גרייט דיך אויסצוהערן! — מיר ווילן פאַרנעמען דיין וואָרט! — רעד צו אונדז, נביא שמואל! —

**שמואל:** קודם־כל וויל איך אויפקלערן די געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען נאָך יענער אומגליקלעכער שלאַכט ווען עס איז אַרייב־געפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די פלישתים דער ארון־הברית, צו־ריק מיט אַ יאָר לערך. איך ווייס, אַז מען האָט זינט דעמאָלט פאַר־שפּרייט אין אַלע ווינקעלעך פון אונדזער לאַנד אויסגעטראַכטע מעשיות און אַפילו בייזוויליקע רכילותן וועגן מיר אַליין.

**שטימען:** ס׳איז אמת, נביא! מען האָט פאַרשפּרייט נישט־געשטוי־גענע און נישט־געפלויגענע אויסטראַכטענישן! — ס׳איז ריכטיק, הייליקער מאַן! בייזע צינגער האָבן גערעדט שלעכטס אויף דיר, דערפאַר וואָס דו האָסט נישט דערלויבט אויסצוקויפן ביי די פליש־תים דעם אָרון־הברית. — עס איז טאַקע נייטיק דו זאָלסט אונדז דערציילן דעם אמת און זאָלסט אונדז אויפקלערן. —

**שמואל:** איך קען אייך דערציילן דעם אמת, ווייל מיר האָבן די גאַנ־צע צייט געשיקט אונדזערע אויסשפּירערס אין לאַנד פון די פליש־תים און מיר האָבן דורך זיי יעדעס מאָל באַקומען אויספירלעכע באַריכטן. איך האָב נישט דערלויבט מען זאָל אויסקויפן דעם אָרון־הברית — ערשטנס, ווייל מען האָט מיר אָנגעזאָגט פון אויבן מיר זאָלן עס נישט טאָן — צווייטנס, ווייל איך האָלט עס שטענדיק פאַר אומווירדיק צו צאָלן טריבוטן און אויסלייז־געלטער דעם שונא — און דריטנס, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז די פלישתים רייבן זיך די הענט אין דערוואַרטונג פון אוצרות גאָלד, וואָס מיר וועלן זיי ברענגען פאַרן באַפרייען דעם אָרון־הברית. האָב איך דערפאַר אַנט־קעגנגעשטעלט מיך מען זאָל די פלישתים געבן אויסלייז־געלט און ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען ריכטיק. גאָר איב־גיכן האָט אונדזער גרויסער גאָט געוויזן דעם שונא זיין מאַכט. ער האָט געשלאָגן און דערנידעריקט זיינע אָפּגעטער; ער האָט אָנגע־שיקט מכות און קראַנקייטן אויף זיינע מענטשן און האָט אָנגע־

וואָרפן אַ פּחד אויף זיינע קריגער. זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיטן אָרון־הברית, האָבן זיי אים געשיקט פון איין שטאָט אין דער אַנדערער אַריין. דערווייל האָבן זיי פאַרגעסן איבערצופאַלן אויף אונדז, ווייל זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט זיך אַליין און מיר האָבן געקענט זיי אַרויסטרייבן פון פיל דערפער און שטעט, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי אונדז פאַרנומען. אויף אַזאַ אופן האָט גאָר דער אַלמעכטיקער גאָט פאַרוואַנדלט אונדזער מפּלה, וועלכע איז געווען אַ שטראָף פאַר די בני עלי און פאַר אונדז אַלעמען, פאַר די באַגאַנגענע זינד, אין אַ ישועה גדולה, אין אַ ניצחון.

עלטסטער פון שילה: איך באַוואונדער די גרויסקייט פון גאָט און זיינע וועגן. און דיר, נביא שמואל, דאַנק איך פאַר דיינע ווערטער וואָס האָבן מיר געעפנט די אויגן צו זען קלאָר די געשעענישן.

עלטעסטע פאַרטרעטער פון די שבטים: ווען מיר זענען געגאַנגען אַהער, האָבן מיר געהאַט תרעומות צו דיר, נביא! — די שבטים פון צפון האָבן געהאַלטן, אַז דו האָסט פאַרטריבן דעם אָרון און געבראַכן דעם אוראַלטן, הייליקן בונד מיטן האַר יהוה — צו אונדז אין צפון זענען טאַקע די ידיעות אָנגעקומען צעדרייטע און מיר זענען צעמישט געוואָרן! — איצט וועלן מיר קענען ווי געהעריק אויפקלערן די זאַכן! —

שמואל: זיבן חדשים איז געווען דער אָרון־הברית צווישן די פּלישתים און זיי האָבן נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון אים. ביז זיי האָבן אים סוף־כל־סוף אָפּגעשיקט צוריק. זיי האָבן געמאַכט אַ נייעם וואָגן, האָבן איינגעשפּאַנט צוויי יונגע קי אין אים, האָבן אַרויפגעלייגט אויף אים דעם ארון־הברית און אויסערדעם נאָך אַ קאַסטן מיט גאָלד מפּיס צו זיין אונדזער שטרענגן און מעכטיקן גאָט און אָפּגעלאָזט פריי דאָס געשפּאַן. די קי האָבן זיך באַלד געלאָזט לויפן צו דער גרענעץ פון ישראל און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ערשט אין בית־שמש, אויף דער ערד פון ישראל. אָבער די איינוואוינער פון בית־שמש האָבן נישט געוואוסט ווי זיך צו פירן מיטן

הייליקן אָרון און זיי האָבן פּוגע בכבודו געווען. האָט דער אַלמעכ־טיקער זיי באַשטראָפט דערפאַר און דער אָרון איז אַוועקגעפירט גע־וואָרן קיין קרית יערים, וואו ער געפינט זיך שוין אַ שטיק צייט און דאָרטן וועט ער שוין פאַרבלייבן. קיין שילה וועט ער זיך שוין מער נישט אומקערן!

שטימען פון איינוואוינער פון שילה: אַ שלעכ־טע בשורה זאָגסטו אונדז אָן, נביא שמואל! — דאָס איז פאַר אונדז אַן אומגעריכטער קלאַפּ און אַן אומכבוד דערצו! — נישט אַלע האָבן מיר דאָך געזינדיקט. פאַרוואָסזשע זאָלן ליידן אויך די אומשולדיקע צווישן אונדז?...

עלטסטער פון שילה: אפשר קענסטו מתפלל זיין פאַר אונדז, נביא שמואל, און פועלן אַז דער הייליקער אָרון זאָל דאָך אומגעקערט ווערן צו אונדז?...

שמואל: עס איז אוממעגלעך צו גיין קעגן דעם רצון און קעגן די באַשלוסן פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט! הערט ווייטער, קינדער פון ישראל! איך און מיינע חברים זענען געזעסן דאָ ביז היינט, ווייל מיר האָבן געגלויבט אַז דער אָרון־הברית וועט זיך נאָך אומקערן אַהער. אָבער איצט, ווען עס איז שוין זיכער, אַז דאָס וועט נישט געשען, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן שילה.

שטימען פון איינוואוינער פון שילה: אויך דו, נביא שמואל, און אויך דיינע חברים פאַרלאָזן אונדז?... — וועט דאָך שילה אינגאַנצן אויסגעליידיקט ווערן! — נישט דער אָרון־הברית, נישט קיין כהנים, נישט קיין לויים און נישט קיין נזירים וועלן דאָ פאַרבלייבן!... — פון אַ פּלאַץ וואו עס האָט גערוט גאָטס פּראַכט, וועלן מיר פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אומבאַדייטנדיק פאַרוואָרפן ווינקל!... — פון אַ מקום תורה און חכמה וועלן מיר מיטאַמאָל מגולגל ווערן אין אַ קליין פאַרגרעבט און נישטיק שטעטעלע, אויף וועלכן קיינער וועט זיך נישט אומקוקן!... פאַרוואָס קומט אונדז דאָס, נביא שמואל?... —

עלטסטער פון שילה: אפשר קענסטו כאָטש ענדערן אַט־

דעם באַשלוס דיינעם, נביא שמואל, און אפשר איז מעגלעך דו און דיינע חברים זאָלט פאַרבלייבן צווישן אונדז?

שמואל: עס איז נישט מיין באַשלוס, ווירדיקער עלטסטער פונעם שטאַטראַט פון שילה. איך טו בלויז דאָס, וואָס עס איז דער ווילן פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט. און זיין רצון איז איך זאָל מיך באַזעצן מיט מיינע חברים אין מיין הויז אין רמה. דאָרטן וועלן מיר עפענען אַ גרויסן בית־מדרש, וואו עס וועלן לערנען הונדערטער קינדער פון אַלע געגנטן פון ישראל און אויך איר וועט צו אונדז שיקן אייערע פעאיקסטע קינדער צו לערנען תורה. דאָרטן וועל איך משפטן דאָס פאָלק ישראל און אויסערדעם וועל איך איינמאָל אין יאָר קומען אויף אַ שטיקל צייט אויך קיין בית־אל, גלגל און מצפה צו לערנען און צו משפטן אויך אין יענע שטעט. עס איז דער רצון פון אונדזער אַלמעכטיקן האַר יהוה, איך און מיינע חברים זאָלן אויסראָטן אַלע פרעמדע אָפּגעטער אין אַלע געמאַרקן פון ישראל, מיר זאָלן פאַרשפּרייטן די הייליקע תורה צווישן זיין פאָלק און מיר זאָלן טאָן צו דעם פאָלק יושר און צדק. מיר זענען אַנטשלאָסן דאָס דורכצופירן מיט אַלע מיטלען, אַפילו מיט שטרענגקייט און בייזקייט.

שטימען: מיר נעמען אָן דיינע ווערטער, נביא, כאָטש זיי קלינגען האַרט און האַרב!... — מיר וועלן דיר נאָכפאָלגן, הייליקער מאַן, ווייל מיר פילן, אַז דו מיינסט אונדזער טובה און אין דיין שטרענגקייט און האַרטקייט איז באַהאַלטן גוטסקייט, ווי אַ יאָדער אין אַ שאָלעכץ!... — פיר אונדז, קלוגער מנהיג, אויף די גוטע וועגן!...—

שמואל: ס׳איז דער צון פון אונדזער האַר, דעם גאָט פון אונדזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, איר זאָלט זיך פאַרוואַנדלען פון האַלב־ווילדע געצנדינערישע שבטים אין אַ גרויס געטלעך פאָלק, אַ לערער־פאָלק און אַ ליכט־פאָלק, וואָס זאָל ווערן אַ וועגווייזער פאַר אַנדערע פעלקער. אייער כוח דאַרף נישט ליגן אין חומר, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער ערד, נאָר דווקא אין רוח, וואָס מען זעט אים נישט, אָבער אין אים שטעקט די גרעסטע מאַכט. איר זענט אויסדערוויילט געוואָרן צו דעם שווין אין די צייטן פון אונדזערע

אבות און איר האָט נאָך פאַר זיך אַ זייער לאַנגן וועג פון עליות און ירידות. היינט ענדיקט זיך איין גרויסער שריט אויף אָט־דעם וועג אונדזערן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין מאָמענט ווען מיר האָבן איינגענומען אָט־דאָס שיינע און פרוכפעריקע לאַנד אונטער דער אָנ־פירונג פון יהושוע בן נון. ווען מיר זענען געוואָרן אויס וואַנדערער אין מדבר און מיר זענען געוואָרן אַ יונג פאָלק, אַ פאָלק־קינד אויף דער אייגענער ערד, האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון די שבטים, אַ תקופה פון צעמישונג, אומקלאָרקייט און צופעליקייט, אַ תקופה פון ראַנגלענישן מיט אַנדערע און מיט זיך אַליין. היינט ענדיקט זיך, פיל איך, די תקופה פון די שופטים און עס הייבט זיך אָן אַ נייער שריט פאָרויס אויף אונדזער לאַנגן וועג. איך וואָלט מיר געוואונטשן, אַז די נייע תקופה זאָל שטיין אונטערן צייכן פון גרויסע גייסטיקע מנהיגים, אונטערן צייכן פון נביאים! אמן כן יְהִי רצון! (אַלע הייבן זיך אויף פון די ערטער. זייערע אויגן פינקלען באַגייסטערטע און פריידיקע).

ש ט י מ ע ן : האָסט אונדז דערהויבן אין די הויכקייטן, ווי אויף אָדלער־פליגלען, נביא שמואל!... — האָסט פאַר אונדז געעפנט אַ שפּאַלט פונעם אייביקן פאָרהאַנג און האָסט אונדז אַנטפּלעקט אַ שטריך פון דער צוקונפט!... — פיר אונדז, געטלעכער מאַן, צו גרויסקייט און רום!... — אַזאַ מנהיג ווי דו זענען מיר גרייט נאָכצופאָלגן איבער דער גאַנצער וועלט אין דער אייביקייט אַריין!... —

(פאָרהאַנג).

סוף פון דער דראַמע.

# חבלי מלוכה

היסטאָרישע דראַמע אין צוועלף בילדער

# פּערזאָנען

שמואל הנביא
דבורה, זיין ווייב

מחלה
דינה
ציפּורה
תמר
— דינסט־מיידלעך אין שמואלס הויז

עמרם
יצהר
גרשון
קהת
איתמר
לבני
אליצור
עמינדב
אליסף
אלישמע
אחיעזר
אבימלך
— נביאים און לערערס, שמואלס חברים נאָך פון עליס צייטן

אלעזר
מישאל
שמעי
עוזיאל
צוריאל
— שמואלס תלמידים און יינגערע חברים

אביחיל
בכר
עמישדי
אבינועם
יאיר
צדוק
אַשבל
— שמואלס תלמידים און יינגערע חברים

נתן
עמום
— יונגע תלמידים

נאָך יונגע תלמידים
ערשטער זקן
צווייטער זקן
נאָך זקנים
שאול בן קיש, פויער, שפּעטער מלך
יורם בן עכן, שאולס דינסט־יונג
גדעון, שמואלס דינסט־יונג
ערשטער פון די בני־הנביאים
צווייטער פון די בני־הנביאים
דריטער פון די בני־הנביאים
נאָך בני־הנביאים
ערשטער יונגערמאַן פון גבעה
צווייטער יונגערמאַן פון גבעה
נאָך יונגעלייט און יינגלעך פון גבעה
פאָרשטייער פון שבט בנימין

ערשטער מאַן
צווייטער מאַן
דריטער מאַן
נאָך מענער
— שאולס אַנהענגער

ערשטער וואוילער־יונג
צווייטער וואוילער־יונג
דריטער וואוילער־יונג
נאָך וואוילע יונגען
} שאולס קעגנערס

אבנר בן נר, שאולס שוועסטערקינד און גענעראַל
ערשטער שליח פון יביש גלעד
צווייטער שליח פון יביש גלעד
יונתן, שאולס עלטסטער זון
מאַן פון גלגל
קריגער
ישי פון בית־לחם
אליאב, זיין עלטסטער זון
דוד, זיין יינגסטער זון

יואב
אבישי
עשהאל
} בני צרויה, דוד חברים

ערשטער פאַסטוך
צווייטער פאַסטוך
נאָך פאַסטוכער
אגג, קיניג פון עמלק
קריגער, העראָלדן, מענער און פרויען פונעם פאָלק

## באַמערקונגען:

דאָס ערשטע בילד קומט פאָר אין רמה, צוואנציק יאָר נאָכדעם ווי שמואל האָט פאַרלאָזט שילה. —

דאָס צווייטע בילד קומט פאָר אויפן וועג קיין רמה, נישט ווייט פון דער שטאָט, דעמזעלבן טאָג וואָס דאָס ערשטע. —

א. א. פישער

ד אָ ס  ד ר י ט ע  און  פ ע ר ט ע  ב י ל ד  קומען פאַר אין רמה, דעמזעלבן טאָג וואָס דאָס ערשטע און צווייטע. —

ד אָ ס  פ י נ פ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר ביי דער שטאָט־מויער פון גבעה אויפן אַנדערן טאָג נאָך די ערשטע פיר בילדער. —

ד אָ ס  ז ע ק ס ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר אין מצפה, צוויי־דריי חדשים נאָך די ערשטע פינף בילדער. —

ד אָ ס  ז י ב ע ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר אין גבעה, לערך אין אַ יאָר אַרום נאָך דעם זעקסטן.

ד אָ ס  אַ כ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר ביים ירדן, נעבן גלגל, ביים פרימיטיוון אָבעליסק וואָס יהושוע בן נון האָט אויפגעשטעלט מיט די שטיינער, איבער וועלכע דאָס פאָלק האָט געקרייצט דעם טייך קומענדיק פון עבר־הירדן, צוויי־דריי טעג נאָך דעם זיבעטן. —

ד אָ ס  נ יי נ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר ביים ראַנד פונעם מדבר יהודה, נישט ווייט פון בית־לחם, אויף צומאָרגנס נאָכן אַכטן. —

ד אָ ס  צ ע נ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר אין גבעה, לערך פינף יאָר נאָך דעם ניינטן בילד. —

ד אָ ס  ע ל פ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר אין אַ לאַגער אינעם מדבר פון עבר־הירדן, אין צוויי־דריי חדשים אַרום נאָכן צענטן. —

ד אָ ס  צ וו ע ל פ ט ע  ב י ל ד  קומט פאַר אין בית־לחם, גע־ציילטע טעג נאָך דעם עלפטן. —

---

די גאַנצע דראַמע איז אויפגעבויט אויף פראַגמענטן פון די קאַפּיטלעך ח׳ ביז י״ו פונעם ספר שמואל א׳.

## דאָס ערשטע בילד

אַ גרויסער זאַל אין שמואלס הויז אין רמה, צעטיילט אין דריי טיילן דורך מאַרמאָרנע קאָלומנעס, דריי פון רעכטס און דריי פון לינקס. אין דער מיטלסטער אָפּטיילונג, וואָס פאַרנעמט אַ גרעסערע העלפט פון דער בינע, אַ לאַנגער געשניצטער טיש פּאַראַלעל צום הינטערגרונט און נאָך צוויי קלענערע ענלעכע טישן, אויסגעשטעלט אין אַ „ח״. אויפן לאַנגן טיש צוויי קופּערנע מנורות און אויף די קלענערע צו איינער. אַרום די טישן געשניצטע שטולן. אויף יעדער קאָלומנע זענען באַפעסטיקט צו פיר אייל־לאָמפּן. די טישן זענען פאַרדעקט מיט בלויע צודעקן. לינקס און רעכטס, אַנטקעגן די עפענונגען צווישן די קאָלומנעס, צו צוויי שמאָלע און הויכע פענצטער. אין הינטערגרונט אַ ברייטע צווייפליגלדיקע פּאַראַדנע טיר. צווישן די פענצטער לינקס, אַ געשניצטער שטענדער מיט אַ מנורה אויף אים. צווישן די פענצטער רעכטס אַ קופּערנער כיור מיט פאַרצירונגען. דורך די פענצטער רעכטס פאַלט אַריין פרימאָרגן־ליכט.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, ענדיקן די צוויי מיידלעך מחלה און דינה דאָס אויפראַמען פונעם זאַל און זייער האַרינטע, שמואלס פרוי דבורה, קאָנטראָלירט זייער אַרבעט.

ד ב ו ר ה : (שטעלט זיך אָפּ ביי איינעם פון די שטולן) קום נאָר, אַהער, מחלה! (ווען יענע קומט צו) פאַרוואָס האָסטו דאָ געלאָזן דעם שטויב צווישן די שניצערייען? דו ווייסט דאָך, אַז דער נביא שמואל פאַרטראָגט נישט אַזעלכע אומזויבערקייטן...

מ ח ל ה : נישט איך האָב געלאָזן דעם שטויב. האַרינטע, נאָר מסתמא דינה. דאָס יונגע ציגעלע פאַרטראַכט זיך וועגן אירע נאַרישקייטן און דערווייל מאַכט זי די אַרבעט נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין...

ד י נ ה: (איבערראַשט) ווי קענסטו דאָס זאָגן, מחלה, אַז איך מאַך נישט די אַרבעט ווי עס באַדאַרף צו זיין?... אויף יענער זייט האָסטו דאָך... (זי האַקט אָפּ, ווייל מחלה ווייזט איר אָן מיט איינדרינגלעכע גרי־מאַסן זי זאָל שווייגן) — נו, גוט, איך וועל שוין בעסער אַכטונג געבן...

מ ח ל ה: ס׳מאַכט נישט אויס, האַרינטע, מיר וועלן איצט שנעל איבער־ווישן נאָכאַמאָל אַלע שניצערייען...

ד ב ו ר ה: (קוקט זיך איין אין איינער פון די מנורות) נו, און וואָס איז דאָס, מחלה? פון דרויסן האָסטו טאַקע גוט אויסגעשייערט און גע־מאַכט אַ שיינעם גלאַנץ, אָבער אין די קנייטשן פון די פאַרצירונגען איז געבליבן דער גאַנצער שמוץ...

מ ח ל ה: ס׳איז ווידער דאָסזעלבע וואָס פריער...

ד י נ ה: (אויפגערעגט) אַזאַ זאַך איז דאָך נישט געהערט געוואָרן... ווי קענסטו... (האַקט אָפּ, ווען מחלה מאַכט צו איר בעטנדיקע גרימאַסן זי זאָל שווייגן).

מ ח ל ה: זי האָט נישט געמיינט קיין בייז דערביי... אָט וועל איך גע־מען אַ מעסער, אָדער עפּעס אַן אַנדערע שפּיציקע זאַך, און איך וועל אַרויסקראַצן דעם שמוץ פון אַלע קנייטשן.

ד ב ו ר ה: איר דאַרפט זיך אויסהיטן צו דערצערענען דעם נביא. כאָטש ער איז אַ שטרענגער איז ער פאָרט אַ גוטער. איז ער טאַקע נישט מקפּיד נישט אויפן עסן, נישט אויפן טרינקען און נישט אויפן שלאָפן. אָבער די שטוב מוז זיין העכסט זויבער און אויף זיינע קליידער טאָר נישט זיין קיין שפּרענקעלע. אומזויבערקייט קען ער בשום אופן נישט פאַרטראָגן... איר ווייסט עס דאָך...

מ ח ל ה: איר זענט גערעכט, האַרינטע, און זייט אונדז מוחל... מיר וועלן מאַכן אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג, דער נביא זאָל נישט האָבן צוליב וואָס צו צערענען...

ד ב ו ר ה: (איידער זי גייט אַרויס) נו, גוט. איך גלויב, אַז איר וועט האַלטן וואָרט... (דראָט דינהן מיטן פינגער, שפּאַסיק און גוטמוטיק). דו, דינה, ביסט טאַקע נאָך אַ גאָר יונג ציגעלע, אָבער גוט אַרבעטן

און זויבערקייט דאַרף מען זיך לערנען פון יונגערהייט אָן... אויב דו וועסט זיין אַ שליומפּערקע, וועל איך עס דערציילן דיין בחור און ער וועט דיך איבערלאָזן... (גייט אַפּ).

ד י נ ה : זעסט שוין! זעסט שוין, וואָס דו האָסט אָנגעאַרבעט, שלעכטע מחלה... ווי האָסטו געקענט זאָגן אַזאַ באַשיינפּערלעכן ליגן, אַז איך האָב גאָר געאַרבעט פון דער אַנדערער זייט?... מיינט טאַקע די האַרינטע, אַז איך בין אַ שליומפּערקע און זי וועט מיך פאַרשוואַרצן ביי מיין גדעונען אין די אויגן. ער קען מיך טאַקע מער נישט וועלן און דעמאָלט וועסטו שולדיק זיין אין גאַנצן אומגליק. (מאַכט אַ גרי־מאַסע ווי צום וויינען).

מ ח ל ה : (גייט צו איר צו און גלעט זי איבערן קאָפּ) נאַריש מיידעלע... צוליב יעדער קליינינקייט ביסטו גרייט צו וויינען... האָסט דען נישט געזען, אַז די האַרינטע מאַכט מיט דיר אַ שפּאַס?... דו מיינסט טאַקע אויף אַן אמת, אַז זי וועט דיך גיין באַרעדן פאַר גידעונען?... וואָלט זיך עס דען געפּאַסט פאַר אַזאַ חשובער האַרינטע, די פרוי פונעם עלטסטן נביא?... און נאָך אַלעמען, ווען זי וואָלט עס אַפילו געטאָן — מיינסטו טאַקע, אַז זי וואָלט דיר געקענט קאַליע מאַכן די מערכה ביי גידעונען?... עס איז דאָך גענוג אַ קוק צו טאָן אין זיינע אויגן אריין ווען ער געפינט זיך נעבן דיר, בכדי צו זען, אַז זיין נשמה גייט אויס נאָך דיר... אים וועט שוין קיינער פון דיר נישט אָפּ־רעדן...

ד י נ ה : (צעלאַכט זיך שטיפעריש) איך בין טאַקע אַ נאַריש גענדזל... אָבער איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט צוליב וואָס דו האָסט געדאַרפט ליגנערן און אַרויפוואַרפן אויף מיר דיין שולד?...

מ ח ל ה : (מיט אַ זיפץ) אוי, מיין טייערע, דו פאַרשטייסט נישט, ווייל דו ביסט אַ גוטע און דו שטעלסט זיך גאָרנישט פאַר דיין גוטסקייט... (טרויעריק) דיר וועט מיין ליגן גאָרנישט שאַטן און מיר קען ער העלפן איך האָב דאָך נישט קיין בחור און די יאָרן שטייען נישט. אַ מיידל דאַרף באַקומען איר באַשערטן אין דער צייט, ווען זי איז גאָר יונג, ווייל וואָס עלטער זי ווערט, איז אַלץ שווערער... קען זיך

אַמאָל מאַכן איך זאָל נאָך לאַנג דאַרפן דינגען ביי דער האַרינגטע דבורה און דעריבער איז נייטיק זי זאָל האָבן אַ גוטע מיינונג וועגן מיר.

ד י נ ה : זאָרג נישט, מחלה. דו וועסט אויך אינגיכן קריגן דיין באַשערטן און זיין גליקלעך. (אין הינטערגרונט הערן זיך מענערשע שטימען).

מ ח ל ה : (צעטומלט) מיר האָבן זיך פאַררעדט און אַט גייען שוין אַהער די מענער... לאָמיר גיין דאָ אַרום... (נעמען צענויף זייערע מכשירים און גייען אויף רעכטס. ווען פון הינטערגרונט קומען אַריין די ערשטע מענער, שלייכן זיי זיך אַרויס דורכן זעלבן אַריינגאַנג).

ע מ ר ם : (קומט אַריין אינאיינעם מיט יצהר, אלישמע און אבימלך און זיי שטעלן זיך אַוועק נעבן דער פאָדערשטער קאָלומנע לינקס). היינטיקס יאָר, חברים, ווערט עס צוואַנציק יאָר זינט מיר זענען אַוועק פון שילה און באַזעצנדיק זיך דאָ אין רמה, האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער גרויס ווערק.

י צ ה ר : איר געדענקט ווי עס האָט דעמאָלט אויסגעזען אין לאַנד פון ישראל?

א ל י ש מ ע : אוודאי געדענקט מען. ס'איז געווען ביטער און פינצטער. נאָך אַ גרויסער מפלה אין אַ פאַרלוירענער שלאַכט מיט די פלישתים. די דערפער און שטעט איבערגעפולט מיט עקלדיקע אָפּבילדער פון פרעמדע געטשקעס און מיט זייערע פאַלשע כהנים. דאָס פאָלק פאַרזונקען אין עם־הארצות, אויסטערלישע גלויבונגען און שלעכטע מידות. אומעטום אַנטמוטיקונג און אָפּהענטיקייט. ס'האָט זיך נישט געזען קיין אויסוועג פון אָט־דער טרויעריקער לאַגע און עס איז נישט געווען קלאָר ווי־אַזוי וועט אונדזער פאָלק קענען איבערלעבן אָט־די געפערלעך־ביטערע צייט...

א ב י מ ל ך : איך געדענק אָבער אויך ווי מיר האָבן זיך דעמאָלט, אונטער דער פירונג פון אונדזער אויסדערוויילטן מנהיג, דעם נביא שמואל, גענומען מיט התלהבות, קנאות און אימפּעט צו אונדזער גרויסער אַרבעט. און דער אָנהייב איז גאָרנישט געווען לייכט. מיר

האָבן זיך אָוועקגעלאָזט צווישן די שבטים פון ישראל און אָנגעהויבן א פאַרביטערטן און עקשנותדיקן קאַמף מיט די אומזיניקע אָפּגעטער, אבערגלויבנס און ווילדע זיטן, אויסראָטנדיק דאָס שלעכטס פון צווישן פאָלק. אונדזער מנהיג אַליין איז געגאַנגען איבערן לאַנד און מיט זיין אויפריכטיקן אייפער פאַרן אַלמעכטיקן גאָט פון ישראל און פאַר זיין תורה, האָט ער מיטגעריסן דאָס פאָלק און געוואונען זיין האַרץ. ער האָט מיט צדק און יושר געמשפט די קינדער פון ישראל און זיי ווידער געלערנט גיין אויפן ריכטיקן וועג. מיר האָבן געגריבדעט שולן פאַר די קינדער פונעם פאָלק צוערשט אין די גרעסערע שטעט און דערנאָך אויך אין די קלענערע און מיט די בעסטע תלמידים פון יענע שולן האָבן מיר אָוועקגעשטעלט אונדזער הויפּט־ישיבה אין רמה, וואָס האַלט אין איין וואַקסן. מיר האָבן אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז אונדזער יוגנט זאָל זיין באַוואָפנט, זי זאָל זיך קענען גוט באַנוצן מיט די כלי־זין און זי זאָל זיין גרייט צו פאַרטיידיקן אונדזער ערד קעגן אַלע שונאים.

יצהר: מיר האָבן איינגעאָרדנט אונדזער לעבן אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטייגער ווי אונדזערע שכנים, אָבער אויף פעסטע און קלוגע יסודות. אויסער דער „ברודערשאַפט פון די נביאים", וועלכע זענען צעטיילט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד און זיי זענען עס די ריכטער פון די דערוואַקסענע און די לערער פון די קינדער, האָבן מיר נאָך די חברה פון די „בני־נביאים", וועמענס מיטגלידער וואַנדערן אַרום איבערן גאַנצן לאַנד. זיי שפּאַרן אָן אַפילו אין די קלענסטע דערפלעך. זיי לעבן מיטן פאָלק און זיי ווייסן פון אַלע פאַרקומענישן און געשעענישן וואָס טרעפן זיך אין די ווייטסטע און פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פונעם לאַנד.

עמרם: יאָ! מיר האָבן באַוויזן אַ סך צו דערגרייכן אין משך פון די יאָרן! עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו שאַפן אַזאַ מלוכה, וואָס איז פאַרשיידן פון אַלע מלוכות ביי אונדזערע שכנים. מיר האָבן אויפגעשטעלט אַן אמתע ממלכת נביאים און מיר לעבן אין איר נישט ערגער ווי די אַרומיקע געצנדינער אין זייערע מלוכות, יעדנפאַלס אַ סך פרייער.

אלישמע: עס איז ריכטיק... און דאָך איז דאָס האַרץ עפּעס אומ־רואיק... נאָך אַלעמען לאָזט נישט צורו עפּעס אַ נישט גוט פאַרגע־פיל...

אבימלך: נו, מיר ווייסן שוין... פון שטענדיק אָן ביסטו געווען אַ מרה־שחורהניק... אַלעמאָל איז דיין האַרץ געווען אומרואיק און שטענדיק האָסטו געהאַט שלעכטע פאַרגעפילן... (בשעת דעם גע־שפּרעך צווישן די פיר זענען זיך צענויפגעקומען אויך די איבעריקע אַכט פון זייערע אַמאָליקע חברים און אויסערדעם נאָך די פאָלגנדיקע צוועלף יינגערע: אלעזר, מישאל, שמעי, עוזיאל, צוריאל, אביחיל, בכר, עמישדי, אבינועם, יאיר, צדוק און אשבל. טייל פון זיי האָבן זיך אַרומגערינגלט אַרום די פיר שמועסנדיקע און האָבן זיך איינ־געהערט. אַנדערע זענען געשטאַנען גרופּנווייז מער אין הינטער־גרונט. מיטאַמאָל איז אַריינגעקומען שמואל און האָט זיך אַנידערגע־זעצט אויפן מיטלסדיקן שטול ביים לאַנגן טיש. פון ביידע זייטן האָבן זיך אויסגעזעצט צו זעקס, אויך ביים לאַנגן טיש, זיינע אַלטע חברים. ביי די זייטיקע טישן האָבן זיך געזעצט, אויך צו זעקס, די יינגערע נביאים).

שמואל: אונדזער היינטיקע באַראַטונג וועט מוזן זיין אַ קורצע, ווייל מיר האָבן היינטיקן פרימאָרגן אַ סך צו טאָן. איך באַדויער דאָס, ווייל גראָד איצט ווערט צוואַנציק יאָר זינט מיר האָבן פאַרלאָזט שילה און זיך באַזעצט דאָ־הי, וואָלט נייטיק געווען גרינטלעכער צו באַטראַכטן דאָס וואָס מיר האָבן אויפגעטאָן, אָבער מיר וועלן דאָס מוזן אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל. היינט וואָלט איך וועלן הערן אַ דין וחשבון וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע אין לאַנד. דו, אלעזר, ביסט דאָך געווען ביי די קינדער פון מנשה, ביסטו מסתמא באַקאַנט מיט די ענינים אין צפון פונעם לאַנד און אין עבר־הירדן. דו קענסט זיכער אָפּגעבן אַ באַריכט פון דאָרטן.

אלעזר: יאָ, איך קען דאָס טאָן און אַפילו אין קורצע ווערטער. אין עבר־הירדן און אין צפון לעבן די קינדער פון ישראל איצט אין פרידן. זיי באַאַרבעטן זייער גוטע ערד און באַקומען פון איר זאַטקייט און

וואוילשטאַנד. זיי האָבן כמעט אינגאַנצן אויסגעראָמט די פרעמדע אָפּגעטער און זיי דינען אונדזער אַלמעכטיקן גאָט מיט אויפריכ־טיקייט. אָבער ווי ס׳ווייזט אויס, איז צופיל שלום אויך נישט אַזוי גוט. זיי האָבן צוליב דעם לאַנגן שלום אויפגעהערט זיך לערנען צו באַנוצן כלי־זין און אנשטאָט זיך צו פאַרטיידיקן ווען זיי ווערן אי־בערגעפאַלן, קויפן זיי זיך בעסער אויס ביים שונא מיט געלד. זענען טאַקע די שכנישע בני־עמון נישט־נאָר געוואָרן תקיף ביי זיך, נאָר זיי זענען אַפילו חוצפהדיק געוואָרן. דאָס איז בקיצור אַלץ וואָס איך קען זאָגן.

ש מ ו א ל : און דו, עוזיאל, ביסט דאָך געווען ביי די בני יהודה אין דרום — וואָסזשע הערט זיך אין יענע געגענטן?

ע ו ז י א ל : ס׳איז דאָך באַוואוסט, אַז אין דרום איז די ערד נישט אַזוי פרוכפערדיק און די רעגנס זענען אַ סך ווייניקער שפעדיק, איז די ערד־אַרבעט דאָרטן פיל שווערער. אָבער פונדעסטוועגן פעלט די קינדער פון ישראל אויך אין יענע מקומות חלילה נישט קיין שפייז און נישט קיין קלייד. אויך די קינדער פון שמעון און יהודה האָבן זיך כמעט אינגאַנצן באַפרייט פון געצנדינעריי און זיי האָבן זיך אויפריכטיק אומגעקערט צו אונדזער גרויסן גאָט פון ישראל. די מענער פון די דרום־שבטים זענען מוטיקערע און געניטערע אין מלחמה־פירונג, האָט זיך זיי טאַקע איינגעגעבן אין דער לעצטער צייט צו האַלטן אין צוים די פלישתים, וועלכע זענען דאָך שטענדיק געווען אונדזער גרעסטער און געפערלעכסטער שונא. עס זענען אָפּ־געגומען געוואָרן ביי די פלישתים אַלע אונדזערע שטעט און דערפער, וואָס זענען אַ סך יאָרן געווען אין זייערע הענט, און זיי וואַגן שוין מער נישט לעצטנס אַריבערצוגיין די גרענעץ און צו באַפאַלן אונ־דזערע ברידער. דאָס איז מיין באַריכט.

ש מ ו א ל : האָט נאָך עמעצער עפּעס מוסיף צו זיין צום ענין, וועגן וועלכן מיר ריידן?...

שטימען פון די נייע תלמידים: מיר זענען געווען אויך ביי אַנדערע שבטים און מיר באַשטעטיקן, אַז די לאַגע איז

אומעטום מער־וויניקער דיזעלבע. — די מענער פון אשר גיבן זיך איצט אויך אָפּ מיט פישפאַנג. און ים־מסחר! — אויך די קינדער פון נפתלי און מנשה, וואָס וואוינען ביי די וואַסערן פון כנרת און מירום סאַרנעמען זיך מיט פישפאַנג! — יאָ, זיי טריקענען די פיש און זאַלצן זיי, בכדי זיי צו קענען פירן און פאַרקויפן אין ווייטערע ערטער. — אומעטום פאַרנעמען זיך אונדזערע מענטשן מיט כלערליי מלאכות און האַנט־אַרבעטן און אויך זיי לעבן בהרחבה! —

ש מ ו א ל: הייסט עס, אַז אונדזער פאָלק איז איצט צופרידן? (עס ענטפערט קיינער נישט. קוקט זיך שמואל אַרום און זעט, אַז אַ טייל פון די חברים זיינע האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּ.) פאַרוואָסזשע זאָגט קיינער גאָרנישט? איז מעגלעך, אַז לעבנדיק אין זאַטקייט און פרידן זאָל דאָס פאָלק זיין אומצופרידן?...

מ י ש א ל: אונדזער פאָלק איז אַן אומרואיקס און עס איז שווער עס צופרידנצושטעלן...

ש מ ע י: יאָ, אונדזער פאָלק איז איינגעשפּאַרט און ווידערשפּעניק און אויסערדעם איז עס אויך אומדאַנקבאַר...

ש מ ו א ל: וואָסזשע מיינט איר מיט דעם צו זאָגן, מיינע טייערע?... פאַר־וואָס רעדט איר נישט קלאָר און דייטלעך? זאָגט עס אַרויס אָפן: דאָס פאָלק איז נישט צופרידן! אָבער פאַרוואָס איז עס נישט צו־פרידן?...

צ ו ר י א ל: עס איז נישט צום ערשטן מאָל וואָס די בני ישראל זענען נישט צופרידן. איז דען אַנדערש געווען אין מדבר, אין די צייטן פון משה רבינו?...

ב כ ר: מען דאַרף האָבן געדולד צו אונדזער פאָלק, נביא שמואל. יאָ, מען דאַרף האָבן צו זיי אַ לאַנגן אָטעם און אַ שטאַרק האַרץ.

ע מ׳ י ש ד י: מען דאַרף אויך געפינען אַ זכות פאַר זיי און מען מוז אַמאָל אויך קענען מוחל זיין זייער זינדיקע ערדישקייט...

ש מ ו א ל: אָבער גאָט איז מיט אייך, חברים און תלמידים מיינע! זאָגט מיר קורץ און שאַרף, אָבער אָן באַוואָרענישן און אומוועגן: וואָס וויל דאָס פאָלק?...

אביחיל: דו וועסט צערענען אויף מיר, נביא שמואל, אָבער איך מוז דיר זאָגן דעם גאַנצן און ריינעם אמת: דאָס פֿאָלק ישראל וויל האָבן אַ מלך! (שמואל ווערט אויפגעבראַוזט, אָבער באַלד בייגט ער אַן דעם קאָפּ, פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט די האַנטפּלאַכן און הערט אויס די ווייטערדיקע ווערטער ווי אַן אורטייל) יאָ! יונג און אַלט הערן נישט אויף צו ריידן וועגן דעם. אויף אַלע פֿאָלקספֿאַרזאַמלונגען, אויף אַלע מאַרקפּלעצער און אין אַלע אכסניות איז דאָס לעצטנס דאָס טאָג־טעגלעכע געשפּרעך. „מיר ווילן האָבן אַ מלך איבער אונדז — זאָגן זיי און זיי שרייען אויפֿן קול — פֿאַרוואָס זאָלן מיר זיין ערגער פֿון אַלע פֿעלקער? אַלע אונדזערע שכנים, די גרויסע און די קליינע, די מעכטיקע און די שוואַכע, האָבן זייערע מלכים — ווילן מיר אויך האָבן אונדזער מלך". — אַזוי הערט מען טענהן און פֿאָדערן אין אַלע שטעט און דערפֿער, אין אַלע שטאָט־פּלעצער, גאַסן און הינטער־געסלעך. איך בין חושד, אַז אויך די דעלעגאַציע פֿון זקנים, וואָס געפֿינט זיך דאָ זינט נעכטן, איז געקומען צו פֿאָדערן אַ מלך...

שמואל: (הייבט אויף דעם קאָפּ און אין זיינע אויגן פֿינקלען פֿאַרדראָס און צאָרן.) דאָס פֿאָלק וויל אַ מלך!... (קורצע פּויזע) אין משך פֿון די אַלע יאָרן האָב איך עס געמשפּט און געפֿירט מיט גערעכטיקייט. איך האָב ביי קיינעם פֿון זיי קיינמאָל נישט צוגענומען קיין וויינגאָרטן אָדער אַן איילבירטן־וועלדל, קיין אָקס אָדער אַן אייזל. אמת, איך האָב זיי אָפּטמאָל שטרענג געמוסרט ווען זיי זענען אָפּגעטראָטן פֿון דעם אַלמעכטיקן גאָטס גלייכע וועגן, אָבער אויסער דעם האָב איך קיינעם פֿון זיי קיינמאָל קיין קרום וואָרט נישט געזאָגט. איך האָב תמיד מתפּלל געווען פֿאַר זיי. איך האָב געבעטן דעם אַלמעכטיקן האַר פֿון דער וועלט זיי זאָלן זיך שטאַרקן איבער זייערע פֿיינט; עס זאָלן אויספֿאַלן די רעגנס אין דער ריכטיקער צייט און זייערע גערעטעכישן זאָלן זיין גוטע און שפּעדיקע. איך האָב געזאָרגט דערפֿאַר, זיי זאָלן נישט זיין אַזוי ווילד און אָבערגלויבעריש ווי זייערע שכנים און זייערע קינדער זאָלן לערנען גאָטס לעבעדיק וואָרט. איך האָב מיך באַמיט זיי זאָלן זיין אַלע גלייכע

קינדער ביי אונדזער האַר יהוה, אַז אָרעם און רייך זאָלן האָבן די־
זעלבע רעכט און אַז אַפילו צו די שוצלאָזע אלמנות און יתומים זאָל
קיין אומרעכט נישט געשען. אָבער ביי מיין פאָלק איז דאָס אַלץ
גאָרנישט ווערט הפנים — ווייל דאָס פאָלק וויל אַ מלך!... דאָס
פאָלק פאַראַכט מיך באַשיינפערלעך און דורך מיר, זיין נביא, וואָס
האָט גאָרנישט געטאָן קעגן זיין געבאָט, שאַצט עס גרינג אויך דעם
אַלמעכטיקן גאָט פון זיינע אבות. יאָ! דאָס פאָלק וויל האָבן אַ מלך!

אביגועם: נעם נישט אויף דעם ענין אַזוי שווער, נביא שמואל! נאָך
אַלעמען זענען עס דאָך קינדערייען פון אַ יונג פאָלק.

יאיר: דאָס זענען טאַקע נישט מער ווי קינדערייען. נישט דיך פאַר־
אַכטן זיי און נישט אונדזער גרויסן גאָט. זיי ווילן בלויז זיין גלייך
צו אַלע אַנדערע פעלקערשאַפטן. זיי פאַרטראַגן נאָך נישט צו זיין
אַנדערש פון אַלעמען.

צדוק: זיי האָבן זיך נאָך נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון אויס־
דערווײלטקייט, כאָטש פון געצנדינערייִ האָבן זיי זיך דערווייל כמעט
ווי אָפּגעקערט. זיי קענען נאָך נישט באַגרייפן ווי אַזוי עס קען זיין
אַ מלוכה אָן אַ מלך. אָבער מיט דער צייט וועלן זיי דערגיין צו דער
מדרגה אויך דאָס צו פאַרשטיין, פּונקט ווי זיי באַנעמען שוין היינט,
אַז דער אמתער, לעבעדיקער גאָט קען נישט האָבן קיין אָפּבילד.

שמואל: און איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין אויפגעשטעלט אַ
ממלכת נביאים! אָבער ניין! דאָס פאָלק וויל דאָך האָבן אַ מלך!
(קורצע פויזע) יאָ, אָבער וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם, אַלטע
חברים מיינע, נביאים און ריכטער, לערערס און פירערס פון ישראל,
מיט וועמען אינאיינעם איך האָב געקעמפט און געאַרבעט אויפצו־
בויען אַ ממלכת נביאים? וואָס האַלט איר, דאַרף מען טאָן: נאָכ־
געבן דעם פאָלק, אָדער נישט? איר האָט ביז איצט נאָך גאָרנישט
געזאָגט — וויל איך איצט הערן אויך אייער וואָרט.

גרשון: איך האָב די גאַנצע צייט געשוויגן, ווייל איך מיין אַז אין
דעם פאַל איז געווען וויכטיקער פריער אויסצוהערן די ווערטער פון
די חברים, וואָס האָבן נישט לאַנג באַרייזט דאָס לאַנד. אויב איך

דאַרף איצט אויסדריקן מיין מיינונג — בין איך אנטשידן קעגן דעם מען זאָל נאָכגעבן דעם פאָלק, ווייל עס איז אומפאַראַנטוואָרטלעך ווי אַ קינד, וואָס דאַרף געפירט ווערן.

ל י ב נ י: איך בין מסכים מיט גרשונס מיינונג. אויך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסראַמען מיט געוואַלד די פרעמדע געטער, האָבן מיר זיך נישט גערעכנט מיטן ווילן און מיט דער מיינונג פון פאָלק.

ק ה ת: מען קען בשום אופן נישט פאַרגלייכן!... עקלדיקע אָפּגעטער זענען נישט דאָס זעלבע וואָס אַן אייגענער מלך פון אונדזער בלוט און פלייש.

א ל י צ ו ר: אויסערדעם קען דאָך געמאָלט זיין, אַז די פאָדערונג פונעם פאָלק איז אַ ריכטיקע און זי טוט וואוילגעפעלן דעם אַלמעכטיקן... אָפּטמאָל איז די שטים פונעם פאָלק אויך די שטים פון גאָט...

ע מ י נ ד ב: אין דעם פאַל איז דאָס נישט מעגלעך, ווייל דורך אונדז הערשט דאָך יהוה אַליין איבער זיין פאָלק ישראל און ער וועט דאָך נישט וועלן איבערגעבן זיין געטלעכע מאַכט צו אַ מלך בשר ודם.

א ל י ס ף: ס׳איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן יהוה זאָל וועלן הערשן איבער זיין פאָלק אויך דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ מלך בשר ודם, אויף וועמען ער וועט אויסשפּרייטן זיין גענאָד און זיין גייסט... מוז ער דען דווקא הערשן דורך חכמים און נביאים?

א י ת מ ר: פאַרוואָס זאָל יהוהן וואוילגעפעלן איבערצוגעבן די הער־שאַפט צו אַ מלך, אַז עס איז לאָך זיכערער פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון זיין תורה און פאַר דער אויספאָלגונג פון זיינע געבאָטן, זי זאָל זיך געפינען אין די הענט פון נביאים.

א ח י ע ז ר: און איך בין איבערצייגט, אַז מען דאַרף טאָן וואָס דאָס פאָלק פאַרלאַנגט, ווייל דאָס פאָלק דאַרף האָבן די דעה איבער זיין אייגענעם גורל.

א ב י מ ל ך: ריכטיק! אייגנטלעך איז דאָך אונדזער שטרעבונג צו באַ־שיצן אונדזער פאָלק פון געוואַלט־הערשאַפט, טאָרן מיר אַליין אויך נישט וועלן אַרויפצווינגען אויף אים אונדזער הערשאַפט.

א ל י ש מ ע: דאָס עצם פעלן פון איינשטימיקייט און האַרמאָניע צווישן

אונדז און דעם פאָלק איז שוין נישט גוט און ווי עס זאָל נישט זיין, וועלן אַלץ זיין אומצופרידענע. מיין האַרץ איז זייער באַזאָרגט צו־ליב דעם...

שמואל: נו, איך זע שוין, אַז אייערע מיינונגען זענען קעגנגעזעצט און צעטיילט. איר האָט אָבער נישט באַטראַכט נאָך אַ מעגלעכקייט, וועלכע וואָלט אפשר געקענט פאַרמיידן עס זאָלן מוזן זיין אומצו־פרידענע. מען קען דאָך צוליב טאָן דעם פאָלק און באַשטימען אַ מלך איבער אים, אָבער... אָבער דעם מלך וועלן מיר דאָך דאַרפן באַשטימען, וועלן מיר קענען אויסקלייבן אַזעלכן וואָס זאָל זיין ווי־ליק אונדז צו פאָלגן... אַזעלכן וואָס דורך אים וועלן מיר קענען סיי־ווי־סיי דורכזעצן דעם אַלמעכטיקנס געבאָט און ווילן... פונקט אַזוי ווי ווען עס וואָלט קיין מלך גאָרנישט געווען...

יצהר: ווי גרויס איז דיין חכמה, אונדזער נביא און מנהיג!...

עמרם: דיין שאַרפער שכל דרינגט דורך אַלע פּלאָנטערן און מאַכט צונישט אַלע שוועריקייטן און גלייכט אויס אַלע מיינונגס־פאַרשיידנ־קייטן.

שטימען פון די אַנדערע: גאָטס גייסט רוט אויף דיר, נביא שמואל! — אונטער דיין פירונג קענען מיר רואיק זיין! — דו געפינסט אַן אויסוועג פון יעדער קלעם, אונדזער לערער! —

שמואל: גוט, מיינע פריינט! איך וועל מתפלל זיין צום גרויסן גאָט פון ישראל און ער וועט מיר איינגעבן דעם גוטן געדאַנק וואָס צו טאָן! (קורצע פויזע) איצט פירט אריין אַהער די נייע תלמידים, וואָס זענען נעכטן געבראַכט געוואָרן צו אונדז! (אַלע הייבן זיך אויף פון די ערטער. עמרם און יצהר ציגדן אָן די מנורה אויפן שטענדער לינקס און שמואל שטעלט זיך דאָרטן אַוועק מתפלל זיין. אלישמע, אבימלך, איתמר און אליסף גייען עטלעכע מאָל אַרויס און ברענגען אַריין געפלאָכטענע קערבלעך, וועלכע זיי שטעלן אויס אויף די טישן. אלעזר, עוזיאל, מישאל און שמעי גייען אויך אַרויס און אין אַ ווײַלע אַרום קומען זיי אַריין אינאיינעם מיט די נייע תלמידים, וועלכע זיי שטעלן אויס הינטער דעם נביא שמואל, נעבן די קאָלומ־נעס לינקס. אַלע איבעריקע שטעלן זיך אויס הינטער זיי).

ש מ ו א ל : (דרייט זיך פּאַמעלעך אויס מיטן פּנים צו די פּאַרזאַמלטע. ער שיינט ממש פון באַגייסטערונג און עקסטאַז.) יונגע תּלמידים, וואָס איר קומט פון אַלע ווינקעלעך פון ישראל, בכדי אַריינצוטרעטן אין אונדזער ישיבה. איך האָב אייך גערופן אַהער, ווייל איך האָב אייך געוואָלט זען, באַגריסן מיט אַ ברוך־הבא און בענטשן אויף אייער נייעם, גאָרנישט לייכטן וועג אין דינסט פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און פון אונדזער ווידערשפעניקן און דאָך געליבטן פאָלק: איר וועט דאַרפן שפּעטער מיט יאָרן פירן די בני ישראל און משפּיע זיין אויף זיי — ווינטש איך אייך איר זאָלט באַגערן צו לערנען גאָטס וואָרט נישט־נאָר מיטן מוח און שכל, נאָר אויך מיטן האַרצן און דער נשמה, בכדי עס זאָל דורכדרינגען אייערע וועזנס און קיין שום זאַך זאָל פאַר אייך נישט שווער זיין אום אַליין אויסצופאָלגן יהוהס געבאָט און צו מאַכן, אַז אויך אַנדערע זאָלן דאָס טאָן. איך ווינטש אייך אויסערדעם איר זאָלט האָבן גענוג מוט און שטאַרקייט נישט נושא פּנים צו זיין קיינעם און נישט מוחל צו זיין קיינעמס זינד. אַפילו די רייכסטע און מעכטיקסטע פונעם פאָלק זאָלט איר שטראָפן פאַר זייערע חטאים אַנטקעגן מענטשן און זייער באַשעפער. זייט מצליח אויף אייער נייעם וועג! (קורצע פּויזע. באַטראַכט אַ ווײַלע איינדרינגלעך די בחורימלעך און שטעלט זיך אָפּ אויף איי־נעם, וואָס שלינגט אים ממש מיט די אויגן). ווער ביסטו, מיין קינד? ווי הייסטו און וואַנען שטאַמסטו?...

נ ת ן : (אַן ענטוזיאַסטיש און לעבהאַפט בחורל) איך דאַנק דיר, נביא שמואל, פאַר דיין אויפמערקזאַמקייט צו מיר! איך הייס נתן און שטאַם פון חברון אין יהודה. איך האָב ווי אַ דורשטיקער געשלונגען דיינע ווערטער און איך זאָג צו צו גיין אין די וועגן וואָס דו און די איבעריקע לערערס וועלן אונדז ווייזן. איך בין זיכער, אַז אויך אַלע מיינע חברים זאָגן צו דאָסזעלבע!

אַ ל ע ת ל מ י ד י ם : מיר זאָגן צו אויסצופאָלגן די געבאָטן פון יהוה און צו וואַכן דעריבער, אַז אויך אַנדערע זאָלן דאָס טאָן! — מיר טוען אַ נדר צו הייליקן אונדזער לעבן אין דינסט פון אונדזער גאָט, פון אונדזער אמונה און פאָלק! —

שמואל: (הייבט אויף די הענט איבער זיי) זייט געבענטשט, געטרייע קינדער פון אונדזער האַר יהוה! ער זאָל אייך געבן כוח צו האַלטן אייער נדר! געדענקט, אַז אויף אייך לייגט זיינע האָפענונגען דאָס גאַנצע הויז פון ישראל! (לאָזט צוריק אַראָפּ די הענט.) עמרם און יצהר! זאָלן אַריינקומען די עלטסטע און זקנים פון ישראל, נאָכדעם ווי די יינגלעך וועלן האָבן אַרויסגעגאַנגען. (דרייט זיך פּאַמעלעך ווידער אויס צו דער מנורה ביים עמוד. דערווייל גייען די תלמידים פאַרביי די טישן אין פאָדערגרונט און יעדער פון זיי באַקומט פון אלישמע אָדער אבימלך, וועלכע שטייען דאָרטן, אַ געפלאָכטן קערבעלע. דערנאָך גייען זיי ווייטער אויף רעכטס און גייען אַרויס פאַרביי די קאָלומנעס. די ערשטע צוויי, נתן און עמוס, שטעלן זיך אָפּ ביי דער פאָדערשטער קאָלומנע רעכטס און כאַפּן אַ שמועס, בשעת עס קומען אָן זייערע חברים און שטעלן זיך אַרום זיי).

נתן: וואָס פאַר אַ שיין קערבעלע דאָס איז! און עס האָט אַן אויפשריפט מיט בלויער טינט. זע וואָס עס שטייט אָנגעשריבן: אַ מתנה פונעם נביא שמואל.

עמוס: און אויף מיינעם שטייט אָנגעשריבן: אַ מתנה פונעם נביאס ווייב דבורה.

נתן: קענען הפנים דאָ אויך די ווייבער שרייבן, אויב אַזוי...

עמוס: וואָס פעלט דיר איין?... דאָס האָבן זיכער געמאַכט די קערבלעך און די אויפשריפטן די עלטערע בחורים פון דער ישיבה...

נתן: (עפנט זיין קערבל) זעט נאָר, זעט, וואָס פאַר אַ געשמאַקע זאַכן עס זענען דאָ אינעווייניק: טייטלען, פייגן און ראָזשינקעס; מאַנדלען, ניס און באָקסערן; קוכן, געפּרעגלטס און איינגעמאַכטס. אַזוי פיל גוטע זאַכן אויף איינמאָל!

אַלע: (עפענען זייערע קערבלעך) טאַקע אַזוי פיל גוטע זאַכן אויף איין מאָל!

עמרם: איצט, קינדערלעך, גייט צוריק יעדער אין זיין שלאָף־חדר...

יצהר: היינטיקן גאַנצן טאָג זענט איר פריי זיך צו שפילן, אָבער זייט געהיט נישט אָנצומאַכן קיין שאָדנס! (די קינדער גייען אָפּ און מיט

זיי אינאיינעם אויך עמרם און יצהר, וועלכע קומען אָבער באַלד צו־ריק מיט די זקנים און עלטסטע פון ישראל, וועמען זיי ווייזן אָן די פלעצער ביי די טישן וואו זיי דאַרפן זיצן. די ייִנגערע חכמים און נביאים, וועלכע באַלאַנגען נישט צום העכסטן ראַט, גייען איצט אויך אַרויס. אַ ווײַלע נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך שוין אויסגעזעצט, גייט אויך שמואל אַוועק פונעם שטענדער און ער זעצט זיך אויבנאָןביים טיש).

ש מ ו א ל : (קוקט זיך שאַרף אַרום) זייט באַגריסט, איר עלטסטע און זקנים פון ישראל!

ז ק נ י ם : מיר בייגן אונדזערע קעפּ פאַר דיר, נביא שמואל, און מיר ענטפּערן דיר מיט אונדזערע בעסטע גרוסן און ברכות...

ש מ ו א ל : איר זענט אָנגעלייגטע געסט אין מיין הויז, ווען איר זאָלט נישט קומען, אָבער איך פיל אַז היינט איז אייער קומען באַזונדערס וויכטיק... וואָסזשע ברענגט אייך איצט אַהער, עלטסטע פאָרשטייער פונעם פאָלק ישראל?...

ז ק נ י ם : עס איז ריכטיק דיין געפיל, נביא און מנהיג. אַ זייער וויכ־טיקער ענין ברענגט אונדז היינט אַהער — אַן אַנטשיידנדיקער און לעבנס־וויכטיקער ענין.

ש מ ו א ל : איך בין גרייט אייך אויסצוהערן,ווירדיקע זקנים!

ז ק נ י ם : עס וועט ריידן איינער פון אונדז אין אַלעמענס נאָמען, אָבער מיר בעטן דיך, נביא, נישט צו צערענען, נישט אים און נישט אונדז, אויב זיינע ווערטער וועלן דיר נישט וואוילגעפעלן.

ש מ ו א ל : זאָל ריידן איינער פון אייך.

ע ר ש ט ע ר ז ק ן : מיר איז שוין אויסגעקומען נישט איינמאָל אין מיין לעבן דורכצומאַכן פאַרשיידענע שוועריקייטן... מיר איז שוין אויסגעקומען צו קעמפן: קעגן היישעריק און אַנדערע פּלאָגן, קעגן שטורמישע פאַרפלייצונגס־וואַסערן, קעגן הונגער און דורשט אינעם וויסטן מדבר, קעגן בלוטדורשטיקע שונאים אין פיל שלאַכטן... און מעגסט מיר גלויבן, נביא, אַז קיינמאָל איז מיר נאָך נישט אַזוי שווער געווען ווי היינט. אָבער וואָס זאָל איך טאָן? מען האָט אַרויס־

געלייגט אויף מיר אַ שליחות און איך מוז זי אויספירן. דאָס פאָלק האָט מיך געמאַכט פאַר זיין מויל און איך מוז ריידן...

ש מ ו א ל : רעד־זשע פריי און אָפן, ווירדיקער זקן, און גלייך צום ענין.

ע ר ש ט ע ר ז ק ן : דאָס פאָלק האָט מיר געהייסן דיר איבערגעבן אַט־וואָס: דו ווערסט אַלץ עלטער, נביא שמואל, און דיינע צוויי זין, וואָס זענען שופטים אין באר שבע גייען נישט אין דיינע וועגן. זיי נעמען שוחד און משפטן אומגערעכט. זיי וועלן נישט קענען זיין דיינע נאָכפאָלגער. פאַרלאַנגט דאָס פאָלק דו זאָלסט באַשטימען אַ מלך איבער זיי, וועלכער זאָל זיי משפטן און פירן אין די מלחמות קעגן די שונאים, פונקט ווי עס פירט זיך ביי אַלע אַנדערע פעלקער. פאַרוואָס זאָל ישראל זיין ווייניקער און ערגער פון אַנדערע?

ש מ ו א ל : און איר זענט זיכער, אַז דער מלך וואָס וועט באַשטימט ווערן איבער אייך, וועט זיין בעסער פון די שופטים און הערשערס וואָס זענען ביז איצט געווען איבער אייך?...

צ ו ו י י ט ע ר ז ק ן : עס קען אין דעם נישט זיין קיין שום זיכערקייט, אָבער ווען איין זאַך גיט זיך נישט איין דאַרף מען אויספרואוון אַ צווייטע...

ש מ ו א ל : און ווייסט איר כאָטש דעם געוויינטלעכן שטייגער ווי־אַזוי עס פירט זיך אַ מלך?...

צ ו ו י י ט ע ר ז ק ן : עס זענען פאַראַנען פאַרשיידענע מלכים — גוטע און שלעכטע, און אין דעם זענען געווענדט זייערע פירונגען. מיר ווילן האָפן, אַז אונדזער מלך וואָס דו וועסט מיט דיין חכמה פאַר אונדז באַשטימען, וועט זיין אַ גוטער...

ש מ ו א ל : (שטרענג) איידער איר פאַראַכט אייער גאָט יהוה און מיך, זיין נביא אינעם איצטיקן דור, וויל איך פונדעסטוועגן אייך וואָרע־נען און אויפקלערן דעם שטייגער פון דעם מלך, וואָס וועט קיניגן איבער אייך: אייערע זין וועט ער צונעמען און וועט זיי פאַרטאָן פאַר זיך ביי זיין רייטוואָגן, און ביי זיינע פערד, און זיי וועלן לויפן פאַר זיין רייטוואָגן. און ער וועט זיי מאַכן פאַר הויפּטלייט פון טויזנט, און הויפּטלייט פון פופציק, און אויף צו אַקערן זיין אַקער,

און צו שניידן זיין שניט, און צו מאַכן זיינע כלי־מלחמה און די שפּאַנצייג פון זיינע רייטוועגן. און אייערע טעכטער וועט ער צונע־מען פאַר פּרעגלערינס, קעכינס און בעקערינס. און אייערע בעסטע פעלדער און וויינגערטנער און איילבירטגערטנער וועט ער צונעמען און אָוועקשענקען צו זיינע קנעכט. און פון אייערע זאָמען און וויינ־גערטנער וועט ער נעמען מעשר און אָוועקשענקען צו זיינע הויפדיי־נער און קנעכט. און אייערע קנעכט און אייערע דינסטן און אייערע בעסטע בחורים און אייערע אייזלען וועט ער צונעמען און פאַרטאָן פאַר זיין אַרבעט. פון אייערע שאָף וועט ער נעמען מעשר און איר וועט זיין קנעכט ביי אים. און איר וועט שרייען אין יענעם טאָג פון וועגן אייער מלך, וואָס איר האָט אייך אויסדערווײלט, און גאָט וועט אייך נישט ענטפערן אין יענעם טאָג. — איצט האָב איך אייך קלאָר געוואָרנט. ווילט איר נאָך אַלץ האָבן אַ מלך איבער זיך?...

ז ק נ י ם : יאָ, נביא שמואל, דאָס פאָלק וויל האָבן אַ מלך, וואָס זאָל אונדז משפּטן און אָנפירן אין קאַמף קעגן אַלע שונאים. מיר ווילן זיין גלייך מיט אַלע פעלקער!

ש מ ו א ל : איר זענט פון שטענדיק אָן געווען אַ ווידערשפּעניק, האַרט־נעקיק און אומדאַנקבאַר פאָלק און איר זענט עס פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג! איך וועל מתפּלל זיין צום אַלמעכטיקן און בעטן די אַנטשיידונג וועגן דעם פאַרלאַנג פונעם פאָלק. דערנאָך וועל איך אייך געבן די תשובה. איידער איר וועט זיך פאַנאַנדערגיין יעדער איינער אין זיין שטאָט און אין זיין היים, בעט איך אייך צו זיין מיינע געסט היינט צום אָוונטברויט. (ער הייבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ און דער פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

# דאָס צווייטע בילד

דעם לינקן טייל פון דער בינע פאַרנעמט אַ משופּעדיקער באַרג. אי־בער וועלכן עס פירט אַרויף אַ וועג קיין רמה. צופוסנס פונעם באַרג, ביים וועג מער צום הינטערגרונט, שטייען אין אַ האַלבקרייז אַרום אַ גרויסן פעלדז עטלעכע ציפּרעסן. אין הינטערגרונט — אַ לאַנדשאַפט. בשעת דער פאָרהאַנג גייט אויף, קומען אַן פון רעכטס, מידע און פאַרמאַטערטע, שאול און יורם,ביידע אַן ערך צו 35 יאָר אַלט. שאול איז אַ הויכער, פעסטגעבויטער, אימפּאָנירנדיק־שיינער מאַנספּאַרשוין, מיט שוואַרצע נישט גאָר לאַנגע לאָקן און אַ יונג שוואַרץ בערדל. יורם איז אַ נידעריקער, אויס־געדאַרטער און אָדערדיקער. זיין אויסגעצויגן פּנים, מיטן שפּיציקן בלאָנדן בערדל, איז נישט שיין און עס האָט אין זיך עפּעס פון אַ לץ.

י ו ר ם : לאָמיר זיך דאָ אַנידערזעצן נעבן פעלדז, האַר שאול, וועלן מיר אַביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם, איידער מיר לאָזן זיך אַרויפקלעטערן אויפן באַרג.

ש א ו ל : גוט! לאָמיר זיך דאָ צוזעצן, אָבער נישט אויף לאַנג. איך וויל זיך נאָך נאָכפרעגן אין רמה וועגן אונדזערע פאַרלאָרענע אייזלען און אויב מען האָט זיי דאָרטן נישט געזען, וועלן מיר זיך באַלד לאָזן אין וועג אַריין אויף צוריק.

י ו ר ם : וואָס איז אייגנטלעך דאָס איילעניש אַזוי גרויס, יונגער האַר? צו־ייאָס דאַרפן מיר צוריקגיין ביינאַכט, איידער מיר רוען זיך אַביסל אויס? (זעצן זיך ביים פעלדז).

ש א ו ל : ס׳זענען שוין אַריבער דריי מעת־לעת זינט מיר האָבן זיך אַרויס־געלאָזט זוכן די אייזלען. מיין פאָטער האָט שוין איצטער זיכער מפקיר געווען די אייזלען און ער באַאומרואיקט זיך אוודאי צוליב

אונדז. דעריבער מוזן מיר וואָס שנעלער צוריקגיין אַהיים. (קורצע פויזע).

יורם: האַר שאול! איך האָב פריער, גייענדיק אין וועג, פאַרטראַכט אַ לידל און באַלד אויפן אָרט טאַקע צוגעפּאַסט אַ מעלאָדיע צו דעם. ווילסט עס הערן?

שאול: מיר ליגן איצט אייגנטלעך נישט אין קאָפּ אַזעלכע נאַריש־קייטן. איך הער גאָר נישט אויף צו טראַכטן וועגן דעם שאָדן און וועגן דער היים.

יורם: מ'טאָר נישט זיין אַזוי שווערמוטיק, יונגער האַר. אַ מענטש מוז זיך אַביסל פריילעך מאַכן אויך, אויב נישט וואָלט דאָס לעבן געווען פיל שווערער ווי עס איז.

שאול: נו, גוט! זינג־זשע, אויב דו האָסט חשק...

יורם: (איידער ער הייבט אָן זינגען, באַווייזן זיך אויפן שיפּוע פונעם וועג, הינטערן פעלדז, די מיידלעך מחלה, דינה, ציפורה און תמר מיט גרויסע קרוגן אויף זייערע קעפּ. יורם זינגט):

ביי קיש בן אביאל, מיין באַלעבאָס,
איז פאַרפאַלן געוואָרן אַן אייזלשע סטאַדע —
האָט עס פאַרשאַפט זייער פיל פאַרדראָס
און נישט ווייניק קאָפּ־דרייעניש אוודאי.

האָט מען אַרויסגעשיקט אומפאַרזאַמט גיך
די פאַרלוירענע אייזעלינען צו זוכן
דעם האַרס יונגן זון שאול און מיך,
זיין געטרייסטן דינסט־יונג יורם בן עכן.

אָבער דערווייל איז גאָר ביטער און שלעכט.
אין אַלע ווינקעלעך הינען און דרינען
זוכן מיר דאָ שוין דריי טעג און דריי נעכט
און מיר קענען גאָרנישט געפינען.

## ש. א. פישער

בעטן מיר דיך, אונדזער אַלמעכטיקער גאָט!
העלף אונדז דעם גרויסן שאָדן געפינען!
לאָז אונדז נישט בלייבן צו שאַנד און צו שפּאָט
צוליב אַ פּאָר נאַרישע אייזעלינען.

מ ח ל ה : אוי, וואָס פאַר אַ שיין לידל דאָס איז!...

ד י נ ה : (גיט אַ פּאַטש מיט די הענט) און ווי גוט עס זינגט דער פרעמדער מאַן!...

צ י פ ו ר ה : (צו תמרן) מיר געפעלט בעסער יענער הויכער, שיינער מאַנספּאַרשוין...

ת מ ר : ביסט טאַקע גערעכט ציפורה... דו האָסט אַ געניט אויג... אויך מיר איז באַלד געפעלן געוואָרן יענער ערנסטער מאַן...

י ו ר ם : (שטעלט זיך אויף, דערזעענדיק די מיידלעך) העי, איר דאָרט! מיר זוכן דאָ אַרום אַ פאַרלאָרענע סטאַדע אייזעלינען, אָבער אויף אייך האָבן מיר זיך בשום אופן נישט גערעכט. קומט אַראָפּ, וועט איר מיר זאָגן אייער מיינונג וועגן מיין ליד נישט הינטער די פּלייצעס, נאָר גלייך אין פּנים אַריין.

מ ח ל ה : מיר מוזן טאַקע אַראָפּגיין, אָבער נישט צוליב דיין ליד. מיר גייען שעפּן וואַסער ביים קוואַל הינטערן באַרג.

י ו ר ם : איר האָט גאָרנישט קיין ברונעם ביי אייך אין הויז?...

מ ח ל ה : זיכער האָבן מיר אַ ברונעם אין הויז... אָבער היינט זענען ביי אונדז פאַראַנען געהויבענע געסט צום אָוונטברויט, ווילן מיר זיי דערלאַנגען צום טיש דאָס קרישטאָל־ריינע, אייז־קאַלטע וואַסער פונעם באַרג־קוואַל.

י ו ר ם : אַזוי גאָר... טאָ ווער־זשע זענט איר?...

ד י נ ה : (שטיפעריש און באַרימעריש) מיר זענען נישט אַבי־ווער. מיר זענען דינסטמיידלעך אין הויז פון שמואל הנביא.

ש א ו ל : אין הויז פון שמואל הנביא, זאָגסטו?... איז דען דער נביא איצט אין זיין היים?

צ י פ ו ר ה : הערסט, תמר, וואָס ער זאָגט? און איך האָב געמיינט, אַז

ער קען גאָרנישט רעדן... (צו שאולן) יאָ, דער נביא איז אין דער היים.

יורם: ווער־זשע זענען די געהויבענע געסט, וואָס זענען ביי אייך היינט פאַראַנען?

תמר: דאָס זענען די עלטסטע זקנים פון ישראל, וואָס זענען געקומען צום נביא שמואל.

שאול: מיינט איר, אַז מען וואָלט היינט געקענט ריידן מיטן נביא?...

ציפורה: ער איז, וואָס אמת איז, שטאַרק פאַרנומען היינטיקן טאָג. אויסער די געסט זענען אויך נעכטן צוריקגעקומען פון זייערע ריי־זעס איבערן לאַנד די ייִנגערע נביאים און יעדער איינער פון זיי האָט מיטגעבראַכט צו עטלעכע נייע תלמידים פאַר דער ישיבה. אָבער אויב דו ווילסט זייער שטאַרק ריידן מיט אים, קענסטו איינשטעלן און פּרואוון.

תמר: (צו ציפורהן, אַביסל אייפערזיכטיק) ווי דו האָסט זיך עס צע־רעדט אַביסל. (צו די איבעריקע חברות אירע) נו, מיידלעך, ס׳איז שוין שפּעט און מיר דאַרפן גיין, ווייל ביז צום ברונעם איז נאָך היפּשלעך ווייט... (די מיידלעך נעמען זיך ווײַטער גיין).

מחלה: (צו יורמען) אויב איר וועט קומען צום נביאס הויז, וועלן מיר זיך נאָך זען.

יורם: מיר וועלן זיכער קומען. דערווייל צום ווידערזען! (נאָכדעם ווי די מיידלעך זענען אַוועקגעגאַנגען צום הינטערגרונט, הינטערן באַרג, זעצט ער זיך ווידער). צוליב וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַנאַנדערגע־פרעגט וועגן דעם נביא, האר שאול? וואָלסט אים טאַקע וועלן זען?...

שאול: ניין! זען וואָלט איך אים דווקא נישט וועלן... כאָטש ער איז אַ גאָר הייליקער מאַן, אַ „זעער", וואָס ווייסט אַלץ, וואָלט ער אונדז אפשר אויך געקענט זאָגן וואו עס געפינען זיך אונדזערע אייזלען. אָבער ער איז זייער אַ שטרענגער... איך קען אים דאָך אייגנטלעך, נאָך פון יענער צייט ווען איך בין געווען אַ קליין ייִנגל. איין מאָל אין יאָר פלעגט ער דעמאָלט פאַרבייגיין אונדזער שטאָט, אויף זיינע וואַנדערונגען איבערן לאַנד, און ער איז איינגעשטאַנעןביים לערער

פון אונדזער שולע. ער פלעגט אונדז אויך שטענדיק פאַרהערן אין לערנען. מיר ייִנגלעך האָבן געהאַט פאַר אים גרויס ערפאָרכט, אָבער מיר האָבן אים נישט ליב געהאַט...

י ו ר ם : אויך איך האָב געהערט וועגן אים און איך האָב אים אויך געזען. ווער האָט אים דען נישט געהערט און געזען אין גאַנצן לאַנד פון ישראל?... ער האָט טאַקע אַ שם ביים גאַנצן פאָלק אַלס גרויסער און הייליקער מאַן. אפשר וואָלטן מיר באמת אַריינגעגאַנגען צו אים אַ פרעג צו טאָן וועגן אונדזער ענין?...

ש א ו ל : עס איז נישט אַזוי לייכט עס צו טאָן, ווי דו מיינסט. ער פאַרנעמט זיך שוין נישט היינט צו טאָג מיט אַזעלכע קלייניקייטן ווי אַ סטאַדע אייזלען. איצט באַשעפטיקט ער זיך מיט אַ סך וויכטיקערע ענינים און ער מוז באַזאָרגן גרעסערע זאַכן, וואָס זענען וויכטיק פאַרן כלל. אויב מיר וועלן קומען צו אים מיט אַזאַ פערזענלעכן ענין ווי אונדזערער, קען ער זיך נאָך אָנבייזערן אויף אונדז...

י ו ר ם : מילא, וואָס קענען מיר דאָ אָנווערן... מ'דאַרף אפשר טאַקע איינשטעלן און פּרוּוון, ווי יענץ מיידל האָט געזאָגט... ער קען אונדז זיכער העלפן...

ש א ו ל : יאָ, אָבער... עס פירט זיך, אַז ווען מען גייט צו אַזאַ הייליקן מאַן בעטן אַן עצה, ברענגט מען אים מיט עפּעס אַ מתנה; געלט, אָדער עפּעס אַ ווערטזאַך. און ביי אונדז האָט זיך שוין אונטערוועגנס נישט־נאָר אויסגעלאָזט דאָס געלט, נאָר אויך דאָס ברויט, און דער קעז און די איילבערטן און די געטריקנטע פּרוכטן, וואָס מיר האָבן געהאַט מיטגענומען אין אונדזערע זעקלעך. טאָ ווי־זשע געשיקט זיך עס צו קומען אינגאַנצן מיט ליידיקע הענט צום „זעער״?...

י ו ר ם : ביזט טאַקע גערעכט, האַר שאול, אָבער איך האָב צו דעם אַן עצה. ביי מיר איז פאַראַנען אַן אָפּגעשפּאָרטע זילבערנע מטבע פון אַ פערטל שקל. וועלן מיר זי געבן אַלס מתנה דעם נביא און ער וועט אונדז געבן אַ באַשייד וועגן אונדזערע אייזלען וואָס זענען פאַרגאַנגען אין שאָדן. אויב דו ביסט מסכים, יונגער האַר, טאָ לאָמיר טאַקע באַלד גיין אַהינצו.

ש א ו ל : איצט איילסטו זיך ווידער, מיין פריינט. (פילבאַדייטנדיק) די מיידלעך זענען דאָך נאָך נישט צוריקגעגאַנגען, וואָס־זשע איז פאַר־ראַנען זיך צו איילן?...

י ו ר ם : ס׳דאַכט זיך, אַז דו ביסט אַ פאַרטראַכטער אַזאַ, אַן אַריינגעטוע־נער אין זיך אַליין און אַ צוריקגעצויגענער, ווי אַ טשערעפּאַכע אין איר אייגענער הייזקע, און פאַרט האָסטו עס באַמערקט... (אַביסל פאַרשעמט) איך בין מיך מודה, אַז מיר געפעלט טאַקע דאָס עלטס־טע פון די פיר מיידלעך, כאָטש זי איז אויך נישט דווקא די שענסטע פון זיי. אָבער אויך איך בין דאָך שוין נישט קיין יונג בחורל און נישט דער שענסטער צווישן די מענער. איז שוין טאַקע צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן תכלית... דאָס מיידל — מחלה הייסט זי, לויט זי האָט מיר געזאָגט — ווייזט מיר אויס צו זיין אַ קלוגע און אַן אונטערנעמערישע. מסתּמא איז זי אויך אַן אַרבעטזאַמע. קען דאָס זיין אַ גוטער שידוך פאַר מיר.

ש א ו ל : פון וואַנען ווייסטו אָבער, אויב זי איז אויך אַן אָרנטלעכע?...

י ו ר ם : וויבאַלד זי דינט ביים נביא שמואל אין הויז מוז זי זיין אַן אָרנטלעכע.

ש א ו ל : ביסט גערעכט... איך ווינטש דיר טאַקע הצלחה... און איצט, לאָמיר גיין. (שטייען אויף און לאָזן זיך גיין באַרג־אַרויף).

(פאָרהאַנג).

# דאָס דריטע בילד

אַ טעראַסע איבער שמואלס הויז, אין רמה. אין הינטערגרונט אַ פּיין־געשניצטע שטיינערנע באַלוסטראַדע. צופוסנס פון דער באַלוסטראַדע לענ־געכדיקע קעסטלעך מיט ערד, פון וועלכע עס וואַקסן אַרויס קלעטערפּלאַנצן וואָס דראַפּען זיך איבער און צווישן די נידעריקע קליינע קאָלומנעלעך פון דער באַלוסטראַדע. אינמיטן דער בינע פּונקט אַזאַ געשניצטער שטיי־נערנער קיילעכדיקער טיש, מיט זעקס שטולן אַרום אים, וואָס בילדן איין גאַרניטור. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצן ביים טיש שמואל, עמרם, יצהר, אבימלך, אלעזר און עוזיאל. עס איז שטיל, ווי נאָך אַן ערשט אי־בערגעריסענעם געשפּרעך. אויפן הימל שטייען לייכט געקרייזלטע וואָל־קענדלעך, ווי אַ סטאַדע שעפּסן. לינקס טרעפּ.

**יורם:** (זיין שטים הערט זיך אונטן אין הויף.) איך זאָג דאָך דיר, מענטש, מיר דאַרפן דרינגנדיק ריידן מיטן נביא שמואל!...

**גדעון:** (שמואלס הויזדינער אויך. אין הויף) ס'איז איצט אוממעג־לעך... דער נביא איז שטאַרק פאַרנומען. וואַרט צו ביז מאָרגן.

**יורם:** (הייבט אויף העכער זיין שטים. כמעט שרייענדיק) אָבער מיר קענען דאָך נישט וואַרטן ביז מאָרגן, מענטש; מיר מוזן זיך נאָך היינטיקע נאַכט אומקערן אַהיים. זיי נישט קיין רשע, בחורל, גיי פרעג דעם נביא, ווען זעסטו זען אַז ער וועט אונדז אויפנעמען. (פונעם טיש איז אויפגעשטאַנען אבימלך און איז צוגעגאַנגען צו דער באַ־לוסטראַדע, וואו ער קוקט און הערט זיך איין).

**גדעון:** דער נביא האָט נישט ליב, אַז מען שטערט אים נישט אין דער צייט, ווי אַ שטייגער איצט, כמעט פאַרנאַכט שוין. פונדעסט־וועגן זאָג מיר ווער איר זענט און צוליב וואָס איר קומט, וועל איך פּרוּוון...

י ו ר ם : מיין האַר הייסט שאול בן קיש און מיר זוכן אַ סטאַדע אייז־
לען וואָס איז אונדז פאַרלוירן געגאַנגען שוין צוריק מיט דריי טעג.

א ב י מ ל ך : (שרייט אַראָפּ) גדעון! פיר אַריין די פרעמדע אין אַ גאַסט־
צימער. העלף זיי אויסצושטויבן די קליידער. ברענג זיי וואַסער צו
וואַשן הענט און פיס. און זאָג זיי, אַז זיי זאָלן וואַרטן ביז דער נביא
שמואל וועט זיי מודיע זיין צי ער קען זיי אויפנעמען.

ש מ ו א ל : ווער איז דאָרטן, אבימלך?

א ב י מ ל ך : דאָס זענען צוויי פרעמדע מענער, וועגן וועלכע איך האָב
באַקומען אַ באַריכט פון אַ גרופּע בני־נביאים, וואָס האָט זיך היינט
אומגעקערט פון דער וואַנדערונג. זיי זענען אַ יונגער האַר פון גבעה,
שאול בן קיש, מיט זיין דינסט־יונג יורם בן עכן. שאול איז פון אַ
גוטער משפחה פון שבט בנימין. ער איז אַ שיינער און וואוקסיקער
מאַן, וואָס איז מיט אַ קאָפּ העכער פון אַ דורכשניטלעכן מענטשן
און ער איז אַ געניטער גיבור אין דער מלחמה.

ע ו ז י א ל : שאול בן קיש, זאָגסטו, פון גבעה?... איך האָב דאָך געהאַט
אַזאַ שול־חבר מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען אין גבעה איז נאָרוואָס
געגרינדעט געוואָרן אונדזער שולע.

ש מ ו א ל : (ווערט נייגעריק) גוט! באַשרייב מיר אַביסל אויספירלע־
כער דיין שול־חבר.

ע ו ז י א ל : ער איז טאַקע געווען אַ הויכער, שלאַנקער, שטאַרקער און
שיינער בחור. אָבער ער האָט ווייניק גערעדט, איז געווען היפּש
שווערמוטיק און האָט ליב געהאַט זיך גאַנץ אָפּט צו פאַרטראַכטן.
יעדנפאַלס איז ער נישט געווען אַזוי פריילעך און שטיפעריש ווי
זיינע חברים. דערביי איז ער געווען גוטמוטיק און אָרנטלעך מיט
אַלעמען, פרום פונעם גאַנצן האַרצן און פאָלגזאַם צו זיינע לערערס.

ש מ ו א ל : ס'ווייזט אויס, אַז דו האָסט וועגן אים גאַרנישט קיין שלעכ־
טע מיינונג... נו, און ווי־אַזוי האָט ער געלערנט?...

ע ו ז י א ל : ער האָט נישט שלעכט געלערנט און האָט זיך אַפילו אָנגע־
אייגנט די אומנות פון שרייבן, אָבער ביי דעם אַלעמען איז ער נישט
געווען קיין ריכטיקער מענטש פונעם בוך. אים איז בעסער געפעלן

געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין פאַרשיידענע געניטונגען, וואָס דאָס יונגוואַרג פלעגט איינאָרדענען. ער איז געווען אַ גוטער וועטלויפער, אַ געניטער שפּרינגער און אַ גאַנץ פלינקער פויסטן־קעמפער. אָבער מער פון אַלץ האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין שפּיז־וואַרפן. מיר פלעגן מאַכן שווערע שפּיזן פון האָלץ, וועלכע קיינער האָט נישט געקענט וואַרפן אַזוי ווייט ווי ער. דאָ איז אים שוין בייגעשטאַנען אויך דער גרויסער כוח וואָס ער האָט פאַרמאָגט. דאַקעגן איז ער געווען אַ גאַנץ שוואַכער שליידערער־וואַרפער. אָט־דאָס לייכטע און נישט־אָנזעעוודיקע כלי־זינדל איז טאַקע געווען צו לייכט פאַר זיינע מאַסיווע הענט און קיין גוטער צילער איז ער אויך נישט געווען.

ש מ ו א ל : אַרום־און־אַרום איז ער הפּנים געווען אַ גאַנץ וואוילער בחור, דער חבר דיינער. (קורצע פויזע.) זאָג נאָר, אבימלך, און וואָס נאָך פאַר אַ ידיעות האָבן געבראַכט די בני־הנביאים וועגן זיין היים און וועגן די פאַרלוירענע אייזלען?

א ב י מ ל ך : זיי האָבן די צוויי מענער געטראָפן אויף זייער וועג פון דאַנען קיין גבעה בשעת יענע האָבן אומעטום גענישטערט און גע־זוכט די אייזלען. ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין גבעה, האָט מען שוין די אייזלען געהאַט אָפּגעפונען אין אַן אַנדערער ריכטונג, אָבער שאולס פאָטער איז שוין דעמאָלט געווען באַזאָרגט צוליב זיין זון און דינסט־יונג. האָבן זיי אים מודיע געווען, אַז זיי האָבן די יונגע־לייט געטראָפן געזונטע און שטאַרקע, גייענדיק קיין רמה. דערנאָך האָבן זיי זיך באַלד אומגעקערט אַהער מיט אַן אַנדערן זייטיקן שטעג, בכדי צו באַריכטן וואָס זיי האָבן געזען און געהערט. אויך וועגן שאולס היים דערציילן זיי בלויז גוטס. זיינע עלטערן זענען פאַר־מעגלעכע גוט־באַזיצערס און דערביי גוטע, אָרנטלעכע, ערלעכע און פרומע לייט.

ש מ ו א ל : (צופרידן) אָט־די בני־הנביאים פאַרדינען אַן אויסצייכענונג און אַ באַלוינונג! זיי האָבן זייער אויפגאַבע גוט דורכגעפירט! איצט לאָזט מיך דאָ אַליין און שיקט מיר אַרויף דעם יונגן שאול בן קיש. (אַלע גייען אָפּ) אויב עס איז טאַקע אינגאַנצן ריכטיק דאָס אַלץ,

וואָס איך האָב דאָ געהערט, איז אָט־דער יונגערמאַן שאול אַ קאַנ־דידאַט אויף מלך פון ישראל, וועלכער וואָלט מיר געוועזן זייער שטאַרק צום האַרצן. (קורצע פויזע) אָבער מען טאָר זיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן אויף יענעמס מיינונג... מען דאַרף אַלייןריידן מיט אים און דערגיין וואָס פאַר אַ מין „פויגל" דאָס איז. עס זענען פאַ־ראַנען אַזעלכע „פייגל" וואָס פאַרבלענדן מיט זייערע שיינע פיל־פאַרביקע פעדערן, אָדער מיט זייער אנגענעמען געזאַנג, אָבער פליען קענען זיי נישט. און עס זענען פאַראַנען אַזעלכע, וואָס זענען נישט־אָנזעעוודיק און באַשיידן, אָבער זיי זענען אויסגעצייכנטע פליערס און נעסטן־בויערס און שפּייזערס פון זייערע עופהלעך. מען דאַרף מיט אים זיך דורכריידן, אים אויפמערקזאַם באַטראַכטן, זיך באַמיען אַריינצודרינגען אַביסל טיפער אין זיין תוך און זיך איבערצייגן און פאַרזיכערן צי נאַרט נישט אַמאָל אָפּ די אויסערלעכקייט... די פאַר־שוויגענע, שווערמוטיקע און פאַרטיפטע אין זיך אַליין איז אַמ־שווערסטן דורכצודרינגען — דאָס ווייס איך דאָך שוין נישט פון היינט... וועל איך טאַקע דאַרפן זיין זייער פאַרזיכטיק מיט דעם בחור...

שאול: (קומט אַרויף מיט די טרעפּ לינקס און בלייבט שטיין אומ־דרייסט.) פרידן צו דיר, מיין נביא און האַר, מנהיג פון די קינדער פון ישראל!

שמואל: אין פרידן און אין גליק זאָלסטו לעבן, מיין זון! קום נענ־טער און זעץ דיך דאָ אַנטקעגנאיבער, וועלן מיר שמועסן אַביסל.

שאול: איך דאַנק דיר, הייליקער מאַן! איך וויל נישט צונעמען ביי דיר צופיל צייט, ווייל איך האָב געהערט, אַז דו ביסט היינט זייער שטאַרק פאַרנומען. איך האָב בלויז געוואָלט פרעגן דיין עצה וועגן...

שמואל: איך ווייס שוין... וועגן די אייזלען וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען ביי דיין פאָטער צוריק מיט דריי טעג... טאָ זיי ווייס, אַז די סטאַדע האָט זיך שוין אָפּגעפונען און דיין פאָטער האָט זיך שוין באַרואיקט, נאָכדעם ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט קיין שאָדן נישט געליטן.

ש א ו ל : די סטאַדע האָט זיך אָפּגעפונען... געלויבט איז דער אייבער־שטער האַר פון דער וועלט דערפאַר, וואָס מיר האָבן קיין שאָדן נישט געליטן!...

ש מ ו א ל : איר האָט זיך עס, ווייזט אויס, גענומען זייער שטאַרק צום האַרצן דעם מעגלעכן שאָדן... וואָס־זשע? איר זענט טאַקע אַזוי קאַרג?... און איר זענט דאָך פאַרמעגלעכע, אָדער טאַקע גאַנץ רייכע מענטשן...

ש א ו ל : מיר זענען נישט קיין קאַרגע לייט, מיין האַר, נישט מיין ווירדיקער פאָטער קיש און נישט איך, זיין זון. מיר העלפן מיטן גאַנצן האַרצן אַ פאַראָרעמטן קרוב און אַפילו אַ קנעכט, וואָס מיר באַפרייען, לאָזן מיר נישט אַרויס ליידיק. אָבער נישט קוקנדיק אויף אונדזער פאַרמעגלעכקייט לעבן מיר בשום אופן נישט אין איבערגעטריבענעם וואוילטאָג און מיר אַרבעטן אויך היינט נאָך, שווער און ביטער אויף דעם גוטס וואָס מיר פאַרמאָגן. אַלס אַרבעטס־מענטשן איז אונדז אָבער בשום אופן נישט ניחא צו פאַרלירן עפּעס, אַפילו אַ זאַך וואָס האָט נישט קיין גאַר גרויסן ווערט, אָן אַ פאַרשטענדלעכער און באַרעכטיקטער סיבה. (קורצע פויזע.) נו, איך האָב מיך שוין מסתמא דאָ צו לאַנג פאַרהאַלטן. דאַנק איך דיר, מיין האַר, פון טיפן האַרצן פאַר דער גוטער ידיעה, און איצט וועל איך מיך אומפאַרזאַמט לאָזן צוריק אַהיים.

ש מ ו א ל : (מיט אַ צופרידענעם שמייכל.) דו דאַרפסט זיך נישט אַזוי שטאַרק איילן, מיין זון. צו דיין פאָטער איז שוין אָנגעזאָגט געוואָרן דורך די בני־הנביאים, אַז דו מיט דיין דינסט־יונג זענט געזונט און שטאַרק און איר געפינט זיך אין רמה (שאול קוקט אים אָן פאַרוואונדערט). בלייבט דאָ איבער נאַכט, וועט איר אייך אויסרוען פון דעם לאַנגן וועג און פון דער שווערער זוכעניש. אויסערדעם האָב איך היינט געסט צום אָוונטמאָלצייט און איך פאַרבעט דיך צו עסן מיט אונדז אינאיינעם. איצטער זעץ דיך! איך האָב מיט דיר צו ריידן וועגן אַ וויכטיקן ענין.

ש א ו ל : (זעצט זיך אומדרייסט און צעגערנדיק) דו טוסט מיר באמת אָן צופיל כבוד, מיין נביא און האַר... וועֶר בין איך?...

ש מ ו א ל : דו האָסט מן הסתם געהערט, מיין זון, אַז דאָס פאָלק פון ישראל פאָדערט איצט פאַר זיך אַ מלך. וואָס־זשע איז דיין מיינונג וועגן דעם?...

ש או ל : איך האַלט, אַז דאָס איז אומנויטיק און איבעריק, ווייניקסטנס אין דער איצטיקער תקופה, און אויסער־דעם איז עס עלול אַרייַנצוטראָגן שטרייטיקייטן און אפשר גאָר שנאה־קנאה צווישן די שבטים, ווייל יעדער איינער פון זיי וועט וועלן אַז דער מלך זאָל אויסגעקליבן ווערן פון זייער מיט.

ש מ ו א ל : פאַרוואָס מיינסטו, אַז אַ מלך פאַר ישראל איז איצט אומ־נויטיק און איבעריק?...

ש א ו ל : ס׳קען זיין, אַז איך בין באַאייַנפלוסט געוואָרן נאָך אין דער יוגנט, אין דער שולע, דורך מיין לערער, דעם נביא, קעגן דער ממשלה פון אַ מלך אין ישראל. אָבער איך האָב אויך אַ שכלדיקע סיבה פאַר דעם. צו־וואָס דאַרפן מיר האָבן אַ מלך, אַז מיר זענען גאָרנישט קיין קריגעריש פאָלק און מיר האָבן בשום אופן נישט בדעה אָנצופאַלן אויף אַנדערע פעלקער, אָדער שבטים, און צו פאַרנעמען זייער ערד. אָט האָבן מיר, נאָך אַזויפיל דורות, נאָך נישט איינגענומען אינגאַנצן דאָס לאַנד וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן פון יהוה, אונדזער גאָט, צו אונדזערע אבות. אויף צו פאַרטיידיקן זיך קעגן די צופעליקע און גאַנץ זעלטענע אָנפאַלן פון די שכנים, זענען גענוג אונדזערע איצ־טיקע מיליטערישע אָנפירערס און די פאַרוואַלטונג פונעם לאַנד קען גאָרנישט ליגן אין קיין בעסערע הענט ווי די וואו זי געפינט זיך איצט, אין די הענט פון די נביאים.

ש מ ו א ל : (באַשייַנפערלעך צופרידן) מען האָט מיר געזאָגט וועגן דיר, מיין זון, אַז דו ביסט אַ צוריקגעצויגענער מענטש, אַ שווייגער, אַ פאַרטועגער מיט זיך אַליין און אַ שווערמוטיקער. בין איך צופרידן זיך צו איבערצייגן, אַז דאָס איז נישט אינגאַנצן ריכטיק. ווי איך זע, ביסטו טאַקע ווייט פון צו זיין סתם אַ פלאַפלער, אָבער דו רעדסט

גאַנץ שכלדיק און קלאָר וועגן וויכטיקע פאָלקס־ענינים, וועלכע דו באַנעמסט געווענט טיף און אויך ברייט. פון דעם בין איך באמת זייער שטאַרק צופרידן. (קורצע פויזע.) כאָטש איך בין אוודאי מסכים מיט דיר, ווייס איך אָבער אַז לאַנג זיך אַנטקעגנשטעלן דעם פאָלקס־ווילן וועט נישט מעגלעך זיין און אויב מען וועט שוין דאַרפן באַשטימען אַ מלך איבערן פאָלק, וואָלט איך זייער נישט געוואָלט ער זאָל זיין סתם אַ גיבור חייל, וואָס זאָל קענען שלאָגן די שונאים, אָבער ער זאָל לחלוטין נישט פאַרשטיין די העכערע ענינים פון אונדזער פאָלק און די נישט לייכט פאַרשטענדלעכע דרכים און פניות פון אונדזער האַר יהוה. איך וואָלט מיר געוואונטשן אַזאַ מאַן ווי דו פאַר אַ מלך איבערן פאָלק ישראל, וואָס איז אַ גוטער קריגער, ווי איך האָב געהערט, און אויך אַ מענטש פון גייסט. — וואָלסטו מסכים געווען צו ווערן מלך?...

ש א ו ל : (פאַרוואונדערט) איך?... ווי קום איך צו דעם?... איך בין אַ פשוטער ערד־אַרבעטער און איך פאַרשטיי נישט יענע חכמות, וואָס זענען נייטיק בכדי צו רעגירן, אויסצוגלייכן די אַנטקעגנגעזעצטע שטרעבונגען און פניות פון פאַרשיידענע מענטשן. איך בין גליקלעך ווען איך פיר אַן מיין אַקעראייזן, ווען איך היט אָפּ מיין סטאַדע שאָף, אָבער פאַר אַ מלוכה? זיין אַ פאַסטוך פון אַ פאָלק? דאָס וועל איך נישט קענען! דעריבער פיל איך, אַז אויב איך זאָל מיך אונטערנעמען עס צו טאָן — וועט עס מיר ברענגען בלויז אומצופרידנקייט און אפשר גאָר אומגליק. איך בין שטענדיק גרייט צו טאָן מיין פליכט, ווען עס איז נייטיק צו פאַרטיידיקן מיין פאָלק און אים צו דינען, אָבער איך — אַ מלך?... דאָס קען דאָך גאָרנישט זיין...

ש מ ו א ל : עס קען זיין... און עס איז מעגלעך דו זאָלסט מוזן נעמען אויף זיך די אויפגאַבע... דער אַלמעכטיקער גאָט האָט מיר אָנגעוויזן אויף דיר...

ש א ו ל : אָבער... ווי איז דאָס מעגלעך?... איך שטאַם דאָך פון דעם יינגסטן און פון איינעם פון די קלענסטע שבטים פון ישראל... און

מיין משפחה איז ערשט די ייִנגסטע פונעם שבט בנימין... טאָ ווי קום איך?...

ש מ ו א ל : נו, איצט ווען מיר גאָר גאָרנישט באַשליסן, נישט איך און נישט דו. דו וועסט הייַנט זיין מיין גאַסט ביים אָוונטמאָלצייט און מאָרגן וועסטו זיך אומקערן אַהיים ווען דו וועסט וועלן. דו האָסט צייט צו באַטראַכטן דעם ענין... אַלס צייכן, אַז מיינע ווערטער זענען פונעם אַלמעכטיקן גאָט, וויל איך דיר געבן עטלעכע סימנים: ביים קבר פון דער מוטער רחל, אין די גרענעצן פון בנימין, וועסטו טרעפן אויף דיין וועג צוויי מענער, וואָס וועלן דיר איבערגעבן אַז די אייזלען זענען געפונען געוואָרן. דו וועסט גיין ווייטער און אין אלון תבור וועסטו טרעפן דריי מענטשן, וואָס וועלן אויפגיין צו גאָט קיין בית־אל: איינער וועט טראָגן דריי ציגעלעך, דער צווייטער דריי ברויטן און דער דריטער אַ שלויך וויין. זיי וועלן דיך באַגריסן און געבן צוויי ברויטן, וועלכע דו זאָלסט צונעמען. דערנאָך וועסטו אָנקומען קיין גבעת האלהים, וואו עס שטייען די פּלישתּימשע סאָלדאַטן, און דאָרטן וועסטו אָנטרעפן אַ חברה בני־נביאים מיט האַרפן, פּויקן, פייפלען און פידלען, וועלכע וועלן נביאות זאָגן. וועט זיך אויך אויף דיר אַראָפּלאָזן גאָטס גייסט, דו וועסט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנדערן און וועסט אויך אָנהייבן נביאות צו זאָגן. נאָך דעם אַלעמען וועסטו אַראָפּנידערן קיין גלגל, וואוהין איך וועל קומען ברענגען קרבנות. דאָרטן וועסטו וואַרטן אויף מיר זיבן טעג, ביז איך וועל דיר מודיע זיין וואָס דו דאַרפסט טאָן.

ש א ו ל : איך האָב גוט געהערט דיינע ווערטער, נביא שמואל, און איך וועל טאָן אַזוי ווי דו הייסט מיר. איצט וועל איך, מיט דיין דערלויבעניש, אַראָפּגיין אונטן און מער נישט צונעמען ביי דיר דיין צייט.

ש מ ו א ל : גיי, מיין זון, אין פרידן און זאָג מיין הויזדינער גדעון ער זאָל אַרויפשיקן אַהער דעם נביא אבימלך. אין אָוונט קום צום עסן. (שאול אָפּ) איך דאַנק דיר, אַלמעכטיקער גאָט, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט דעם ריכטיקן מאַן!

א ב י מ ל ך : (קומט אַרויף פון לינקס) האָסט מיך געשיקט רופן, נביא שמואל?

ש מ ו א ל : יאָ, מיין פריינט. איך בעט דיך זאָלסט אומפּאַרזאַמט אַרויסשיקן אַ גרופּע פון די בני־הנביאים אויפן וועג וואָס עס וועט מאָרגן דורכמאַכן שאול בן קיש און זיי זאָלן דורכפירן די פאָלגנדיקע אויפגאַבן... (בשעת ער רעדט, פאַלט שנעל דער פאָרהאַנג).

# דאָס פערטע בילד

די דעקאָראַציע איז ווי אין ערשטן בילד, בלויז דער לאַנגער טיש איז אָפּגערוקט מער צום הינטערגרונט און ביי די זייטן שטייען צו צוויי טישן פון יעדער זייט. אויף די טישן שטייען אָנגעצונדענע מנורות, צוויי אויפן לאַנגן און צו איינער אויף יעדן זייטיקן טיש. אויך די לאָמפּן אויף די קאָלומנעס זענען אַלע אָנגעצונדן. די טישן זענען באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער און געגרייט מיט מכשירים צום עסן. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף פאַרענדיקן זיך צו וואַשן ביים כיור רעכטס די לעצטע צוויי־דריי פון די יינגערע נביאים און זיי ווישן אָפּ די הענט אינעם האַנטוך, וואָס הענגט דאָרטן. עס זיצן שוין אויסגעזעצט ביים לאַנגן טיש שמואל, אויבנאָן, און די צוועלף עלטערע נביאים. שמואל האַלט אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אויפן טיש און זיין פּנים איז פאַרדעקט מיט די האַנטפלאַכן. ביי זיין רעכטער האַנט איז רעזערווירט אַ ליידיקער פּלאַץ. פון ביידע זייטן, ביי די ערשטע זייטיקע טישן, זיצן די עלטסטע פון די שבטים און פון דער שטאָט רמה. ביי די זייטיקע טישן, מער צום פאָדערגרונט זיצן די צוועלף יינגערע נביאים און אייניקע פון די בני־הנביאים.

ש מ ו א ל : (הייבט אויף דעם קאָפּ און לאָזט אַראָפּ די הענט. פירט זיי־
נע שאַרפע בליקן איבער די טישן און שטעלט זיך אָפּ אויף שאולן, וועלכער זיצט ביים עק טיש צווישן די בני־הנביאים). שאול בן קיש, דאָ נעבן מיר איז פריי אַן אָרט פאַר דיר. קום אַהער און זעץ דיך...

ש א ו ל : ערנווירדיקער נביא שמואל! איך דאַנק דיר פאַרן אויסערגע־
וויינטלעכן כבוד וואָס דו ווילסט מיר צוטיילן, אָבער איך פאַרדין אים נישט. איך בין אַן איינפאַכער מענטש פונעם פאָלק און בין נישט געוואוינט צו זיצן אויבנאָן צווישן די מנהיגים און עלטסטע זיינע. איך פיל מיך זייער גוט דאָ וואו איך זיץ און בין זייער דאַנק־

באַר, וואָס דו האָסט מיך בכלל פאַרבעטן היינט אַהער. טו מיט מיר אַ חסד און דערלויב מיר צו פאַרבלייבן אויף מיין איצטיקן פלאַץ.

שמואל: עס איז ריכטיק, אַז ביז היינט ביסטו געווען אַ פשוטער מענטש פונעם פאָלק, כאָטש אַ זון פון אַ זייער וויכטיקער משפחה פונעם שבט בנימין. אָבער היינט האָט דיך דער ווילן פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט געבראַכט אַהער און אָנגעוויזן אויף דיר ווי אויף איינעם וואָס איז ווערט דערהויבן און אויסגעצייכנט צו ווערן — מוז איך פאָדערן ביי דיר זאָלסט קומען פאַרנעמען דיין פלאַץ נעבן מיר!

שאול: איך מוז בייגן מיין קאָפּ פאַרן העכערן ווילן... (גייט צו אויבנאָן אַ פאַררויטלטער און שעמעוודיקער. ביי די טישן שושקעט מען זיך פאַרוואונדערטע).

שמואל: (נאָכדעם ווי שאול האָט זיך געזעצט) איר, זקנים און עלטס־טע פון ישראל! און איר, חכמים און נביאים פון ישראל! איר האָט דאָ פאַר זיך אַ גיבור חייל פון ישראל, וועמען דער אַלמעכטיקער גאָט האָט באַשאָנקען נישט נאָר מיט גרויסער קערפּערלעכער קראַפט און מיט אויסערגעוויינטלעכער שיינקייט, נאָר אויך מיט אַ געזונטן גייסט און מיט אַ גלייכן שכל. איך פיל, אַז וועגן אים וועט אַמאָל דאָס פאָלק פון ישראל זינגען לידער און דערציילן לעגענדעס, פונקט אַזוי ווי וועגן די גיבורים שמשון, יפתח און גידעון. איך דערוואַרט פון דיר, שאול בן קיש, אַז דו וועסט גיין אין יהוהס וועגן און אויס־פאָלגן זיינע געבאָטן, בכדי זיין חסד זאָל זיין שטענדיק איבער דיר און דו זאָלסט מצליח זיין אין אַלע דיינע מעשים לטובת דעם פאָלק און פאַר דיין אייגענער טובה וועגן.

שאול: אַזוי זאָל מיר דער האַר יהוה העלפן, ווי איך וועל מיך באַמיען מיט מיין גאַנצן האַרצן און מיט מיין גאַנצער קראַפט צו פאַרדינען זיין גענאָד!

שמואל: זאָל דער האַר יהוה דיר העלפן!... (קורצע פויזע) ווי וואויל זענען דיינע געצעלטן יעקב און דיינע וואוינערטער ישראל! ווי גוט און אנגענעם עס איז צו זיצן אינאיינעם מיט ברידער, ווען עס

הערשט צווישן זיי אייניקייט און פרידן! זאָל אייביק הערשן פרידן צווישן פאָלק ישראל! זאָלן די בני־ישראל תמיד זיין פאַראייניקט אין אחדות, וועלן זיי זיין שטאַרק און מעכטיק!...

א ל ע : אמן סלה!

ש מ ו א ל : לאָמיר לויבן דעם אַלמעכטיקן גאָט, ברידער, איידער מיר וועלן געניסן פון זיינע גאָבן. געלויבט ביסטו האַר, אונדזער גאָט, מלך פון דער וועלט, וועלכער שפייזט און איז מפרנס זיינע באַשעפענישן, פון אַ ווערעמל ביז צום מענטשן!

א ל ע : אמן סלה!

ש מ ו א ל : געלויבט ביסטו האַר, אונדזער גאָט, מלך פון דער וועלט, וועלכער מאַכט וואַקסן ברויט פון דער ערד! (ברעכט אָפּ אַ שטיקל ברויט, טונקט עס אין זאַלץ און פאַרזוכט. אַלע טוען דאָסזעלבע).

א ל ע : אמן סלה!

ש מ ו א ל : געלויבט ביסטו האַר, אונדזער גאָט, מלך פון דער וועלט, וועלכער באַשאַפט די פרוכט פונעם וויינשטאָק! (פאַרזוכט פונעם אָנגעגאָסענעם בעכער ווין).

א ל ע : אמן סלה! (טרינקען אויך פון זייערע בעכערס ווין).

ש מ ו א ל : לאָמיר געדענקען, ברידער, אַז אונדזער טיש איז געגליכן צו אַ מזבח. (גיט אַ פּאַטש מיט די הענט און עס קומען אַריין די הויזדינער. גידעון מיט די דינסטמיידלעך מחלה, דינה, ציפּורה און תמר. זיי טראָגן אויף גרויסע הילצערנע טאַצן טעלערלעך מיט געזאַלצענע פיש, אַליוון און גרינסן, וועלכע זיי טיילן אויס צווישן די געסט. דער עולם עסט און שמועסט אויפגעלייגט, אָבער שטיל. בשעת די באַדינטע ראַמען אָפּ די ליידיקע טעלער) דער צוועק פון איצטיקן מאָלצייט איז, חשובים פון ישראל, צו געזעגענען זיך מיט אייך און צו ווינטשן אייך אַ צאתכם לשלום! מאָרגן וועט איר זיך אומקערן יעדער צו זיין שבט, אין זיין שטאָט און היים. בעט איך אייך צו באַרואיקן דאָס פאָלק און צו פאָדערן ביי אים עס זאָל האָבן געדולד. איך און מיינע חברים פונעם העכסטן נביאים־ראָט האָבן אויפגענו־

מען זיין וואונטש און אַלעס וועט געשען לויטן ווילן פון אונדזער האַר יהוה.

ערשטער זקן: מיר האָבן אויסגעפירט דאָס שליחות פונעם פאָלק, נביא שמואל, און איצט וועלן מיר ברענגען דיין וואָרט צו אונדזערע ברידער, ווי דו פאַרלאַנגסט.

צווייטער זקן: מיר האָפן און גלויבן, אַז דו האָסט נישט קיין פאַראיבל און קיין פאַרדראָס אויף קיינעם פון אונדז און אויך נישט אויפן פאָלק, וואָס האָט אונדז געשיקט אַהער. קיינער האָט נישט געהאַט קיין זינדיקע כוונות דערביי, נישט חלילה קעגן אונדזער האַר יהוה און נישט קעגן דיר, אונדזער נביא און מנהיג, אָבער מיר זענען מחויב צו זאָרגן פאַר דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק און לאַנד.

שמואל: איר זאָרגט פאַר דער צוקונפט אויף אייער שטייגער און איך האָב נישט קיין פאַראיבל און קיין פאַרדראָס אויף קיינעם. קען מען דען האָבן פאַראיבל און פאַרדראָס אויף אַ בוים, למשל, וואָס וויל דווקא וואַקסן צעקרימט און צעדרייט?... מען מוז בלויז זיך אָנ־שטרענגען מיט אַלע כוחות צו מאַכן אים וואַקסן גלייך. מען מוז אים אונטערשפּאַרן, און אויפריכטן און, אויב דאָס איז נייטיק, מוז מען אַפילו אָפּשניידן אַ פאַרעקשנטע צווייג וואָס וויל דווקא וואַקסן אין דער קרום... (גידעון האָט אַוועקגעשטעלט פאַר שמואלן אַ בעקן מיט פלייש און ער האָט צוערשט צוגעטיילט אַ חלק עמרמען, וואָס זיצט ביי זיין לינקער האַנט, דערנאָך האָט ער אַרויפגעלייגט אויף שאולס טעלער אַ שטיק דיך און אַ פעט שטיק שעפּסענער עק, חלקים וואָס ווערן געוויינטלעך צוגעטיילט די געסט וואָס מען וויל מכבד זיין, און ערשט דאַן האָט ער גענומען אַ חלק אויך פאַר זיך. גידעון האָט אַוועקגענומען דעם בעקן און אים דערלאַנגט ווייטער. אויך די דינסטמיידלעך האָבן דערוויל אויסגעטיילט צווישן די געסט אָנגעשניטענע שטיקער פלייש. דער עולם עסט, פאַרטרינקט מיט וויין און רעדט צווישן זיך האַלב־שטיל).

עוזיאל: (צו אלעזרן, וואָס זיצט נעבן אים ביים עק פונעם אָמ־

מיינסטנס אַרויסגערוקטן זייטיקן טיש רעכטס.) זעסט ווי דער נביא שמואל איז אַזוי שטאַרק מכבד דעם יונגן שאול בן קיש?... איך קען דעם יונגנמאַן און מיר דאַכט זיך, אַז דער אַלטער איבערטרייבט אַביסל מיט אים. אַט האָט ער געגעבן דאָס בעסטע חלק פון דער דיך און פון דער אליה נישט עמרמען, ווי עס וואָלט געווען זיך געפּאַסט, נאָר דווקא שאולן, דעם ייִנגסטן און ווייניקער וויכטיקן פון אַלעמען.

אלעזר: דער אַלטער טוט עס זיכער נישט אָן אַ כוונה... ער האָט דאָך פריער קלאָר געזאָגט, אַז שאול איז ווערט אויסגעצייכנט און דער־הויבן צו ווערן. מסתמא מיינט ער אים צו באַשטימען פאַר מלך אי־בער ישראל... (ריידן ווייטער שטיל צווישן זיך).

ערשטער פון די בני־הנביאים: (צו זיין חבר, וואָס זיצט מיט אים אינאיינעם פאַרנט ביים עקסטן טיש לינקס) איצט איז מיר שוין קלאָר פאַרוואָס עס איז היינט אַזוי דרינגנדיק אַרויסגע־שיקט געוואָרן קיין גבעה אַ גרופּע פון אונדזערע מענטשן. דאָס האָט זיכער עפּעס אַ שייכות צו שאול בן קישן און צו די כיבודים וואָס ווערן אים דאָ איצט צוגעטיילט מיט אַזאַ פולער האַנט...

צווייטער פון די בני־הנביאים: דו וואָלסט זיך שוין געווען באַדאַרפט כאַפּן פריער אַביסל... מיר, וואָס זענען גע־וואוינט אַלץ צו הערן און צו זען און אויך צו באַגרייפן און אויס־טייטשן, באַדאַרפן קענען אַזעלכע זאַכן אויפכאַפּן און באַמערקן אין פלוג. דער אַלטער האָט זיכער געוויסע כוונות מיט שאולן (זעצן פאַר דעם שמועס שטיל).

שמואל: (בשעת די דינערשאַפט ראַמט אָפּ די ליידיקע טעלער און דערלאַנגט וואַזעס מיט פרישע און געטריקנטע פרוכטן) שאול, מיין זון, מיר האָבן היינט געגעסן און געטרונקען ביי דעמזעלבן טיש און דאָס איז אַזאַ מין אופן פון שליסן פריינטשאַפט. (קורצע פּויזע) היינט האָבן זיך אונדזערע וועגן צונויפגעטראָפן צופעליק, וואונדער־לעך און גורלדיק. אויב דו וועסט וועלן פאַרשטיין און זיין בכוח דורכצודרינגען די כוונות פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט, וועלן מיר קענען גיין ווייטער אויף דעמזעלבן וועג לטובת אונדזער פאָלק.

שׂ א ו ל: (צעגערנדיק) איך וויל גיין אויף דיין וועג, וועלכער איז, ווי איך פאַרשטיי, דער וועג וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פון אונדזער האַר יהוה. אָבער צי וועל איך עס קענען באַווייזן?... מיין האַרץ צאַפּלט זיך פון אומזיכערקייט... איך בין שטענדיק געווען פריי אין די גערטנער, פעלדער און וועלדער פון אונדזער באַזיץ... איך האָב תמיד איינגעשפּאַנט אין יאָך מיינע אָקסן און אייזלען און שטענ־דיק האָב איך געמאָנט אַ חשבון פון דעם וואָס זיי האָבן געטאָן ביי מיינע דינסט־יונגען און קנעכט, אָבער איך אַליין בין געווען פריי... איך דין אין פרומקייט צו אונדזער גאָט און בין געבונדן צו זיינע געבאָטן, אָבער צווישן מענטשן בין איך תמיד געווען פריי און אומ־אָפּהענגיק...

ש מ ו א ל: מען דאַרף נעמען אויף זיך, מיין זון, דעם עול צו דיגען נישט־נאָר אונדזער גאָט, נאָר אויך אונדזער פאָלק... (פּויזע.) זקנים און עלטסטע פון ישראל! אונדזער ברידערלעכער מאַלצייט גרייכט שוין צו זיין סוף און איידער מיר וועלן דאַנקען אונדזער אַלמעכ־טיקן גאָט פאַר דער שפּייז, וואָס מיר האָבן פאַרצערט, וויל איך אייך ווינטשן אַ גוטן און גרינגן צוריקוועג אַהיים. זאָל שטענדיק הערשן אין אייערע היימען, דערפרייד און שטעט, גליק און פרידן! איר וועט הערן פון מיר אין דער ריכטיקער צייט. (קורצע פּויזע.) איצט לאָ־מיר בענטשן: געבענטשט און געלויבט ביסטו, אונדזער גאָט, באַשע־פער און האַר פון דער וועלט פאַר אַלדאָס גוטע וואָס דו טוסט צו אונדז! (אַלע זאָגן נאָך) — דו האָסט אין דיין חכמה באַשאַפן אַלע פלאַנצן און געוויקסן און אַלע לעבעדיקע וועזנס, וועלכע לעבן אויף דער ערד, אין די וואַסערן און אין דער לופטן! (אַלע זאָגן נאָך) ווי אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער שפּייזסטו אַלע דיינע באַשעפענישן פון גרויס ביז קליין, דעם לויתן, דעם העלפאַנט, דעם לייב, דעם אָדלער, דאָס ווערעמל און דאָס פליגעלע! (אַלע זאָגן נאָך) פאַר דיינע אויס־דערוויילטע מענטשנקינדער האָסטו צוגעגרייט מכל טוב צו דער־האַלטן זייער לעבן, צו שפּייזן זיי און צו געבן זיי כוחות! (אַלע זאָגן נאָך) דאַנקען מיר דיר און מיר לויבן דיך פאַר די זאַטע מתנות וואָס

דו האָסט אונדז געגעבן היינט און וואָס דו גיסט אונדז יעדן טאָג, האָר פון דער וועלט, און אויך דערפאַר, וואָס דו העלפסט אונדז, ווי אַ געטרייער פּאַסטוך, קעגן אַלע אונדזערע שונאים! (אַלע זאָגן נאָך) לאָמיר דעריבער לויבן גאָט מיטן גאַנצן האַרצן, הללויה! הללויה! (אַלע זאָגן נאָך. שמואל שטייט אויף, דערלאַנגט די רעכטע האַנט שאולן און מיט דער לינקער נעמט ער אים פריינטלעך אַרום. אַלע שטייען אויף פון די טישן און מען געזעגנט זיך, גייענדיק צום הינ־טערגרונט. ווען אַלע זיינען שוין אַרויסגעגאַנגען, נעמען זיך גידעון מיט די מיידלעך אַפּצוראַמען פון די טישן).

צ י פּ ו ר ה : ער איז הפּנים דער אמתער חשוב, יענער שיינער מאַן, וואָס מיר האָבן היינט געטראָפן, גייענדיק צום קוואַל. איר האָט געזען וואָס פאַראַ גרויסע כיבודים דער אַלטער נביא האָט אים אָנגעטון?...

ת מ ר : אוודאי, ער האָט אים אָוועקגעזעצט אויבנאָן, נעבן זיך, ביי זיין רעכטער האַנט, און ער האָט אים צוגעטיילט די בעסטע חלקים פון די עסנס. אויסערדעם האָט ער אים איינפאַך געלויבט פאַר אַלעמען.

ג י ד ע ו ן : ביז ער איז געקומען אַהערצו, היינט פאַרנאַכט, איז ער גאָר נישט געווען קיין גרויסער חשוב. אָבער דער אַלטער נביא שמואל וויל, ווייזט אויס, אים מאַכן איצט פאַר איינעם פון די גרעסטע חשובים פון ישראל. ער האָט מיט אים געהאַט אַ גאַנץ לאַנגן גע־שפּרעך אויף דער טעראַסע און דערנאָך האָט ער באַפוילן אים צו געבן דאָס בעסטע גאַסט־צימער צום נעכטיקן. דאָס און די אויפנאַ־מע ביים טיש, וויל עפּעס זאָגן פאַר די וואָס פאַרשטייען אַן עסק...

מ ח ל ה : איר רעדט נאָר וועגן דעם יונגן האַר און וועגן דעם יונג זיי־נעם, וואָס איז געקומען מיט אים צוזאַמען, דערמאָנט איר אַפילו קיין איין וואָרט נישט...

צ י פּ ו ר ה : וואָס איז דאָ פאַראַנען צו ריידן וועגן דעם דינסט־יונג. ער איז נישט בעסער פון אַנדערע, אויב נישט ערגער. קיין שיינער איז ער זיכער נישט.

ת מ ר : ער איז בלויז נישט קיין שיינער, זאָגסטו?... ער זעט ממש אויס ווי אַ לץ...

מ ח ל ה : וואָס ווייסט איר, נאַרישע קעלבעלעך?... איר קוקט זיך איין אינעם ליימענעם קריגל, אָבער וואָס פאַר אַ טייערער ווײַן עס איז פאַראַנען אינעווייניק, הייבט איר אַפילו נישט אָן צו וויסן...

ד י נ ה : (נייגעריק) דערציייל אָקאָרשט, מחלה, וועגן אים. איך האָב געזען, אַז דו האָסט גערעדט מיט אים אַ לענגערע צייט...

מ ח ל ה : יאָ, איך האָב טאַקע געשמועסט מיט אים אַ גאַנץ לאַנגע צייט און איך האָב מיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ גוטער, קלוגער, ערנס־טער און אונטערנעמערישער בחור. טאָמער איז ער נישט אַזוי יונג און שיין, זענען דאָס זייער ווייניק וויכטיקע חסרונות.

צ י פ ו ר ה : איך זע שוין, אַז דו ביסט אין אים גאַנץ גוט פאַרקאָכט, מחלה, מיינט ער עס טאַקע מיט דיר אויף אַן אמת?...

מ ח ל ה : (פריילעך און צופרידן) ער האָט מיר פאַרגעלייגט איך זאָל ווערן זיין כלה און איך האָב מסכים געווען אויף דעם.

ד י נ ה : זעסט שוין, מחלה טייערע, איך האָב דיר היינט אין דער פרי געוואונטשן דו זאָלסט גאָר אינגיכן באַקומען דיין באַשערטן און שוין איז עס מקוים געוואָרן.

מ ח ל ה : ריכטיק, מיין טייבעלע, האָסט מיר גוט צוגעוואונטשן און עס איז גיך מקוים געוואָרן. דאַנק איך דיר טאַקע דערפאַר פונעם גאַנצן האַרצן!

ג י ד ע ו ן : זעט איר שוין! זעט איר שוין! מיין קליינע שיינע דינה שניידט זיך שוין אויף אַ מין דבורה הנביאה. אוודאי, אַז מען דינט פון קליינוווייז אָן אין הויז פון אַ נביא...

ד י נ ה : חוזק נישט פון מיר, דו שלעכטער גידעון...

ת מ ר : לאָמיר בעסער ריידן פון תכלית. ווען־זשע וועט זיין די חתונה?...

מ ח ל ה : יורם האָט מיר געזאָגט, אַז ביז פרילינג וועט ער זיך באַפרייען פון זיין דינסט־שטעלע און דעמאָלט וועט ער קומען אַהער שטעלן אַ חופה.

צ י פ ו ר ה : נו, איר מאַכט עס טאַקע גאַנץ שנעל. און פון וואָס וועט איר לעבן נאָך דער חתונה?...

מ ח ל ה : מיר האָבן שוין אַלץ געננוי באַטראַכט און אָפּגעמאַכט. ביידע

האָבן מיר אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט, וועלן מיר דאָ עפּענען אַ פיינע אכסניה פאַר רייכערע מענטשן. איר ווייסט דאָך, אַז איך קען אויס־געצייכנט קאָכן און יורם איז אַ פריילעכמאַכער און אַ זינגער, וועלן דאָס זיין מעלות פאַר אונדזער אונטערנעמונג. און קיין רמה קומען דאָך שטענדיק אַ סך וויכטיקע לייט צום נביא שמואל, אַ טייל פון וועלכע קענען מיך, וועלן קיין געסט נישט פעלן און עס וועט זיין ביי אונדז שפע.

גידעון און די דריי מיידלעך: ס׳וועט זיין שפע, מחלה, און מיר ווינטשן דיר ס׳זאָל זיין אַ גוט צוזאַמענלעבן און אַ סך קינדערלעך אויך.

מחלה: איך דאַנק אייך פאַר די גוטע וואונטשן. מיר איז היינט גוט אויפן האַרצן, האָב איך צונויפגעשטעלט אַ לידל מיט אַ ניגון. הערט עס אויס.

ציפורה: האָסט זיך פאַרקוקט אויף דיין חתן און אויך געמאַכט אַ לידל, דאָס איז זייער פיין און עס באַווייזט, אַז איר פּאַסט זיך טאַקע איינס צום אַנדערן, איר וועט זיין גליקלעך...

דינה: זינג, מחלה טייערע, איך וועל דיך הערן.

גידעון: זינג טאַקע, זינג! אַלע וועלן מיר דיך גערן אויסהערן!...

מחלה: (זינגט):

עס איז ווידער פריילעך מיין האַרץ
און הייטער מיין געמיט.
כ׳האָב פאַרטריבן דעם אומעט
און מיין פרייד האָט זיך צעבליט.

ס׳איז געקומען מיין באַשערטער
און ער האָט מיך באַגליקט,
אומגעריכטערהייט, פון ווייטן,
האָט גאָט אַליין אים צוגעשיקט.

איך וועל מער נישט זיין פאַרשעמט,
נאָר גלייך מיט אַלע פרויען

א. א. פ י ש ע ר

וועל איך האָבן אַ באַשיצער —
וועמען צו גלויבן און געטרויען.

דאַנק איך דיר, מיין גרויסער גאָט,
און לויב דיך זייער פיל,
וואָס דו האָסט מיט דיין גענאָד
מיך געבראַכט צום ציל!

אַ ל ע : זייער גוט! אויסגעצייכנט! (פּאַטשן מיט די הענט).

(פאָרהאַנג).

## דאָס פינפטע בילד

אין הינטערגרונט, אויף אַ גרין־באַוואקסן בערגל, די געצאַקטע שטאָט־מויער פון גבעה, געמאַכט פון גרויסע נישט באַאַרבעטע שטיינער. כמעט אויף רעכטס אַ נישט גרויסער טויער, פון וועלכן עס פירט אַראָפּ אַ וועג וואָס צעטיילט זיך אונטן אויף רעכטס און אויף לינקס. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, קומען אַן פון לינקס שאול און יורם און זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע.

יורם: אָט זענען מיר שוין אָנגעקומען צו אונדזער שטאָט און היים, יונגער האַר שאול, און אויפן גאַנצן וועג ביסטו געווען שווײַגזאַם און פאַרטיפט אין געדאַנקען און האָסט צו מיר כמעט קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

שאול: זײַ מיר מוחל, יורם, דער אַלטער נביא שמואל האָט אין מײַן נשמה, וואָס איז געווען געגליכן צו אַ רואיקער אָזערע באַגאָסן מיט זונענשײַן, אַרײַנגעוואָרפן עטלעכע ווערטער, וועלכע זענען דאָרטן אַרײַנגעפאַלן ווי שטיינער און זיי האָבן צערונצלט די אויבערפלאַך מיט קרײַזן כוואַליעס און אויפגערודערט אויף דעם גרונט. איך בין דעם גאַנצן וועג געגאַנגען און האָב מיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך אויפנעמען דעם נביאס ווערטער און אים פאָלגן, צי זאָל איך, פאַרקערט, זיי אָפּשטויסן פון זיך און דערווײַטערן. דער שכל האָט מיר אונטערגעזאָגט איך זאָל זיך אײַנהערן אין די ווערטער, ווײַל זיי באַהאַלטן אין זיך גרויסקייט און באַרימטקייט, כבוד, רײַכקייט און מאַכט. אָבער דאָס האַרץ האָט זיך געצאַפּלט און נישט געוואָלט צולאָזן די ווערטער, ווײַל עס האָט געפילט בחוש אַז עס איז פאַרבאָרגן אין זיי זאָרג, קומער און שווערקייט און אפשר טאַקע אומגליק ממש. איך, אַ מענטש פון אַקער און סטאַדע, אַ זאָרגלאָזער

תמים־דעה, בין מיטאַמאָל אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אומזיכערקייט און צווייפל, און נאָך איידער עפּעס איז געשען, איז מיר שוין אַוועק געטריבט געוואָרן מיין רו.

יורם: קענסט מיר אפשר זאָגן, מיין האַר, וואָס עס באַדריקט דיך אַזוי? אפשר וועל איך קענען אַוועקנעמען ביי דיר אַ טייל פון דיין לאַסט... אפשר וועל איך קענען דיר געבן עפּעס אַ גוטע עצה...

שאול: עס איז נאָך פריצייטיק צו ריידן וועגן דעם מיט אַ צווייטן, אַפילו ווען דאָס זאָל זיין אַ נאָענטער קרוב, אָדער פריינט. אויסער־דעם איז עס אַ גורל־זאַך, וועגן וועלכער עס מוז באַשליסן דער נוגע־בדבר אַליין.

יורם: אַ שאָד, אַ שאָד! איך האָב געמיינט דיר צו קענען לייכטער מאַכן... נו, און אויסערדעם האָב איך טאַקע געהאַט דיר עפּעס צו דערציילן, טאַקע עפּעס וויכטיקס און דווקא פריילעכס. דעם גאַנצן וועג האָב איך נישט געהאַט קיין מוט און האַרץ דיך צו שטערן, אָבער איצט איז שוין די זעכסטע צייט. אַט זענען מיר דאָך שוין אָנגעקומען... (אין דעמזעלבן מאָמענט גייען אַרויס מיט אַ ליאַרעם פון שטאָט־טויער אַ חברה בני־הנביאים מיט לירעס, האַרפן, פּויקן פייפלען און פידלען און זיי שטעלן זיך דאָרטן אָפּ).

בני־הנביאים: (שפּילן, זינגען און טאַנצן):

בני־הנביאים זענען מיר,
אַ חברה וואַנדערפייגל פרייע,
איבער וועגן־שטעגן גייען מיר
לוסטיק, פריילעך — אַ מחיה...

לידער ערנסט און שטיפעריש
זינגען מיר אַלע אינאיינעם,
אונדזער מוט איז הייטער, פריש,
מיר האָבן נישט מורא פאַר קיינעם.

וואו מען האָט אונדז נישט פאַרזייט
וואַקסן מיר אויס פּלוצים דאָרט,

און צו נאָענט און צו ווייט
מיר ברענגען צו טראָגן גאָטס וואָרט.

מיר האָבן אויך ליב צו טאָן אַ שטיף
פרעגן אַ רעטעניש, זאָגן שאַרף
וואָס אין עתיד פאַרבאָרגן טיף,
ביים פריילעכן קלאַנג פון דער האַרף.

און דער רעגירונג פון לאַנד
אַריינברענגען העלפן מיר טאַלק.
וואַנדערנדיק נאָכאַנאַנד —
מיר דינען געטריי דעם פאָלק.

לוסטיקע יאָטן מיר זענען
וואָס שלאָפן אונטער הימל־געצעלט;
טרוקן ברויט עסן מיר קענען
און לאַכן זיך אויס פון דער וועלט.

צווישן פאָלק און מיט אים מיר לעבן
און מיר קענען גוט זיין געמיט —
דערפאַר אַ גוטן אויפנעם אונדז געבן
יעדער זיך שטענדיק באַמיט.

בני־הנביאים זענען מיר,
אַ חברה וואַנדערפייגל פרייע,
איבער וועגן־שטעגן גייען מיר —
לוסטיק, פריילעך, אַ מחיה...

(די בני־הנביאים גייען אַראָפּ עטלעכע טריט און נאָך זיי — יונגע־לייט און יינגלעך פון גבעה).

ע ר ש ט ע ר   פ ו ן   ד י   ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : ווער גייט עס דאָרטן אויפן וועג?...

ע ר ש ט ע ר   י ו נ ג ע ר מ א ן : וואָלסט געדאַרפט אַליין וויסן, אויב

דו ביסט אַזוי קלוג און געניט, ווי מען זאָגט וועגן אייך, בני־הנבי־אים...

צווייטער יונגערמאַן: צי זענען די בני־הנביאים טאַקע אַזוי קלוג און געניט, ווי מען זאָגט, דאָס איז נישט דיין דאגה, ווייל דו ביסט עס זיכער נישט... די וואָס קומען אַן דאָרט אונטן זענען שאול בן קיש און זיין דינסט־יונג יורם בן עכן. זיי זענען טאַקע פון אונ־דזער שטאָט גופא.

צווייטער פון די בני־הנביאים: אָ! דאָס זענען דאָך יענע, וואָס זענען געגאַנגען זוכן קישס פאַרלוירענע סטאַדע אייז־לען...

צווייטער יונגערמאַן: ריכטיק! אַזוי איז עס טאַקע! (צום ערשטן יונגערמאַן) זעסטו שוין, חכם איינער, ווי זיי ווייסן אַלץ.

עטלעכע פון די בני־הנביאים: (אין כאָר) שאול בן קיש איז געגאַנגען זוכן אייזלען און געפונען האָט ער אַ קרוין...

ערשטער יונגערמאַן: (אמוגלויביק) אַ קרוין, זאָגט איר? וואָס־זשע פאַר אַ קרוין? פון בלומען צי פון דערנער?...

ערשטער פון די בני־הנביאים: אַ גאָלדענע קרוין פון אַ מלך... אַן אמתע קרוין...

ערשטער יונגערמאַן: אַ גאָלדענע קרוין פון אַ מלך?... אַזעלכע איז דאָך גאָר אין ישראל נישט פאַראַנען!

צווייטער פון די בני־הנביאים: אויב זי איז נאָך נישט פאַראַנען, האַלט מען זי שוין אָבער אין מאַכן... קענסט זיכער זיין, אַז זי וועט פאַרטיק ווערן באַצייטנס — עס מאַכט זי אַ זייער געניטער מאַן... (שאול און יורם גייען דורך די בינע, ביז צום וועג אַרויף צום טויער און די בני־הנביאים מיט די יונגעלייט פון גבעה גייען אַראָפּ מיטן וועג, זיי אַנטקעגן).

ערשטער פון די בני־הנביאים: זייט באַגריסט, שאול בן קיש און אויך דו, יורם בן עכן!

שאול: פון וואַנען קענסטו אונדז און ווער האָט דיר געזאָגט אונ־דזערע נעמען?...

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : מיר קענען דיך פון הערן און דיין נאָמען האָבן אונדז אויסגעזאָגט אָקאָרשט דיינע בני־עיר.

צ ו ו י י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : נישט־נאָר וואָס מיר קענען דיך, נאָר מיר האָבן אַפילו נאָר־וואָס נביאות געזאָגט וועגן דיר. מיר האָבן געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

ע ט ל ע כ ע  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : שאול בן קיש איז געגאַנגען זוכן אייזלען און געפונען האָט ער אַ קרוין... נישט אויף קאַטאָוועס — נישט קיין קרוין פון בלומען און אויך נישט פון קיין דערנער, נאָר אַן אמתע קרוין פון אַ מלך!...

י ו ר ם : וועגן וואָס פאַראַ אויסטערלישע זאַכן רעדט איר דאָ, איר שפּאַס־מאַכערס? איך האָב מיין האַר שאול געטריי באַגלייט אויפן גאַנצן וועג און איך האָב גאָרנישט געהערט וועגן דעם וואָס איר דערציילט דאָ. איך ווייס גאָרנישט פון קיין געפונענער קרוין...

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : אויב אַזוי קומט אויס, אַז מיר זענען נישט־נאָר שפּאַס־מאַכערס און פּלוידערזעק, נאָר אויך פּשוטע ליגנערס!... זאָג־זשע דו, שאול בן קיש, צי זענען מיר טאַקע ליגנערס, צי איז דיין יונג געגאַנגען נעבן דיר אַ טויבער און אַ בלינדער און האָט נישט געהערט און נישט געזען וואָס עס טוט זיך אַרום אים?...

ש א ו ל : נישט איר זענט ליגנער־ס און נישט ער איז אַזוי טויב און בלינד. אייער נביאות־זאָגן איז געגליכן צו אַ געדאַנק, וואָס קומט פאַר דער טאַטע, אָדער, אויב איר ווילט, צו אַ פרוכט וואָס דאַרף ערשט רייף ווערן, אָדער צו אַ קינד, וואָס געפינט זיך נאָך אין דער טראַכט פון זיין מוטער. עס איז נאָך אַ זאַך פון דער צוקונפט, וועלכע קען גע־שען און אויך נישט געשען... אַ ריכטיקע גאָלדענע קרוין פון אַ מלך איז שווער צום טראָגן, ביטער שווער, און עס איז נישט לייכט זיך צו אַנטשליסן זי אָנצוטאָן... אַ ריכטיקע גאָלדענע קרוין פון אַ מלך דריקט זייער שטאַרק נישט־נאָר אויפן קאָפּ פון דעם וואָס טראָגט זי, נאָר אויך אויפן גאַנצן מענטשן און אפשר אויך אויף זיינע קינדער

און קינדס־קינדער, דעריבער שטעלט זיך דאָס האַרץ אַנטקעגן זי אָנצונעמען...

ע ט לע כ ע   י ו נ ג ע ל יי ט: הערט נאָר, הערט, ווי שיין עס קען ריידן אונדזער שאול בן קיש!... — מיר קענען אים נישט פון הייגט און נישט פון נעכטן, אָבער קיינמאָל נאָך האָבן מיר אים נישט געהערט אַזוי ריידן!... — אַז ער איז דאָך גאָר שטענדיק געווען אַזאַ פאַרשלאָסענער און שווייגזאַמער!... — ער איז באַשיינפערלעך געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש!... — ער קען זיך מיט זיין שיינרעדעריי און קלוגשאַפט פאַרגלייכן מיט די בני־הנביאים!... — אפשר איז טאַקע שאול איינער פון צווישן די בני־הנביאים?...

ע ר ש ט ע ר   פ ו ן   ד י   ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: שאול בן קיש! מיר האָבן אויפמערקזאַם אויסגעהערט דיינע רייד און איך דאַרף דיר ענטפערן, אַז וואָס עס וועט געשען אין דער צוקונפט, דאָס וויסן מיר בעסער פון דיר. דו וועסט טראָגן אַ ריכטיקע גאָלדענע קרוין פון אַ מלך אויף דיין קאָפּ!

א ל ע   י ו נ ג ע ל יי ט   פ ו ן   ג ב ע ה: זאָל לעבן שאול בן קיש, אונדזער בן־עיר! — ער וועט ברענגען כבוד אונדזער שטאָט! — ער וועט זיין דער שטאָלץ פונעם שבט בנימין! — ער וועט זיין דער שטאַרקער אָרעם און די מאַכט פון ישראל! — ער וועט אונדז פירן אין די מלחמות און וועט מנצח זיין אַלע אונדזערע שונאים! — זאָל לעבן דער העלדישער זון פון גבעה, שאול בן קיש! —

י ו ר ם: (מאַכט מיט די הענט און באַמיט זיך צו באַרואיקן די יונגע־לייט) זאָל זיין שטיל! שווייגט אַ ווײַלע! באַלד וועט איר זיך איבער־צייגן אויף ווי ווייט עס זענען ריכטיק די רייד פון די בני־הנביאים. אויב זיי וועלן ריכטיק ענטפערן אויף מיינער אַ פראַגע, וועט דאָס זיין אַ באַווייז, אַז מען קען גלויבן זייערע ווערטער, אָבער אויב נישט, זענען זיי פשוטע פּלוידערזעק און ווייטער גאָרנישט! (צו די בני־הנביאים) זאָגט מיר נאָר אָקאָרשט — און וואָס האָב איך גע־פונען, זוכנדיק די אייזלען? לאָמיר זען צי ווייסט איר עס...

ע ר ש ט ע ר   פ ו ן   ד י   ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: וואָס דו האָסט גע־

פונען?... (אין גרויס פאַרלעגנהייט) יעדער איינער מוז דען עפּעס געפינען?... איינער קען געפינען אַ סך און דער אַנדערער גאָרנישט...

יורם: אָבער איך האָב עפּעס געפונען. איך שווער אייך, אַז איך האָב עפּעס געפונען און דווקא נישט קיין קלייניקייט. אָבער קיינער ווייסט עס נישט און איר אויך נישט. זענט איר דעריבער פאַלשע נביאים און מען טאָר אייך נישט גלויבן אויך דאָס וואָס איר האָט נביאות געזאָגט וועגן מיין האַר שאול. ביי מיר איז רעכט צו גלויבן, אַז איר האָט געוואָלט מאַכן אַ שלעכטן שפּאַס מיט מיין האַר. אויב עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז עס איז אַזוי, וועלן מיר, די בחורים פון גבעה און איך, אייך איינמאָל פאַר אַלעמאָל גוט אָנברעכן די ביינער, בכדי עס זאָל אייך פאַרגיין דער חשק אַ צווייט מאָל צו מאַכן אַזעלכע שפּאַסן.

צווייטער פון די בני־הנביאים: (קענטיק צעמישט און אָנגעשראָקן, אָבער חוצפּהדיק, ווי איינער וואָס מאַכט זיך האַרט) מיר קענען בלויז פאַרויסזאָגן וויכטיקע געשעענישן! מוזן מיר דען וויסן וועגן אַלע קלייניקייטן, וואָס טרעפן זיך מיט אַ ליאַדע בחור פון ישראל?... יעדנפאַלס מעגט איר גלויבן, אַז עס איז אונדז נישט איינגעפאַלן אַפילו אין חלום צו מאַכן אַזאַ שפּאַס מיט שאול בן קיש...

יורם: קומט נישט מיט קיין אויסריידן און מיט קיין דריידלעך! ענטפערט אויף דער פראַגע וואָס איך האָב אייך געשטעלט, אויב נישט וועל איך אייך האַלטן פאַר ליגנערס, וועלכע האָבן אויך געוואָלט אָפּ־חוזקן פון מיין האַר שאול און דעמאָלט... (דראָענדיק) און דעמאָלט וועל איך מקיים זיין דאָס וואָס איך האָב אייך צוגעזאָגט.

עטלעכע יונגעלייט: ענטפערט אויף דער פראַגע, אויב איר ווילט נישט... (דראָען מיט די פויסטן).

שאול: (שטעלט זיך אַוועק צווישן די יונגעלייט און די בני־הנביאים מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס) גענוג! מאַכט דאָ נישט קיין לייטיש געלעכטער! עס איז נישט נייטיק איר זאָלט זיך אָננעמען פאַר מיין קריוודע. איך פאַרזיכער אייך, אַז די בני־הנביאים האָבן נישט אויס־געזויגן פון קיין פינגער דאָס וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן מיר און

סוף־כל־סוף דאַרפן זיי טאַקע נישט וויסן אַלץ וואָס עס האָט זיך גע־טראָפן מיט מיין פריינט יורם בן עכן...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : (אַ גאָר יונגער און אַ שטיפער. ער איז געווען אין הינטערגרונט אינאיינעם מיט אַנדע־רע יינגלעך און איצט שטופּט ער זיך דורך צווישן עולם און שטעלט זיך אַוועק נעבן שאולן.) יורם בן עכן! איך הער, אַז דו ווילסט וויסן, צי ווייסן מיר, די בני־הנביאים, וואָס דו האָסט געפונען אין רמה, זוכנדיק די סטאַדע אייזלען פון קיש בן אביאל...

י ו ר ם : יאָ! טאַקע גראָד דאָס וויל איך וויסן!...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : אַ גרויסע זאַך... איך קען דיר דאָס זאָגן גאַנץ גענוי... דו האָסט געפונען אַ קרענק...

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : דאָס האָב איך דאָך שוין פריער געזאָגט... ער האָט נישט געפונען גאָרנישט... מוז דען יעדער איינער עפּעס געפינען?...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : איך זאָג נישט, אַז ער האָט נישט געפונען גאָרנישט... איך זאָג, אַז ער האָט געפונען אַ קרענק...

ע ט ל ע כ ע  י ו נ ג ע ל י י ט : הערט נאָר הערט! אַ קרענק האָט ער גאָר געפונען! (לאַכן) כאַ, כאַ, כאַ!...

י ו ר ם : רעד קלאָרער, דו שאַלטיק איינער! (בייז) אויב נישט...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : נו, גוט... איך וועל רעדן קלאָרער, אַבי בייזער דיך נישט... דו האָסט געפונען אַזאַ מין מחלה, ווי דו האָסט שוין זינט אַ סך יאָרן געזוכט!

י ו ר ם : (איבערראַשט און צעטומלט, שטייט אַ ווייל מיט אַן אָפּענעם מויל און דאַן שטאַמלענדיק) פון וואַנען ווייסטו דאָס, פּיפּערנאָטער איינער?...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : (ניצחונדיק) די בני־הנביאים ווייסן אַלץ! די עלטערע ווייסן די גרויסע און וויכטיקע זאַכן און מיר, יונגוואַרג, ווייסן די מינדערוויכטיקע קלייניקייטן!

ע ט ל ע כ ע  י ו נ ג ע ל י י ט : אָבער וואָס באַטייט דאָס אַלץ... —

וועגן וואָס פאַר אַ קרענק רעדט ער דאָ?... — וועגן וואָס פאַר אַ מחלה ברייעט ער דאָס?...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? ס׳איז אַ גאַנץ פּשוטער ענין! יורם האָט געפונען אין רמה אַ כלה מיטן נאָמען מחלה, אַזאַ מיידל ווי ער האָט שוין טאַקע לאַנג געזוכט. איך קען זי! הלוואַי אַזעלכע כלות אויף אַלע קינדער פון ישראל געזאָגט געוואָרן!

י ו ר ם : אָבער פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ, דו מזיק איינער? אַז בסך־הכל ווייסן וועגן דעם נאָר זי און איך...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : זעסט דאָך! מיר, בני־הנביאים ווייסן אַלץ! גיב איך דיר שוין איצט אָפּ אַ האַרציקן מזל־טוב! און אַז דו וועסט מיך פאַרבעטן אויף דער חתונה, וועל איך קומען מיט מיינע חברים און מיר וועלן זינגען און טאַנצן ביז אין ווייסן טאָג אַריין, פּונקט ווי ווען מיר וואָלטן אויסגעגעבן די מע־זינקע.

י ו ר ם : איך פאַרבעט דיך שוין איצט אויף דער חתונה אינאיינעם מיט דיין גאַנצער חבריה און איך בין זיכער, אַז מיין מחלה וועט שטאַרק צופרידן זיין פון דעם.

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם : גוט! דערפאַר זאָג איך דיר שוין איצט צו, אַז אויף די בריתן צו דיר וועלן מיר שוין קומען אַליין, אומגעבעטענערהייט, און ווען דו וועסט עפענען די אכסניה אין רמה, וועלן מיר אויך אַריינקומען צו דיר אויף אַ גלעזל וויין. אָבער דו דאַרפסט וויסן פאָרויס, אַז מיר פאַרמאָגן תורה און חכמה, אַז מיר קענען שפּילן, זינגען און טאַנצן, אָבער קיין געלט האָבן מיר נישט! דאָס געלט פאַר אונדז וועסטו דיר דאַרפן אָפּנעמען ביי די רייכע געסט וואָס וועלן קומען אין דיין אכסניה אַריין...

י ו ר ם : גוט, בחורל! דו ביסט דאָך דער אמתער ווייסער־חברה־מאַן, פון יענע וואָס איך האָב ליב! וועט פאַר דיר און פאַר אַזעלכע ווי דו שטענדיק זיין אָפן מיין טיר...

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: ס׳איז שוין שפּעט, חברה, און מיר האָבן נאָך אַ לאַנגן וועג. לאָמיר טאַקע גייען!

ע ט ל ע כ ע  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: יאָ! לאָמיר גייען!

צ ו ו י י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: זייט געזונט, יונגע־לייט פון גבעה! און היט אונדז גוט אָפּ שאולן! ישראל דאַרף אים האָבן!

ע ט ל ע כ ע  י ו נ ג ע ל י י ט: גייט אין פרידן, בני־הנביאים, און זאָל אייער וועג זיין מיט הצלחה!... — זייט רואיק וועגן שאולן, מיר וועלן אים ווי געהעריק אָפּהיטן!... — (די בני־הנביאים גייען אָפּ לינקס, שפּילנדיק, זינגענדיק און טאַנצנדיק זייער ליד ווי פריער. בלויז צוויי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע אין פאָדערגרונט לינקס).

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: פון וואַנען האָסטו זיך דערוואוסט וועגן דער מעשה מיט מחלהן און יורמען?...

ד ר י ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט?... כ׳האָב זיך אונטערגעהערט. ווען זיי האָבן אין קיך אָפּ־גערעדט צווישן זיך דעם גאַנצן ענין, בין איך געשטאַנען הינטערן פענצטער און האָב אונטערגעהערט. איך האַלט, אַז אַלץ דאַרף מען הערן און זען. עס איז נישטאָ אַזאַ מינדערוויכטיקע זאַך וואָס זאָל נישט אַמאָל צונוץ קומען.

ע ר ש ט ע ר  פ ו ן  ד י  ב נ י ־ ה נ ב י א י ם: ביסט זייער גערעכט, בחור! האָסט אונדז טאַקע הייַנט אַרויסגעשלעפּט פון אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. זאָל דערפאַר קומען אויף דיר אַ ברכה פון גאָט! (גייען ביידע אָפּ לינקס און פון דאָרטן פאַרקלינגט דאָס ליד):

בני־הנביאים זענען מיר,
אַ חברה וואַנדערפייגל פרייע,
איבער וועגן־שטעגן גייען מיר —
לוסטיק, פריילעך, אַ מחיה...

(די יונגעלייט פון גבעה האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום שאולן).

י ו ר ם: הערט זיך איין, יונגוואַרג, איך וועל אייך זינגען אַ ליד, וואָס

איך האָב נאַרוואָס פאַרפאַסט. (זינגט, גייענדיק פאַמעלעך אינאײ־
נעם מיט אַלע):

שאול בן קיש, דו העלדישער מאַן,
מיר פירן דיך איצט אין דיין היים און שטאַט
מיט מונטערן טראַט און מיט מוטיקן שפּאַן,
מיט דער הילף פון אַלמעכטיקן גאָט!

דו ביסט איצטער אויסגעוויילט געוואָרן
פאַר ישראל צו זיין אַ רעטער,
אָבער פאַר אונדזערע שונאים אַ דאָרן
און אַ פּחד פאַר זייערע געטער.

זענען מיר מלא שמחה און פרייד
צו האָבן צווישן זיך אַזאַ העלד,
וואָס ווייס פון פירן דאָס פאָלק דעם באַשייד
און דעם סוד פון שלאָגן דעם פיינט אין פעלד.

(אַלע זינגען מיט):

שאול בן קיש, דו העלדישער מאַן,
מיר פירן דיך איצט אין דיין היים און שטאַט
מיט מונטערן טראַט און מיט מוטיקן שפּאַן,
מיט דער הילף פון אַלמעכטיקן גאָט!

(ווען זיי הייבן אָן אַריינצוגיין דורכן טויער — פאַלט דער פאָרהאַנג).

## דאָס זעקסטע בילד

דער עפנטלעכער פּלאַץ אין מצפּה. אין הינטערגרונט אַ דעקאָראַציע, וואָס שטעלט פאָר דעם פּראָנט און דעם הויפּט־אַריינגאַנג פון שטאָטראַט. דעם מיטן פון דער בינע פאַרנעמט אַ גרויסע פּירעקעכדיקע חופּה, אויף גאַנץ מאַסיווע געשניצטע און פאַרגילדטע אַכט שטאַנגען. דער בלויער בראָקאַטענער צודעק פון דער חופּה איז אויסגעהאַפטן מיט גאָלד און זיל־בער, פאַרשטעלנדיק די זון, די לבנה און קאָנסטעלאַציעס פון שטערן. פון אַלע פיר זייטן הענגען אַראָפּ ברייטע, פונקט אַזעלכע בלויע, בראָקאַטענע טאַשמעס, וואָס זענען אויסגעהאַפטן מיט די עמבלעמען פון די צוועלף שבטים, אין גאָלד און זילבער, און אַרומגעזוימט מיט פאַרשיידנפאַרביקע פּראַנדזן און קוטאַסן און מיט גלעקלעך. אונטער דער חופּה זענען אויס־געשטעלט געשניצטע טישן אין פאָרם פון אַ „ח", מיט דער אָפענער זייט צום פּובליקום, און אַרום זיי שטייען אויך אַזוי געשניצטע שטולן. די טישן זענען צוגעדעקט מיט אויסגעהאַפטענע דעקעס. אין ליידיקן חלל פון דער „ח" שטייט אַ קיילעכדיק טישל מיט דריי שטולן.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצן ביי די טישן: שמואל הנביא אויבנאָן, און אַרום אים פון ביידע זייטן די 24 חכמים און נביאים און די עלטסטע פון ישראל. די בינע איז איבערגעפולט מיט יום־טובדיק אויסגע־פּוצטע מענטשן, איבער וועלכע עס דערהויבן זיך דאָ און דאָרט אויסגע־האַפטענע פאַנען מיט עמבלעמען, אָדער אויפשריפטן פון שבטים, אָדער שטעט. ביי די שטאַנגען פון דער חופּה שטייען אַכט אויסגעצירטע הע־ראָלדן מיט זילבערנע טרומייטן. די בינע איז פאַרגאָסן מיט אַ סך זונליכט.

ביים אויפגאַנג פונעם פאָרהאַנג באַוועגט זיך דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק און זיי ריידן שטיל צווישן זיך. באַלד גיט דער נביא שמואל דריי קלעפּ מיט אַ העמערל אין אַ גאָנג און לאָזט יעדן קלאַפּ ווי געהעריק אויסהילכן. דאָס פאָלק בלייבט שטיל. ווען עס פאַרהילכט דער לעצטער קלאַפּ, שפּילן

אויס די הערלאָדן אַ פייערלעכע דערעפענונגס־מעלאָדיע, וועלכע איז גלייכ־צייטיק קרעפטיק און האַפערדיק. ביים פאָלק לייכטן בשעת־מעשה די אויגן פון באַגייסטערונג. ווען דער לעצטער אַקאָרד פון דער מעלאָדיע פאַר־קלינגט, הייבט זיך אויף שמואל הנביא.

ש מ ו א ל : געבענטשט ביסטו, אונדזער גאָט, מלך פון דער וועלט, וואָס האָסט אונדז אויפגעהאַלטן ביים לעבן און דערבראַכט צו דער איצ־טיקער שעה! (קורצע פויזע) הערט מיך אויס, איר קינדער פון יש־ראל! אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט פון ישראל: „איך האָב ארויפגע־פירט ישראל פון מצריים און איך האָב אייך געראַטעוועט פון דער האַנט פון די מצריים און פון די הענט פון אַלע מלוכות, וואָס האָבן אייך געדריקט, אָבער איר האָט פאַראַכט אייער גאָט, וואָס העלפט אייך אַרויס פון אַלע צרות און שלעכטקייטן און איר האָט געשיקט אייערע זקנים צו פאָדערן עס זאָל באַשטימט ווערן אַ מלך איבער אייך“. — האַלט איר אויך איצט נאָך אָן אייער פאָדערונג?

ד אָ ס פ אָ ל ק : מיר האַלטן אויך איצט אָן אונדזער פאָדערונג, גרוי־סער נביא, עס זאָל באַשטימט ווערן איבער אונדז אַ מלך!

ש מ ו א ל : גוט! איך וועל באַפרידקן אייער פאָדערונג! ביי אַזאַ גרוי־סער מענגע פאָלק, כן ירבו, איז אוממעגלעך אָפּצושטימען, ווייל מ׳וועט נישט קענען ריכטיק איבערציילן די שטימען. אויסערדעם איז דאָס אָפּשטימען נישט צוגעפּאַסט צו אונדזער פאַל, ווייל עס קען אַרויסרופן קנאה־שנאה צווישן די שבטים. שלאָג איך אייך פאָר מיר זאָלן אויסקלייבן אונדזער מלך מיט דער הילף פון אַ גורל.

ד אָ ס פ אָ ל ק : מיר זענען מסכים! מיר זענען מסכים! אַ גורל איז די בעסטע זאַך!... — אויף דעם אופן וועלן מיר אויך משתף זיין אונ־דזער האַר יהוה צו אונדזער וואַל!... — און אויסערדעם וועט דורך אַ גורל די וואַל געמאַכט ווערן פיל־פיל שנעלער!... — זאָל מען וואַרפן גורל! גורל! גורל!... —

ש מ ו א ל : אויב אַזוי, זאָלן זיך דערנענטערן צום טיש פון די שרייבערס

די פאַרטרעטער פון די שבטים פון ישראל, וועט מען וואַרפן גורל!
(אַרום דעם טיש פון די דריי בני־הנביאים שטעלן זיך געדיכט אַרום
די אויפגערופענע פאַרטרעטער).

ערשטער פון די בני־הנביאים: (הייבט זיך אויף אין אַ ווײַלע אַרום און ווענדט זיך צו שמואלן) דער גורל איז געפאַלן אויפן שבט בנימין, נביא שמואל!

צווייטער פון די בני־הנביאים: (הייבט זיך אויף אין אַ ווײַלע נאָכדעם. ווי פריער) דער ווייטערדיקער גורל איז געפאַלן אויף דער משפחה מטרי פון שבט בנימין, נביא!

דריטער פון די בני־הנביאים: (אין אַ ווײַלע אַרום, ווי פריער) דער לעצטער גורל איז געפאַלן אויף שאול בן קיש, פון דער משפחה מטרי, פון שבט בנימין, גרויסער נביא!

שמואל: גוט! זאָל איצט באַלד אַהערקומען שאול בן קיש!

דאָס פאָלק: (ווען שאול קומט נישט באַלד) וואו איז שאול בן קיש? — וואו איז דער זוכה בגורל?... וואו איז דער מאַן, וועמען דאָס גליק האָט אויסדערווײַלט דערהויבן צו ווערן?... — זאָל ער וואָס גיכער זיך דערנענטערן צום נביא!... —

פערטער פון די בני־הנביאים: (מאַכט זיך ענגער־גיט מיט די הענט אַ וועג צווישן עולם. נאָך אים גייט שאול, אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע קליידער. ער איז צוריקגעהאַלטן און שעמעוודיק) אָט ברענג איך שאול בן קיש! ער איז געווען פאַרבאָרגן צווישן די כלים, הפנים צוליב באַשיידנקייט. איך האָב געזען ווי ער האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן.

דאָס פאָלק: וואָס פאַר אַ שיינער מאַן ער איז!... — וואָס פאַר אַ גוטמוטיקן און ליבלעכן אויסזען ער האָט!... — ער זעט דאָך אויס צו זײַן העלדיש און מוטיק!... — ער איז דאָך העכער מיט אַ קאָפּ פון די העכסטע צווישן אונדז!... — עס וועט אים גוט פּאַסן צו זײַן מלך איבער די בני־ישראל!... —

שמואל: קום צו נעענטער, מײַן זון, דו ביסט עס שאול בן קיש?

ש א ו ל : ס'איז ריכטיק, איך בין שאול בן קיש, פון דער משפּחה מטרי, פון שבט בנימין.

ש מ ו א ל : איר באַשטעטיקט עס, קינדער פון בנימין?

פאָרשטייער פון בנימין : מיר באַשטעטיקן, אַז די ווער־טער פון דעם מאַן זענען ריכטיק און וואָר. ער איז עס שאול בן קיש, פון דער משפּחה מטרי, פון שבט בנימין.

ש מ ו א ל : אויב אַזוי, זיי וויסן שאול בן קיש, אַז נאָר־וואָס ביסטו באַ־שטימט געוואָרן דורכן גורל פאַר מלך איבער גאַנץ ישראל. ביסט מסכים איבערצונעמען די מלוכה?

ש א ו ל : איך בויג ביין קאָפּ פאַרן גורל, וועלכער איז דאָך זיכער דער אויסדרוק פונעם הייליקן רצון פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט, פון דעם האַר יהוה.

ש מ ו א ל : נאָכדעם ווי דו האָסט געגעבן דיין הסכּמה, וועסטו איצט אָפּגעבן די שבועה פאַר די אויגן פונעם גאַנצן פאָלק. (דערלאַנגט אים אַ פּאַרמעט) לייען איבער די ווערטער, וואָס זענען אָנגעשריבן אין דעם פּאַרמעט, צוערשט פאַר זיך אַליין איין מאָל, צוויי מאָל, אָדער וויפיל מאָל דאָס וועט נייטיק זיין, בכדי דו זאָלסט אַריינדרינגען אין זייער טיפסטן תוך אַריין. אַז דו וועסט זיי גוט פאַרשטיין און מסכּים זיין צו זייער אינהאַלט, וועסטו זיי איבערזאָגן הויך און קלאָר, וואָרט ביי וואָרט, אַזוי אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל עס קענען הערן.

ש א ו ל : (איז אַ ווײַלע פאַרטיפט אין לייענען דעם פּאַרמעט, דערנאָך) איך שווער ביים נאָמען פון אַלמעכטיקן האַר פון דער וועלט, אונדזער גאָט יהוה, צו קיניגן איבער מיין פאָלק מיט יושר און צדק, צו זיין פאַר אים אַ דערבאַרמדיקער פאָטער און עס צו פאַרטיידיקן ביז צו מיין לעצטן אָטעמצוג! איך שווער צו גיין אין די וועגן פון אונדזער גאָט און אויסצופאָלגן זיינע ווערטער, וועלכע עס וועלן מיר איבער־געבן די מענער אויף וועמען עס רוט זיין הייליקער גייסט. זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן וואוהין איך וועל מיך קערן און ווענדן, ווי מיין שבועה איז אויפריכטיק און פונעם גאַנצן האַרצן און עס זענען ניש־טאָ אין איר קיין שום זייטיקע כוונות און פאַלשקייטן!

ש מ ו א ל : זאָל דיר גאָט העלפן אין אַלע דיינע אונטערנעמונגען, אמן סלה!

ד אָ ס  פ אָ ל ק : זאָל דיך דער אַלמעכטיקער באַגליקן אויף אַלע וועגן און שטעגן!... — זאָל דורך דיר קומען אַ הילף פאַר אונדז קעגן אַלע שונאים!... — זאָל יהוה באַשיצן דורך דיר אונדזערע לעבנס און אונדזער האָב און גוטס!... — אמן סלה! אמן סלה!... —

ש מ ו א ל : איצט וועלן מיר דיך זאַלבן און קריינען! (די העראָלדן גיבן אַ פייערלעכן סיגנאַל. דער ערשטער פון די בני־הנביאים טראָגט אונטער אַ וואַזע מיט געהייליקטן בוימל און גיסט אָן אַביסל אויף שמואלס הענט, וועלכער באַשמירט מיט דעם שאולס לאָקן) איך זאַלב דיך איצט אין נאָמען פון גאָט אַלס מלך איבער גאַנץ ישראל! זאָל דיין געוויסן שטענדיק זיין אַזוי געלייטערט און ריין ווי אָט־דער הייליקער בוימל! זאָלן דיינע געדאַנקען זיין שטענדיק אַזוי דורכזיכטיק און קלאָר ווי אָט־דער הייליקער בוימל! זאָל דיין ריח און חן ביי לייטן שטענדיק זיין אַזוי געשמאַק און גוט ווי פון אָט־דעם הייליקן בוימל! זאָל דיין קיניגן זיין אַזוי דויערהאַפט און פעסט ווי דער שטאַם פון דעם בוים, פון וועמענס פרוכטן אָט־דער געהייליקטער בוימל איז אויסגעפּרעסט געוואָרן! זאָל דיין משפחה זיין אַזוי פילפאַכיק פאַרצווייגט, ווי עס איז דער איילבערט־בוים און זאָלן אויך דיינע קינדער און קינדס־קינדער אין משך פון פיל דורות קיניגן איבערן פאָלק ישראל! אמן, כן יהי רצון!

ד אָ ס  פ אָ ל ק : אמן, כן יהי רצון! זאָלן די אַלע ברכות מקוים ווערן! אמן סלה! אמן סלה!

ע מ ר ם : (נעמט איבער פון די הענט פונעם צווייטן פון די בני־הנביאים דעם קיניגלעכן מאַנטל און טוט אים אָן שאולן) אַזוי־ווי אָט־דער מאַנטל הילט איין דיין גוף, אַזוי זאָלן דיך תמיד איינהילן די ליבע און אַכטונג פון אונדזער פאָלק. זאָלן דיינע מעלות טובות, דיין איידלקייט, חכמה און מוט שטענדיק זיין אַזוי שיין, גלאַנצפול און טייער ווי די באַפּוצונגען, אויסגייעכצער און איידלשטיינער פון אָט־דעם מאַנטל.

ד אָ ס  פ אָ ל ק : אמן, כן יהי רצון! אמן סלה!

י צ ה ר : (נעמט איבער פון די הענט פונעם דריטן פון די בני־הנביאים די קיניגלעכע קרוין און טוט זי אָן שאולן) אַזוי־ווי אָט־די קרויז באַשטייט פון צוועלף קלענערע קרוינדלעך, וואָס ווערען פאַראייניקט דורך איין שטאַרקן און מאַסיוון רייף, אַזוי זאָלסטו שטענדיק פאַראייניקן אַרום זיך אונדזערע צוועלף שבטים אין איין אייניק פאָלק. זאָלן זיי זיך פאַרזאַמלען אַרום דיר יעדעס מאָל ווען עס וועט דערגיין צו זיי דיין רוף, אין פרידן און אין קריג. דו זאָלסט זיין איבער זיי ווי די קרוין איבער דיין קאָפּ. דו זאָלסט זיין זייער כבוד און שטאָלץ!

ד אָ ס  פ אָ ל ק : אמן, כן יהי רצון! אמן סלה!

א ל י ש מ ע : (נעמט איבער פון די הענט פונעם פערטן פון די בני־הנביאים אַ געשניצט און מיט איידלשטיינער באַצירט קעסטעלע, אין וועלכן ס׳איז באַהאַלטן דער קיניגלעכער זיגל) נעם איבער אָט־דעם מלוכה־זיגל און זאָלסט זוכה זיין אים צו באַנוצן מיט באַזאַכטקייט און פאַרשטאַנד. זאָלסט נישט אַרויסגעבן קיין שום וויכטיקן באַפעל, איידער דו האָסט אים גוט באַטראַכט. בכדי דיינע פאַראָרדענונגען און באַפעלן זאָלן נישט זיין איבערגעאײַלט און לייכטזיניק, זאָלסטו זיי שטענדיק אַרויסגעבן בכתב און אַלס באַקרעפטיקונג פון דיין וואָרט זאָלן זיי טראָגן אויף זיך דעם קיניגלעכן זיגל. זאָל אָט־דער זיגל באַטראַכט ווערן דורכן פאָלק אַלס סימבאָל פון דיין ערנסט און ערנווירדיקייט.

ד אָ ס  פ אָ ל ק : אמן, כן יהי רצון! אמן סלה!

א ב י מ ל ך : (נעמט איבער פון די הענט פונעם פינפטן פון די בני־הנביאים די קיניגלעכע שווערד און גורט זי אָן אַרום שאולן) זאָל דיר אָט־די שווערד זיין מזלדיק אין דער מלחמה און זאָלסט שטענדיק שלאָגן מיט איר אונדזערע שונאים. זאָלסט מיט איר אָנוואַרפן גרויס פחד אויף די פיינטלעכע געצנדינער און אויף זייערע עקלדיקע אָפּגעטער און זאָל זי ברענגען זיכערקייט און טרייסט צו אונדזער פאָלק און צו זיינע פריינט און פאַרבינדעטע. זאָלסט זי קייג־

מאָל נישט אַרויסציען פון איר שייד צו קעמפן פאַר אַן אומגערעכ־טער זאַך, ווייל דעמאָלט וועט זי פאַרלירן איר קראַפט. אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט דאַקעגן זאָל זי תמיד זיין די מאַכט און די שטאַר־קייט פון ישראל!

דאָס פאָלק: (ברעכט אויס אין יובל־אויסרופן און די העראָלדן שפילן אויף אַ פאַסנדיקן סיגנאַל) אמן, כן יהי רצון, אמן סלה!... — זאָל לעבן דער מלך שאול, די האָפענונג פון ישראל!... — זאָל לעבן שאול המלך, וועלכער וועט אונדז פירן אויפן וועג צו ווערן אַ גרויס פאָלק!... — מיר זאָגן דיר צו, מלך שאול, צו פאָלגן דיינע באַפעלן אין מלחמה און אין פרידן!... — מיר וועלן דיר געבן מענטשן, גאָלד און אַלע נייטיקע מיטלען צו פאַרניכטן אונדזערע שונאים!... — זאָל לעבן דער העלד שאול, דער ערשטער מלך פון ישראל!... —

שמואל: (הייבט אויף די הענט צו באַרואיקן דאָס פאָלק. ווען עס הערשט שוין שטילקייט) קינדער פון ישראל! איצט בלייבט נאָך צו באַהאַנדלען די יסודות פונעם מלוכה־געזעץ, וואָס מיר וועלן אייך פאָרלייגן און איר וועט אָננעמען, אָדער אָפוואַרפן. אונדזערע חכמים און געלערנטע, טיפע קענערס פון אונדזער תורה, האָבן יעדן כלל געוואויגן און געמאָסטן, בכדי עס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט און אין גייסט פון אונדזער געטלעכער לערע, און זיי האָבן עס פאַר־שריבן אויף פאַרמעט מיטן צוועק עס זאָל נישט קענען מוטווילליק געענדערט, פאַרדרייט און געבראָכן ווערן. עס זענען געמאַכט גע־וואָרן דריי גלייכע קאָפּיעס. איינע וועט ליגן באַהאַלטן דאָרט וואו עס ווערט אויפגעהיט דער ארון־הברית, איינע וועט איבערגעגעבן ווערן דעם מלך פון ישראל און איינע וועט פאַרבלייבן אין דער גרויּ־סער ישיבה פון די חכמים און נביאים אין רמה. (ווענדט זיך צום ערשטן פון די בני הנביאם, וואָס זיצט ביים קיילעכדיקן טיש אינ־איינעם מט נאָך צוויי חברים זיינע) לייען דו דעם ערשטן אָפּזאַץ פונעם מלוכה־געזעץ!

דער ערשטער פון די בני־הנביאים: (הייבט זיך אויף און לייענט געמאָסטן און דייטלעך) דער מלך פון ישראל וועט

זיין באַרעכטיקט צו באַקומען פונעם פאָלק אַלעס נויטיקע צו קענען אויסהאַלטן זיין פּאַלאַץ און הויף; אויסערדעם וועט ער האָבן אַ רעכט אויסצוהאַלטן אַ שטענדיקע גוואַרדיע פון אַ באַשטימטער צאָל גע־קליבענע גוט־באַוואָפנטע יונגע קריגער. אין זיין וואַרשטאַט און אויך אויף אַנדערע ערטער וואָס ער וועט האַלטן פאַר נייטיק; ער וועט אויך זיין באַרעכטיקט אַנצוזאַמלען אין מאַגאַזינען שפּייז און כּלי־זין און אַלעס נייטיקע פאַר דער צייט פון מלחמה. איינמאָל אין יאָר וועט פאַרקומען אין דער וואַרשטאַט פונעם מלך אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס וועט באַשלאָסן ווערן וויפיל גאָלד און זילבער עס וועט נייטיק זיין פאַר די אויסגערעכנטע צוועקן; וויפיל קריגסלייט, אַרבעטסלייט און דינסטלייט; וויפיל רינדער, שאָף און ציגן; וויפיל אייזלען, פערד און קעמלען; וויפיל תבואה, בוימל, וויין און געטריקנטע און פרישע גרינצייג און פרוכטן. דאָס אַלץ וועט פאַרטיילט ווערן אויף די שבטים, לויט דער צאָל פון די בתי־אבות פון יעדן באַזונדער. די עלטסטע פון די שבטים וועלן דאַרפן איינזאַמלען און אָפּליפערן דעם חלק פון די מענטשן און מאַטעריאַלן, וואָס וועלן אויספאַלן אויף זיי, אין פאַרויס באַשטימטע צייטן, ביים קיניג אין הויף, נישט וואַרטנדיק אויף קיין מאַנונגען און פאָדע־רונגען. דאָס אַלץ וועט דאַרפן דורכגעפירט ווערן פּינקטלעך און אָפּ־היטנדיק דעם מלכס כּבוד און ווירדע.

שמואל: זענט איר מסכּים מיט דעם וואָס מען האָט אייך דאָ פאָר־געלייענט?

דאָס פאָלק: מיר זענען מסכּים! מיר זענען מסכּים!

שמואל: (צום צווייטן פון די בני־הנביאים) לייען דו ווייטער!

צווייטער פון די בני־הנביאים: די הויפּט־פליכט פונעם מלך איז צו זיין דער העכסטער קריגס־פירער פון ישראל. אין דער צייט פון שלום וועט ער דאַרפן זאָרגן דערפאַר די יוגנט פון ישראל זאָל צוגעגרייט ווערן צו מלחמה דורך אַלע נייטיקע תּכסי־סים און געניטונגען און עס זאָלן אויך אויסגעאַרבעט ווערן אין אַ גענוגענדיקער צאָל די אַלערליי כּלי־זין און אַנדערע מאַטעריאַלן און

זאַכן, וואָס ווערן באַנוצט אין דער מלחמה. אין צייט פון קריג וועט דער מלך זיין דער העכסטער פירער פון די חיילות פון ישראל און לויט זיינע באַפעלן און פלענער וועלן די מלחמות געפירט ווערן. דעמאָלט וועט די קיניגלעכע מאַכט זיין נאָך גרעסער, שטאַרקער און שטרענגער ווי שטענדיק. דער מלך וועט אויך האָבן נאָך אַנדערע פליכטן, ער וועט זיין דער העכסטער שופט אין אַלע מלוכה־ענינים און ער וועט משפטן פאַר פאַרראַט און מרידה קעגן דער מלוכה, דעם שבט און דער משפחה. אונטער זיין משפט וועלן אַרונטערפאַלן אַלע ענינים בין אדם לחברו, דהיינו: די פאַלן פון מאָרד, רויב, קערפּער־לעכע באַשעדיקונג, צוואַנג, דראָאונג, באַליידיקונג, פון איין זייט, און די סיכסוכים און שטרייטיקייטן וועגן ירושה, פאַרמעגן, האַנדלס־באַציאונגען, אומאיינשטימיקייט צווישן בעלי־בתים און זייערע אַר־בעט־נעמער, דינערס און קנעכט, פון דער צווייטער זייט. די פליכט פונעם מלך וועט אויך זיין צו זאָרגן פאַר רו און אָרדענונג איבערן גאַנצן לאַנד. ער וועט זיך דאַרפן באַמיען די וועגן זאָלן זיין זיכער ביי טאָג און ביי נאַכט און עס זאָלן נישט באַשעדיקט, אָדער גאָר פאַר־ניכטעט ווערן, פאַרמעגנס וואָס באַלאַנגען צום כלל ווי, למשל, טייכן, וועלדער, געביידעס א.א.וו.

שמואל: זענט איר איינשטימיק מיט דעם וואָס איר האָט דאָ נאָר־וואָס געהערט?

דאָס פאָלק: מיר זענען איינשטימיק! מיר זענען איינשטימיק!

שמואל: (צום דריטן פון די בני־הנביאים) איצט לייען דו ווייטער, ביז צום סוף!

דריטער פון די בני־הנביאים: איבער אַלע ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדזער אמונה, וועט דער מלך נישט האָבן גאָרנישט צו זאָגן און זיי וועלן פאַרבלייבן אויך אויף ווייטער אין רשות פון די נביאים, חכמים, כהנים און לויים. בכדי זיי זאָלן קענען ווי געהעריק דערפילן זייערע פליכטן, וועלן זיי אויך ווייטער באַקו־מען דיזעלבע תרומות, מעשר און אָפּצאָלן ווי ביז איצט. זיי וועלן דאַרפן זאָרגן דערפאַר, אַז דער גאָט־דינסט, די קרבנות און אַלע אַנ־

דערע ריטואַלן זאָלן דורכגעפירט ווערן לויט די פאָרשריפטן פון אונדזער הייליקער תורה. זיי וועלן וואַכן איבער דעם, דאָס פאָלק זאָל אָפּהיטן די כשרות פון זייער שפּייז און די ריינקייט אין זייער משפּחה־לעבן, לויט די געזעצן און מנהגים פון אונדזער דערהויבע־נער לערע און פון אונדזערע פאַרערטע אָבות. זיי וועלן דאַרפן השגחה געבן, עס זאָלן ווי געהעריק געפייערט ווערן אונדזערע ימים־טובים און עס זאָל זיך נישט ווידער אַריינכאַפּן צווישן אונדז די עקלדיקע געצנדינעריי. זיי וועלן דאַרפן אויפהאַלטן אין אַלע ווינקעלעך אי־בערן לאַנד, וואו דאָס וועט נאָר מעגלעך זיין, לערן־הייזער פאַר דער יוגנט, וואו די יוגנט זאָל זיך באַקענען מיט גאָטס לעבעדיקן וואָרט, וואו זי זאָל זיך אויסלערנען די גוטע מידות וואָס צייכענען אויס אונדזער פאָלק און וואו זי זאָל זיך אויך קענען אָנאייגענען די זייער נוצלעכע אומנות פון לייענען און שרייבן.

ש מ ו א ל : האָט איר עפּעס אויסצוזעצן קעגן דעם וואָס מען האָט אייך דאָ נאָרוואָס פאָרגעלייענט?

ד אָ ס פ אָ ל ק : מיר האָבן גאָרנישט אויסצוזעצן! מיר זענען מסכים מיט אַלץ!

ש מ ו א ל : אויב אַזוי, וועט פון היינט אָן אויך זיין גילטיק דאָס מלוכה־געזעץ, וואָס וועט רעגולירן די ווייטערדיקע באַציאונגען צווישן דעם פאָלק און זיין מלך, און זיינע נביאים, חכמים, כהנים און לויים. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז אויב דאָס לעבן וועט אָנווייזן די נויטווענ־דיקייט עפּעס אַראָפּצונעמען, אָדער צוצוגעבן, וועט אַן ענלעכע פאָלקס פאַרזאַמלונג ווי היינט קענען עס באַהאַנדלען און באַשליסן.

ד אָ ס פ אָ ל ק : אַזוי זאָל עס געשען אין נאָמען און לויט דעם ווילן פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און האַר יהוה!

ש מ ו א ל : אונדזער היינטיקע פאָלקס־פאַרזאַמלונג און קרוינונגס־צע־רעמאָניע איז פאַרענדיקט! זאָל שטענדיק זיין צווישן אונדז, ווי היינט, די ברכה פונעם גרויסן באַשעפער און האַר פון דער וועלט! זאָל שטענדיק שוועבן איבער אונדזערע באַראַטונגען, ווי היינט, דער

הייליקער גייסט פונעם גאָט פון אונדזערע אבות אברהם, יצחק און יעקבֿ!

ד אָ ס  פּ אָ ל ק : אמן, כן יהי רצון! אמן סלה!... — מיר לויבן און פרייזן אונדזער גאָט און דאַנקען אים פאַר אַלע חסדים, וואָס ער טוט מיט אונדז!... — זאָל בלייבן באַשטיין לדורות די מלוכה, וואָס מיר האָבן דאָ היינט געגרינדעט און באַגייט!... — לאַנג לעבן זאָל דער ערשטער מלך פון ישראל, שאול בן קיש!... — זאָל ער אינדז שטענדיק פירן אויף די וועגן פון ברכה און הצלחה!... — זאָל לאַנג לעבן אונדזער גרויסער נביא שמואל, די פעסטונג און שוץ פון אונ־דזער אמונה!... — זאָלן זיינע ווערק לטובת אונדזער פאָלק האָבן אַ קיום לדורות!... — אמן, כן יהי רצון! אמן סלה!... — הללויה! הללויה! הללויה!...

ש מ ו א ל : זאָל איצט דאָס פאָלק זיך פאַנאַנדערגיין אין פרידן און אין אָרדענונג, יעדער איינער צו זיין היים און משפחה! (די העראָלדן שפּילן אויף אַ פאַסנדיקן סיגנאַל. שמואל מיט די נביאים, חכמים, זקנים, כהנים און לויים לאָזן זיך פאַמעלעך גיין צום הינטערגרונט. אויך דאָס פאָלק צעגייט זיך אין אַלע ריכטונגען. שאול ווערט אַרומ־גערינגלט דורך אַ קרייז פון יונגע געקליבענע מענער).

ע ר ש ט ע ר  מ אַ ן : מיר פאַרבלייבן מיט דיר שוין איצט, אונדזער מלך שאול, און מיר וועלן נאָכפאָלגן דיינע טריט וואוהין דו וועסט זיך קערן און ווענדן!

צ ו ו י י ט ע ר  מ אַ ן : מיר שטעלן זיך אַלס ערשטע אין דיין רשות פריי־וויליק און מיר וועלן נישט וואַרטן ביז עמיצער וועט אונדז באַשטי־מען פאַר דעם צוועק!

ד ר י ט ע ר  מ אַ ן : איך בין פון שבט ראובן און עס זענען פאַראַנען צווישן אונדז זין פון אַלע שבטים פון ישראל. נישט קוקנדיק דערויף וואָס איך שטאַם פון עלטסטן און דו פונעם ייִנגסטן פון די שבטי ישראל, בין איך גרייט מיך אונטערצואוואַרפן אונטער דיינע באַ־פעלן און צו גיין מיט דיר אומעטום!

ע ט ל ע כ ע  מ ע נ ע ר  א י נ א י י נ ע ם : מיר זענען אַלע גרייט צו

טאָן דאָסזעלבע און מיר ווילן זיין די געטרייסטע צווישן דיינע געטרייע! שפּרייט אויס דיינע פליגל איבער אונדז, שאול בן קיש, ערשטער העלדישער מלך פון ישראל!

**שאול:** (שפּרייט אויס צו זיי זיינע אָרעמס) איך נעם אייך אויף מיט אָפענע אָרעמס, איר פּראַכט און מאַכט פון מיין פאָלק! איך וויל איר זאָלט אויף שטענדיק פאַרבלייבן מיינע נאָענטסטע אַרויסהעלפערס, בעראַטערס און פאַרוואַלטערס אין דער רעגירונג און מיינע מיליטערישע פירערס אין דעם פאָלקס חיילות! אויסערדעם וועל איך זיין אייער איבערגעגעבענער פריינט און איך וויל אויך איר זאָלט מיר שענקען אייער פריינטשאַפט, צוטרויען און געטריישאַפט. (דרייט זיך אויס אויף אַוועקצוגיין, אָבער אין דעמזעלבן מאָמענט הייבן אָן צו וואַרפן אויף אים זייערע שפּאָט־רייד די וואוילע־יונגען, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ געשלאָסענער גרופּקע לינקס. בשעת זיי שפּאָטן און חוזקן בלייבט שאול אויסגעדרייט מיטן רוקן צו זיי).

**ערשטער וואוילער־יונג:** וואָס?... אָט־דער לעקיש וועט זיין מלך איבער אונדז?... ווי־אַזוי וועט ער קענען רעגירן מיט הונדערטער טויזנטער, אַז ער שעמט זיך דאָך צו באַווייזן פאַר מענטשן און צו דער קרוינונג האָט מען אים באַדאַרפט אַרויסשלעפּן פון צווישן די כלים, וואו ער האָט זיך געהאַט פאַרשטעקט?... (עטלעכע מענער פונעם קרייז אַרום שאולן דרייען זיך אויס צו די וואוילע־יונגען מיט געבייליטע פויסטן).

**צווייטער וואוילער־יונג:** (צו שאולס מענטשן) איר גיט זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז אָט־דער לעמעשקע וועט זיין אַ שפּילעכל אין די הענט פון די באַנק־קוועטשערס, די נביאים און חכמים, און זיי וועלן עס ווייטער פאַרבלייבן די רעגירערס איבער ישראל. עס וועט אַלץ פאַרבלייבן ביים אַלטן און גאָרנישט וועט זיך ענדערן מיט אַזאַ „דרייסטן" מלך, ווי מען האָט פאַר אונדז הייבט באַשטימט. (שאולס מענטשן ווערן אַלץ מער אויפגעבראַכט און אויפגעברויזט).

**דריטער וואוילער־יונג:** איר האָט דען נישט געהערט

דאָס מלוכה־געזעץ וואָס מען האָט פאַר אונדז פאָרגעלייענט?... איר האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז עס איז אַזוי קונציק צוגעשניטן געוואָרן אַז אייער „פלינקער" מלך זאָל האָבן געבונדענע הענט און ער זאָל נישט קענען גאָרנישט זעלבסטשטענדיק אונטערנעמען, אַפילו ווען ער זאָל זיין ביכולת און וועלן דאָס טאָן?...

עטלעכע וואוילע־יונגען אינאיינעם: מיר ווילן נישט האָבן קיין חלק אין אייער מלך שאול בן קיש!... — נישט מיר וועלן אים ברענגען מתנות און נישט מיר וועלן אים דינען!... — סיי ווי וועט זיין מלוכה קיין לאַנגן קיום נישט האָבן!...

עטלעכע פון שאולס מענער: (אויפגערעגט) פאַרמאַכט אייערע זינדיקע מיילער, איר לעסטערער, אויב נישט וועלן מיר זיי אייך פאַרמאַכן אויף כוח!... (ווילן זיך לאָזן אויף די וואוילע־יונגען, אָבער אין דעמזעלבן מאָמענט דרייט זיך אויס שאול און פאַרהאַלט זיי מיט זיינע אויסגעשפּרייטע הענט. ער זאָגט נישט אַרויס קיין איינציק וואָרט אַפילו; אָבער ער מעסט אָפּ די וואוילע־יונגען מיט אַ לאַנגן בליק, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ סיי פאַראַכטונג, סיי פעסטקייט, סיי רחמנות. די וואוילע־יונגען מאַכן אַ שריט אויף צו־ריק אונטערן איינדרוק פון שאולס בליק. דעמאָלט גייען שאול מיט זיינע מענטשן אָפּ אויף רעכטס און די וואוילע־יונגען גייען אָפּ לינקס).

(דער פאָרהאַנג פאַלט אַראָפּ שנעל).

# דאָס זיבעטע בילד

אַ פרייער פּלאַץ. אין פראָנט פון אַ האַלב־אויפגעשטעלטן הויז, וואָס שאול בויט אין גבעה. אַ גרופּע מענטשן, גרעסטנטיילס פרויען און קינ־דער, רינגלען אַרום צוויי פאַרשטויבטע מידע מענער־שליחים, וואָס קומען פון ווייט. עס איז פאַרנאַכט און יעדעס מאָל קומען צו נייע מענער, וועל־כע קערן זיך אום פון דער אַרבעט אין די פעלדער.

פ ר ו י ע ן : (קלאָגן און וויינען) אַז אַך און ווי איז צו אונדז!... — אַ חרפּה און אַ בושה איז צו אונדז!... — אַזאַ שענדלעכע זאַך האָבן זיי געוואָגט צו פאַדערן פון אייך?... — אַזוי טיף שוין איז געזונקען אונדזער אַנזען?... — לאָמיר וויינען און קלאָגן אויף אונדזער גורל!... — לאָמיר בעטן רחמים ביי אונדזער גרויסן גאָט!... — לאָמיר ברענגען קרבנות דעם האַר יהוה ער זאָל אונדז העלפן אין אונדזער גרויסער נויט!... — שלעכט איז אונדז און ביטער איז אונדז!... —

ע ר ש ט ע ר  מ אַ ן : באַרואיקט אייך, פרויען, עס פּאַסט נישט אַזוי פּחדניש צו וויינען און צו קלאָגן!

צ ווייטער  מ אַ ן : זייט שטיל, ווייבער, אייער יאָמערן קען גאָרנישט העלפן. עס קען בלויז דערשלאָגן נאָכמער דעם מוט!

ד ר י ט ע ר  מ אַ ן : אָט גייען שאול, יהונתן און אבנר — וואָלט איך אייך געמעגט שעמען צו מאַכן דאָ אַזעלכע קולות. (שאול, יהונתן און אבנר קומען אָן פון לינקס).

ש א ו ל : (מען מערקט אין זיינע קליידער און אויסזען, אַז ער קומט פון פעלד) וואָס זענען דאָס פאַר געוויינען און קלאָגערייען, וואָס דער־טראָגן זיך אַזש ביז אין דער צענטער גאַס אַריין?... און ווער זענען עס אָט־די צוויי פרעמדע מענער?

א ב נ ר : (לאָזט זיך אַריין צווישן דעם עולם און צעטיילט זיי מיט זיינע

הענט) מאַכט אַ וואָרע און לאָזט דעם מלך צוגיין צו די פרעמדע, בכדי ער זאָל קענען ריידן מיט זיי! (עס עפנט זיך דער קרייז אַרום די פרעמדע און שאול, יהונתן און אבנר, דערנענטערן זיך צו זיי).

ש א ו ל : ווער זענט איר, פרעמדע מענער, און פון וואַנען קומט איר אַהער?

ע ר ש ט ע ר ש ל י ח : מיר זענען שליחים פון יביש גלעד און עס ברענגט אונדז אַהער זייער אַ וויכטיקער און דרינגענדיקער ענין.

ש א ו ל : לאָזט מיך הערן וואָס דאָס איז פאַר אַן ענין?

צ ו וי י ט ע ר ש ל י ח : מיר קומען בעטן הילף פאַר אונדזער באַדראַ־טער שטאָט. נחש העמוני איז אונדז באַפאַלן, מלך שאול!

ש א ו ל : איך ווייס, אַז די בני־עמון האָבן זיך געגרייט אָנצופאַלן אויף אייך, אָבער זאָל איינער פון אייך אויספירלעך דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען.

ע ר ש ט ע ר ש ל י ח : נחש העמוני האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויס חייל און אַ סך וואָפן און ער האָט באַלאַגערט אונדזער שטאָט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר קענען זיך נישט פאַרמעסטן מיט אים אין קאַמף. האָבן מיר געשיקט שליחים צו אים און אָנגעבאָטן אַ גרויסן סכום גאָלד און זילבער אַלס אויסלייז־געלט און אויסערדעם אַ יער־לעכן טריבוט, אַבי ער זאָל זיך צוריקציען און מאַכן שלום מיט אונדז. האָט ער אונדז געענטפערט, אַז ער קען שלום מאַכן מיט אונדז נאָר בתנאַי מיר זאָלן זיך אַלע לאָזן אויסשטעכן דאָס רעכטע אויג, ווייל ער וויל ברענגען אַ גרויסע חרפה אויף ישראל.

צ ו וי י ט ע ר ש ל י ח : זענען מיר געקומען אַהער, מלך פון ישראל, צו בעטן ביי דיר הילף אין אונדזער העכסטער נויט. פאַרהיט אונדז פון דער ביטערער שאַנד, מיט וועלכער עס וויל אונדז באַדעקן דער צע־ווילדעוועטער שונא!

פ ר ו י ע ן : צוליב דעם האָבן מיר געוויינט און געקלאָגט, מלך שאול!...
— צוליב דעם האָבן מיר אויפגעהויבן אונדזער קול און געיאָמערט!...

א ב נ ר : שווייגט איצט, פרויען! (פויזע) אויף אַזוי ווייט פאַררימן ביי זיך זענען שוין געוואָרן די זין פונעם מדבר?... אַזוי ווייט גרייכט

שוין זייער חוצפה צו מאַכן אונדזערע ברידער אַזעלכע שענדלעכע אַנבאָטן?... דאָס טאָר זיי נישט געשענקט ווערן! פאַר דעם דאַרפן זיי טייער באַצאָלן!

י ה ו נ ת ן : דאָס בלוט ווערט אויפגעקאָכט פון אַזאַ געצנדינערישער מוטוויליקייט!

ש א ו ל : (אין גרימצאָרן) מיר וועלן נישט דערלאָזן עס זאָל באַגאַנגען ווערן אַזאַ נבלה אַקעגן אונדזערע ברידער! מיר וועלן נישט דערלויבן עס זאָל אָנגעטאָן ווערן אַזאַ שאַנד און שפּאָט צו איינעם פון די שבטי־ישראל! מיר וועלן באַווייזן די צעווילדעוועטע מדבר־מענטשן, אַז נישט די קינדער פון ישראל און נישט זייער כבוד איז הפקר! (קורצע פויזע) איר, יונגע מענער פון אַלע שבטים פון ישראל, וואָס איר זענט מיט מיר מיטגעגאַנגען אינעם טאָג פון מיין קרוינונג! איצט איז געקומען די ערשטע געלעגנהייט ווען איר קענט באַווייזן דעם פאָלק ישראל און מיר אייער איבערגעבנקייט און געטריישאַפט!

ע ט ל ע כ ע מ ע נ ע ר : מיר זענען גרייט עס צו טאָן, מלך שאול! מיר זענען וויליק אויסצופאָלגן אַלע דיינע באַפעלן!

ש א ו ל : עס איז אמת — מיר זענען נאָך נישט בכוח זיך אָפּן צו פאַר־מעסטן מיט אַזעלכע שונאים ווי די בני־עמון, אָבער מיר האָבן קיין אַנדער ברירה נישט! וועלן מיר מוזן קעמפן מיט פאַרצווייפלטן מוט און מיט שלויקייט. מיר וועלן מוזן אַנגרייפן דעם שונא אומגעריכ־טערהייט פון פאַרשיידענע זייטן, פון פאָרנט און פון הינטן מיט־אַמאָל, דעריבער האָבן מיר נישט קיין צייט צו פאַרלירן — מיר מוזן וואָס גיכער איבערראַשן דעם שונא, ווייל דאָס קען אונדז געבן דעם ניצחון, נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער איז צאָלרייכער, בעסער באַוואָפנט און בעסער צוגעגרייט פון אונדז.

א ב נ ר : זייער ריכטיק, מלך שאול! אויב מיר וועלן אַנטקעגנשטעלן אונדזער גערעכטיקייט דעם שונאס אומרעכט און אונדזער שכל זיין רויער קראַפט, וועלן מיר געווינען!

ע ט ל ע כ ע מ ע נ ע ר : זאָג אונדז וואָס מיר זאָלן טאָן, אונדזער מלך,

און מיר וועלן אַלעס דורכפירן פּינקטלעך און מיט דער גרעסטער שנעלקייט!

שאול: מיר האָבן נאָך נישט קיין איינגעשטעלטע מלוכה. אַט בוי איך ערשט אַט־דאָס ערשטע הויז פאַר דער מלוכה מיט מיינע אייגענע געלט־מיטלען. אָבער אַ גאַנצע מלוכה קען מען נישט אויפשטעלן מיט די מיטלען פון איין מענטשן און דאָס פאָלק האָט מיר נאָך נישט געגעבן קיין שום מיטלען. וואָלטן מיר שוין געהאט אַ גוט איינגע־שטעלטע מלוכה, וואָלטן מיר געהאַט אויסשפּירערס אין דעם שונאס לאַנד, וואָס וואָלטן אונדז באַצייטנס צו וויסן געגעבן וואָס עס טוט זיך אין זיין לאַנד און ער וואָלט נישט געקענט אָנפאַלן אויף אונדז אַזוי פּלוצים און אומגעריכט. וואָלטן מיר שוין געהאט אַ גוט איינ־געשטעלטע מלוכה, וואָלטן מיר אויך געהאט אַ גוטע סיסטעם ווי־אַזוי צו פאַרזאַמלען די קריגער פונעם פאָלק אין אַ מאָמענט פון אַן אַליאַרם. אָבער איצט האָבן מיר דאָס נישט און מיר וועלן מוזן אָנקומען צו אַ פּשוטן, ווירקזאַמען מיטל. נעמט פון מיין סטאַדע צוויי רינדער, שעכט זיי און צעהאַקט זיי אויף שטיקער. זאָל יעדער פון אייך נעמען עטלעכע שטיקער און אַוועקגיין תיכף ומיד צו זיין שבט. ווען איר וועט אָנקומען אויף די ערטער, זאָלט איר באַלד דרינ־גענדיק פאַרזאַמלען דאָס פאָלק, אים איבערגעבן גענוי דאָס וואָס איר האָט דאָ געהערט פון די שליחים פון יביש גלעד און זיך באַמיען עס צו געווינען פאַר אונדזער קאַמף. און אַזוי זאָלט איר רעדן צו זיי: „שאול המלך און שמואל הנביא שיקן מיך צו אייך און זיי פאָדערן פון אייך איר זאָלט צושטעלן אייערע קריגער צום קאַמף נאָך איידער אָט־דאָס פלייש וועט האָבן צייט פאַרדאַרבן צו ווערן. יענע אָבער, וואָס וועלן נישט צושטעלן זייערע קריגער באַצייטנס, הייסט דער מלך שאול מודיע זיין, אַז אַזוי ווי עס איז צעהאַקט געוואָרן אָט־דאָס פלייש, אַזוי וועט צעהאַקט ווערן אַלס שטראָף אויך דאָס פלייש פון זייערע רינדער!" אַזוי זאָלט איר ריידן צו זיי און זיי וועלן זי־כער פאָלגן און קומען.

עטלעכע מענער: מיר גייען שוין אויספאָלגן דיין באַפעל, אונ־דזער מלך שאול. (אַפּ לינקס).

**שאול**: גייט לשלום און זייט מצליח! (קורצע פויזע) דו, אבנר, נעם דיר די גייטיקע מענטשן און זאַמל צונויף אין גבעה און אין די אַרומיקע שטעט און דערפער אַלע מעגלעכע מינים פון כלי־זין — פייל־און־בויגנס, שווערדן, מעסערס, שפּיזן — מיט וועלכע מען קען שלאָגן דעם שונא. האָסט פיר און צוואַנציק שעה אויף דורכצופירן אָט די וויכטיקע אויפגאַבע, פון וועלכער עס איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק דער ניצחון אין אונדזער ערשטער שלאַכט און דאָס מיינט צו זאָגן אויך די הצלחה אויף להבא פון אונדזער נייער מלוכה.

**אבנר**: איך פאַרשטיי דעם באַטייט פון דער אויפגאַבע, וואָס דו לייגסט אויף מיר אַרויף, מלך שאול, און דו קענסט רואיק זיין. מעגסט דיך אויף מיר פאַרלאָזן, אַז איך וועל עס דורכפירן אויפן בעסט־מעגלעכן אופן. קיין שווערדן וועלן מיר טאַקע מסתמא אינערגעץ נישט קע־נען געפינען, אָבער אַנדערע וואָפן וועלן מיר טרעפן און פאַר אַ נויט וועלן מיר אויפשטעקן שנייד־מעסערס און סערפּן אויף לאַנגע שטעקנס און מיר וועלן אַזוי אַרום מאַכן שפּיזן. אויך דרייצייניקע ווילעס קענען צונויץ קומען אין קאַמף. קום מיט מיר, יהונתן, וועסטו מיר העלפן.

**שאול**: איך באַדויער זייער, שוועסטערקינד אבנר, וואָס איך קען נישט דערלויבן יהונתנען מיטצוגיין מיט דיר. איך האָב פאַר אים אַן אַנ־דערע שליחות. גיי, מיין זון יהונתן, אַזוי שנעל און פלינק, ווי דו קענסט, קיין רמה צום אַלטן נביא שמואל און דערצייל אים אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען. בעט אים אויך ער זאָל קומען בענטשן אונדזער חייל, איידער מיר וועלן זיך לאָזן אין דער שלאַכט אַריין. פאַרהאַלט זיך ביי אים נאָר אַזוי לאַנג ווי עס איז אומבאַדינגט נייטיק און קער זיך באַלד אום אַהער, ווייל איך וועל דיך דאָ זייער גייטיק דאַרפן האָבן.

**יהונתן**: אַלץ וועט געשען לויט דיין וואונטש און באַפעל, מיין פאָ־טער און מלך! (אבנר און יהונתן גייען אָפּ רעכטס).

**שאול**: (רופט זיי נאָך) האָט אַ גליקלעכן וועג און פירט דורך אַלץ בשלום (פויזע) און איר, שליחים פון יביש גלעד, קערט זיך אום

נאָך הייגטיקע נאַכט אין אייער באַלאַגערטער שטאָט. טרייסט אייע־רע מענטשן און באַמיט זיך צו הייבן זייער מוט. זאָגט זיי אין נאָמען פונעם מלך שאול, אַז אין צוויי־דריי טעג אַרום וועלן זיי באַקומען די נייטיקע הילף. מיר וועלן באַפאַלן די עמונים פון דריי פאַרשיי־דענע זייטן, פאַרטאָג און הינטן אַרום, און מיט דער הילף פונעם אַלמעכטיקן גאָט פון ישראל וועלן מיר זיי צעקלאַפּן און באַשטראָפן פאַר זייער ווילדער חוצפּה. זאָלן אייערע וועכטער אויף די מויערן זיין אויפמערקזאַם. ווען זיי וועלן זען, אַז מיר האַלטן אין שלאָגן דעם שונא, זאָלן זיי צו וויסן טאָן אייערע פירערס און דעמאָלט זאָלן זיך אויך אייערע קעמפּערס אַרויסלאָזן אויפן שונא דורך די טויערן. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר אים אַריינגעמען אין אַ קלעם אַריין און פאַר־ניכטן.

ע ר ש ט ע ר   ש ל י ח : געבענטשט זאָלסטו זיין, אונדזער האַר און מלך, פאַר דעם וואָס דו טוסט לטובת אונדזער שטאָט! דו האָסט פּשוט אַריינגעזעצט אין מיר אַ נייע נשמה!

צ ו ו י י ט ע ר   ש ל י ח : די קומענדיקע דורות וועלן דיך ליבן פאַר דעם וואָס דו טוסט היינט צו אונדז, יונגער און קלוגער מלך פון ישראל! און מיר וועלן איבערגעבן פּינקטלעך אַלץ וואָס דו האָסט אונדז באַ־פוילן, צו די עלטסטע און קריגפירער פון יביש גלעד און אַלץ וועט זיכער געשען לויט דיין באַפעל.

ש א ו ל : גייט אין פרידן, שליחים פון יביש גלעד! (די צוויי שליחים אָפּ רעכטס. אויך דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק צעגייט זיך אין אַלע ריכ־טונגען. די זון איז דערווייל אונטערגעגאַנגען און שאול בלייבט אַליין אויף דער כמעט טונקעלער בינע). מעכטיקער און גוטער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! זיי מיט מיר אויף אָט־דעם שווערן ערשטן גאַנג מיינעם צו פאַרפעסטיקן די ערשט־געגרינדעטע מלוכה פון ישראל! העלף מיר שלאָגן די שונאים פון דיין פאָלק! פיר מיך מיט דיין גנאָד אויפן ריכטיקן וועג!

(דער פאָרהאַנג פאַלט פאַמעלעך ביי די לעצטע ווערטער)

# דאָס אַכטע בילד

אַ לאַנדשאַפט ביים ירדן אין גלגל. אין הינטערגרונט זעט מען דעם טייך. אין מיטן דער בינע אַן אַבעליסקאַרטיקער הויפן פון רויע שטיינער. שיטער צעוואָרפן איבער דער בינע זענען פאַראַנעןביימער. עס איז גאַנץ פרי. פון רעכטס און פון לינקס הערט זיך פריילעך געזאַנג פון קריגער. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף שטייען לינקס, אין פאָדערגרונט, עטלעכע עלטערע מענער פון גלגל און שמועסן מיט עטלעכע קריגער.

מ אַ ן  פ ו ן  ג ל ג ל : דערציייל, ברודער, דערצייל אונדז ווי איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען! מיר זענען נייגעריק צו וויסן אַלע איינצלהייטן.

ק ר י ג ע ר : ווען אונדזערע מענטשן זענען אָנגעקומען, יעדער איינער צו זיין שבט, און האָבן איבערגעגעבן אַלץ וואָס דער מלך שאול האָט זיי געהייסן זאָגן, זענען טייל שבטים־עלטסטע אויפגעטרייסלט און דערשיטערט געוואָרן צוליב דער חוצפּהדיקער פאָדערונג פון נחש מלך עמון און די אַנדערע האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער שטרענגער דראָאונג פון אונדזער מלך. בקיצור, מען האָט אומפאַרזאַמט אַרויסגעשיקט פון אומעטום די גרעסט־מעגלעכע צאָל קריגער און מען האָט זיי מיטגעגעבן כלי־זין און שפייז. ווען, אויפן באַפעל פונעם מלך, האָט מען זיי איבערגעציילט אין בזק, וואו עס איז געווען באַשטימט דער קאָנצענטראַציע־פונקט, זענען עס געווען לערך דרייסיק טויזנט מענער פון יהודה און דריי הונדערט טויזנט פון אַלע איבעריקע שבטים פון ישראל.

מ אַ ן  פ ו ן  ג ל ג ל : ס׳האָט זיך, הייסט עס, אָנגעזאַמלט אַ גאַנץ היפּש חייל. דערצייל־זשע וואָס עס איז ווייטער געשען.

ק ר י ג ע ר : צומאָרגנס פאַרטאָג, האָט שאול איינגעטיילט זיינע אויסגעקליבענע קריגסלייט אין דריי קאָלומנעס, וועלכע ער האָט גע־

הייסן זיך אונטערגנבענען שטילערהייט און איבערראַשן די בני־עמון אין שלאָף. דאָס גאַנצע איבעריקע חייל אונדזערס איז נאָכגע־גאַנגען פון דער ווייטנס. ווען אונדזערע אָנגריף־קאָלומנעס זענען אָנגעפאַלן אויף די שלאָפנדיקע בני־עמון, זענען יענע צעמישט גע־וואָרן ביז משוגעת פון איבערראַשונג. זיי זענען בשום אופן נישט געווען ביכולת זיך צו פאַרטיידיקן און האָבן גענומען אַנטלויפן האַלב־אָנגעטועטע און איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן לאַגער אַלס זאַק־רויב. שוין די אָנגריף־קאָלומנעס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן צווישן זיי און די הינטערשטע רייען פון אונדזער חייל האָבן זיי ממש פאַר־ניכטעט און צעטריבן, נישט איבערלאָזנדיק קיין צוויי פון זייערע מענטשן אינאיינעם. עס איז שוין נישט נייטיק געווען די מענטשן פון יביש גלעד זאָלן זיי פאַרפאָלגן. עס איז אַזאַ געוואַלדיקער ניצחון ווי די בני־ישראל האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט.

מאַן פון גלגל: ס׳ווייזט אויס, אַז מ׳יטן נייעם מלך שאול האָבן מיר גוט געטראָפן.

קריגער: אַזוי איז עס! זיין קלוגער אָנפירונג האָבן מיר צו פאַרדאַנ־קען די פאַרניכטונג פון איינעם פון אונדזערע שטאַרקע שונאים. דער עיקר איז געווען צום באַוואונדערן די שנעלקייט, מיט וועלכער ער האָט דורכגעפירט דעם גאַנצן ענין און דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט לייכט און גרינגלעך צו דערגרייכן זיין גרויסן זיג. מיט אַזאַ קריגס־פירער דאַרפן מיר נישט קיין סך מורא האָבן פאַר אונ־דזערע שונאים.

מאַן פון גלגל: און היינט וועט דאָ פאָרקומען אַ גרויסער גאָט־דינסט צו דאַנקען אונדזער מעכטיקן האַר יהוה פאַר דעם גרויסן ניצחון.

קריגער: אַזוי איז עס! מען ברענגט שוין די קרבנות און מען גרייט צו אַ גרויסאַרטיקע סעודה. ס׳איז דאָ מיט וואָס — מיר האָבן צוגע־נומען ביי די עמונים אַ סך פי און שפייז־מיטלען.

מאַן פון גלגל: ס׳וועט זיכער נישט זיין קיין מאַנגל אין גאַר־נישט! מען האָט דאָך איינגעלאַדן צו דער צערעמאָניע און אויך צו

דער סעודה דאָס גאַנצע פאָלק פון גלגל. (עס דערהערן זיך עטלעכע שאַלנדיקע טרומייטער־סיגנאַלן און די קריגער און דאָס פאָלק פון גלגל הייבן זיך אָן צו פאַרזאַמלען און אָנצופולן די בינע. דערנאָך קומען אָן פון רעכטס שאול, זיינע יונגע זין יהונתן, ישוי און מלכי־שוע, אבנר און די מענער פון זיין גוואַרדיע, און פון לינקס קומען אָן שמואל מיט די נביאים, חכמים און עלטסטע פון גלגל).

שמואל: (הייבט אויף די הענט צו באַרואיקן דאָס פאָלק) קעמפער פון ישראל, זייט באַגריסט אין נאָמען פון אונדזער גרויסן גאָט יהוה! מיר וועלן שפּעטער דאַנקען און לויבן אונדזער אַלמעכטיקן האַר פאַר דעם ניצחון וואָס ער האָט אונדז געגעבן איבער די עמונים. אָבער קודם־כל וויל איך פאָרברענגען פאַר אייך אַ טענה אין נאָמען פון אונדזער גאָט און אויך אין מיין אייגענעם נאָמען. איך האַלט, אַז עס איז בעסער אַזעלכע זאַכן אַרויסצוזאָגן אָפן און אויפריכטיק באַלד נאָכדעם ווי זיי זענען פאָרגעקומען, אַפילו ווען דאָס קלינגט צופיל שאַרף און שטרענג, איידער עס צו טראָגן ביי זיך אין האַרצן. (קורצע פּויזע) פון מיין קינדהייט אָן האָב איך געדינט אונדזער גרויסן גאָט און אונדזער פאָלק מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. איך האָב ביי קיינעם פון אייך גאָרנישט צוגענומען און האָב אויך קיינעם פון אייך קיין מינדסטע עוולה נישט געטאָן, און דאָך האָט איר מיך אָפּגעוואָרפן, נאָכדעם ווי איך האָב אייך געדינט אין משך פון צענדליקער יאָרן, און איר האָט געפאָדערט עס זאָל באַשטימט ווערן אַ מלך איבער אייך. פאַרבייג איך מיין כבוד, אָבער איך קען בשום אופן נישט שענקען דאָס, וואָס איר פאַרוואַרפט אויך דעם האַר יהוה, וועלכער האָט צו אייך געטאָן אַזויפיל חסד און גוטס. ער האָט אייך באַפרייט פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים און האָט אייך באַוויזן אַזויפיל וואונדער, אויף אייער וואַנדערונג איבערן מדבר, דורך זיין באַפולמעכטיקטן משה רבינו. ער האָט אייך געהאָלפן איינגענעמען אָט־דאָס גוטע לאַנד אונטער דער פירערשאַפט פון יהושוע בן נון און אָט־די שטיינער זענען עדות דערפון ווי־אַזוי ער האָט אייך אַריבער־געפירט איבערן ירדן טאַקע אויף דעמזעלבן פּלאַץ, וואו מיר שטייען

איצט און דאָס איז דער אָרט וואו אונדזערע אָבות האָבן געשטעלט צום ערשטן מאָל זייערע פיס אויף דער ערד פון אונדזער לאַנד. שפּעטער האָט ער אייך געגעבן אַזעלכע העלפערס אין דער נויט ווי די שופטים שמשון, ירובעל, ברק, יפתח און מיך אַליין. אָבער איר זענט נישט דאַנקבאַר געווען און זענט נישט צופרידן געווען מיט דעם דער האַר יהוה זאָל אויך ווייטער פאַרבלייבן אייער מלך. איר האָט געפאָדערט אַ מלך בשר ודם איבער זיך!

גרופּן צווישן די קריגער און דעם פאָלק: איז איצט אַ צייט צו דערמאָנען אַלטע זינד, נביא שמואל?... — ווילסטו דורך מוסר־זאָגן טרעפן אונדזער מלך שאול, וועלכן מיר אַלע האָבן ליב באַקומען?... — ווילסטו מיט דיינע ביטערע רייד אונדז פאַרשטערן די שמחה פון אונדזער גרויסן ניצחון?... —

שמואל: דאָס דערמאָנען פון די אַלטע זינד איז בלויז אַ הקדמה צום פאָרוואַרפן אייך נייע חטאים. אָט האָט איר נאַר־וואָס באַקומען אייער מלך, ווי איר האָט געפאָדערט, און שוין האָט איר אַלע, ער און איר, פאַרגעסן אין אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און אין מיר, זיין נביא.

שאול: איך האָב דאָך געשיקט צו דיר, ערווירדיקער נביא שמואל, מיין עלטסטן זון יהונתן, ער זאָל דיך פאַרבעטן צו קומען אונדז בענטשן אין נאָמען פון אונדזער גאָט, איידער מיר גייען אין דער שלאַכט.

שמואל: דאָס איז ריכטיק, אָבער נישט דו האָסט אָנגעפרעגט אונדזער האַר יהוה צי זאָלסטו זיך אַריינלאָזן אין אַ מלחמה מיט די בני־עמון און נישט דו האָסט געוואַרט אויף מיר איך זאָל אייך קומען בענטשן און בעטן ביי אונדזער אַלמעכטיקן האַר, ברענגענדיק אים גלייכצייטיק קרבנות, ער זאָל אונדז העלפן אין דעם קאַמף קעגן דעם שונא. ווען איך בין געקומען איז שוין געווען נאָך דער שלאַכט.

שאול: איך בין אַ פּויער און אַ זון פון אַ פּויער און לויט מיין פּויערישן שכל קומט אויס, אַז עס איז איבעריק אין אַזאַ פאַל זיך לאַנג צו גריבלען צי איז נייטיק זיך אַריינצולאָזן אין אַ מלחמה. די צעווילדעוועטע בני־עמון האָבן אונדז שווער באַליידיקט און געוואָלט אָנטאָן אַ גרויסע חרפה, איז אין אַזאַ פאַל נישט שייך ערשט אָנצו־

פרעגן זיך און צו באַראַטן זיך צי דאַרף מען געבן אַ תשובה. ביי מיר, דעם פשוטן מענטשן פון דאָרף, איז אויסגעקומען נאַטירלעך צו האַנדלען שנעל, אַזוי ווי איך האָב געהאַנדלט, און איך בין געווען זיכער, אַז דער אַלמעכטיקער האַר יהוה איז צופרידן מיט דעם. טאַקע דערפאַר וואָס איך האָב געמוזט האַנדלען שנעל, האָב איך נישט גע־קענט וואַרטן ביז דו וועסט קומען, ערווירדיקער נביא שמואל! אויך פאַר ברענגען קרבנות איז נישט געווען קיין צייט און נישט עס האָט געלוינט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פונעם שונא דורך אַזעלכע צערעמאָניעס.

שטימען פון פאָלק: דער מלך שאול איז גערעכט, נביא שמואל, און דו דאַרפסט אים ניט מאַכן קיין פאַרוואורפן!... — ער האָט באַשיינפערלעך נישט געהאַט קיין בייזע מחשבות און האָט נישט געזינדיקט נישט אַנטקעגן אונדזער גאָט און נישט אַנטקעגן דיר!... — אַפּציען מיטן אָנגריף און וואַרטן, וואָלט אין אַזאַ פאַל געווען דאָס זעלבע ווי איינשטעלן צו פאַרלירן דעם ניצחון!... —

שאול: איך דערקלער פאַרן גאַנצן פאָלק און נעם דעם האַר יהוה פאַר אַן עדות, אַז קיין זאַך איז נישט געווען ווייטער פון מיר ווי צו זינדיקן אַנטקעגן אונדזער אַלמעכטיקן גאָט און דעם נביא שמואל. איך פאַרזיכער, אַז מיינע כוונות זענען געווען ריינע און גוטע.

שמואל: איך נעם אָן דיין דערקלערונג און גלויב אין דיין פאַרזיכע־רונג, מלך שאול, אָבער ביי דעם אַלעמען מוז איך אייך נאָכאַמאָל וואָרענען, דיך און דאָס פאָלק: אויב איר וועט גיין אין די וועגן פון גאָט און איר וועט אים דינען אויפריכטיק און מיטן גאַנצן האַרצן, וועט ער שטענדיק זיין מיט אייך און וועט אייך העלפן. וועט איר אָבער נישט אויספאָלגן דאָס געבאָט פון אונדזער האַר און איר וועט זינדיקן און טאָן שלעכטס אַנטקעגן אים, וועט ער זיך אָפּקערן פון אייך און איר וועט פאַרלענדט ווערן, דאָס פאָלק אינאיינעם מיטן מלך.

שטימען פון פאָלק: ס'איז נישטאָ קיין סיבה דו זאָלסט איצט זיין אַזוי שטרענג, נביא!... — מיר פאַרלאַנגען פון דיר מער מילד־

קייט צו אונדזער מלך, נביא!... — דו דאַרפסט זוכן צו לעבן בשלום מיט אים און נישט זוכן זיך אָנצוכאַפּן ביי יעדער קלייניקייט אים צו שטראָפן!... — דו זאָלסט זיך באַמיען צו זיין פאַר אים אַ גוטער לערער און וועגווייזער, אָבער נישט קיין בייזער שטיפטאַטע!... —

מ אַ ן  פ ו ן  ג ל ג ל : (אין פאָדערגרונט לינקס) איך וואָלט געשוואוירן אַז דער אַלטער נביא איז אייפערזיכטיק אויפן יונגן מלך און ער פאַרגינט אים נישט זיין ניצחון.

ק ר י ג ע ר : אַזוי איז עס! דער אַלטער נביא שמואל פאַרגינט באַשיינ־פערלעך נישט זיין דערפאָלג, דעם יונגן מלך שאול!

ש מ ו א ל : גוט! לאָמיר איצט דאַנקען און לויבן אונדזער גאָט. זאָגט מיר נאָך. (זאָגט פּסוקימווייז און דאָס פאָלק זאָגט אים נאָך) מיר דערהויבן דיין הייליקן נאָמען, אונדזער האַר, און מיר לויבן דיינע גרויסע מעשים, ווייל דו האָסט אונדז דערהויבן פון דער געפאַלנ־קייט און האָסט נישט דערלאָזט אונדזערע שונאים זאָלן זיך פרייען מיט אונדזער מפּלה. — מיר זינגען לידער פאַר דיר, אונדזער גאָט, און דאַנקען דיר פאַר דיין שטענדיקער הילף און שוץ און פאַר דעם ניצחון וואָס דו האָסט אונדז געגעבן איבער די בני־עמון. — אַ נאַכט פריער האָט געגעכטיקט צווישן אונדז טרויער און געוויין, אָבער צו־מאָרגנס האָסטו איבערגעגעבן די שונאים אין אונדזערע הענט און אונדזערע הערצער האָבן זיך אָנגעפולט מיט פרייד און אונדזערע מיילער מיט געזאַנג. — האָסט אָוועקגענומען פון אונדז די זעק פון טרויער און האָסט אונדז אָנגעטאָן די נייע קליידער פון הייטערקייט. — אונדזער דערשלאָגנקייט און קלאָג האָסטו מיט דיין גענאָד פאַר־וואַנדלט אין שפּיל און טאַנץ. — האָסט געשטאַרקט אונדזער גע־שלאָגענעם מוט און האָסט אַריינגעבלאָזן אין אונדז דעם גייסט פון גלויבן און ביטחון אין דיין אייביק וואָרט און אין דיין מעכטיקן אָרעם. — דעריבער וועלן מיר שטענדיק גיין אין דיינע דרכים און לעבן לויט דיינע דערהויבענע געזעצן, בכדי מיר זאָלן ווערט זיין דיינע חסדים און גוטסקייט. — דערפאַר וועלן מיר טראָגן דיין תורה צו די פעלקער פון דער וועלט און מיר וועלן נישט רוען ביז דיין

צדק וועט אָנפולן אַלע ווינקעלעך אירע. — מיר וועלן פאַרשפרייטן דיין כבוד און רום איבער אַלע בערג און טאָלן, איבער אַלע ימים און טייכן, איבער אַלע פעלדער און וועלדער. — און אונדזערע נשמות אינגאַנצן וועלן מיר איבערגעבן צו דיר און אַלע אונדזערע חושים און אַפילו אונדזער געביין, וועלן דיר דינען אויפריכטיק און אָן פאַלשקייט. — פאַרוואָר, אַז מיר וועלן קיינמאָל נישט שווייגן און שטענדיק וועלן מיר באַזינגען דיין גרויסקייט, האַר פון דער וועלט, און דאַנקען וועלן מיר דיר אייביק. —

שאול: איצט, ברידער, קענט איר זיך לאָזן וואוילגיין מיט שפייז און געטראַנק, מיט געזאַנג און טאַנץ!

ערשטער מאַן: איין אויגנבליק, ברידער, הערט מיך אויס! איידער מיר לאָזן זיך וואוילגיין, האָבן מיר נאָך אויסצוגלייכן איין חשבון. יענעם טאָג, ווען עס איז אויסגעקליבן און געקרוינט געוואָרן אונדזער מלך שאול, זענען געווען צווישן אונדז אַזעלכע וואוילעיונגען, וואָס האָבן גערעדט אַקעגן אים, געלאַכט און געשפעט פון אים. זיי האָבן זיך אויך בפרהסיה אַרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן נישט אויספאָלגן זיינע באַפעלן. מיינט איר, ברידער, אַז יענע לייט קענען בלייבן אומבאַשטראָפט?...

צווייטער מאַן: מיר קענען זיי. מיר ווייסן ווער זיי זענען. זיי דאַרפן באַצאָלן מיט זייערע לעבנס פאַר דער עזותדיקער לעסטערונג אַקעגן אונדזער מלך!

דריטער מאַן: זיי זענען ווערט פאַרשטייניקט צו ווערן פאַר זייער זינדיקער חוצפה!

שאול: ניין, מיינע ברידער, היינט וועט דאָ קיינער נישט געטויט ווערן, ווייל היינט איז דאָך ביי אונדז אַ טאָג פון גרויס ישועה און פרייד! איך פאָדער אייך נאָכאַמאָל אויף זיך משמח צו זיין און צו לאָזן זיך וואוילגיין. (ארום דעם הויפן שטיינער שליסט זיך אַ ראָד פון טענצער. עס רוקט זיך אַרויס אַ גרופּע בני־הנביאים מיט זייערע אינסטרומענטן, וועלכע שפּילן אויף אַ טאַנץ־מעלאָדיע. דאָס טענצער־ראָד הייבט זיך אָן צו באַוועגן. סיי דער ניגון, סיי די טאַנץ־באַווע־

גונגעו דריקן אויס דאָס צערייסן פון קייטן, דאָס אַראָפּוואַרפן דעם שווערן יאָך פון קנעכטשאַפט, דאָס אויסגלייכן פון רוקנס, דעם קאַמף מיט שונאים און דאָס נאָכיאָגן זיך נאָך זיי).

(נאָכן טאַנץ פאַלט דער פאָרהאַנג).

# דאָס גײַנטע בילד

אַ לאַנדשאַפט אין יהודה. פון פאָדערגרונט לינקס ביז צו אַ גרעסע־רער העלפט פונעם הינטערגרונט רעכטס, דער געפאַלדעוועטער ברעג פון אַן אַלטן געדיכטן וואַלד מיט ברייטשטאַמיקעביימער און זיי צופוסנס קוסטן און גראָזן. דער איבעריקער שטח פון דער בינע שטעלט פאָר אַ סטעפּ מיט שיטערע גראָזן און שטיינער־בערגלעך. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף איז דער סטעפּ באַדעקט מיט גרױלעך־בלויען ליכט פון דער האַל־בער לבנה, וואָס פאַרגייט אין הינטערגרונט רעכטס. שפּעטער גייט אויף דער פרימאָרגן און צווישן די בוימשטאַמען לינקס שיינט דורך דאָס רויטע ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון.

אויף אַ מיט גראָז באַוואַקסענעם בערגל, אין פאָדערגרונט לינקס, נעבן ראַנד פונעם וואַלד, זיצן די פיר פאַסטוכער־ייִנגלעך פון בית־לחם: דוד בן ישי און די דריי בני־צרויה יואב, אבישי און עשהאל, וועמענס שאָף עס פּאַשען זיך אין וואַלד און אינעם סטעפּ אונטער דער השגחה פון די הינט. אין די הענט האַלטן זיי הויכע שטעקנס מיט אויסגעבויגענע עקן אויבן. איבער זייערע פּלייצעס זענען אַריבערגעוואָרפן זעקלעך, וואו זיי באַהאַלטן מכשירים און שפּייז. אויף דודס רוקן הענגט נאָך אויף רימענס אַ מין מאָדנע קעסטל. בכלל טיילט זיך דוד אויס פון די איבע־ריקע מיט זיינע לאַנגע העל־בלאָנדע לאָקן, מיט די דורכדרינגלעכע שאַר־פע בלויע אויגן, מיט דעם ענערגישן וואוילערישן אופן פון ריידן און מיט זיינע פלינקע און עלאַסטישע באַוועגונגען. צופוסנס פון די ייִנגלעך ליגן צוויי־דריי הינט.

ע ש ה א ל : וואָס וואָלט געווען, קינדער, ווען עס באַווייזט זיך דאָ איצט פלוצים אַ פלישתי און ער וויל אונדז שלעכטס טאָן?...

ד ו ד : וואָלטן מיר זיך פאַרטיידיקט און אים פאַריאָגט פון דאַנען! מיר וואָלטן דאָך געווען פיר קעגן איינעם.

א ב י ש י : מיט וואָס וואָלטן מיר זיך פאַרטיידיקט?... די פלישתים רירן זיך דאָך נישט פון דאַנען ביז אַהין אָן זייערע שווערדן.

ד ו ד : מיט אונדזערע פאַסטוכער־שטעקנס וואָלטן מיר זיך פאַרטיידיקט. איך האָב שוין אַפילו אַמאָל מיט אָט־דעם שטעקן דערשלאָגן אַ פּלישתי, אַ גיבור.

י ו א ב : דו ווילסט אָפּלאַכן פון אונדז, דודל, דעריבער ווילסטו אונדז איינריידן, אַז מיט אַזאַ־אָ שטעקן קען מען דערשלאָגן אַ דערוואַקסענעם שטאַרקן מאַן, וועלכער איז נאָך טאַקע דערצו אפשר באַוואָפנט מיט אַ שווערד. ווילסט אונדז פּשוט אָפּנאַרן?...

ד ו ד : נישט איך וויל אָפּלאַכן פון אייך און נישט איך וויל אייך אָפּנאַרן. איך שווער אייך ביי אַלעם הייליקן, אַז מיט דעם־אָ שטעקן האָב איך דערשלאָגן אויף טויט אַ פּלישתי אַ גיבור, וועלכער האָט געטראָגן ביי זיך זיין שווערד. ס'איז אמת, אַז די שווערד האָט אים ווייניק וואָס גענוצט, ווייל ער האָט אַפילו נישט באַוויזן זיך צו באַדינען מיט איר.

י ו א ב : אויב דו שווערסט ביי אַלעם הייליקן, מוז איך דיר גלויבן, ווייל פאַר קיין ליגנער קען איך דיך נישט. עס איז אמת, אַז דו ביסט אַ פאַרוואָגענער און אַ לוסטיקער שפּאַס־פויגל, אָבער קיין ליגנער ביסטו נישט. וואָס־זשע פאַר אַ מיסטעריע שטעקט אין דיינע רייד?... אפשר איז דיר געשען עפּעס אַ נס?...

ד ו ד : אויך קיין נס איז מיר נישט געשען... אָבער אַ סוד איז פאַראַנען ביי דעם גאַנצן ענין — דאָס יאָ!

א ב י ש י : אַ סוד זאָגסטו?... וואָס פאַר אַ סוד?... דערצייל אונדז, ברודער, מיר זענען דאָך עפּעס דיינע בעסטע חברים און מיר האָבן פאַר דיר נישט קיין שום סודות נישט. דאַרפסטו פאַר אונדז אויך נישט אויסבאַהאַלטן קיין שום סוד.

ע ש ה א ל : דערצייל, דודל, וועל איך דיר דערפאַר געבן אַ גרויס שטיק פונעם געשמאַקן קוכן, וואָס די מאַמע האָט מיר היינט מיטגעגעבן.

ד ו ד : אָט דעם סוד קען איך אייך בשום אופן נישט דערציילן. דאָס איז אַ צו ערנסטער ענין, וועלכן מען טאָר נישט אויסזאָגן.

י ו א ב : אויב דאָס איז טאַקע אַזאַ ערנסטער ענין, טאָרסטו אים פאַר אונדז נישט אויסבאַהאַלטן. דערצייל עס אונדז, ווײסטו אונדז דורך דעם באַווייזן, אַז אויך דיין פריינטשאַפט צו אונדז איז ערנסט און אויפריכטיק.

ע ש ה א ל : דערצייל, דודל, דערצייל! איך וועל דיר אייביק בלייבן דאַנקבאַר דערפאַר.

א ב י ש י : ווײסט אונדז דאָך נישט לאָזן פּלאַצן פון נייגעריקייט, נאָכ־דעם ווי דו האָסט אונדז אַזוי שטאַרק אָנגעצויגן! מאַך דיך נישט וויכטיק און דערצייל!

ד ו ד : איר קענט מיר שווערן, אַז איר וועט שטרענג האַלטן דעם סוד?

ד י ד ר יי ב נ י ־ צ ר ו י ה : מיר שווערן ביי אונדזער אַלמעכטיקן גאָט, אַז מיר וועלן קיינעם נישט אויסזאָגן אַפילו קיין איין וואָרט פון דעם וואָס דוד בן ישי וועט אונדז דאָ איצט דערציילן. אויב מיר וועלן נישט האַלטן אָט־די שבועה, וועלן מיר זיך אַליין מאַכן שול־דיק אין פאַרראַט און גאָט וועט אונדז שטראָפן דערפאַר.

ד ו ד : טאָ הערט זיך איין, חברה! איך האָב איינמאָל פאַרנאַכט, ס'האָט שוין אָנגעהויבן פינצטער צו ווערן, געפּאַשעט די שאָף נישט ווייט פון דער פּלישתים־גרענעץ. מיטאַמאָל איז אַריבערגעקומען פון יענער זייט אַ געצנדינער, אַ גיבור ממש, באַוואָפנט מיט אַ שווערד, און ער האָט אָנגעהויבן טרייבן מיינע שאָף און מיך זידלען: „אַוועק פון דאַנען דו עברים־בענקאַרט! וואָס דרייסטו דיך אַרום אַזוי נאָענט פון אונדזער גרענעץ? נישט אַנדערש, אַז דו ביסט אַ שפּיאָן...״ — האָב איך אים דרייסט אָפּגעענטפערט: „זידל זיך נישט, פּלישתי, און טרייב מיך נישט פון דאַנען! דו האָסט נישט קיין רעכט דערצו, ווייל די ערד, אויף וועלכער מיר געפינען זיך ביידע, איז אונדזערע. אויב דיר געפעלט דאָ נישט עפּעס, טאָ טראָג זיך אָפּ און גיי דיר אַריבער פון יענער זייט!״ — דער פּלישתי איז אַריין אין גרימצאָרן און האָט אָנגעהויבן שרייען: „ווי וואַגסטו מיר אַנטקעגן צו ריידן, דו

עברים־סמארק! אט וועל איך דיך דורס זיין ווי א נמאסן ווארעם!״
— ער האט זיך א לאז געטאן אויף מיר, אבער איידער ער האט גע־
האט צייט צו מאכן צוויי שריט האב איך אים דערשלאגן מיט דעם־
א... (נעמט אראפ פון זיין פאסטוך־שטעקן דעם אייבערשטן טייל און
עס אנטפלעקט זיך א בלאנקענדיקער, אויסגעשארפטער שפיץ פון
א שפיז).

יואב: א! וואו האסטו גענומען אזא פייגע כלי? די פלישתים דערלאזן
דאך נישט עס זאלן ביי אונדז זיין שמידן, וועלכע זאלן קענען מאכן
אזעלכע כלים!...

אבישי: וואו האסטו טאקע גענומען אזא גוטע שפיז?... אפילו אונ־
דזערע קריגער האבן דאך נישט אזעלכע כלי־זין — טא ווי־זשע קומט
עס צו דיר?...

עשהאל: און ווי גוט עס איז צוגעפאסט געווארן דער אייבערשטער
טייל פונעם שטעקן... מ׳קען דאך בשום אופן גארנישט דערקענען,
אז דער שטעקן איז געמאכט פון צוויי טיילן...

דוד: איך אליין האב געמאכט די כלי און עס איז מיר גארנישט לייכט
אנגעקומען, ווייל קיין פייער האב איך דאך צו דעם נישט באנוצט...
איך האב געפונען אין פעלד א פארזשאווערט שטיק אייזן, האב איך
עס אזוי לאנג קונציק געשליפט מיט הארטע קרעמיען־שטיינער ביז
איך האב דערפון געמאכט אט־דעם שפיזן־שפיץ. ס׳איז געווען א שטיקל
ארבעט, צו וועלכן עס האט זיך געפאדערט א סך קונציקייט און
נאכמער געדולד און אויסדויער, אבער עס האט זיך געלוינט —
היינט, ווען איך האב אזא געצייג אין דער האנט, האב איך נישט
קיין מורא נישט פאר קיין פלישתי און אפילו נישט פאר קיין לייב...

עשהאל: פאר קיין לייב אויך נישט?... א לייב שפרינגט דאך אזוי
פלינק און מעכטיק...

דוד: אבער דעם שפיז קען מען ווארפן איידער ער שפרינגט און אים
דערשלאגן פון דער ווייטנס... ס׳איז אמת, אז מ׳דארף קענען גוט
צילן...

אבישי: באווייז נאר, דוד! (באקוקט דעם שפיז, באטאפט די שארף,

וועגט אים אין דער האַנט און באַשליסט) יאָ! מיט דעם קען מען באַזיגן אַ לייב אויך!...

**י ו א ב**: מיר וועלן דאַרפן, ברידער, אויסזוכן שטיקער אייזן און אויך מאַכן אַזעלכע שפּיזן. דוד וועט אונדז אויסלערנען ווי־אַזוי מען מאַכט עס.

**ד ו ד**: איך וועל אייך אויסלערנען, אָבער געדענקט, אַז איר האָט צוגע־שוואוירן צו האַלטן דעם סוד. (אין דעם מאָמענט כאַפּן זיך אויף די הינט מיט אַ בילעריי) פון סטעפּ איז אַנגעלאָפן אַ הירש און איז פאַרשוואונדן צווישן די ביימער... דאָס איז אַ סימן, אַז ער איז גע־יאָגט געוואָרן... (די הינט בילן נאָך שטאַרקער אין דער ריכטונג פון דעם סטעפּ) אָט קומט פון דאָרטן אָן אַ לייב!... (עס דערהערט זיך פון גאַנץ ווייט אַ ברומען) ברוך הבא! ס'קאַצל קומט, ר' לייבל! מיר וועלן אייך אויפנעמען ווי אַ חשובן גאַסט... (ענערגיש) נו, בחורים, פאַרלירט נישט קיין צייט! טרייבט אַוועק די סטאַדעס אויף אַ זי־כערן פּלאַץ און טוט צו וויסן די אַנדערע פּאַסטוכער. לויטן ברומען איז דער לייב זייער הונגעריק און דעמאָלט איז ער גאָר געפערלעך... ר'האָט הפּנים אַ גאַנצע נאַכט נישט געהאַט קיין פאַנג און ער איז קענטיק גאָר שטאַרק צערייצט... (די ייִנגלעך טרייבן צונויף די שאָף, מיט דער הילף פון די הינט, און טרייבן זיי אין וואַלד אַריין, שרייענ־דיק).

**ד י ב נ י ־ צ ר ו י ה**: פאַרזיכטיק!... היט זיך!... אַ לייב איז פאַראַנען אין דער נאָענט!...

**ד ו ד**: (כאַפּט אַ יונג שעפּסעלע און נעמט עס אויף די הענט) איך וועל בלייבן דאָ אויפצונעמען דעם זעלטענעם גאַסט און דו, שעפּסעלע, וועסט מיר צוהעלפן. אָבער דאַרפסט נישט קיין מורא האָבן, ווייל איך וועל דיך באַשיצן. זיי זיכער, אַז עס וועט דיר נישט געשען קיין בייז. איך האָב דאָך טאַקע מיט זיך אַזאַ פיין שפּיזעלע... (צו יואבן) פאַרוואָס ביסטו צוריקגעקומען, יואב?

**י ו א ב**: איך וויל זיין נאָענט צו דיר! איך וויל דיך נישט לאָזן אַליין!

**ד ו ד**: גוט, מיין פריינט! קריך אַרויף אויף יענעם בוים און וואַרט! אויב

איך וועל דיך דאַרפן, וועל איך דיך רופן!... (יואב קריכט אַרויף אויף אַ בוים אין פאָדערגרונט לינקס. דוד גייט אַריין אין וואַלד אַריין מיטן שעפּעלע אויף די הענט. די בינע בלייבט ליידיק און דאָס ברו־מען פונעם לייב הערט זיך נעענטער און שטאַרקער. דאָס איז גורם שפּאַנונג און דערוואַרטונג).

יואב: ער בינדט צו דאָס שעפּעלע האַרט געבן אַ שטאָם און אַליין קריכט ער אַרויף אויף דעמזעלבן בוים. אין דער האַנט האַלט ער גרייט דעם שפּיז און די בליקן זענען אָנגעשטרענגט. (דער לייב קומט אָן פון רעכטס. זיינע ברומען זענען קורץ, אָבער דראָענדיק. צעגערנ־דיק לאָזט ער זיך אַריין אין וואַלד אַריין. דאָס שעפּעלע מעקעט דער־שראָקן און וויינענדיק. איצט זענען דעם לייבס ברומען צאָרנדיק און בייז) ער איז אומצופרידן דערפון, וואָס ער קען נישט אַ שפּרינג טאָן אויף זיין קרבן... דער שטאָם דערלויבט אים נישט צו שפּרינגען, אָבער דער הונגער טרייבט אים... קרייזט ער אַרום דעם שעפּסעלע, אַ בייזער און צערייצטער, און דערנענטערט זיך אַלץ מער... אָט איז ער שוין גאַנץ נאָענט... דאָס שעפּעלע וויינט ממש און עס ציטערט אין טויט־אַנגסטן... דער לייב דערגרייכט עס שוין כמעט מיט זיינע נעגל... דוד האָט אַ וואָרף געטאָן דעם שפּיז און האָט געטראָפן אין דער זייט אַריין... אין סאַמע האַרצן אַריין... מיט דעם מוראדיקן רעווע האָט ער אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם... דער קערפּער דרייט זיך נאָך אין קאָנוואולסיעס, אָבער איצט ווערט ער שוין פאַר־שטאַרט... (שפּרינגט אַראָפּ פונעם בוים) זאָל לעבן דוד בן ישי, דער יונגער העלד פון ישראל! (לויפט אין וואַלד אַריין) אבישי! עשהאל! לויפט גיכער אַהער! דוד איז בייגעקומען דעם לייב! ער האָט אים דורכגעלעכערט דאָס האַרץ מיטן שפּיז!... גיט צו וויסן וועגן דעם אַלע פּאַסטוכער!... לאָמיר זיך פאַרזאַמלען אָט־דאָ און אָפּגעבן כבוד אונדזער יונגן העלד דוד!... (פונעם וואַלד קומען אַרויס דוד און די בני־צרויה, וועלכע שלעפּן נאָך זיך דעם טויטן לייב און לייגן אים אַוועק אויף אַ בערגל שטיינער).

דוד: (נעמט אָן דעם לייב ביי דער גריווע־באָרד און שאָקלט זיין קאָפּ)

אוי, ר׳ לייבוש, ר׳ לייבוש! איך האָב רחמנות אויף אייך... אָבער איר האָט באַדאַרפט הערן פון אייערע זיידעס וועגן דער מעשה פון שמשון הגיבור מיטן לייב און איר האָט באַדאַרפט זיך אויסהיטן נישט צו קריכן דאָרטן וואו עס זענען פאַראַנען די בני־ישראל. איר האָט דאָך געקענט גיין צו די פלישתים, אַ שטייגער. איצט וועט איר דאַרפן מוחל זיין, ר׳ לייבוש, און לאָזן פון זיך אַראָפּשינדן די פעל, דערלויבן מען זאָל אייך אַביסל אויסשטאָפּן מיט קליאַטשע און צו־פּראַווען אַזוי אַז מען זאָל אייך קענען אָנטאָן אויף זיך און ביי גע־וויסע ימים־טובים סטראַשען מיט אייך די מיידלעך און די קינדער.

יואב: אָט וועלן אָנקומען די פּאַסטוכער, וואָס זענען אַנטלאָפן וויי־טער. וועלן מיר זיי מוזן דערציילן ווי־אַזוי דו האָסט דערהרגעט דעם לייב. וואָס־זשע וועט דעמאָלט זיין מיטן סוד וועגן דער שפּיז?...

דוד: זאָל אייך גאָט באַהיטן צו דערציילן דעם סוד! געדענקט, אַז איר האָט מיר הייליק געשוואוירן צו היטן דעם סוד!...

עשהאל: מיר קענען דאָך דערציילן, אַז ער האָט צעריסן דעם לייב אַזוי־ווי עס האָט געטאָן שמשון הגיבור בשעתו...

אבישי: דאָס וועט מען אונדז נישט גלויבן. ערשטנס זעט מען דאָך די וואונד און צווייטנס איז דוד דאָך נישט אַזוי שטאַרק ווי עס איז געווען שמשון הגיבור.

עשהאל: דו ביסט גערעכט! מ׳דאַרף צוטראַכטן עפּעס אַן אַנדער גע־שיכטע.

יואב: יאָ! אָבער אָט קומען שוין אָן די פּאַסטוכער, איידער איר האָט צוגעטראַכט די געשיכטע. איך הער שוין גאָרנישט ווייט זייערע קולות...

דוד: איר שווייגט נאָר און האַלט די צינגער צווישן די ציינער. כאַפּט זיך נישט אַרויס מיט אַן איבעריק וואָרט און פאַרלאָזט זיך אויף מיר. איך וועל שוין אויסטראַכטן עפּעס אַ טשיקאַווע מעשה, וואָס וועט גלייכצייטיק אויך זיין גלויבווירדיק. (די פּאַסטוכער קומען אָן).

ערשטער פּאַסטוך: (נייגעריק) לאָזט מיך נאָר אַ קוק טאָן אויף דעם דערהרגעטן לייב.

צווייטער פּאַסטוך: מיך אויך. מיר האָבן געהערט פון ווייטנס ווי ער האָט געברומט און געריוועט. ס'איז אַזש אָנגעפאַלן אַ פּחד... (ביידע גייען צו נענטער).

ערשטער פּאַסטוך: איצט ליגט ער דאָ שטיל ווי אַ קעצעלע... עס איז געווען אַ גרויסער אויסגעוואקסענער לייב... אַזאַ שטאַרקע חיה איז גאַרנישט לייכט בייצוקומען...

צווייטער פּאַסטוך: ווי־אַזוי האָסטו אים טאַקע דערשלאָגן, דוד?

דוד: איר ווילט עס טאַקע וויסן אויף אַן אמת?...

אַלע פּאַסטוכער: דערציילן! דערציילן! מיר זענען בייגעריק צו וויסן!...

דוד: ס'איז געווען גאַנץ איינפאַך: דאָס שעפּסעלע האָב איך צוגעבונדן צום שטאַם מיט אַ שטריק, בכדי עס זאָל פאַרלאָקן דעם לייב, און דעם לייב האָב איך צוגעבונדן צום שעפּסעלע דורך זיין הונגער. איך אַליין בין אַרויפגעקראָכן אויפן בוים און האָב געוואַרט אויפן ריכ־טיקן מאָמענט. ווען איך האָב איינגעזען, אַז דער מאָמענט איז געקומען, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון דער צווייג גלייך צום לייב אויפן רוקן און נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זיך צו כאַפּן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָב איך אים אַריינגעזעצט דאָס מעסער אין האַרץ אַריין.

די פּאַסטוכער: בראַוואָ, דודל! דאָס וואָס דו האָסט אויפגעטאָן, איז אַ מייסטערשטיקל פון אַ העלדישקייט!... — דיין טאַט קען נישט אַיעדער נאָכטאָן!... — מ'דאַרף פאַרמאָגן צו דעם נישט־נאָר אויסערגעוויינטלעכע פלינקייט, נאָר אויך זעלטענעם מוט! (זיי רינג־לען אַרום דודן מיטן לייב און טאַנצן אַרום זיי) זאָל לעבן אונדזער יונגער העלד דוד! זאָל ער לאַנג לעבן!... (פונעם וואַלד קומען אַרויס שמואל און נאָך אים עמרם, יצהר, אבימלך און אלישמע, וועלכע גייען קיין באר שבע, און זיי דערנענטערן זיך צו די פּאַסטוכער).

שמואל: וואָס טוט איר דאָ ייִנגלעך?...

יואב: אונדזער חבר דוד האָט דערשלאָגן אַ לייב, וואָס איז אָנגעפאַלן

אויף אונדז מיט אונדזערע סטאַדעס — טאַנצן מיר און פרייען זיך...

ש מ ו א ל : אַ לייב זאָגסטו, האָט ער דערשלאָגן?... ס'קען דאָך גאָר־ נישט געמאָלט זיין, אַז אַ יונג בחורל זאָל אויפטאָן אַזאַ זאַך...

א ב י ש י : זעסט דאָך, זיידע, אַז עס קען יאָ געמאָלט זיין. אָט ליגט דאָך פאַר דיר דער טויטער לייב...

ע ש ה א ל : שוין איינמאָל אַ ר' לייבוש איז דאָס געווען... און איצט ליגט ער דאָ אַ טויטער...

ע מ ר ם : ווי־אַזוי־זשע טאַקע איז עס מעגלעך?...

ד ו ד : (מיט אַ קוים מערקבאַרן ציטרען וואונק) מיטן אייבערשטנס הילף איז אַלץ מעגלעך. ווען דער אַלמעכטיקער וויל העלפן, קען אַ יונג ייִנגל דערשלאָגן אַ לייב.

ש מ ו א ל : דו רעדסט דאָך אַזוי גאָטספאַרכטיק, בחורל. קומט דאָס טאַ־ קע ביי דיר פון האַרצן, אָדער זענען עס בלויז ווערטער?...

י ו א ב : דאָס זענען נישט קיין פוסטע ווערטער! ער שטעלט דאָך צונויף גאַנצע תפילות, וועלכע דרינגען אַריין טיף אין די הערצער און באַ־ גייסטערן די נשמות.

א ב י ש י : ווען ער רעציטירט זיינע תפילות, באַגלייטנדיק זיך אַליין אויף דער לירע, דוכט זיך אַז דאָס זענען געטלעכע ווערטער און קלאַנגען.

ע ש ה א ל : באַווייז די אַלטע לייט וואָס דו קענסט, דודלי! נעם אַרויס די לירע און רעציטיר איינע פון דיינע שיינע תפילה־געזאַנגען.

ד ו ד : ס'איז נישט כדאַי צו מאַכן אַ וועזן פונעם אומבאַהאָלפענעם שטאַמלען פון אַ ייִנגל... די אַלטע לייט זענען דאָך געוואוינט צו הערן דאָס איידלסטע געזאַנג פון די גענייטסטע לוויים...

י צ ה ר : פונדעסטוועגן לאָז אונדז הערן איינע פון דיינע תפילות. עס איז כדאַי צו וויסן וואָס עס פילט דאָס ריינע האַרץ פון אַ יונגן ייִנגל אין לאַנד יהודה.

א ל י ש מ ע : לאָזט אים צורו... איר זעט דאָך, אַז ער שעמט זיך... מסתמא איז ער גאָרנישט אַזאַ וואַזשנער זינגער...

א ב י מ ל ך : ער זעט שוין גאָרנישט אויס ווי קיין שעמעוודיקער! זאָל

ער זינגען. עס איז מעגלעך, אַז עס וועט זיך לוינען אים אויסצוהערן.

ש מ ו א ל : איך בעט דיך, דוד, זינג פאַר אונדז איינעם פון דיינע געזאַנגען. אָפּטמאָל נעסטיקט גאָט וואָרט אינעם האַרצן פון אַ ייִנגל און אַפילו פון אַ קליין קינד.

ד י  פ י ר  נ ב י א י ם : זינג פאַר אונדז, פּאַסטוך דוד, מיר וועלן דיך גערן אויסהערן.

אַ ל ט ע  פּ אַ ס ט ו כ ע ר : זינג, דודל, לאָז דיך נישט לאַנג בעטן. און באַמי זיך אונדז נישט פאַרשעמען פאַר די חשובע אַלטע לייט.

ד ו ד : (נעמט אַרויס די לירע פונעם קעסטל וואָס ער האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס. רעציטירט און באַגלייט זיך אַליין):

גאָט, אונדזער האַר!
ווי פּראַכטיק איז דיין נאָמען אויף דער גאַנצער ערד!
דער לויב פון דיין גלאַנץ איז איבער די הימלען!
אַז איך זע די הימלען, דאָס ווערק פון דיינע פינגער,
די לבנה און שטערן וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט —
וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען?
און אַ מענטשנקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען?
וואָרום האָסט אים געמאַכט שיר ניט מינער פון גאָט,
און מיט כבוד און שיינקייט באַקריינסטו אים.
מאַכסט אים געוועלטיקן איבער די ווערק פון דיינע הענט,
אַלצדינג האָסטו געלייגט אונטער זיינע פיס:
שאָף און רינדער אַלע,
און אַפילו חיות פון פעלד,
דעם פויגל פון הימל און די פישן פון ים —
וואָס נאָר עס ציט דורך די שטעגן פון ימען.
גאָט, אונדזער האַר!
ווי פּראַכטיק איז דיין נאָמען אויף דער גאַנצער ערד!

ע מ ר ם : (נאָך אַ קורצער פּויזע) דאָס איז געווען אַ שיינער לויב־געזאַנג פאַר אונדזער אַלמעכטיקן גאָט, פול מיט האַרציקייט און פּאַרכט.

י צ ה ר : זינג פאַר אונדז נאָך עפּעס, פּאַסטוך דוד!

**ד ו ד: גוט, רבותי, אויב איר ווילט, בין איך גערן צו זאָגן נאָך אַ תפילה. זינגט):**

די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט,
און די ווערק פון זיינע הענט זאָגט דער הימלוועלב אָן.
אַ טאָג צום אַ טאָג רעדט אַ וואָרט
און אַ נאַכט צום אַ נאַכט גיט צו וויסן.
איבער דער גאַנצער וועלט גייט אַרויס זייער קלאַנג
און ביז עק וועלט זייערע רייד.
די תורה פון גאָט איז גאַנץ,
זי דערקוויקט די זעל;
דער אָנזאָג פון גאָט איז זיכער,
ער מאַכט קלוג דעם נאַרן,
די באַפעלן פון גאָט זענען רעכטפאַרטיק,
זיי דערפרייען דאָס האַרץ.
דאָס געבאָט פון גאָט איז לויטער,
עס מאַכט ליכטיק די אויגן.
די מורא פאַר גאָט איז ריין,
זי באַשטייט אויף אייביק.
די משפטים פון גאָט זענען אמת,
זיי זענען אַלע גערעכט,
זיי זענען גלוסטיקער פון גאָלד
און פון גינגאָלד אַ סך;
זיי זענען זיסער פון האָניק
און פון טריפהאָניק.
זאָלן זיין צו באַוויליקונג די ווערטער פון מיין מויל,
און די טראַכטונג פון מיין האַרצן פאַר דיר,
גאָט מיין פעלדז און מיין דערלייזער!

**א ב י מ ל ך: אויסגעצייכנט, בחורל. דו אַנטפּלעקסט זיך דאָך פאַר אונדז ווי אַן אמתער פּאָעט פון גאָטס גענאָד.**

**א ל י ש מ ע: אייל זיך נישט אַזוי מיט דיינע לויב־ווערטער, אבימלך...**

האָסט נאָך עפּעס אַ תּפילה, פּאַסטוכל, טאָ לאָז אונדז הערן.

ד ו ד : איך קען נאָך אַ סך תּפילות, וואָס איך האָב אַליין צונויפגעשטעלט, אָבער איצט וועל איך נאָך זינגען בלויז איינע. (זינגט):

גאָט איז מיין פּאַסטוך,
מיר וועט גאָרנישט פעלן!
אויף גראָזיקע פּיטערפלעצער מאַכט ער מיך הויערן;
ביי רואיקע וואַסערן טוט ער מיך פירן;
ער דערקוויקט מיין זעל;
ער פירט מיך אין ריכטיקע שטעגן
פון וועגן זיין נאָמען.
אַפילו ווען איך גיי אין טאָל פון טויטשאָטן —
האָב איך נישט קיין מורא פאַר בייז,
וואָרום דו ביסט מיט מיר;
דיין שטעקן און דיין אָנלען,
זיי טוען מיך טרייסטן.
דו גרייטסט פאַר מיר אַ טיש
אַנטקעגן מיינע פיינט;
האָסט באַזאַלבט מיט אייל מיין קאָפּ,
מיין כוס לויפט אַריבער.
נאָר גוטס און גענאָד וועלן מיר נאָכגיין
אַלע טעג פון מיין לעבן,
און איך וועל זיצן אין גאָטס הויז
אויף לאַנגע טעג...

ש מ ו א ל : געבענטשט זאָלסטו זיין, מיין זון, פאַר דיינע וואונדערבאַרע תּפילות, וואָס האָבן דערפרייט און דערקוויקט מיין האַרץ ווי פרי־שער טוי. זאָג מיר, ווער דו ביסט, בכדי איך זאָל דיך געדענקען.

ד ו ד : איך בין דוד בן ישי, פון בית־לחם.

ש מ ו א ל : גאָטס ברכה אויף אייך, קינדער פון בית־לחם! און אויף דיר, דוד בן ישי, זאָל שטענדיק רוען דעם אַלמעכטיקנס גייסט. איצטער

אייל איך מיך אין אַ ווייטן וועג, אָבער איך וועל נאָך זיין ביי אייך אין בית־לחם, בלי נדר.

די פיר נביאים: פרידן זאָל זיין מיט אייך, פּאַסטוכער פון בית־לחם! זייט געזונט און שטאַרק! צום ווידערזען!

די פּאַסטוכער: גייט בשלום ערגוואירדיקע מענער! זאָל אייער וועג זיין אַ גליקלעכער! (די אַלטע לייט אָפּ רעכטס).

דוד: איך פיל, אַז דאָס זענען הייליקע מענער... אפשר זענען עס שמואל הנביא מיט זיינע באַגלייטער?...

(פאָרהאַנג).

## דאָס צענטע בילד

אַ זאַל אין שאולס פּאַלאַץ. אין הינטערגרונט אַ ברייטער, אָפּענער, פּאַראַדנער אַריינגאַנג, צו וועלכן עס פירן עטלעכע טרעפּן און דורך וועלכן עס זעט זיך אָן אָפּגעהיטער גאָרטן. רעכטס און לינקס גרויסע פענצטער. ביי די זייטן פון טיר און פענצטער אָפּגעצויגענע שווערע פאָרהאַנגען. צו ביידע זייטן פון די טרעפּן און ביי די פענצטער מאַסיווע שטיינערנע וואַזן מיט בלומען. אינמיטן, מער צום פאָדערגרונט, שטייט אַ טיש וואָס איז פאַר־שפּרייט מיט אַ בונט־פאַרביקער דעקע און אַרום אים שטייען זעקס רייך־געשניצטע שטולן. אין אָנהייב איז אַלץ פאַרגאָסן מיט זונשיין, אָבער שפּעטער באַדעקט זיך דער הימל מיט וואָלקנס. ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף שטייגן אַרויף איבער די טרעפּ שמואל, און הינטער אים עמרם און יצהר, און זיי אַנטקעגן גייען שאול, און הינטער אים אבנר און יונתן.ביים אַריינגאַנג טרעפן זיך ביידע גרופּן.

ש מ ו א ל : זיי באַגריסט, שאול, מלך פון ישראל!

ע מ ר ם  א ו ן  י צ ה ר : דעם אייבערשטנס גענאָד זאָל רוען אויף דיר און אויף די דייניקע, געזאַלבטער פון ישראל!

ש א ו ל : זייט ווילקאָמען אונטער מיין באַלקן, איר ערגווירדיקע מנהיגים און נביאים פון ישראל! איך בעט אייך אַריינצוקומען נענטער און צו פאַרנעמען שטולן ביים טיש. (פירט זיי אַריין און באַזעצט זיי. אויך ער און זיינע באַגלייטער זעצן זיך).

ע מ ר ם : מיר געפינען זיך פאַרבייגייענדיק אין גבעה. און מיר האָבן נאַטירלעך נישט געקענט דורכלאָזן צו באַזוכן דיין הויז.

ש א ו ל : אייער קומען איז פאַר מיר אַן אויסצייכענונג, אָבער איך האָב דערוואַרט, אַז איר וועט מיר אָנטאָן דעם גרויסן כבוד צו וואוינען

אין מיין הויז אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס איר וועט דאָ זיין...

**יצהר:** דאָס איז נישט מעגלעך געווען, מלך שאול. דו ווייסט דאָך, מסתמא, אַז ביי אונדז איז עס אַן אַלטער שטענדיקער מנהג צו וואוינען נאָר אינעם לערנהויז, אַפילו אויף אַזעלכע ערטער וואו מיר האָבן פריינט, אָדער לייבלעכע קרובים...

**שמואל:** (האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט יונתנען. איצט געפינט ער אַ געלעגנהייט איבערצורייסן דעם גאַנג פון דעם געשפּרעך, וואָס גע־פעלט אים באַשיינפּערלעך נישט און אים צו געבן אַן אַנדער ריכ־טונג.) איך האָב שטענדיק נחת צו הערן וועגן דיינע העלדישקייטן אין די מלחמות מיט אונדזערע שונאים, יונגער יונתן בן שאול. אין גאַנצן לאַנד דערציילט מען דאָך וועגן דעם אויסערגעוויינלעך גע־וואַגטן איבערפאַל דיינעם אויף די פלישתים ביי מכמש, וועלכער האָט געבראַכט אונדזער פאָלק אַן אומגעריכטן גרויסן ניצחון. איצט איז עס פאַר מיר אַ פרייד צו באַטראַכטן דיין פּעסטע, שלאַנקע און שיינע געשטאַלט. זאָל אונדזער אַלמעכטיקער האר דיך ווייטער פירן אויף זיינע גוטע וועגן און דיך מאַכן פאַר אַ שטיצע און אַ שטאָלץ פון ישראל.

**יונתן:** (שעמעוודיק) איך דאַנק דיר, גרויסער נביא שמואל, פאַר דיינע גוטע ווערטער און גאָר באַזונדערס פאַר דיין ברכה... אָבער אין דעם וואָס מען דערציילט וועגן מיר איז פאַראַנען אַ היפּשע מאָס פון אי־בערטרייבונג...

**אבנר:** (פעסט און אַביסל פּראָוואָצירנדיק) באַשיידנקייט איז זיכער אַ שיינע מידה, בפרט פאַר אַזאַ יונגן מענטשן ווי יונתן. אָבער דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן — אין משך פון דער קורצער צייט זינט שאול בן קיש האָט איבערגענומען די מלוכה איבער ישראל, איז נישט נאָר יונתן אויסגעוואַקסן פון אַ ייִנגל צו אַ יונגן העלד, נאָר מיר אַלע דאָ האָבן זייער אַ סך באַוויזן, איעדער אויף אַן אַנדערן געביט. אונ־דזער לאַנד איז היינט בלי־ספק נישט דאָס וואָס עס איז געווען ערשט מיט געציילטע עטלעכע יאָרן צוריק. מיר לעבן איצט ווירדיקער און

זיכערער און אונדזערע שונאים אַכטן אונדז, אויב זיי ציטערן נישט פאַר אונדז, ווייל מיר האָבן באַוויזן אויפצושטעלן אַ פעסטע שטענ־דיקע מיליטערישע מאַכט און צו אָרגאַניזירן פאַר פאַרטיידיקונג דאָס גאַנצע פאָלק. אויך אין אינערן פונעם לאַנד האָבן מיר איינגעפירט אַ פאַרבעסערטע פאַרוואַלטונג און אַ דאַנק דעם הערשן אומעטום אָרדענונג און רו. אויב דער וואוילשטאַנד פונעם פאָלק איז איצט אפשר נישט גרעסער ווי פריער, איז עס דערפאַר, ווייל אויסצוהאַלטן די גוטע פאַרוואַלטונג און די פעסטע פאַרטיידיקונגס־קראַפט קאָסט גאָלד און זילבער. אָבער דאָס פאָלק פאַרשטייט, אַז עס מוז אַזוי זיין און עס איז צופרידן, יאָ, דאָס פאָלק איז צופרידן מיט זיין גוטן מלך, אונטער וועמענס קלוגער אָנפירונג מיר שאַפן אין פרידנסצייט און אונטער וועמענס טרעפלעכע באַפעלן מיר קעמפן אין קריגסצייט. יאָ, דאָס פאָלק איז צופרידן אויך מיט אונדז, זיינע ראַטגעבערס און קריגספירערס.

ע מ ר ם: עס איז ריכטיק, מען הערט טאַקע אָפט ריידן גוטס וועגן שאול בן קיש, דעם ערשטן מלך פון ישראל... אָבער עס פעלן אויך לחלוטין נישט צווישן פאָלק אומעטום אַזעלכע, וואָס זענען נישט צופרידן, וואָס באַקלאָגן זיך.

י צ ה ר: מיר האָבן דאָס שוין פריער געהערט און איצט, זייענדיק דאָ צווישן אייך אין גבעה, האָבן מיר עס אַליין געזען און זיך איבער־צייגט, אַז אין די רייד פונעם פאָלק איז פאַראַנען אַ היפשע מאָס פון אמת. איר האָט זיך צו ברייט פאַרנומען און פאַר אַזאַ קליין און באַשיידן פאָלק ווי אונדזערס, איז עס צו קאָסטשפיליק. איר האָט זיך צופיל פאַנאַנדערגעבויט און דווקא בלויז דאָ, אין גבעה... אין אַנדערע ערטער פון די פאַרשיידענע טיילן פונעם לאַנד פעלן אויס צוגעפאַסטע בנינים פאַר געריכטהייזער, לערן־אַנשטאַלטן, וואַכ־פאָסטנס און אַנדערע מלוכהשע פונקציעס. אַפילו דאָ ביי אייך אין גבעה, וואו איר בויט אַזוי פיל און וואו עס זענען לעצטנס צוגעקו־מען אַזויפיל נייע איינוואוינערס, איז די פריערדיקע שול־געביידע צו

קליין געוואָרן און אייך איז אַפילו נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז עס איז נייטיק אויסצובויען אַ נייע...

א ב נ ר : מיינע הויכגעשעצטע נביאים און גייסטיקע מנהיגים! צו בויען לערנאַנשטאַלטן און זיי אויסצוהאַלטן, דאָס איז דאָך אייער אויפגאַבע און אויף דעם האָט איר אייערע באַזונדערע הכנסות. און דאָס וואָס מיר בויען דווקא אין גבעה, איז דאָך נישט מער ווי פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך. קודם־כל דאַרפן אויפגעשטעלט און אויסגעבויט ווערן די צענטראַלע אַנפירנדיקע אַנשטאַלטן פון דער מלוכה. האָבן מיר טאַקע דאָ אויפגעבויט וואוינהייזער פאַר אונדזערע באַאַמטע און קריגער, געביידעס פאַר דער אַדמיניסטראַציע און דעם געריכטסוועזן, מאַגאַזינען אויף אַנצוזאַמלען נייטיקע זאַפּאַסן פון כלי־זין, קליידער, שוכוואַרג, תבואות און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען, לאַגערן פאַר פערד און בהמות, וואַרשטאַטן פאַר כל־המינים אויסאַרבעטונגען א.א.וו. מיר זענען דערווייל נאָך נישט געקומען דערצו צו בויען אויך אין אַנדערע ערטער, אָבער מיר וועלן עס זיכער טאָן ווען עס וועט נאָר מעגלעך זיין. איז מעגלעך, אַז עס זענען דאָ און דאָרטן פאַראַנען שטענדיקע יאַבעדניקעס, וועלכע דאַרפן אויף יעדן פאַל דרייען מיט דער נאָז און רעדן שלעכטס, אָבער דער גרויסער רוב פונעם פאָלק פאַרשטייט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און איז צופרידן מיט אונדז און מיט אונדזערע מעשים, אין דעם איז קיין שום ספק נישטאָ. אונדזער פאָלק שטייט שטאָל און אייזן פאַר זיין יונגן, גוטן, ווירדיקן און פעאיקן מלך.

ש מ ו א ל : (אנטשלאָסן) גוט! איך אנערקען און איך האַלט פאַר ריכטיק כמעט אַלץ וואָס עס האָט דאָ געזאָגט אבנר בן נר און, נישט קוקנדיק אויף דעם, בין איך אומצופרידן מיט אייך און קודם־כל מיט דיר, שאול בן קיש, ווען איך אַליין האָב געזאַלבט פאַר מלך פון ישראל.

ש א ו ל : דיין אומצופרידנקייט האָב איך שוין געמערקט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, נביא שמואל, ווייל דו האָסט זיך גאָרנישט באַמיט זי אויסצובאַהאַלטן. פאַרקערט, דו האָסט זי שטענדיק קלאָר אַרויסגע־

וויזן — ווער ווייסט פאַרוואָס און צוליב וואָס? — אין דער אָנוועזנ־הייט פון דעם פאָלק. אָבער איך מוז מיך מודה זיין, אַז ביז איצט איז פאַר מיר היפּש אומפאַרשטענדלעך איר סיבה...

ש מ ו א ל : די סיבה איז אַ גאַנץ איינפאַכע — דו האָסט ביז איצט אָנ־טוישט מיינע דערוואַרטונגען! ווען איך האָב דיך געזאַלבט פאַר דעם ערשטן מלך פון ישראל, האָב איך געהאָפט, אַז דו וועסט אַליין גיין אין די וועגן פון אונדזער אַלמעכטיקן האַר און דו וועסט אונדז העלפן אויך צו פירן דאָס פאָלק אויף זיינע וועגן, בכדי עס צו פאַרוואַנדלען אין אַן אויסדערוויילט פאָלק פאַר דער אייביקייט. אָבער באַלד פון אָנהייב אָן...

ש א ו ל : איך באַמי מיך צו גיין אין די וועגן פונעם אַלמעכטיקן און פיל אויף זיך נישט קיין שום שולד און זינד קעגן אים...

ש מ ו א ל : באַלד דעם ערשטן קאַמף מיט די בני עמון האָסטו אונטער־גענומען נישט פרעגנדיק ביי אונדזער האַר צי זאָלסטו דאָס טאָן און אָן מיין ברכה. שפּעטער, איידער דו ביסט אַרויס אין דער שלאַכט מיט די פּלישתּים, האָסטו נישט געוואַרט ביז איך וועל קומען ברענ־גען קרבנות פאַר אונדזער האַר יהוה און אייך בענטשן, נאָר דו האָסט זיך גענומען אַזעלכע רעכטן וואָס באַלאַנגען נישט צו דיר און, נישט זייענדיק קיין גייסטיקער פירער, האָסטו אַליין געבראַכט די קרבנות. דאָס זענען בולטע באַווייזן פון מינדערשאַצונג לגבי אונדזער האַר־גאָט און זיינע געטרייע דינערס, וועלכע פאַרמינערן אונדזער אָנזען און באַדייטונג אין די אויגן פון די קינדער פון ישראל און איך מוז דיך שטרענג וואָרענען נישט צו טאָן מער אַזעלכעס, אויב דו ווילסט נישט די מלוכה זאָל אַרויספאַלן פון דיינע הענט און דיין הויז זאָל פאַרשניטן ווערן.

ש א ו ל : דיינע רייד זענען נישט נאָר שטרענג, נאָר אויך ביטער. איך גלויב, אַז דו ביסט אַפילו אומגערעכט צו מיר. דו ביסט נישט קיין קריגפירער און דיר זענען נאַטירלעך נישט באַקאַנט די באַדייטונג און ווערט פון אַנטשלאָסענע און שנעלע האַנדלונגען אין אַנגעזיכט פונעם שונא אויפן שלאַכטפעלד, אָבער דו דאַרפסט מיר גלויבן, אַז

דאָס וואָס דו וואַרפּסט מיר פאַר אַלס חטאים קעגן אַלמעכטיקן און דיר, האָט נישט געקענט און געטאָרט אַנדערש געטאָן ווערן, אויב איך האָב נאָר געוואָלט דערגרייכן אַ ניצחון איבער אונדזערע שונאים.

ש מ ו א ל : די מעשים בלייבן מעשים, כאָטש מען קען זיי טייטשן ווי מען וויל.

ש א ו ל : איך האָב אויך דיר פאַרצואוואַרפן מעשים קעגן מיר, וועלכע פאַרשאַפן מיר גענוג פאַרביטערונג און האַרצווייטאָג... ביי יעדער געלעגנהייט שטרייכסטו אונטער, אַז דו האָסט מיך געזאַלבט אַלס מלך איבער ישראל, גלייך ווי דו וואָלסט געטאָן מיט מיר דורך דעם אַ גרויסן חסד. דו ווייסט אָבער גאַנץ גוט, אַז איך האָב די מלוכה נישט באַגערט און נישט געזוכט — פאַרקערט, זייער שווער איז מיר אָנגעקומען דער אַנטשלוס זי אָנצונעמען, ווען דו האָסט זי מיר אָנ־געבאָטן. דו ווייסט אויך ווי שווער עס איז מיר אָנגעקומען צו גע־ווינען דעם רעספּעקט און די געהאָרכזאַמקייט פון אונדזער האַרטנאַ־קיגן פאָלק. האָב איך דערוואַרט, אַז דו וועסט איינזען און פאַרשטיין מיינע שוועריקייטן, אַז דו וועסט מיר אַנטקעגנקומען מיט דיין גוטן ווילן, בכדי מיר צו העלפן, אָבער פון אָנהייב אָן האָסטו מיך גע־מוסרט פאַרן פאָלק אין די אויגן פאַר יעדער קלייניקייט און מיר געמאַכט שווער...

ש מ ו א ל : איך האָב דיך געשטראָפט ווען דער אַלמעכטיקער האָט מיר געבאָטן עס צו טאָן און עס איז נישט מיין געוואוינהייט צו באַ־האַלטן אַזעלכע זאַכן בחדרי חדרים. אָבער מיט וואָס האָב איך דיר געמאַכט שווער?...

ש א ו ל : צי מיינסטו, אַז עס איז לייכט צו רעגירן פאַר אַ יונגן מלך, ווען דער עלטערער, הויכגעשאַצטער גייסטיקער מנהיג פונעם פאָלק באַהאַנדלט אים לייכטפאַרטיק און פון אויבן אַראָפּ?... צי מיינסטו, אַז עס איז לייכט פאַרן ערשטן מלך פון אַ ווידערשפּעניק פאָלק צו דעראָבערן דעם צוטרוי און די אַכטונג און קודם־כל די געהאָרכזאַמ־קייט פון די מאַסן, ווען דער אָנערקענטער נביא וויל אים פאַרוואַנד־לען אין אַ ווילנלאָז געצייג?...

ש מ ו א ל: (נאָך אַ קורצער פויזע) געבוגז!... צום באַדויערן קענען מיר זיך אויך איצט נישט איינפאַרשטיין, ווייל דיינע געדאַנקען און מעשים זענען אינספּירירט דורך די באַדערפעניש ן און באַדינגונגען פונעם איצטיקן מאָמענט און מיך פירט דער העכסטער געטלעכער גייסט מיטן אויסבליק אין דער אייביקייט אריין... איך וויל האָפן, אַז מיר וועלן זיך אויסלערנען אין פאַרלויף פון דער צייט בעסער צו פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן, בעסער זיך צוצופּאַסן איינער צום אַנדערן...

ש א ו ל: (עטוואָס דערלייכטערט) דאָס איז דער העכסטער און הייסטער וואונטש פון מיין הארצן, און איך בעט ביים אַלמעכטיקן, אַז ער זאָל באַוויליקן עס זאָל אַזוי זיין. אמן! כן יהי רצון!

ש מ ו א ל: אויך איך זאָג: אמן! כן יהי רצון! (פויזע) איצט הער צו מיין וואָרט, שאול בן קיש, מלך פון ישראל, דו ווייסט דאָך וואָס עס האָט געטאָן עמלק צו אונדזערע אבות אבותינו אין מדבר, ווען זיי זענען אַרויס פון מצרים?...

ש א ו ל: זיכער! דאָס ווייסן און געדענקען אַלע קינדער פון ישראל און איך בין דאָך איינער פון זיי...

ש מ ו א ל: ביז היינט איז נאָך עמלק נישט באַשטראָפט געוואָרן פאַר זיין שענדלעכער טאַט. צוערשט האָט אונדזער פאָלק געהאַט צו קעמפן פאַר דער דעראָבערונג פונעם לאַנד. דערנאָך האָט עס זיך געמוזט פאַרטיידיקן קעגן די אַנפאַלן פון די כנענים־רעשטלעך, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין געוויסע טיילן פונעם לאַנד. די גאַנצע צייט האָט עס זיך געמוזט ראַנגלען מיט די פלישתים, וועלכע זענען מעכטיק ביי די ברעגן פונעם ים. אַזוי איז עס געשען, אַז עמלק איז געבליבן אומבאַשטראָפט. אָבער איצט, קוים האָבן מיר נאָר אַביסל איבערגע־כאַפּט דעם אָטעם און מיר זענען קוים עטוואָס שטאַרקער געוואָרן, איז געקומען די צייט זיך נוקם צו זיין אין עמלק און דאָס וואָלט וואוילגעפעלן אונדזער האַר יהוה.

ש א ו ל: ריכטיק זענען דיינע רייד, ערנווירדיקער נביא. עס איז שוין די העכסטע צייט צו פאַרגעלטן דעם פאַרראַט פון עמלק!

י ו נ ת ן : (מיט יוגנטלעכן ברען) דאָס איז אַ ווירדיקע אויפגאַבע פאַר די העלדן פון ישראל. דאָס איז אַן ערן־חוב, וועלכן מיר וועלן דאַרפן איינמאָגען ביי אונדזער גרויזאַמסטן און בלוטיקסטן שונא אין נאָמען פון אונדזערע אבות, ווען מענס אַנדענק עס איז פאַר אונדז הייליק.

א ב נ ר : (מיושבדיק) די אויפגאַבע איז זיכער ווירדיק און וויכטיק, אָבער זי איז אויף קיין פאַל נישט קיין לייכטע. עמלק איז אַ מעכטיק פאָלק, וואָס באַהערשט דעם וויטן מדבר, איז באַקאַנט מיט אַלע זיינע וועגן, שטעגן און וואַסערקוואַלן און איז געוואוינט בייצוקומען אַלע שוועריקייטן, מיט וועלכע זיי טרעפן זיך דאָרטן אָן. אָבער מיר האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דעם מדבר און מיר האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעוואוינט צו קענען קעמפן און באַשטיין אין זיינע באַדינגונגען. וועט עס דעריבער זיין שווער פאַר אונדז צו פירן אַ מלחמה מיט די עמלקים.

י צ ה ר : שוועריקייטן זענען אין דעם פאַל נישט וויכטיק. אויף דעם זענט איר דאָך געניטע קריגסלייט, זיי צו קענען באַזייטיקן.

א ב נ ר : עס וועט נישט זיין קיין שפּילכעל צו באַזאָרגן אַ גרויס חייל אין וויטן מדבר מיט שפּייז און מיט וואַסער...

ע מ ר ם : וועט מען עס דאַרפן פאַרזיכטיק באַטראַכטן און דערנאָך זיך גוט צוגרייטן. יאָקאָש האָבן דאָך אונדזערע אבות געוואַנדערט און געקעמפט אין מדבר פערציק יאָר.

ש מ ו א ל : הערט מיך ווייטער. עס שיקט מיך צו אייך אדוני צבאות און הייסט מיר אייך אַזוי צו זאָגן: „גייט און שלאָגט עמלק און זייט מחרים אַלץ וואָס עס באַלאַנגט צו אים. איר זאָלט זיך איבער אים נישט דערבאַרעמען און איר זאָלט טויטן אַלע זיינע מענער און פרויען, זקנים, יונגע און זויג־קינדער. איר זאָלט אויך נישט לאָזן לעבן קיין אָקס און קיין שעפּס, קיין קעמל און קיין אייזל, פון זיינע סטאַדעס. איר זאָלט נישט האָבן קיין נוצן פון קיין שום זאַך וואָס איז זיינע".

ש א ו ל : דאָס וואָס דו באַפעלסט אונדז דאָ, געטלעכער מאַן, איז גאַר־

נישט קיין קליינינקייט און עס פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט נאָך די נאַטירלעכע שוועריקייטן פונעם ביטערן קאַמף אין מדבר.

ש מ ו א ל : אַזוי איז דער ווילן פון אדוני צבאות, וועלכן ער האָט מיר איבערגעגעבן!

ש א ו ל : פונדעסטוועגן האָבן מיר אין אַנדערע מלחמות זיך אָנגעאייגנט דעם זאַקרויב, וואָס מיר האָבן צוגענומען ביי די שונאים.

ש מ ו א ל : אַנדערע מלחמות זענען נישט גלייך צו דער מלחמה קעגן עמלק. שטענדיק האָט מען אונדז אָנגעגריפן און מיר האָבן זיך פאַרטיידיקט און איבערגעפאַלן איז מען אונדז מיטן צוועק אונז צו באַרויבן פון אונדזער ערד און גוטס. אָבער אויף עמלק וועלן מיר אָנפאַלן, בכדי זיך נוקם צו זיין פאַר זיין גרויזאַמען פאַרראַט קעגן אונדז און דאָס איז דער איינציקער צוועק פון אונדזער מלחמה קעגן זיי — טאָרן מיר בשום אופן נישט נהנה זיין פון זייער גוטס. אונדזער אדוני צבאות וויל נישט, אַז די אַרומיקע פעלקער זאָלן קענען וועןנישט־איז זאָגן אויף די בני ישראל, אַז אויך זיי זענען עמעצן איבערגעפאַלן צוליב רויב־זשעדנעקייט. זאָל אונדזער נקמה זיין אַ ריינע און דערהויבענע. (פויזע) שאול בן קיש, מלך פון ישראל, ביסט גרייט צו נעמען אויף זיך די דורכפירונג פון דער שליחות, וואָס אונדזער האַר יהוה לייגט אַרויף אויף דיר?

ש א ו ל : איך בין שטענדיק און אויך דאָסמאָל גרייט צו פאָלגן דאָס געבאָט פון אונדזער גאָט און אויסצופירן זיינע שליחותן!

ש מ ו א ל : אַזוי איז גוט! (שטייט אויף) געדענק־זשע וואָס דו האָסט צו טאָן און אדוני צבאות וועט זיין מיט דיר און מיט די בני ישראל אין אָט־דעם שווערן געראַנגל. ער וועט אייך העלפן און איר וועט מצליח זיין, זייט שטאַרק און געשטאַרקט!

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

# דאָס עלפטע בילד

דעם מלך שאולס געצעלט. רעכטס אַ פעלדבעטל. לינקס שטענדערס, אויף וועלכע עס הענגען די כלי־זיין. אינמיטן אַ טישל מיט צוויי בענקלעך. דאָס בעט און דאָס טישל זענען איבערגעדעקט מיט פאַרביקע דעקעס. צום הינטערגרונט אַ ברייטער, אָפענער אַריינגאַנג, דורך וועלכן עס זעט זיך אַ לאַגער פון געצעלטן און אַ בלויער הימל.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, שטייט דער נביא שמואל ביים אַריינגאַנג, אַ דראָענדיק־אָנגעצויגענער און פון זיינע אויגן שפּריצן פונקען. דער מלך שאול גייט אים אַנטקעגן עטלעכע טריט. פון ווייטנס הערט זיך דאָס מרוקען פון פי.

ש א ו ל : זאָל זיין געבענטשט דיין קומען, מיין נביא און האַר, און זאָל רוען פרידן איבער דיר! (נאָך אַ קורצער פויזע, ווען שמואל ענטפערט נישט אויף דער באַגריסונג) דער אַלמעכטיקער גאָט האָט איבערגעגעבן די עמלקים אין אונדזערע הענט און מיר האָבן זיך אָן זיי ביטער נוקם געווען.

ש מ ו א ל : דערפאַר האָסטו אים אָפגעדאַנקט און באַלד אויפן אָרט האָסטו נישט אויסגעפאָלגט זיין הייליק געבאָט!

ש א ו ל : פאַרוואָס זאָגסטו עס?...

ש מ ו א ל : וואָס־זשע באַטייט דאָס מעקען און מרוקען פון שאָף און רינדער?

ש א ו ל : מיר האָבן מחרים געווען אַלע עמלקישע סטאַדעס, אָבער דאָס פאָלק האָט איבערגעלאָזט אַביסל יונגע און פעטע בהמות, בכדי צו ברענגען קרבנות פאַרן אדוני צבאות און פראַווען אַ דאַנק־סעודה פאַרן גרויסן ניצחון...

שמואל: האָב איך דיר נישט אָנגעזאָגט, אַין נאָמען פון אונדזער האַר יהוה, דו זאָלסט פאַרניכטן און מחרים זיין אַלץ — אַלץ וואָס באַ־לאַנגט צו עמלק, פונעם קלענסטן ביז צום גרעסטן?

שאול: אַזוי האָב איך באַפוילן דעם פאָלק צו טאָן, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז פון דעם ביסל בהמות וועלן זיי דאָך נישט ציען קיין נוצן פאַר זיך אַליין, ווייל זיי ווערן באַשטימט פאַר אַ דבר־מצווה פאַר אַלעמען. האָב איך געזאָלט זיך צעקריגן מיטן פאָלק און עס שטראָפן פאַר אַזאַ קלייניקייט, דערצו נאָך אין אַ מאָמענט פון יובל און נאָכדעם ווי מיינע קריגער האָבן נאָר־וואָס פאַרגאָסן זייער בלוט אין דעם האַרטן קאַמף מיטן שונא?...

שמואל: יאָ! דו האָסט געדאַרפט שטראָפן דאָס ווידערשפּעניקע פאָלק! איצט האָסטו זיך שווער פאַרזינדיקט קעגן דעם האַר יהוה! (נאָך אַן אָנגעצויגענער פויזע) און וואָס האָסטו געטאָן מיט דעם קעניג פון עמלק?...

שאול: צו זיין פאָלק האָב איך פּינקטלעך געטאָן אַזוי ווי יהוה האָט געהייסן, אָבער אויף אגג, דעם קיניג פון עמלק, האָב איך רחמנות געהאַט און האָב אים געלאָזט ביים לעבן... (בייגט אַן דעם קאָפּ) איך אנערקען מיין שולד...

שמואל: (סאַרקאַסטיש) איך פאַרשטיי... איין קיניג האָט רחמנות געהאַט אויפן אַנדערן...

שאול: איך קען מיר נישט העלפן... טיף אין מיר שטעקט נאָך דער פאַסטוך, וועלכער האָט רחמנות אויף אַ לעבעדיק באַשעפעניש... דאָס עמלקים־פאָלק האָבן אויסגעראָטן מיינע קריגער, אָבער זייער קיניג אגג וואָלט איך געוווען באַדאַרפט דערשלאָגן מיט מיינע אייגענע הענט. וואָס זאָל איך טאָן?... איך בין נאָך אַלץ נישט געוואָרן קיין קריגער, אָדער מלוכה־מאַן, וואָס האָט שוין אינגאַנצן אַרויסגעריסן דאָס געפיל פון רחמנות פון זיין האַרצן...

שמואל: (שטרענג) הייס אַהער ברענגען אגג, דעם קיניג פון עמלק! איך דאַרף אים זען! (שאול טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און אינעם אַריינגאַנג באַווייזט זיך אַ קריגער).

קריגער: איך בין גרייט אויסצופאָלגן דיינע באַפעלן, מיין האַר מלך.

שאול: גיי שנעל און ברענג אַהער דעם קיניג פון עמלק! (קריגער אָפּ).

שמואל: וואָס שייך דעם געפיל פון רחמנות, וויל איך דיר זאָגן: אין געוויינטלעכע צייטן און באַדינגונגען איז עס אַן איידל געפיל, וואָס דערהויבט דעם מענטשן. אָבער אין אויסנאָמלעכע צייטן און באַדינגונגען ווערט עס פאַרוואַנדלט אין צעקראַכנקייט, וואָס באַטייט דאָס זעלבע ווי זינד. מיין לערער, דער כהן און שופט עלי, האָט געהאַט פאַלשע געפילן פון רחמנות צו זיינע בנים און האָט זייער טייער באַצאָלט פאַר דעם. אויך דו וועסט טייער באַצאָלן פאַר דעמזעלבן חטא... (אין אַריינגאַנג באַווייזט זיך דער געבונדענער אגג, אין באַגלייטונג פונעם קריגער און וויל זיך לאָזן אַריינגיין) בלייב פון דרויסן, דו זינדיקער געצנדינער! דו ביסט עס...

אגג: (מילד) איך בין אגג, דער קיניג פון עמלק, און מיין העכסטער וואונטש איז צו געפינען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, געטלעכער מאַן. איך בעט פאַר מיין לעבן און האָף, אַז דער גרויסער נביא פון ישראל וועט פאַרשפּאָרן זיין אומגליקלעכן געפאַנגענעם די ביטערניש פון אומקום און טויט...

שמואל: דיין האָפענונג איז פאַלש, געצנדינער! דער גאָט פון ישראל האָט אונדז אָנגעזאָגט מיר זאָלן זיך נוקם זיין אין די עמלקים און זיי פאַרלענדן ביז איינעם. דעריבער קענען מיר נישט האָבן קיין איינזעעניש מיט קיינעם פון זיי און נאָך ווייניקער מיט זייער קיניג! (צו שאולן) באָרג מיר אויס דיין שווערד, שאול בן קיש! (נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, טוט ער מיט יוגנטלעכן ברען און פלינקייט אַ כאַפּ די שווערד פונעם שטענדער און לאָזט זיך אויף אגגן. יענער לאָזט זיך אינסטינקטיוו לויפן, מיט אַ געשריי פון שרעק, אויף לינקס. דער קריגער און שמואל לאָזן זיך נאָך אים. באַלד דערהערן זיך אגגס יאָמערלעכע אַנגסט- און וויי-געשרייען, וועלכע ווערן אַלץ שוואַכער, ביז זיי שטילן זיך מיטאַמאָל איין).

שאול: (צעפירט די הענט מיט צער) ווער קען דערגרונטעווען דיינע פאַרבאָרגענע וועגן, אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל?... איז אָט-דער

נביא שמואל אַן אויסדרוק פון דיין אייפערדיקן, געדעכטן הייליקן גרימצאָרן?... אָדער איז ער עפּעס אַנדערש?... עפּעס גאָר־גאָר פאַר־שיידנס?...

ש מ ו א ל : (קומט צוריק אַריין אין געצעלט. הענגט ווידער אויף די פּאַרבלוטיקטע שווערד אויפן שטענדער) איצט וועל איך גיין פון דאַנען, שאול בן קיש, מלך פון ישראל. פון איצט אָן צעשיידן זיך אונדזערע וועגן אויף שטענדיק און איך וועל מער נישט זען דיין אָנגעזיכט אין משך פון די אַלע טעג וואָס עס איז מיר נאָך באַ־שערט צו לעבן און אַרומצואוואַנדלען אויף דער וועלט. אונדזער צו־נויפטרעף איז ליידער געווען איין גרויסער טעות... (וויל זיך לאָזן גיין).

ש א ו ל : (אַביסל געררייצט) פּאַרבלייב נאָך איין ווײַלע, נביא שמואל, איך דאַרף דיר נאָך עפּעס זאָגן.

ש מ ו א ל : (שטעלט זיך אָפּ) זאָג וואָס דו דאַרפסט. איך וועל דיך אויסהערן.

ש א ו ל : איך מיין, אַז דו קענסט נישט אַוועקגיין פון דאַנען סתם אַזוי זיך. דו ווייסט, אַז פאַרן פאָלק איז באַוואוסט דיין אָנקומען אין לאַ־גער אַריין און באַלד וועט אויך איינער דעם אַנדערן דערציילן ווי־אַזוי דו האָסט דערשלאָגן אגגן, דעם קיניג פון עמלק. דאָס פאָלק האַלט זיך איצט אין גרייטן צו די קרבנות און צו דער סעודת־מצווה און אויב דו וועסט איצט אַוועקגיין און זיך נישט באַטייליקן אין דער פייערלעכקייט און אין דער פרייד פונעם פאָלק, וועט דאָס זיין אַ סיבה פאַר די אויסטערלישסטע גערעדערייען און אויסטייטשונגען. דו קענסט נישט איצט אַוועקגיין גלאַט אַזוי פון דאַנען, ווייל דו האָסט נישט קיין קלענערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מיר פאַר די ליידן און פריידן פון דעם פאָלק. קענסט אויך מיך נישט פאַרשעמען אין די אויגן פונעם פאָלק. דעריבער קענסטו איצט נישט אַוועקגיין פון דאַנען. דו מוזסט בלייבן און ברענגען די קרבנות און זיך מיט־פרייען מיט די קריגער. דאָס איז דאָס מינדעסטע וואָס דו ביסט שול־דיק דעם פאָלק און מיר.

ש מ ו א ל : (אַנטשלאָסן) איך קען דאָ לענגער נישט בלייבן! (דרייט זיך אויס און נעמט האַסטיק אַוועקגיין. אין דעמזעלבן מאָמענט טוט אים שאול אַ שפּרייז נאָך און כאַפּט אים אָן ביים זוים פונעם בגד. דער זוים בלייבט אַן אָפּגעריסענער אין זיין האַנט און ער טוט אַ טיפן קרעכץ. שמואל שטעלט אָפּ זיין איילנדיקן גאַנג און פאַר־טראַכט זיך אַ רגע.) גוט! איך פאַרבלייב! איך וויל אויסמיידן, אַז עמעצער זאָל דערלעבן שאָדנפרייד אין דיר און אין מיר. איך וויל נישט דערלאָזן עס זאָל קומען צו לייטיש געלעכטער. וועל איך אָנ־פירן מיט דעם קרבנות־ברענגען און וועל מתפלל זיין מיט דיר איב־איינעם צו אונדזער האַר יהוה אין אָנגעזיכט פונעם גאַנצן פאָלק. איך וועל אויך זיין ביי דער סעודה און וועל דיר דאָרטן צוטיילן גאַנץ באַזונדערע כיבודים, אַזוי אַז דאָס פאָלק זאָל עס זען. איך וועל דאָס אַלעס טאָן, כאָטש... (פויזע) אָבער זיי וויסן: ווען איך האָב דיך געזאַלבט אַלס מלך איבער ישראל, האָב איך געגלויבט אַז דיין הער־שאַפט וועט דויערן לאַנג און זי וועט איבערגיין צו דיינע קינדער און קינדס־קינדער פון דור צו דור. איצט האָט אָבער אונדזער אַלמעכ־טיקער גאָט באַשלאָסן אַנדערש, אַזוי ווי אָט־דער זוים איז אָפּגע־ריסן געוואָרן פון מיין בגד, אַזוי איז די מלוכה איבער ישראל אָפּגע־ריסן געוואָרן פון דיר און פון דיינע קינדער. אייער סוף וועט זיין אַן אומגליקלעכער און אַ ביטערער, ווייל גאָטס צאָרן וועט זיך אויס־גיסן איבער אייך צוליב אייערע זינד! (פויזע) און נאָכדעם ווי איך וועל אַוועקגיין פון דאַנען, וועל איך דיין פּנים קיינמאָל מער נישט זען...

ש א ו ל : מיינע קינדער האָבן דאָך נישט געזינדיקט...

(פאָרהאַנג).

# דאָס צוועלפטע בילד

ישיס שלאָפקאַמער אין זיין הויז אין בית־לחם. עס איז טונקל. בלויז דורך די שפּאַלטן פון די פאַרמאַכטע לאָדנס פונעם פענצטער לינקס פאַלט אַריין אַביסל גרוי באַגינען־ליכט. אין רעכטן ווינקל פונעם הינטערגרונט — דאָס בעט און אין לינקן — אַ געשניצטער קאַסטן פאַר קליידער. אונ־טערן הויכן פענצטער לינקס עטלעכע נידעריקע בענקעלעך, וואָס ווען אַ נאָרמאַלער מענטש זעצט זיך אויף זיי אַוועק, בלייבט ער פאַרבאָרגן פאַר די בליקן פון איינעם וואָס שטייט אין דרויסן. רעכטס די טיר. נישט צו הויך איבערן בעט, אַ געשניצטע פּאָליצע, אויף וועלכער עס זענען אויס־געשטעלט אַן אייל־לעמפּל, עטלעכע בלומענטעפּ און אַנדערע קעגנשטאַנדן. עס ווערט פּאַמעלעך אַלץ העלער.

ווען דער פאַרהאַנג גייט אויף, קומט אַריין פון רעכטס ישי. ער שטעלט זיך אַוועק ביי דער טיר און לאָזט דורך שמואלן, אלעזרן און מישאלן. דערנאָך פאַרמאַכט ער צוריק פאָרזיכטיק די טיר. ישי איז אַ נידעריק געוואַקסענער, אויסגעדאַרטער, פלינקער און באַריידעוודיקער גרייז. זיין שטימע און זיינע הענט ציטערן אַביסל.

י ש י : קומט אַריין: ערנווירדיקער נביא שמואל און איר חשובע חכמים. אייער קומען איז ביי מיר זייער אָנגעלייגט. זעצט אייך אויף אָט־די בענקעלעך. דאָ וועט אונדז קיינער נישט הערן און זען און מיר וועלן קענעןריידן רואיק און אומגעשטערט. אָט־די קאַמער געפינט זיך אין אָפּגעלעגנסטן און פאַרבאָרגנסטן ווינקל פון מיין הויז, ווייט פון יעדן טומל, און איך האָב בכיוון אויסגעקליבן זיך דאָ איינצואָרדענען אויף דער עלטער, בכדי מען זאָל וואָס וויניקער קענען שטערן מיין רו. (קורצע פויזע) יעדן באַגינען בין איך דער ערשטער, וואָס גייט אַרויס

פון דעם הויז צו באַגעגענען דעם מאָרגנשטערן. בין איך זייער צו־פרידן פון דעם וואָס איך האָב אייך היינט באַגעגנט. אָבער איך וואָלט אויך זייער וועלן וויסן וואָס עס ברענגט אייך אַזוי פרי, כמעט ביינאַכט נאָך, אין מיין הויז און פאַרוואָס איז אייער קומען איינגע־הילט אין אַ סוד?...

שמואל: זיי רואיק, ישי פון בית־לחם. אונדזער קומען אַהער, כאָטש אומגעריכט און סודותדיק, איז גינציק און פרידלעך פאַר דיר און די דייניקע און אין דער ריכטיקער צייט וועט פאַר דיר קלאָר ווערן אַלץ וואָס רייצט איצט דיין נייגעריקייט. דערווייל זאָג מיר נאָר, וויפיל זין האָסטו?

ישי: אַכט. אַכט זין האָב איך, נביא שמואל, איינס און איינס וואוילע און געראָטענע. די עלטערע דריי האָבן שוין חתונה געהאַט און איך האָב שוין פון זיי אַ פולע שטוב מיט אייניקלעך, ווייל זיי וואוינען מיט מיר צוזאַמען. יאָ! מיר וואוינען דאָ אַלע צוזאַמען.

שמואל: איך וואָלט זיי וועלן זען, דיינע זין, ווען עס וואָלט פאַר דיר מעגלעך געווען עס אַזוי איינצואָרדענען, איך זאָל זיי קענען זען, אָבער זיי מיך נישט. אָדער איך זאָל זיי זען און זיי מיך אויך, אָבער זיי זאָלן נישט וויסן דערפון, אַז איך האָב אַ באַזונדערע כוונה זיי צו זען. אָט, למשל, ווען דו קענסט קומען מיט זיי אַלע צוזאַמען היינט נאָך מיטאָג צו דער פייערונג פון דעם קרבנות־ברענגען...

ישי: עס לאָזט זיך לייכט איינאָרדענען דו זאָלסט זיי זען און זיי דיך נישט און עס איז גאָרנישט נייטיק צו וואַרטן אויף שפּעטער. אָט באַלד וועט זיין אַ געלעגנהייט עס דורכצופירן. דו וועסט זיי קענען זען און זיי דיך נישט...

אלעזר: וואָס־זשע, ישי פון בית־לחם, קענסט מאַכן אַזאַ מין קונץ? אפשר גאָר עפּעס אַזאַ מין כישוף?...

מישאל: קיין כישוף זיכער נישט. ישי איז צו פרום און קלוג פאַר אַזעלכע זאַכן. ער ווייסט, אַז דאָס שמעקט מיט געצנדינסט.

ישי: (צו מישאלן) ס'איז נישט געפערלעך, יונגער חכם. דיין חבר האָט זיך געוואָלט מאַכן אַ שפּאַס מיט אַן אַלטן מאַן און ישי פון בית־

לחם איז געגוג קלוג עס צו פאַרשטיין און גוטמוטיק אויפצונעמען.
(פויזע) דער ענין איז אָבער באמת גאָר אַן איינפאַכער. אין אַ ווײ־
לע אַרום וועלן מיינע זין דאָ פאַרבייגיין אויפן וועג אין פעלד אַריין
— וועט זיי דער נביא שמואל קענען זען דורך אָט־דעם קוקערל.
(באַווייזט אין לאָדן אַ קיילעכדיק אויסגעשניטן לעכל, עטוואָס גרע־
סער פון אַן אויג) זיי וועלן אים אָבער נישט קענען זען.

א ל ע ז ר : זעט איר שוין, אַז אין דער אמתן איז דער ענין גאָרנישט
אַזוי איינפאַך. עס איז טאַקע דערביי פאַראַנען אַ שטיקל קונץ...

מ י ש א ל : אָבער נישט קיין כישוף; אַזוי ווי איך האָב געזאָגט... (קורצע
פויזע) פונדעסטוועגן, ישי פון בית־לחם, צוליב וואָס האָסטו גע־
מאַכט אָט־דאָס קוקערל אין דעם לאָדן? אַביסל מאָדנע איז דאָך
דאָס...

י ש י : איי, קינדערלעך! קינדערלעך! ס׳איז דאָ שוין גאָרנישט מאָדנע
און נישט פאַר נחת האָב איך עס געמאַכט... נישט איינמאָל קען
איך נישט שלאָפן ביינאַכט און איך בלייב שעהנלאַנג ליגן וואַך איי־
נער אַליין אין דער שטאָק־פינצטערער קאַמער. באַפאַלט מיך אַן
אומעט און עס הייבט אָן צו שמעקן אַרום מיר מיט קבר. וואָס־זשע
טו איך? גיי איך אַראָפּ פון בעט, קוק דורך אָט־דעם קוקערל אויפן
אויסגעשטערנטן, אייביקן הימל און מיין האַרץ ווערט איבערפולט
מיט געטלעכער באַרואיקונג און טרייסט. אַן אַנדערש מאָל טייטלט
אַריין אַהער דורכן קוקערל די לבנה מיט אירן אַ סנאָפּ שטראַלן, ווי
מיט אַ געטלעכן פינגער, און מיר דאַכט זיך אויס, אַז דער אייבער־
שטער אַליין שושקעט צו מיר פון דער שטילקייט אַרויס: „אָט ביסטו
דאָך, אַלטער שטיפער ישי. וואָס דאַרפסטו זיך באַהאַלטן אין בעט?
סיי־ווי־סיי זע איך דיך דאָך. אָבער האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן.
וואָס אַרט עס מיך?... פון מיינעטוועגן קענסטו זיך נאָך לעבן און
לעבן און האָבן אַ סך נחת פון דיינע קינדער און אייניקלעך..." (גייט
צו צום פענצטער) און אַז דאָס קוקערל שטערט מיך אַמאָל, איז צוגע־
פעסטיקט אָט־דאָס ברעטעלע, מיט וועלכן איך קען עס פאַרשטעלן
צו יעדער רגע, ווען דאָס פאַלט מיר איין. (קוקט אַרויס דורכן לעכל)

איצט קומען אָן מיינע זין. יעדער איינער וועט זיך אויסקלייבן זיינע אַרבעטס־געצייג, וואָס זענען באַהאַלטן אונטער יענעם פּידאַשעק קעגנאיבער, און דערנאָך וועלן זיי אַוועקגיין. קום אַהער, נביא שמואל, איצט וועסטו זיי קענען געגוי באַטראַכטן אָן שוועריקייטן.

שמואל: (קוקט אַרויס אַ ווײַלע) מעגסט שטאָלץ זיין מיט דיינע זין, ישי פון בית־לחם. זיי זענען אַלע פּרעכטיקע און העלדישע יונגע מענער. אָבער זיי זענען בלויז זיבן און קיין איינער פון זיי איז דער, אויף וועמען עס איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן. האָסט נישט פריער געזאָגט, אַז דו האָסט אַכט זין?...

ישי: אוי ווײַ איז צו מיר! ווי דער זיכרון האָט מיר שוין אויפגעהערט צו דינען... כ׳האָב גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מיין מעזיניק דודל געפינט זיך מיט דער סטאַדע אויף נאַכט־פּאַשע... אָבער אָט וועל איך אויך דאָס באַלד איינאָרדענען. (עפנט אַ טייל פונעם לאָדן און שרייט אַרויס) אליאב, מיין זון! אַז וועסט פאַרבייגיין די לאָנקע, שיק מיר שנעל אַהיים דיין ייִנגסטן ברודער דוד. זאָל ער זיך וואָס ווינציקער פאַרווײַלן, איך דאַרף אים נייטיק דאָ האָבן. און זאָל דערווייל עמע־צער פון אייך פאַרבלייבן מיט דער סטאַדע.

אליאב: (זיין שטימע פון דרויסן) גוט, פאָטער ישי, איך וועל דיר שיקן דיין בן־זקונים, ווי דו באַגערסט. אָבער פאַרוואָס ביסטו נאָך היינט נישט אַרויסגעקומען פון דיין קאַמער?... עס האָט אונדז שוין געוואונדערט, אָבער מיר האָבן דיך נישט געוואָלט באַלעסטיקן...

ישי: זייט רואיק וועגן מיר און זאָל אייך גאָט באַגלייטן אויף אייער וועג. איך האָב מיך היינט בלויז אַביסל לענגער פאַרשלאָפן... (צו זיינע געסט) איר זעט שוין אַליין וואָס פאַר אַ טייערע קינדער איך האָב... (אַ פּויזע, איידער עס פאַרבינדט זיך דער ווייטערדיקער גע־שפרעך) איך האָב עס אייגנטלעך געוואָלט ביי דיר פרעגן באַלד פון אָנהייב, נביא שמואל, אָבער צוליב דער פּלוצימדיקייט און סודות־דיקייט פון דיין אָנקום, האָב איך נישט געוואַגט עס צו טאָן. שפּע־טער האָט מיך דער איבערפלוס פון מיינע אייגענע רייד פאַרפירט אויף אַנדערע דרכים און איך האָב אין דעם פאַרגעסן. איצט וויל איך

פרעגן ביי דיר: איז טאַקע אמת דאָס אַלץ וואָס מען דערציילט צווישן פאָלק אין די לעצטע טעג וועגן דיר און וועגן דעם מלך שאול?...

**שמואל:** אַזש ביז אַהער זענען שוין דערגאַנגען די שמועות?... וואָס־זשע דערציילט מען אַזוינס צווישן פאָלק?...

**ישי:** מען זאָגט, אַז דו האָסט מיט די אייגענע הענט געמוזט דערשלאָגן אגגן, דעם קיניג פון עמלק, ווייל שאול המלך האָט עס נישט געוואָלט טאָן; אַז שאול האָט זיך שטאַרק פאַרזינדיקט קעגן אונדזער האַר יהוה און דעריבער האָסטו דיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון אים... איז דאָס ריכטיק?...

**שמואל:** יאָ! עס איז ריכטיק, ישי פון בית־לחם.

**ישי:** אַ שאָד! אַ גרויסער שאָד! שאול איז אַ גאַנץ גוטער מלך, אַ גרויסער פירער און העלד אין דער מלחמה און אַ גוטער בעל־הבית איבערן לאַנד אין צייט פון שלום. מיר האָבן אים אַלע ליב.

**שמואל:** אָבער אין די וועגן פון גאָט וויל ער נישט גיין...

**ישי:** באמת אַ שאָד... איך האָב שטענדיק געהערט, אַז דו ביסט מיט אים נישט שוה בשוה, אָבער איך האָב נישט דערוואַרט, אַז דו וועסט זיך אָפּזאָגן פון אים אינגאַנצן...

**שמואל:** דו האָסט מיך איצט געבראַכט צו דעם, איך זאָל פאַר דיר אַנטפּלעקן דאָס וואָס דו האָסט פריער באַצייכנט אַלס סוד. איך האָב מיך אָפּגעזאָגט פון שאולן, ווייל אונדזער האַר יהוה האָט עס געטאָן און ער האָט באַשלאָסן אין אַ נישט לאַנגער צייט אַרום צו מאַכן אַ סוף צו זיין מלוכה. אַ סך אומגליקן וועלן זיך אַראָפּלאָזן איבער אים און צום סוף וועט ער פאַרלירן זיין קאָפּ אינאיינעם מיט דער קרוין. אויך איבער זיינע קינדער וועט זיך אויסלאָזן גאָטס גרימצאָרן און קיינער פון זיין זאָמען וועט נישט טראָגן די קרוין פון ישראל.

**ישי:** ווי שרעקלעך איז דאָס וואָס דו זאָגסט פאָרויס, נביא.

**מישאל:** עס איז שרעקלעך, אָבער עס קען אַנדערש נישט זיין. יהוהס משפט איז זייער שטרענג און הארט און וויי איז צו יענעם, וועמען עס דערגרייכט זיין כעס.

א ל ע ז ר : אָבער יהוהס משפט איז גערעכט.

ש מ ו א ל : בכדי צו פאַרשפּאָרן אונדזער פאָלק אַן איבערגאַנגס־צייט פון אָפהענטיקייט און פאַרווירונג נאָך דעם פאַלן פון בית־שאול, האָט מיר דער האַר יהוה באַפוילן באַצייטנס צו געפינען אַ פאַר־טרעטער, וואָס זאָל באַלד איבערנעמען די מלוכה נאָך שאולן, און אָנגעוויזן האָט ער מיר אויף דיין זון דוד.

י ש י : (אַ פאַרצאַפּלטער און דערשראָקענער) אויף מיין זון דוד?... ער איז דאָך נאָך אַ יונג יינגל און אויסערדעם אַ פּשוטער פּאַסטוך. מער ווי פּיטערן שאָף, שפּילן אויף אַ פייפל, דרימבלען אויף אַ לירע און וואַרפן שטיינדלעך מיטן שליידערער קען ער דאָך נישט. דערצו איז ער נאָך אַ צעלאָזענער און היציקער, קליינוואוקסיקער און נישט אָנ־זעעוודיקער. ווי קומט ער צו דער מלוכה און ווי־אַזוי וועט ער קע־נען געווינען די אַכטונג און דעם דרך־ארץ וואָס דאָס פאָלק דאַרף האָבן צו זיין מלך?...

ש מ ו א ל : אים האָט אָבער אויסדערוויילט דער האַר גאָט פון ישראל!...

י ש י : (פאַרטראַכט זיך אַ ווייַלע) וועסט מיר מוחל זיין, ערנווירדיקער נביא, און וועסט מיר נישט צערענען. דאָס האַרץ פון אַ פאָטער איז פול מיט זאָרג און אומרואיקייט פאַר זיין קינד. פון וואַנען נעם איך די זיכערקייט, אַז דוד וועט דיר בעסער וואוילגעפעלן און ער וועט געפינען מער לייטזעליקייט אין דיינע אויגן ווי שאול און דו וועסט זיך קענען מיט מיין זון בעסער פאַרטראָגן ווי מיט דעם ערשטן מלך?... דאָס גליק פון מיין קינד איז ביי מיר מער ווערט ווי הער־שאַפט. מיר זענען באַשיידענע פּאַסטוכער און פּויערים און מיר דאַרפן נישט קיין הערשאַפט בכלל און בפרט אַזעלכע, וואָס קען אונדז ברענגען ליידן און אומגליק.

ש מ ו א ל : זיי רואיק, פאָטער ישי, ווען דיין זון דוד וועט דאַרפן אי־בערנעמען די מלוכה איבער ישראל, וועל איך שוין נישט זיין אויף אָט־דער זינדיקער וועלט. וועט אים דעריבער נישט זיין שווער צו אויסקומען מיט מיר. ער וועט זיין דער איינציקער פירער און באַ־פעלער אין ישראל און אויף אַזוי ווייט וועט אים זיין סיי לייכטער,

סיי שווערער פון שאולן. ער וועט אויך איינער אַליין דאַרפן טראָגן די אחריות פאַר אַלץ. אָבער דאָס פאָלק וועט אים ליב האָבן און עס וועט אים נאָכפאָלגן אויף אַלע זיינע וועגן און שטעגן. עס וועט אים אַפילו מוחל זיין זיינע פעלערן.

ד ו ד : (באַווייזט זיך אין דער טיר) אַ גוטמאָרגן דיר, פאָטער ישי, האָסט געשיקט נאָך מיר?... (דערזעט די געסט און ווערט איבערראַשט) אָ! אַנטשולדיק מיר פאָטער, איך האָב נישט געוואוסט, אַז ביי דיר זענען פאַראַנען געסט אַזוי פרי... וועל איך איצט דערווייל גיין און קומען שפּעטער צוריק...

י ש י : גיי נישט אַוועק, קום אַריין, ווייל צוליב דיר זענען די מענטשן אַהער געקומען.

ד ו ד : צוליב מיר גאָר?... (גייט אַריין) זייט באַגריסט, ערנווירדיקע מע־נער (קוקט זיך איין אין די געסט) דאָס איז דאָך דער גרויסער נביא שמואל (פאַרנייגט זיך פאַר אים טיף) איך האָב דיך שוין איינמאָל געזען אין מדבר, אָבער דעמאָלט זענען דיינע באַגלייטער געווען אַנדערע.

ש מ ו א ל : עס איז ריכטיק. מיר האָבן זיך שוין איינמאָל געטראָפן אין מדבר, אָבער פון וואַנען ווייסטו ווער איך בין?... דו האָסט עס דע־מאָלט נישט געפרעגט און איך האָב עס דיר נישט געזאָגט...

ד ו ד : דאָס איז גאָרנישט נייטיק געווען, ווייל איך האָב דיך שוין פריער געזען, ווען דו ביסט איינמאָל געקומען קיין בית־לחם. אויסערדעם האָב איך פון קליינוויז אָן אַן אויג און אַ חוש אַרויסצודרינגען און צו טרעפן... (קורצע פּויזע) ביסטו, הייסט עס, היינט געקומען אַהער צוליב מיר, הייליקער מאַן?... איך בין נייגעריק צו וויסן די סיבה פון דעם...

ש מ ו א ל : דער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל שיקט מיך מיט אַ שלי־חות צו דיר. ער וויל דיך דערהויבן איבער דיינע שוועסטער און ברידער, איבער דיין פאָלק.

ד ו ד : (פאַרוואונדערט) אַזוי גאָר?... הער איך ריכטיק?... רעדט צו מיר אַזוי טאַקע דער שטרענגער נביא שמואל, אָדער דאָס איז אַלץ בלויז

אַ פאַנטאַזיע, אַן אילוזיע, אַן אָפּנאַרערישע כימערע, וואָס עס האָט פאַר מיר אַרויסגעצויבערט דער יצר־הרע פון גרויסקייט, וועלכער נעסטעט טיף אין מיין נשמה? און אויב עס שטייט פאַר מיר ווירק־לעך דער לייבלעכער נביא שמואל, איז עס דאָך נישט מעגלעך ער זאָל וועלן טרייבן שפּאַס מיט מיר...

ש מ ו א ל : אַזוי וואָר ווי עס איז דאָס וואָרט פונעם האַר יהוה, אַזוי וואָר איז עס, אַז איך שטיי פאַר דיר און זאָג דיר אָט־די רייד, אין זיין הייליקן נאָמען. דער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל האָט דיך אויסדערוויילט צו מאַכן דיך פאַרן מלך איבער ישראל און ער שיקט מיך אַהער דיך צו זאַלבן.

ד ו ד : פאַרן מלך פון ישראל?... אָבער שאול בן קיש איז דאָך שוין דער מלך איבער ישראל... קיין צוויי מלכים דאַרף מען נישט...

ש מ ו א ל : שאול בן קיש האָט שווער געזינדיקט און די מלוכה וועט פון אים צוגענומען ווערן. דעמאָלט וועסטו אָנטאָן די קרוין און הערשן איבער די בני ישראל.

ד ו ד : אָנטאָן די קרוין... דאָס האָב איך דאָך נישט געוואַגט זיך פאָר־צושטעלן אַפילו אין מיינע אינטימסטע חלומות... איך האָב געוואָלט ווערן אַ גרויסער זינגער און שפּילער, בכדי צו באַגייסטערן די מאַסן פון מיין פאָלק. איך האָב געטרוימט צו ווערן איינער פון די באַ־רימטסטע גיבורים פונעם מלך שאול און צו דינען מיין פאָלק מיט מיין מוט און בלוט. אָבער אָנטאָן די קרוין?... (קורצע פּויזע) פאָטער ישי, וואָס איז דיין מיינונג? ווילסטו, אַז דער יינגסטער פון דיינע זין זאָל אַזוי הויך דערהויבן ווערן? ביסטו מסכים, אַז איך זאָל טראָגן די קרוין פון ישראל אויף מיין קאָפּ?...

י ש י : זאָל געשען דער ווילן פון אַלמעכטיקן גאָט! איך גיב דיר מיין ברכה און ווינטש דיר גרויס הצלחה אין אַלץ וואָס דו וועסט אונ־טערנעמען אויף דיין גייעם און אומבאַקאַנטן וועג!

ד ו ד : אמן! כן יהי רצון!...

ש מ ו א ל, א ל ע ז ר און מ י ש א ל : אמן! כי יהי רצון!

ש מ ו א ל : איצט וועל איך דיך זאַלבן. (אינמיטן דער סצענע, מער צום

פאָדערגרונט, שטעלט זיך אויס די גרופּע אַזוי: ישי, מיטן פּנים צום צושויער; פאַר אים, אויף אַ קליינעם אָפּשטאַנד, איינער אַנט־קעגן אַנדערן, מיט דער זייט צום צושויער, לינקס — דוד און רעכטס שמואל; הינטער שמואלן אלעזר און מישאל. דורכן אָפענעם פענצ־טער פאַלט אויף זיי דאָס גאָלדענע ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון. שמואל נעמט אַרויס פון זיין בגד אַ צונויפגעראָלטן פּאַרמעט און דערלאַנגט דודן) נעם אָט־דעם כתב, דוד בן ישי, און באַהאַלט אים — ער קען דיר אַמאָל צונוץ קומען. אין אים ווערט באַשטעטיקט די זאַלבונג מיט די אונטערשריפטן פון מיר און פון אָט־די יינגסטע צוויי פון מיינע תלמידים: אלעזר און מישאל, וועלכע וועלן קענען שטענדיק זיין דיינע עדות. (נעמט אַרויס פון זיין בגד אַ האָרן מיט בוימל און באַשמירט דודס קאָפּ) אָט־אַזוי זאַלב איך דיך פאַר מלך פון ישראל, דוד בן ישי! דיין מלוכה וועט זיך אָנהייבן ערשט נאָכ־דעם ווי זיין גורל וועט האָבן דערגרייכט שאולן און ער וועט מער נישט זיין צווישן די לעבעדיקע. איך באַשווער דיך, אַז ביז דעמאָלט זאָלסטו נישט אונטערנעמען דאָס מינדסטע קעגן שאולן — פאַר־קערט, דו זאָלסט אים דינען לויט אַלע מעגלעכקייטן. ערשט נאָך שאולס טויט וועסטו אָנטאָן די קרוין פון ישראל און דו וועסט אויפ־גיין פאַר דיין פאָלק אָט־אַזוי ווי עס גייט איצט אויף די יונגע זון. דער אַלמעכטיקער וועט זיין מיט דיר און דו וועסט אויך ווערן אַ ליכט־זייל און אַ טרייסט־קוואַל פאַר די אומות פון דער וועלט. (פויזע) זיי געבענטשט און באַדאַנקט, האַר פון דער וועלט, דערפאַר וואָס דו האָסט מיך געשטאַרקט און האָסט מיר געהאָלפן צו דער־לעבן ביז איצט.

אַלע איבעריקע: כן יהי רצון! אמן סלה!

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

סוף.

# שאול און דוד

היסטאָרישע דראַמע אין צוועלף בילדער

# פ ע ר ז אָ נ ע ן

שאול, מלך פון ישראל
אחינעם, זיין ווייב
יהונתן, זיין עלטסטער זון
מיכל, זיין יינגערע טאָכטער, דודס פרוי
אבנר, זיין שוועסטערקינד און הויפּטמאַן
כלידע
פלטי } זיינע יועצים
דוד בן ישי, יונגער העלד
אחינעם היזרעאלית
אביגיל הכרמלית } זיינע פרויען
אליאב
אבינדב
שמה } זיינע ברידער
יואב
אבישג
עשהאל } זיינע חברים
רופא
פּאַרקויפער
ערשטער קריגער
צווייטער קריגער
דריטער קריגער
גלית, דער פלישתי
יורם בן עכן, שאולס אַמאַליקער דינער
יינגלס שטימע
ערשטער מאַן פון זיף
צווייטער מאַן פון זיף
אביתר, אַ כהן
גד, אַ נביא

עמלקי, קנעכט
קריגער
מ'ענער } פון פאָלק
פרויען

## באַמערקונגען:

צווישן ערשטן און צווייטן בילד פאַרגייען צוויי־דריי מאָנאַטן. — דאָס צווייטע און דריטע בילד קומען פאָר דעמזעלבן טאָג און דאָס פערטע בילד קומט פאָר אויף צומאָרגנס. — דאָס פינפטע בילד קומט פאָר אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן פערטן. — דאָס זעקסטע בילד קומט פאָר צוויי־דריי יאָר נאָכן פריערדיקן. — דאָס זיבעטע בילד קומט פאָר דעמזעלבן נאָכמיטאָג ווי דאָס זעקסטע און דאָס אַכטע דעמזעלבן אָוונט ווי דאָס זיבעטע. — צווישן אַכטן און נייַנטן בילד פאַרגייען עטלעכע יאָר. — צווישן נייַנטן און צענטן בילד פאַרגייען אַכט־צען טעג. — צווישן צענטן און עלפטן בילד פאַרגייט איין נאַכט. — צווישן עלפטן און צוועלפטן בילד פאַרגייען פיר־פינף מאָנאַטן.

די גאַנצע דראַמע איז אויפגעבויט אויף פראַגמענטן פון די קאַפּיטלען ט״ז ביז ל״א פון ספר שמואל א׳ און קאַפּיטל א׳ פון ספר שמואל ב׳.

# דאָס ערשטע בילד

אַ זאַל אין שאולס פּאַלאַץ. אין הינטערגרונט אַ ברייטער, אָפענער, פּאַראַדנער אַריינגאַנג, צו וועלכן עס פירן עטלעכע טרעפּן און דורך וועלכן עס זעט זיך אַן אָפּגעהיטער גאָרטן. רעכטס און לינקס (פונעם צושויער) גרויסע פענצטער. ביי די זייטן פון טיר און פענצטער אָפּגעצויגענע שווע־רע פאָרהאַנגען. צו ביידע זייטן פון די טרעפּן און ביי די פענצטער מאַ־סיווע שטיינערנע וואַזעס מיט בלומען. אינמיטן, מער צום פאָדערגרונט, אַ קיילעכדיקער טיש, וואָס איז פאַרשפּרייט מיט אַ בונט־פאַרביקער דעקע און אַרום דעם טיש — זעקס רייך־געשניצטע שטולן.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצן אַרום דעם טיש: לינקס שאול און אבנר און קעגנאיבער — יהונתן און כלידע, דער מיניסטער. צוויי שטולן צום הינטערגרונט זענען פריי.

ש א ו ל : אויב די פלישתים זאַמלען זייערע חיילות צווישן שוכה און עזקה, אין לאַנד פון יהודה, לויט ווי עס האָבן אונדז איבערגעגעבן אונדזערע אויסשפּירערס, דאַן טאָרן מיר נישט פאַרלירן קיין צייט און מיר מוזן וואָס גיכער אויפשטעלן אונדזער לאַגער אויף דער אַנדערער זייט טאָל, בכדי זיי זאָלן אונדז נישט איבערראַשן מיט זייער אָנפאַל.

א ב נ ר : ביסט גערעכט! און נאָך היינט פאַרנאַכט וועל איך אָפּשיקן אַהין דאָס חייל, וואָס מיר האָבן שטענדיק אָנגעזאַמלט אין גבעה. אויסערדעם וועל איך אומפאַרזאַמט אַרויסשיקן שליחים צו די שבטים און פאָדערן זיי זאָלן שיקן זייערע רעזערוון. גלייכצייטיק וועל איך נאָכשיקן נאָך די מענטשן די וועגענער מיט דער שפּייז און אַלע אַנ־דערע מאַטעריאַלן און אַרטיקלען. לויט די ידיעות פון אונדזערע

אויסשפּירערס, האַנדלען די פּלישתּים גיך און אַנטשלאָסן און אויך
מיר טאָרן נישט צולאָזן זיי זאָלן אונדז טרעפן נישט צוגעגרייט.

שאול: דו, כלידע, וועסט זיך באַלד דאַרפן פאַרנעמען מיט דעם אויס־
צופולן די בלויזן וואָס וועלן אַנטשטיין אין די סטאַדעס און מאַגאַ־
זינען. מען קען זיך דאָסמאָל ריכטן אויף אַ לענגערער מלחמה און
מען דאַרף פאַרויסזען און צוגרייטן, אַז עס זאָל גאָרנישט אויספעלן
אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט.

כלידע: איך באַוואונדער דיין חכמה און ווייטזיכטיקייט, מלך שאול.
נאָך היינט וועל איך אַרויסשיקן איבער די שטעטלעך און דערפער
אונדזערע איינמאָנערס און אויפקויפערס און איך וועל זאָרגן דער־
פאַר, אַז אונדזערע רעזערוון פון שפּייז און מאַטעריאַלן זאָלן באַ־
נייט ווערן באַצייטנס און שפעדיק.

יהונתן: און איך וועל אויסקלייבן פון צווישן אונדזערע רעזערוו־
מענטשן די יינגסטע און קרעפטיקסטע מענער, וועל זיי געניט־מאַכן
אין די תכסיסי־מלחמה, אין קעמפן מיט אַ שווערד און אין וואַרפן
אַ שפּיז, און איך וועל אויסבילדן פון זיי ספּעציעלע משחית־אָפּטיי־
לונגען, וואָס זאָלן קענען גיין פאָרויס, אָן דער שפּיץ פונעם געוויינט־
לעכן חייל, אין פאַל ווען דאָס וועט נייטיק זיין.

שאול: ביין, מיין זון, איך גלויב, אַז דו וועסט עס נישט קענען טאָן,
כאָטש עס וואָלט זיכער כדאַי געווען, ווייל דאָסמאָל וועל איך אַליין
מסתמא נישט קענען ארויסגיין מיט אייך אינאיינעם אויפן שלאַכט־
פעלד — וועסטו מוזן זיין אַ הילף פאַר דיין קאָמאַנדיר אבנר אין
דעם שווערן קאַמף.

אבנר: פאַרוואָס וועסטו דאָסמאָל נישט קענען אַרויסגיין אין קאַמף,
מלך שאול?...

שאול: ווייל איך בין קראַנק און אָפּגעשוואַכט... וועל איך נישט קע־
נען איבערטראָגן די אַלע אָנשטרענגונגען און וועל בלויז זיין אַ
שטערונג פאַר אייך...

כלידע: ס'איז ריכטיק, מלך שאול, לעצטנס האָב איך טאַקע געמערקט,
אַז דיין געזונט־צושטאַנד איז נישט אין אָרדענונג. עפעס זענען דיינע

אויגן טיפער אַריין אין זייערע לעכער און די בליקן זענען אַזוי אור־
מעטיק געוואָרן. אויך דיין פּנים איז אויסגעמאָגערט געוואָרן און
גרויע האָר האָבן זיך באַוויזן אויף דיין קאָפּ און באָרד פאַר דער
צייט... די געשטאַלט איז אויך עטוואָס געבויגן און שלאַבעריק גע־
וואָרן...

י ה ו נ ת ן : אויך איך, פאָטער, האָב עפּעס געמערקט אין דיר...

א ב נ ר : אויך איך האָב דיר לעצטנס געפונען אַנדערש ווי נעכטן און
אייערנעכטן. אָבער וואָס־זשע טוט דיר וויי?... וואָס פעלט דיר?...

ש א ו ל : בייזע געדאַנקען פאַרפאָלגן און מאַטערן מיך און לאָזן מיך
נישט צורו. זיי וואַרפן אויף מיר אָן אַ שווערן טרויער און רויבן ביי
מיר צו מיין מוט. איך האָב אָנגעוואוירן מיין שטענדיקן גוטן אַפּעַ־
טיט און, וואָס עס איז נאָך ערגער, דער דערפרישנדיקער שלאָף
אַנטלויפט פון מיינע אויגנדעקלעך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ
פרעסט אויף מיינע כוחות.

א ב נ ר : וואָס־זשע, רעכנסטו, איז די סיבה פון דיין אויסטערלישער
קראַנקייט?

ש א ו ל : איך ווייס אויף געוויס, אַז שולדיק אין אַלץ איז דער ברוגז
מיטן אַלטן נביא שמואל.

כ ל י ד ע : אויב אַזוי, מיין האַר, מוז מען זיך אָנשטרענגען צו קומען
מיט דעם אַלטן בכל האופן צו עפּעס אַן איינפאַרשטענדעניש. אפשר
וואָלט איך געקענט נוצלעך זיין אין דעם פּרט...

ש א ו ל : איך האָב שוין געפּרואווט, אָבער אָן דערפאָלג...

י ה ו נ ת ן : מיך האָט שוין דער פאָטער געשיקט צום אַלטן נביא, בכדי
איך זאָל אים פאַרבעטן צו קומען אַהער קיין גבעה, אָדער צו פועלן
ביי אים ער זאָל אויפנעמען דעם מלך ביי זיך אין רמה, מיטן צוועק
זיך דורכצוריידן און צו זוכן אַן אויסגלייך. האָט מיך דער אַלטער
גאַנץ פריינטלעך אויפגענומען, אָבער ער האָט נישט געוואָלט מסכים
זיין נישט צום ערשטן און נישט צום צווייטן פאָרשלאָג. ער האָט מיר
געהייסן איבערגעבן מיין פאָטער, דעם מלך, אַז איצט איז שוין צו
שפּעט. איצט האָט זיך שוין דער האַר יהוה אָפּגעזאָגט פון אים, צו־
ליב דעם, וואָס ער האָט נישט אויסגעפאָלגט זיינע געבאָטן.

שאול: נאָכדעם האָב איך פאַרבויגן מיין כבוד און בין אַליין געגאַנגען אומגעבעטענערהייט צום נביא שמואל. איך בין אָנגעקומען קיין רמה מיט איין איינציקן דינער אין דער פינצטערניש פונעם אָוונט, ווען עס איז שווער געווען עמעצער זאָל מיך דערקענען. איך האָב מיין דינער אַריינגעשיקט מודיע צו זיין דעם נביא, אַז איך וואַרט אין דרויסן, אָבער ער האָט אים צוריקגעשיקט און געהייסן מיר זאָגן, אַז ער קען מיך נישט אויפנעמען, ווייל ער האָט אַ נדר געטאָן נישט מער צו זען מיין פנים אין משך פון אַלע יאָרן פון זיין לעבן. אויסערדעם האָט שוין איצט אַזאַ טרעפונג נישט קיין זינען, ווייל דער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל האָט שוין באַשלאָסן אַוועקצונעמען די מלוכה פון מיר און פון מיין הויז און ער האָט שוין אַפילו אויסגעקליבן און באַשטימט אַ צווייטן אויף מיין אָרט... (קורצע פויזע). איצט עקבערן בייזע מחשבות אין מיין מוח און זיי צעפייניקן אומדערבאַרעמדיק מיין נשמה. איך ווייס, אַז צווישן פאָלק רעדט מען וועגן מיר און מען קוקט אויף מיר מיט מאָדנע אויגן... און דאָס מאַטערט מיך...

אבנר: וואָס פאַר אַ בייזער און שטרענגער זקן דאָס איז...

שאול: איר האָט געדאַרפט זען וואָס ער האָט געטאָן צו אגג, דעם קיניג פון עמלק. איך וואָלט קיינמאָל נישט געווען געגלויבט, אַז אין דעם אַלטן גוף איז פאַראַנען אַזוי פיל כוח אַזעלכעס צו באַווייזן.

יהונתן: ער איז דאָך נאָך אַלעמען פאָרט אַ געטלעכער מאַן און דער הייליקער גייסט פאַרדאַפּלט און פאַרדרייפאַכט זיינע כוחות...

כלידע: און איך מיין, מיין האַר מלך, אַז דו דאַרפסט דעם גאַנצן ברוגז מיטן אַלטן נביא שמואל זיך נישט נעמען אַזוי שטאַרק צום האַרצן. די זיגד וואָס ער וואַרפט דיר פאַר זענען גאָרנישט אַזעלכע שווערע און זיינע סטראַשונקעס זענען טאַקע מסתמא נישט מער ווי סטראַשונקעס. דאָס פאָלק איז מיט דיר און דו קענסט רואיק זיין... (קוקט זיך איין אין גאָרטן) ווער קומט עס דאָרטן אָן?... אָ, דאָס איז דאָך די האַרינטע מלכה און נאָך איר גייט דער רופא... (איבער די טרעפּן קומען אַריין ביידע).

**אחינעם:** (שאולס ווייב) עס איז דאָך דערלויבט אַריינצוגיין?... מיר וועלן נישט שטערן?...

**שאול:** קומט אַריין. מיר האָבן שוין פאַרענדיקט אונדזער באַראַטונג. זיצט. (אחינעם זעצט זיך נעבן שאולן און דער רופא אויפן דערביי־איקן שטול). די מלכה האָט אייך אייגנטלעך געשיקט רופן אָן מיין בפירושער הסכמה...

**רופא:** איך האָב דאָס נישט געוואוסט, מיין האַר מלך, און איך בעט אייך מיר מוחל צו זיין.

**שאול:** אייך האָב איך נישט וואָס מוחל צו זיין. איר האָט געטאָן אייער פליכט. און איך האָב מיט מיינע פריערדיקע ווערטער חלילה נישט געוואָלט אויסדריקן קיין שום בייזע כוונה בנוגע אייך. איך האָב וועגן אייך און אייער קונסט געהערט בלויז גוטס און אַזוי־ווי איר זענט שוין איצט געקומען אַהער, וועל איך גערן אויסהערן אייער עצה. (פויזע) די מלכה האָט אייך זיכער שוין איבערגעגעבן פון וואָס איך לייד...

**רופא:** יאָ, מיין האַר מלך, די האַרינטע מלכה האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין די לעצטע וואָכן ליידט איר, צוליב בייזע מחשבות, פון אַפּע־טיטלאָזיקייט, שלאָפלאָזיקייט און, אַלס פועל־יוצא פון אַן אַלגעמיי־נער צעטרייסלונג פונעם געזונט־צושטאַנד.

**שאול:** זי האָט אייך אַלץ ריכטיק איבערגעגעבן. אָ, איך האָב כמעט פאַרגעסן... די מענטשן וואָס געפינען זיך דאָ מיט מיר, זענען מיינע נאָענטסטע — שטערט אייך נישט זייער אַנוועזנהייט?... אויב יאָ...

**רופא:** קיינער שטערט מיך נישט.

**שאול:** ווי איר זעט, רופא, איז דאָס פון וואָס איך לייד אייגנטלעך גאָר קיין ריכטיקע קראַנקייט נישט. טאַקע דערפאַר האָב איך נישט געהאַלטן פאַר נייטיק מען זאָל אייך רופן. איך באַטראַכט נאָך מיך אַליין אַלס מאַן ביי די פולע כוחות און וואָלט נישט וועלן מיט די אייגענע הענט שלעפּן אויף זיך די עלטער. האָב איך געטראַכט, אַז מיין איצטיקע שלעכטע שטימונג וועט מיט דער צייט פון זיך אַליין פאַרשווינדן.

ר ו פ א : דאָס קען מעגלעך זיין, אָבער זיכער איז עס נישט. דאָס פון וואָס דער האַר מלך ליידט קען נישט צוגעגליכן ווערן צו די אַלע קערפּערלעכע קראַנקייטן, פון וועלכע סע ליידן געוויינטלעך די מענטשן. אין איצטיקן צושטאַנד איז אייער ליידן טאַקע אפשר נישט גאָר ערנסט, אָבער מען דאַרף באַצייטנס אָננעמען מיטלען און פאַר־היטן פון ערגערס. (קורצע פויזע) איז צו מיין האַר מלך באַקאַנט די סיבה פון זיינע בייזע מחשבות?

ש א ו ל : יאָ, אָבער איך וואָלט נישט וועלן ריידן וועגן דעם.

ר ו פ א : דאָס איז גאָרנישט נייטיק. וואָס עס איז אָבער אומבאַדינגט נייטיק איז דער האַר מלך זאָל צונויפנעמען זיין גאַנצע ווילנסקראַפט בכדי צו פאַרגעסן יענע סיבה און זי אַרויסצורייסן פון זיין נשמה. דאָס איז די ערשטע באַדינגונג געזונט צו ווערן.

כ ל י ד ע : דאָס האָב איך דאָך שוין אויך פריער געזאָגט.

ר ו פ א : איך וועל נאָך היינט ברענגען פאַר מיין האַר מלך אַ געמיש פון געטריקנטע קרייטעכצער, וועלכע איך האָב אַליין צונויפגעקליבן אין פעלד און אין וואַלד. (צו אחינעם) מען וועט דיזעלבע דאַרפן אויפ־קאָכן אין קרישטאָלריינעם וואַסער, גוט אָפּזייען און ערשט דערנאָך לאָזן זיך אָפּזעצן. ווען דאָס געטראַנק וועט זיך אויסקילן, וועט דער האַר קיניג נעמען דערפון יעדן טאָג אַ קליין בעכערל דריי מאָל, לויט מעגלעכקייט נאָך יעדן מאָלצייט. אָט־דאָס געטראַנק וועט אים ברענ־גען רו און היילונג.

א ח י נ ע ם : דאָס געטראַנק וועל איך צוגרייטן אַזוי ווי דו האָסט דער־קלערט.

ר ו פ א : אויסערדעם נאָך עפּעס. עס וואָלט גוט געווען צו געפינען אַ גוטן שפּילער אויפן פידל, אָדער אויף דער לירע, און יעדעס מאָל, ווען עס וועלן אָנהייבן פייניקן דעם האַר מלך זיינע בייזע מחשבות, זאָל דער שפּילער אויפשפּילן פאַר אים. אויך דאָס וועט אַריינברענ־גען טרייסט און באַרויקונג אין זיין נשמה.

כ ל י ד ע : איך ווייס פון אַזאַ אויסגעצייכנטן שפּילער. דאָס איז דוד, דער יינגסטער זון פון ישי, פון בית־לחם.

**שאול:** אויב אַזוי, ווערסטו אים שיקן ברענגען אַהער.

**כלידע:** דער ווילן פון מיין האַר מלך וועט נאָך היינט באַפרידיקט ווערן.

**רופא:** (נאָך אַ קורצער פּויזע) איך ווינטש מיין האַר, דעם מלך פון ישראל, אַ פולע געזונט. (שטייט אויף) מיט אייער דערלויבעניש, מיינע הויכגעשעצטע האַרן, וועל איך איצט גיין.

**אחינעם:** בלייב נאָך איין אויגנבליק, רופא. איך האָף, אַז דער מלך וועט אויף מיר נישט בייז ווערן... איך בעט יעדנפאַלס ביי אים פאַר־געבונג... (צעגערנדיק) איך ווייס... איך האָב געהערט... איך האָב געהערט, אַז עס זענען פאַראַנען אַזעלכע רופאים, וואָס פאַרטרייבן די בייזע געדאַנקען דורך אַן אָפּשפּרעכעניש אַזאַ און דאָס העלפט אויסגעצייכנט. האָסטו נישט דורכגעלאָזן אָט־דאָס ווירקזאַמע מיטל אויס מורא פאַרן מלך, ווייל דו ווייסט, אַז ער פאַרפאָלגט שטרענג אַלע שוואַרצקינסטלערס און כישוף־מאַכערס? אויב, יאָ, בעט איך מיין האַר מלך: דערלויב דעם מענטשן צו היילן דיך אויף אָט־דעם שטייגער.

**שאול:** איך וויל צוליב טאָן מיין מלכה און דערלויב דיר מיר אָפּצו־שפּרעכן. האָב נישט קיין מורא, ווייל עס וועט דיר נישט געשען קיין שום בייזס.

**רופא:** איך בין נישט קיין אָפּשפּרעכער, מיין האַר, און איך גלויב נישט אַז די שפּרוכן קענען עפּעס העלפן. איך האַלט זיי פאַר לויטער שווינדל. איך פּראַקטיציר מיין איידעלע היילקונסט מיט נאַטירלעכע מיטלען, וועלכע איך געפין אין דעם האַר יהוה׳ס וועלט, אַזוי ווי איך האָב עס געלערנט ביי מיין גרויסן מייסטער אינעם לאַנד מצרים.

(פּ אָ ר ה אַ נ ג).

## דאָס צווייטע בילד

אין לאַגער פון די בני־ישראל ביים עמק האלה. רעכטס און לינקס צו עטלעכע געצעלטן, פאַרמירנדיק אַ שמאָלע גאַס. צווישן די געצעלטן עט־לעכעביימער. אין הינטערגרונט אַ לאַנדשאַפט. ביים סוף פון דער גאַס דרייט זיך מאַנאָטאָן הין און צוריק אַ באַוואָפנטער קריגער אויף דער וואַך. ביי אייניקע פון די געצעלטן זיצן אויף שטיינער אומבאַוואָפנטע קריגער. אויף איין אָרט שפּילט איינער אויף אַ פּאַסטוך־פייפל און אויף אַ צווייטן דערקלערט עפּעס איינער דעם אַנדערן, הפנים אַ סטראַטעגישן ענין, צײ־כענענדיק מיט אַ שטעקן אויף דער ערד.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף קומט אָן אין פאָדערגרונט רעכטס אַ יינגל, אַ פּאַרקויפער, וועמענס גאַרטל און אַקסלען עס זענען באַהאַנגען מיט זעקלעך, אָנגעפּולטע מיט זיין סחורה. ער שטעלט זיך אָפּ אינמיטן דער גאַס. כמעט גלייכצייטיק קומט אָן פון לינקס דוד בן ישי. אויף דער פּלייצע און פון די אַקסלען איבער דער ברוסט הענגען אויך ביי אים אַראָפּ אָנגעלאָדענע זעקלעך. אויף דער לינקער זייט, צוגעפעסטיקט צום גאַרטל, טראָגט ער אַ טאָרבע פון אַ פּאַסטוך. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער אַ לאַנגן, אין אייבערשטן עקסטרעם געקרימטן, שטעקן פון אַ פּאַסטוך.

פּאַרקויפער: ניס און מאַנדלען געשמאַקע! קויפט, קינדער פון ישראל, ביליק! באָקסערן, טייטלען, פייגן און ראָזשינקעס, אַזוי זיס ווי האָניק! קויפט, העלדישע קריגער פון ישראל, האַלב אומזיסט! (וויל זיך לאָזן ווייטער גיין).

דוד: וואַרט נאָר אַ ווײַלע, בחור. פאַרקויף מיר אַ קרענצל פייגן און אַ מעסטל ראָזשינקעס. (נאָכדעם ווי ער באַקומט דאָס געפאָדערטע און באַהאַלט עס אין זיין טאַש) וויפיל קאָסט עס?

פּ אַ ר ק ו י פּ ע ר : אַ פערטל שקל אינגאַנצן.

ד ו ד : עס איז ביי דיר דווקא נישט אַזוי האַלב אומזיסט ווי דו שרייסט אויס אויף די העכסטע קולות... די זאַכן וואָס דו פאַרקויפסט וואַקסן דאָך דאָ אַרום אויף יעדן שריט און טריט... נאַר, מילא... (באַצאָלט. קורצע פּויזע) זאָג מיר נאַר! דו ביסט דאָך דאָ אַ היימישער — וועסט אפשר וויסן. קענסטו נישט אַמאָל די דריי זין פון ישי פון בית־לחם, וועלכע קעמפן איצט אין חייל פונעם מלך שאול, אַקעגן די פּלישתים? און אפשר ווייסטו גאָר וואו עס געפינט זיך זייער געצעלט?

פּ אַ ר ק ו י פּ ע ר : זיכער קען איך די בני ישי פון בית־לחם און אָט איז טאַקע זייער געצעלט. (ווייזט אַן אויפן ערשטן געצעלט אין פאָדערגרונט רעכטס) ווער אָבער ביסטו, יונגערמאַן?

ד ו ד : איך בין זייער יינגסטער ברודער.

פּ אַ ר ק ו י פּ ע ר : (פּאַטשט מיט די הענט ביים אַריינגאַנג פונעם געצעלט) אליאבֿ! אבינדבֿ! שמה! קומט אַרויס! אייער יינגסטער ברודער זוכט אייך! (די געררופענע קומען אַרויס).

ד ו ד : זייט באַגריסט, מיינע ברידער, אין נאָמען פונעם אַלמעכטיקן גאָט פון ישראל!

א ל י א ב : גאָטס ברכה זאָל רוען אויף דיר, בחור. אָבער ווי קומסטו אַהער גאָר און פּלוצים?

ד ו ד : דער פאָטער שיקט מיך צו אייך, בכדי איך זאָל זען וואָס איר מאַכט און אייך איבערגעבן זיינע גרוסן. (שטעלט אַראָפּ די דריי זעקלעך) איך ברענג אייך אויך דאָ, אַלס געשאַנק פון אונדזער גוטן פאָטער, אַן איפה געבראָטענע קערנער און צען היימישע ברויטן. און אויסערדעם צען שאָפענע קעזלעך פאַר אייער קאַפּיטאַן.

א ב י נ ד ב : באמת אַ פיינע מתנה און אַ נוצלעכע. וואָסזשע מאַכט דער אַלטער פאָטער ישי?...

ש מ ה : און וואָס מאַכן די פרויען און די קינדער און די איבעריקע ברידער?...

ד ו ד : אַלע זענען געזונט און שטאַרק, אַ דאַנק דעם אַלמעכטיקן! דער פאָטער איז אַזוי רירעוודיק און גוט אויפגעלייגט ווי שטענדיק. אַזוי

ווי איר זייט נישטאָ אין דער היים, האָבן די פּרויען מער צו טאָן אין גאָרטן און אין פֿעלד, איידער אין קיך און אין הויז. און אויף די ברידער פֿאַלט איצט די אַרבעט היפּש שווערער ווי שטענדיק, ווייל איר זענט דאָך נישטאָ.

**א ל י א ב:** און וואָס הערט זיך אין דער סטאַדע און אין דער ווירטשאַפֿט בכלל?

**ד ו ד:** נישטאָ קיין באַזונדערע נייעסן...

**פּ אַ ר ק ו י פֿ ע ר:** (וואָס האָט זיך ביז איצט איינגעהערט אין שמועס, גייט אַוועק, אויסשרייענדיק זיין געוויינטלעכן פּזמון) ניס און מאַנדלען געשמאַקע! קויפֿט, קינדער פֿון ישראל, ביליק! באָקסערן, טייטלען, פֿייגן און ראָזשינקעס, אַזוי זיס ווי האָניק! קויפֿט, העלדישע קריגער פֿון ישראל, האַלב אומזיסט! (שטעלט זיך אָפּ ביי אַ גרופּע און גייט ווייטער, ביז ער פֿאַרשווינדט אין הינטערגרונט. עס קומען צו צו די ברידער איינציקווייז עטלעכע קריגער, צווישן זיי אויך יואב בן צרויה פֿון בית־לחם).

**ע ר ש ט ע ר  ק ר י ג ע ר:** ליב אייך אייער גאַסט, בני ישי! עס איז אַן אנגענעמע איבערראַשונג ווען עס קומט אָן פֿון דער היים דאָס יינגסטע ברודערל מיט מתנות...

**א ב י נ ד ב:** אַזוי איז עס. ס׳איז אַ פֿרייד צו וויסן, אַז די אייגענע פֿאַרגעסן דיך נישט. פֿאַרזוכט פֿון די געטריקנטע קערנער. (באָט זיי אָן דאָס געעפֿנטע זעקל און זיי פֿאַרזוכן).

**צ ווי י ט ע ר  ק ר י ג ע ר:** (קייענדיק) עס איז געשמאַק צו פֿאַרזוכן אַ היימישן ביסן...

**ש מ ה:** מען דאַרף די זאַכן באַהאַלטן און זיין שפּאָרעוודיק (טראָגט אַריין די זעקלעך אין געצעלט).

**י ו א ב:** (קומט אָן איילנדיק) זיי באַגריסט, דודל, אין נאָמען פֿונעם האַר יהוה! וואָס־זשע פֿאַר אַ גוטע נייעס ברענגסטו מיר פֿון מיין היים און פֿון בית־לחם בכלל?...

**ד ו ד:** אַלע זענען געזונט אין דיין היים און זיי לאָזן דיך גריסן. און אין בית־לחם בכלל איז איצט פֿיל אומעטיקער ווי פֿריער, נאָכדעם ווי

אַזוי פיל יונגע מענער זענען אַוועק אויף דער מלחמה מיט די פלישתים... (דוד און יואב בלייבן אין פאַרטראַכטקייט, אָבער די איבעריקע רוקן זיך אָפּ עטלעכע טריט, פאַרמירן אַ רעדל און שמועסן שטילערהייט).

י ו א ב : און מיינע ברידערלעך אבישי און עשהאל, וואָס מאַכן זיי?

ד ו ד : זיי רייסן זיך אויך צו גיין אויף דער מלחמה און איך ·אַליין וואָלט עס אויך וועלן טאָן, אָבער מען לאָזט מיך נישט. עמעצער מוז דאָך אָפּטאָן די אַרבעט אין דער היים אויך... (קורצע פויזע) זאָג נאָר, יואב, ס׳איז עפּעס טשיקאַווע אויף דער מלחמה? אַ סך מער טשיקאַווע, אַ שטייגער, ווי אויף דער נאַכט־פּאַשע אין מדבר?... עס זענען זיכער פאַראַנען געלעגנהייטן אויפצוטאָן העלדישע טאַטן...

י ו א ב : עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! עס איז דאָ דערווייל היפּש לאַנגווייליק. שוין וואָכנלאַנג ווי מען גרייט זיך צום קאַמף, אָבער דערווייל איז נאָך גאָרנישט וויכטיקס געשען. מען שטייט איין מחנה קעגן דער אַנדערער אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג. די וואָכן קוקן זיך אַנגעשטרענגט אויס די אויגן און אונטערן שוץ פון דער נאַכט־פינצטערניש גנבענען זיך אונטער אויסשפּירערס צו זען וואָס עס טוט זיך ביים שונא! עטלעכע מאָל זענען שוין געווען צוזאַמענשטויסן פון קלענערע אָפּטיילונגען, אויסצופּרואוון די כוחות, אָבערביידע צדדים וואַרטן נאָך אַלץ אויף פאַרשטאַרקונג.

ד ו ד : אַבי איך האָב געמיינט ווער ווייס וואָס... (פּלוצים הינטער די קוליסן דערהערט זיך גלית הפלישתים הייזעריקע, רויע און הילכיקע שטים).

ג ל י ת : העי, איר דאָרטן, פּחדנים פון ישראל! האָזענע הערצער! ווייבערשע העלדן! ווי לאַנג נאָך וועל איך דאַרפן אייך אַרויספאָדערן אַזוי צו זאָגן: שיקט אַרויס אַנטקעגן מיר אייער גרעסטן גיבור און לאָמיר ביידע קעמפן. דורך דעם געראַנגל וועלן מיר פאַרשפּאָרן צו פאַרגיסן דאָס בלוט פונעם פאָלק. ווען אייער גיבור מיך מנצח זיין, וועלן די פלישתים דינען צו אייך. וועל איך אָבער אים באַזיגן, וועט איר זיין אונדזערע קנעכט. איר גרויסע מויל־העלדן! איר באַרימט זיך שטענדיק מיט אייער מעכטיקן גאָט, וועלכער האָט אייך באַ־

פֿרייט פֿון מצריים און געהאָלפֿן אין אַזוי פֿיל נויטן — פֿאַרוואָס־זשע פֿאַרלאָזט איר זיך נישט אויך איצט אויף אייער גאָט, וועלכן קיינער האָט נאָך נישט געזען? ער וועט אויך אַרויסהעלפֿן דעם וואָס איר וועט אַרויסשיקן קעגן מיר. (בשעת עס הילכט אָפּ גליתס שטים, לאָזן די בני ישראל אַראָפּ זייערע קעפּ).

ד ו ד : (שפּאָסיק) וואָסזשע איז דאָס, יואב בן צרויה?...

י ו א ב : דאָס איז אַ פּלישתישער ריז פֿון גת, וועלכער רופֿט אונדז אָט־אַזוי אַרויס שוין אין משך פֿון טעג און וואָכן.

ד ו ד : און איר שווייגט? איר לאָזט זיך אַזוי באַליידיקן און קיינער גייט נישט אַרויס אַקעגן אים?

י ו א ב : ער איז אַ קאָלאָס, אַן אויסטערלישער מאָנסטער, וואָס ווערט געבוירן צווישן מענטשלעכן מין איינמאָל אין הונדערטער יאָרן. דערצו איז ער נאָך מוראדיק באַוואָפֿנט פֿונעם קאָפּ ביז די פֿיס. וואַרפֿט ער אָן אַ פּחד אויף די שטאַרקסטע און מוטיקסטע און קיי־נער וואָגט נישט זיך צו פֿאַרמעסטן מיט אים. דער מלך שאול האָט שוין אָנגעבאָטן אַ גרויסע באַלוינונג פֿאַר דעם, וואָס וועט אַרויס קעגן אים, אָבער אויך דאָס העלפֿט נישט...

ד ו ד : (סאַרקאַסטיש) אייער גלויבן אין דער הילף פֿון אונדזער האַר יהוה איז הפּנים נישט זייער גרויס. (קורצע פּויזע) אויב אַזוי וועל איך אַרויסגיין קעגן דעם פּלישתי גלית און דער אַלמעכטיקער האַר וועט מיר העלפֿן אים בייצוקומען.

י ו א ב : דו וועסט אַרויסגיין קעגן דעם פּלישתי גלית?... דו ביסט דאָך ווי אַ פֿליג קעגן אים...

ד ו ד : איך וועל אַרויס קעגן דעם ריז און דער גרויסער גאָט פֿון ישראל וועט מיך שטאַרקן!

י ו א ב : אליאבֿ! אבינדבֿ! שמה! און איר אַלע איבעריקע! הערט אַ נייעס — דוד וויל אַרויסגיין קעמפֿן מיטן פּלישתי גלית! (די גערופֿענע קומען צו, די ברידער האַסטיקער פֿון די אַנדערע פֿון דער גרופּע).

א ל י א ב : איז דאָס ריכטיק, דוד? פֿאַלט דיר טאַקע איין דאָס צו טאָן?

ד ו ד : יאָ! איך וועל דאָס טאָן! ווייל איך גלויב פֿעסט אין אונדזער

גרויסן האַר יהוה און איך קען נישט פאַרטראָגן די שאַנד, וואָס דער פּלישתּי ברענגט איבער ישראל.

א ל י א ב : האָסטו אָבער באַטראַכט, אַז טאָמער געשעט מיט דיר חלילה עפּעס וועל איך, דיין עלטסטער ברודער, דאַרפן ענטפערן אונדזער אַלטן פאָטער ישי פאַר דיר?...

א ב י נ ד ב : באַטראַכט דיך גוט, דוד, וואָס דו ווילסט גיין טאָן... עס איז גאָרנישט קיין קלייניקייט...

ש מ ה : עס איז דיר נישט אייגער פון דיינע געוואַגטע ייִנגלישע, שטי־פערישע אויפטוען...

ד ו ד : זיי רואיק, ברודער אליאב. פאַר מיר וועט ענטפערן אונדזער אַל־מעכטיקער האַר יהוה, וועלכער וועט מיך באַשירעמען און באַהיטן. און אייך, אבינדב און שמה, זאָג איך אַז איך ווייס זייער גוט וואָס איך וויל גיין טאָן. דאָס איז זיכער נישט קיין ייִנגלישע שטיפעריי, כאָטש אויפן האַרצן איז מיר אַזוי לייכט, ווי ווען עס וואָלט זיך גע־האַנדלט וועגן אַ שפּילעריי...

א ל י א ב : מיר האָט באַלד דאָס האַרץ געקלאַפּט פון אומרואיקייט, ווען דו ביסט אָנגעקומען אַהער. פאַר מיר זענען דאָך באַקאַנט דיינע הינטערליסטיקע און פאַררעטערישע מחשבות און דיין קרענקלעך שטרעבן צו גרויסע אויפטוען. האָסט איינגערעדט דעם אַלטן פאָטער, וועלכער גיט דיר אַלץ נאָך, ער זאָל דיך שיקן אַהער, בכדי זיך כלומרשט צו זען מיט אונדז. אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָסטו געזוכט מלחמה־אַוואַנטורעס. פאַרוואָס האָסטו איבערגעלאָזט אויף פרעמדע הענט דאָס ביסל שאָף און רינדער?... וואָלסט בעסער געווען געבליבן אין דער היים און אָפּגעהיט אונדזער ביסל גוטס!...

ד ו ד : צערן נישט אַזוי שטאַרק, גוטער אליאב, ועסט מיך נאָך לויבן און בענטשן פאַר דעם וואָס איך גיי נקמה נעמען, מיט גאָטס הילף, אָן דעם געצנדינערישן פּלישתּימישן ערל פאַר די ביטערע באַליידי־קונגען וואָס ער האָלט אין איין וואַרפן אויף אונדז.

ע ר ש ט ע ר  ק ר י ג ע ר : איך הייב אָן צו באַקומען דרך־ארץ פאַר דיר, בחורל, אַזוי פיל מוט און אַנטשלאָסנקייט איז זעלטן צו טרעפן.

יואב: פון קליינוויין אָן איז ער געווען אַ העלדישער געוואַגטער יונג!

צווייטער קריגער: האָסטו שוין עפּעס באַוויזן אויפּצוטאָן ביז איצט?...

דוד: כ׳האָב שוין איינמאָל דערשלאָגן אַ פּלישתי וואָס האָט מיך באַ־ליידיקט. יענער איז נישט געווען אַזאַ ריז ווי אָט־דער גלית, לויט איר באַשרייבט אים, אָבער קיין שיפּע־זיבעלע איז ער אויך נישט געווען און ער איז געווען באַוואָפנט מיט אַ שווערד.

ערשטער קריגער: ווי־אַזוי האָסטו באַוויזן עס צו טאָן?...

דוד: דאָס קען איך אייך נישט אויסזאָגן, אָבער כאָטש קיין עדות זענען דערביי נישט געווען, מעגט איר מיר עס גלויבן. איך קען אייך בלויז אַזוי פיל מגלה זיין: מוט געפּאָרט מיט שכל קען אַלץ באַווייזן, אפילו אומגלויבלעכעס.

יואב: ס׳איז אמת. מוט און שכל האָבן אים קיינמאָל נישט געפעלט.

צווייטער קריגער: פונדעסטוועגן, דאַכט זיך מיר, אַז דו באַ־רימסט זיך דאָ אַביסל, בחורל.

דוד: איך באַרים מיך?... גוט!... וועל איך אייך דערציילן וועגן אַן אַנ־דער שטיקל אַרבעט, אויף וועלכן איך האָב שוין יאָ עדות. (קורצע פּויזע) איך האָב געטויט אַ לייב און דווקא נישט עפּעס אַ יונג באַריש לייבעלע, עס איז געווען אַן אויסגעוואַקסענער, מאַיעסטעטיש־מעכ־טיקער ר׳ לייב, אַ פאָרזיכטיקער און דערפאָרענער מסתמא אויסצו־מיידן געפאַרן. זיין אומגליק איז געווען וואָס ער איז הפּנים געווען זייער שטאַרק הונגעריק...

ערשטער קריגער: ווען אַ לייב איז הונגעריק, פאַרדאָפּלען זיך זיינע כוחות און ער ווערט צערייצט. דעמאָלט איז ער נאָך געפער־לעכער ווי שטענדיק — דאָס ווייסן אַלע. פאַרוואָס־זשע זאָגסטו, אַז דער הונגער איז געווען זיין אומגליק?

דוד: ווייל צוליבן הונגער האָט ער פאַרגעסן צו זיין פאָרזיכטיק און דאָס האָב איך אויסגענוצט קעגן אים.

צווייטער קריגער: דערצייל פונדעסטוועגן, בחור, ווי־אַזוי דו האָסט עס געמאַכט?...

ד ו ד : דאָס קען איך אייך אויך נישט דערציילן, ווייל אויך דאָס איז אַ סוד. אָבער יואב איז געווען דערביי און האָט אַלץ געזען — ער איז מיין עדות, כאָטש אויך ער וועט אייך נישט דערציילן קיין שום פּרטים. אויף דעם האָט ער געגעבן זיין וואָרט.

י ו א ב : קיין פּרטים וועל איך טאַקע נישט דערציילן, ווייל איך בין געבונדן מיט אַ וואָרט. אָבער איך באַשטעטיק דאָ פאַר אייך גאַנץ פייערלעך און אויפריכטיק, אַז מיין חבר דוד בן ישי האָט פאַר מיינע אויגן דערשלאָגן אין מדבר אַ מעכטיקן לייב, וואָס האָט געמוזט אָפּלאָזן זיין פאַנג און אויסהויכן די נשמה.

ע ר ש ט ע ר   ק ר י ג ע ר : און איך מיין, אַז דאָס איז מסתמא געווען אַ קאַץ. אָבער איר זענט ביידע געווען אַזוי שטאַרק דערשראָקן, אַז אַנשטאָט אַ קאַץ האָט איר געזען אַ לייב...

י ו א ב : מיר האָבן פון דעם לייב אָפּגעשונדן די פעל און זי געפינט זיך נאָך היינט אין ישיס הויז.

א ל י א ב : דאָס איז ריכטיק. די פעל געפינט זיך אין אונדזער הויז.

א ב י נ ד ב : מיר היטן זי אָפּ ווי אַ טייערע זאַך.

ש מ ה : זי הענגט אויף דער וואַנט אין דער קאַמער, וואו מיר באַהאַלטן אונדזער כלי־זיין.

צ ו יי ט ע ר   ק ר י ג ע ר : ווי־אַזוי־זשע פאָרט האָסטו אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט, בחור?

ד ו ד : (שעלמיש) פּשוט... ווען דער לייב האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף מיר, האָב איך אים אָנגעכאַפּט פאַר דער באָרד און האָב אים דערשלאָגן...

צ ו יי ט ע ר   ק ר י ג ע ר : וואָס? וואָס? ווי־אַזוי איז עס געווען?... האָסט אים פריער אָנגעכאַפּט פאַר דער באָרד און דערנאָך האָסטו אים דערשלאָגן?...

ד ו ד : שוטה, וואָס איז דאָ די נפקא־מינה?... כ׳האָב אים פריער דערשלאָגן און דערנאָך האָב איך אים אָנגעכאַפּט פאַר דער באָרד! (אַלע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער.

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

## דאָס דריטע בילד

דעם מלך שאולס געצעלט. רעכטס אַ פעלדבעטל. לינקס שטענדערס, אויף וועלכע עס הענגען די כלי־זיין. אינמיטן אַ טישל מיט צוויי בענק־לעך. דאָס בעט און דאָס טישל זענען איבערגעדעקט מיט פאַרביקע דע־קעס. צום הינטערגרונט אַ ברייטער, אָפענער אַריינגאַנג, דורך וועלכן עס זעט זיך אַ לאַגער פון געצעלטן און אַ בלויער הימל.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצן ביים טישל, רעכטס שאול און לינקס אבנר. צווישן אַריינגאַנג און טישל שטייען: דוד און הינטער אים אליאב און יואב.

ש א ו ל : איז עס טאַקע ריכטיק, אַז דו ווילסט אַרויסגיין קעגן דעם פלישתי גלית?

ד ו ד : ס׳איז ריכטיק, מיין האר מלך!

ש א ו ל : אָבער ווי־אַזוי וועסטו דאָס קענען טאָן? יענער איז אַ ריז און אַ געניטער קריגער און דו ביסט אַ שוואַך יינגל, וואָס האָט נאָך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון מלחמה. איך קען דיך פאַר אַ גוטן לירע־שפּילער, ווייל דו האָסט שוין אָפט געשפּילט פאַר מיר, אָבער צי קענסטו אויך האַלטן אַ שווערד, אָדער אַ שפּיז, אין האַנט?...

י ו א ב : ער קען פעכטן מיט אַ שווערד און וואַרפן אַ שפּיז נישט ערגער פון אַ געניטן קריגער. אויסערדעם איז ער אַן אויסגעצייכנטער שי־סער פון פייל־און־בויגן און צילער מיטן שליידערער. איך האָב אים געזען זיך באַנוצן מיט די כלערליי וואָפן אויפן געניטונגס־פּלאַץ.

ש א ו ל : אַזוי גאָר?... און ער זעט אויס צו זיין אַ געציטערטער און צע־פּיעשטשעטער בן־זקונים...

א ל י א ב : דאָס איז ער טאַקע אויך, כאָטש ער איז מוטיק און אַנט־שלאָסן. אָבער טאַמער געשעט מיט אים עפּעס חלילה וחס, וועט אונדזער אַלטער פאָטער נישט קענען מער געפינען קיין טרייסט.

א ב נ ר: אליאב פון בית־לחם! מיך וואונדערט זייער שטאַרק אויף דיר. דו ביסט דאָך יאָ אַ געניטער קריגער און אַזעלכער, ווי אויך זיינס גלייכן, טראַכט נישט איבער טאָמער ווערט חלילה מיט אים עפּעס געשען — ער קלערט בלויז ווי־אַזוי בעסער צו שלאָגן דעם שונא.

ד ו ד: איך טו שטענדיק אַזוי און איך רעכן, אַז דאָס איז די הויפּט־סיבה פון דעם וואָס עס האָט זיך מיר שוין איינגעגעבן אין מיין יונגן לעבן צו דערשלאָגן אַ באַוואָפנטן פּלישתי און צו טויטן אַ לייב און אַ בער אויף דער נאַכט־פּאַשע אין מדבר.

ש א ו ל: דאָס אַלץ האָסטו שוין באַוויזן אויפצוטאָן?

א ב נ ר: פאַרוואָר, נישט קיין סך מענער פון יהודה און ישראל קענען זיך באַרימען מיט אַזעלכע געוואַגטע טאַטן.

י ו א ב: איך בין געווען דערביי און איך האָב עס געזען ווי־אַזוי ער האָט דערשלאָגן דעם לייב.

א ל י א ב: ער האָט אַהיימגעבראַכט די פעל פון דעם לייב און אויך פון דעם בער און ביז צום היינטיקן טאָג היטן מיר עס אָפּ אין אונדזער הויז.

ש א ו ל: און אַ פּאַנצער, אָדער אַ קיווער, האָסטו שוין אַמאָל אָנגעטאָן אויף זיך, דוד בן ישי?

ד ו ד: ניין, מיין האַר מלך, אַזעלכע האָב איך נאָך קיינמאָל נישט גע־פּרוּווט אָנצוטאָן...

ש א ו ל: ווי אַזוי־זשע וועסטו גיין קעמפן מיטן פּלישתים־ריז גלית, וועלכער איז באַוואָפנט און פאַרפּאַנצערט מיט קופּער און מיט אייזן פונעם קאָפּ ביז די פיס?...

ד ו ד: איך מיין, אַז דער בעסטער פּאַנצער איז דער גלויבן אינעם אַל־מעכטיקן גאָט און דאָס בעסטע געווער איז אַ גוטע עצה, וואָס זיין הייליקער גייסט גיט איין אַ מענטשן אין דער ריכטיקער מינוט. אָבער איך קען פּרוּוון אָנטאָן אויך מעטאַלענע כלי־זין...

ש א ו ל: אדרבה, מעסט אָן מיינע מלחמה־כלים, וועלן מיר זען. (אליאב און יואב העלפן אים צו).

ד ו ד: גוט, איך וועל אָנמעסטן. (ער גייט אַריבער צום פאָדערגרונט און

אליאב און יואב גייען אים נאָך. זיי טוען אים אָן דעם קופּערנעם העלם, ווע̇לכער פּאַסט אים אַראָפּ איבער די אויערן. דערנאָך טוען זיי אים אָן דעם פּאַנצער, וועלכער איז אויף אים צו גרויס. ער דריקט אויס זיין אומצופרידנקייט מיט קאָמישע גרימאַסן. פּרואווט גיין און באַוועגן מיט די הענט, זיך איינבייגן און אויסגלייכן, אָבער דאָס געלינגט אים נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין). אָט־די מכשירים זענען נישט פּאַר מיר, מיין האַר מלך. איך מיין צו זאָגן, אַז נישט נאָר זענען זיי נישט לויט מיין מאָס, נאָר ווען זיי וואָלטן אַפילו געווען ספּע̇ציעל צוגעפּאַסט פּאַר מיר, וואָלטן זיי ערשט רעכט נישט גע־טויגט פּאַר מיר. איך ווייס, אַז מיין גרעסטע מעלה איז פלינקייט, פלינקייט פון דער קערפּערלעכער באַוועגונג און פונעם געדאַנק. אָבער אָט־די כלים פּענטען מיך און זיי האַמעווען יעדן ריר מיינעם. איך בין זיכער, אַז איך וועל קענען אויסקומען פיל בעסער און אויפ־טאָן אַ סך מער אָן זיי.

**ש א ו ל :** גוט, טוט אים אויס! איך צווייפל זייער שטאַרק צי מעגן מיר דיך אַרויסשיקן קעגן גליתן. דו פאַרמאָגסט בלי־ספק אַ סך נייטיקע מעלות צו ווערן מיט דער צייט אַ באַרימטער גיבור אין ישראל, אָבער דערווייל וואָלט עס געהייסן צופיל ריזיקירן. (אליאב און יואב נעמען אַראָפּ פון דודן דעם פּאַנצער און דעם העלם).

**ד ו ד :** מיין האַר מלך! באַווייז מיר דיין גענאָד און דערלויב מיר זיך צו פאַרמעסטן מיטן געצנדינערישן ע̇רל, נישט קוקנדיק אויף דיינע צווייפלען. מיין גאַנצע נשמה גאַרט זיך נוקם צו זיין אָן אים פאַר דער שווערער באַליידיקונג וואָס ער האָט געוואָרפן אויף אונדז און איך פיל, אַז דעם האַר יהוה איז ע̇ס וואוילגעפעלן און ער וועט זיין מיט מיר...

**ש א ו ל :** (קוקט זיך איבער מיט אבנרן, אין וועמענס בליק ער זעט הסכמה) גוט! גיי אין נאָמען פון אונדזער אַלמעכטיקן גאָט! זאָל מען צו־וויסן געבן די פּלישתּים, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט ער זיך פאַרמעסטן מיט זייער גיבור גלית!

(פּ אָ ר ה אָ נ ג).

# דאָס פּערטע בילד

אַ לאָנקע אין טאָל. רעכטס און לינקס, קוסטן און ביימלעך. אין הינטערגרונט אַ לאַנדשאַפט מיט אַ דערפל אין דער פּערספּעקטיוו.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, מאַרשירט אַריין פון לינקס מיט פּאַראַדנעם טראָט, אַ האָפערדיקער און זיכערער, גלית דער פּלישתי אין זיין פולער באַוואָפענונג. זיין פּראַכטיקער פּאַנצער איז געמאַכט פון קופּערנע בלעכן, ווי פון שופּן, און ביי יעדן טראָט און ריר מאַכט ער אַן אַ ליאַרעם און אַ קלינגעריי. פון רעכטס קומט אָן באַשיידן דוד, מיט זיין שטעקן און טאָרבע פון אַ פּאַסטוך.

ג ל י ת: (שטעלט זיך אָפּ און צעלאַכט זיך). כאַ־כאַ־כאַ... כאַ־כאַ־כאַ... ס׳איז פּשוט אַ געלעכטער! דו שאָלטיק איינער! דו וועסט עס זיין מיין קעגנער?... דו שמענדריק! דו שנעק! דו מיינסט טאַקע אויף אַן אמת זיך צו פאַרמעסטן מיט מיר?

ד ו ד: איך וועל קעמפן מיט דיר, דו אומבאַשניטענער געצנדינער, און איך וועל דיך אויך בייקומען, מיט דער הילף פון מיין אַלמעכטיקן לעבעדיקן גאָט!

ג ל י ת: כאַ־כאַ־כאַ... כאַ־כאַ־כאַ... ס׳איז באמת אַ שאָד וואָס ס׳איז דאָ נישטאָ וועמען עס זאָל מיט מיר מיטלאַכן. מיט דער הילף פון דיין גאָט, זאָגסטו, וועסטו מיך בייקומען?... מיט דער הילף פון יענעם גאָרנישטדיקן, לופטיקן גאָט, וועמען קיינער האָט נאָך נישט געזען און נישט אָנגערירט?... אַזוי שטאַרק פאַרלאָזסטו דיך אויף אים, אַז דו האָסט אַפילו נישט מיטגעבראַכט מיט זיך נישט קיין שפּיז און נישט קיין שווערד?...

ד ו ד: ער איז מיין שפּיז און מיין שווערד, ער איז מיין פּאַנצער און מיין שוץ און אויף אים פאַרלאָז איך מיך אינגאַנצן!

ג ל י ת: דו נאַרישער שמויגער איינער! דו ווייסט הפנים נישט וואָס עס טוט זיך מיט דיר! צי מיינסטו אפשר, אַז איך וועל מיך דערשרעקן פאַר דיינע בלאָנדע לאָקן און פאַר דיין שיין פּנימל און איך וועל אַנטלויפן פאַר דיר? אָדער אפשר שטעלסטו דיר פאָר, אַז דו האָסט דאָ צו טאָן מיט עפּעס אַ הינטל, פאַר וועלכן עס איז גענוג אַ שטעקן?...

ד ו ד: דו אומגלייביקער גולם איינער!... דאָס איז נישט קיין שטעקן. (כאַפּט אַראָפּ דעם אייבערשטן געבויגענעם טייל, באַהאַלט אים אין זיין טאָרבע און עס אַנטפּלעקט זיך דער אויסגעשאַרפּטער אייזער־נער שפּיץ). דאָס איז אַ בכבודיקער שפּיז, מיט וועלכן איך האָב שוין אַמאָל דערשלאָגן דיינעם אַ באַוואָפנטן לאַנדסמאַן, אַ מעכטיקן לייב און אַ ווילדן בער, וועלכע זענען געווען נאָך געפערלעכער ווי יענער.

ג ל י ת: אַזוי גאָר? וואָס־זשע מאַכסטו דיך די גאַנצע צייט אַזוי טאַמע־וואַטע און מיטאַמאָל שפּרינגסטו גאָר אַרויס מיט אַ שטיקל שוואַרץ־קינצלעריי?... מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסן טעות אין דיר. דו ביסט גאָרנישט אַזוי נאַריש, ווי דו וואָלסט וועלן מאַכן יענעם גלויבן. מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט אַזאַ מין פּיקסל, וואָס מאַכט זיך כלומרשט געפּגרט, אָבער פּלוצים טוט עס אַ טויטלעכן ביס. נו, איז אויב דו האָסט טאַקע אַזאַ וואַזשנעם שפּיז, טאָ פאַר־טיידיק איצטער דיין לעבן, אויב דו ווילסט נישט, אַז די קראָען און די שאַקאַלן זאָלן זיך היינט מאַכן אַ יום־טובדיקע סעודה פון דיין פּגר! (צילט זיך מיט זיין שפּיז. דוד בלייבט אויף זיין אָרט, אַ גע־שפּאַנטער, און באַטראַכט יעדן ריר זיינעם. אין מאָמענט ווען ער שליידערט דעם שפּיז, שפּרינגט דוד פלינק אָפּ אָן אַ זייט. דער שפּיז טרעפט נישט גאָר ווייט פון אים).

ד ו ד: (הייבט געלאַסן אויף דעם שפּיז. פאַר זיך). אַ לויב און אַ דאַנק דיר, אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל, וואָס דו האָסט איצט אַרויסגע־שלאָגן אָט־דעם געפערלעכסטן וואָפן פון די טמא הענט פון מיין קעג־

נער! (צו דעם איבערראַשטן גליתן) איך וועל דיין שפּיז באַהאַלטן, פּלישתי, ער וועט מיר נאָך אַמאָל צונוץ קומען.

ג ל י ת : (נערוועז, צוליב דעם וואָס ער האָט נישט געטראָפן). כ'האָב מיך מיישב געווען, דו פאַרשאָלטענער עברים־בענקאַרט! דו ביסט גאָרנישט קיין פּיקסל. ביסט אַפילו נישט קיין שאַקאַל. דאָס וואָלט געווען פאַר דיר צו אַ הויכע מדרגה. עס וואָלט געווען צופיל כבוד פאַר דיר. ווייסטו וואָס דו ביסט? זאָל איך דיר עס זאָגן? דו ביסט גאָר אַ פלוי. יאָ, אַ פלוי ביסטו גאָר! ווייניקסטנס שפּרינגסטו אַזוי ווי אַ פלוי. אַ פלוי קען אויך בייסן, אָבער נישט אַזוי שטאַרק ווי אַ פּיקסל. יעדנפאַלס איז עס אַ קליין גנבזהדיק אומפּלייט, וועלכעס מען דאַרף פאַרניכטן!

ד ו ד : (אַלץ געלאַסן, אָבער פּראָוואָצירנדיק) גוט, דו אומגלייביקער, מגושמדיקער פּלישתישער געצנדינער! האָסט שוין באַפרידיקט, דאַכט זיך, דיין פאַרסמט בייז האַרץ מיט אַ פאַרפלייצונג פון זידלערייען. איצט וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט. ווייסטו ווער דו ביסט? דו ביסט אַ נאַרישער, אומריינער, פאַרעיפּושטער חזיר, וועלכער טיינט אָבער, אַז קיין שענערס און קיין בעסערס פון אים איז נישטאָ.

ג ל י ת : (דערצערנט) האָ! דו חוצפּהדיק ישראלער מפּיל־ממזרל! ווי וואַגסטו עס צו מיר אַזוי צו ריידן? (ציט זיין שווערד פון דער שייד און לאָזט זיך אויף דודן) איצט איז שוין געקומען דיין סוף. (דוד, מיטביידע שפּיזן אין די הענט, רייצט אים און דערצערנט אים נאָך מער. אָבער ווען ער דערנענטערט זיך צופיל, מיידט ער אים פלינק און קונציק אויס. אָט־אַזוי יאָגן זיי זיך עטלעכע ווײַלעס איבער דער בינע און בשעת מעשה מאַכט דעם פּלישתיס פאַנצער אָן אַ שרעק־לעכן טומל. צום סוף בלייבן ביידע קעגנער ווידער שטיין, יעדער איינער אויף דעמזעלבן פּלאַץ וואו ער איז געשטאַנען ביים אָנפאַנג פון דער סצענע. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז גלית איז דער אַנגריי־פער, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז די איניציאַטיווע געווען אין דודס הענט). אוף־אוף! ווי דו האָסט מיך אויסגעמאַטערט, דו שפּרינ־גענדיק גאָרנישטל! (סאָפּעט שווער).

ד ו ד: ווי אַזוי זאָלסטו נישט פאַרמאַטערט ווערן, דו גולמעוואַטע באַרג פלייש, אַז דו שלעפּסט אויף זיך אַזאַ משא פון קופּער און אייזן. אָבער ס׳מאַכט נישט אויס, מיר האָבן נאָך צייט זיך ווייטער צו שלאָגן. דו מעגסט דערווייל אַביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם. קענסט אַפילו אַראָפּנעמען אויף אַ ווײַלע כאָטש אָט־דעם שווערן העלם דײַ־נעם... (פאַר זיך אַליין) דער גולם פאַלגט! געלויבט ביסטו, אַלמעכ־טיקער האַר יהוה, דערפאַר וואָס דו העלפסט מיר אַרויס אין דער איצטיקער געפערלעכער שעה.

ג ל י ת: (טוט אויס דעם העלם, הענגט אים אויף זײַן לינקן אָרעם און שפּאַרט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן דער שווערד. דערלייכטערט) אַך, ווי גוט! און דו, ייִנגל, וואָס מורמלסטו דאָרטן? דו רופסט צו הילף דײַן מאַמען, אָדער עס האָט זיך דיר גאָר פאַרוואָלט אין מיטן דרײַ־נען, אין סאַמע רעכטן קאַמף, צו זאָגן אַ תפילה צו דײַן לופטיקן גאָט?...

ד ו ד: ס׳איז גאָרנישט. כ׳האָב מיך אָן עפּעס דערמאָנט... (לייגט אַוועק ביידע שפּיזן. פאַר זיך אַליין) וועלכן זאָל איך נעמען? (זוכט אין זײַן טאָרבע) וועלכער איז דער ריכטיקער? אָט־דער גלאַטער און שפּיציקער שטיין איז דער ריכטיקער (נעמט אַרויס דעם שטיין און דעם שליידערער. צילט שנעל).

ג ל י ת: וואָס האָסטו דאָרטן? (אין דעמזעלבן מאָמענט טרעפט אים דודס שטיין אין שטערן אַרײַן. ער צענעמט די הענט, ווי צו כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ, און דער העלם פאַלט אַראָפּ מיט אַ קלונג נעבן אים, פון איין זײַט, און די שווערד פון דער אַנדערער. די הענט לאָזן זיך אָבער באַלד קראַפטלאָז אַראָפּ, ער טוט אַ מוראדיקן רעווע און פאַלט מיטן פּנים צו דער ערד).

ד ו ד: אַ גרויסער דאַנק און אַ לויב דיר פאַר דײַן חסד, אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל! אַזוי ווי ד ע ר זאָלן אומקומען אַלע דײַנע און דײַן פאָלקס שונאים! (פון רעכטס הערן זיך אויסגעשרייען פון פרייד און יובעל און פון לינקס פון שרעק און פּאַניק. ער לויפט צו צום טויטן גלית, הייבט אויף זײַן קאָפּ און קוקט זיך איין). דער שטיין איז

טיף פאַרזונקען אין זיין מאַרך. ער איז טויט ווי אַלע טויטע. פּוב־דעסטוועגן וועט מען דאַרפן אָפּשניידן זיין קאָפּ — זיכער איז זיכער. אויסערדעם איז עס אַ טשיקאַווער ענין עס צו באַווייזן דעם פאָלק. צו דער אַרבעט וועל איך דאַרפן האָבן אַ שווערד. (שפּילעט אָפּ פונעם פּלישתים גאַרטל די שייד, הייבט אויף זיין שווערד און שטעקט זי אַריין. דערנאָך טוט ער אָן די שווערד זיך אַליין. אין דעם מאָמענט לויפן אָן דודס ברידער און יואב. זיי אומאַרמען אים און קושן זיך מיט אים לויט דער רייע).

א ל י א ב : זאָל לעבן דער יונגער גיבור דוד, וואָס האָט אַראָפּגענומען פון אונדז אַ גרויסע שאַנד!

א ב י נ ד ב : זאָל לעבן דער העלד, וואָס האָט באַזיגט דעם פּלישתי גלית, וועלכער האָט געלעסטערט אונדזער גאָט און באַליידיקט אונדזער פאָלק!

ש מ ה : זאָל לעבן דער אָפּשטאַם פון ישי, וועמענס נאָמען עס וועט פון איצט אָן דערהויבן און געגרויסט ווערן, אין זכות פון דעם וואָס ער האָט הייַנט אויפגעטאָן אין די אויגן פונעם גאַנצן פאָלק!

י ו א ב : זאָל לעבן דער שטאָלץ פון בית־לחם און פון גאַנץ ישראל! (עס קומען אָן שאול, אבנר און יונתן. זיי קלאַפּן דודן אין פּלייצע מיט אָנערקענונג).

ש א ו ל : אַ גרויסע זאַך האָסטו הייַנט אויפגעטאָן, מיין זון, און איין דור וועט איבערגעבן דעם אַנדערן דיין העלדישקייט און רום! (עס הייבן אָן שאַלן טרומייטן און עס קומען אָן אָפּטיילונגען פון קריגער). קומט לאָמיר נאָכיאָגן די פּלישתים!

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

# דאָס פינפטע בילד

אַ זאַל אין שאולס פּאַלאַץ. דעקאָראַציע ווי אין ערשטן בילד.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, זיצט שאול ביים טיש לינקס, איינער אַליין. דעם קאָפּ האַלט ער אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט און דאָס פּנים איז פינצטער־פאַרטראַכט.

ש א ו ל : (הייבט אויף דעם קאָפּ. לאָזט אַראָפּ די הענט אויפן טיש). אַך, ווען איך וואָלט קענען צוריקכאַפּן דאָס געשעענע! אויסמעקן אָט־די אַלע יאָרן!... קיינמאָל אין לעבן וואָלט מיך שוין דער נביא שמואל מער נישט געקענט פאַרלאָקן מיט דער קרוין פון ישראל... איך וואָלט מיר פאַרבליבן אַ פאַרמעגלעכער פּויער, ווי איך בין פריער געווען און וואָלט געווען צופרידן. איך וואָלט אויך דעמאָלט אפשר אינ־גאַנצן גליקלעך נישט געווען, ווייל איך האָב נישט קיין מזל, אָבער איך וואָלט ווייניקסטנס געווען צופרידן. איך וואָלט מיר זאָרגלאָז געטאָן מיין אַרבעט און עס געלאָזט אויף גאָטס באַראָט, ער זאָל מיר געבן אַ גוט גערעטעניש. איך וואָלט מיט אַפּעטיט געגעסן מיינע מאָלצייטן און מיט הנאה געטרונקען מיין וויין. און ביינאַכט וואָלט איך פאַרזונקען אין אַ זיסן, טיפן, דערפרישנדיקן שלאָף, אַזוי ווי אַלע גוטע מענטשן וואָס האָבן נישט וואָס צו זאָרגן. (קורצע פּויזע. שרייט אויף מיט ווייטיק) אַך, ווען איך וואָלט קענען צוריקכאַפּן דאָס גע־שעענע! ווען איך וואָלט קענען אויסמעקן די ביטערניש פון אָט־די אַלע יאָרן! (באַמערקט אבנרן וואָס קומט אַרויף מיט די טרעפּן. גייט אים אַנטקעגן) דו קומסט איצט אָן אַהער, מיין שוועסטערקינד אבנר, ממש ווי אַ מלאך הגואל. זעץ דיך דאָ. (ווייזט אויף אַ שטול רעכטס פונעם טיש), וועלן מיר זיך דורכשמועסן... אָדער ריכטיקער: וועל

איך מיר אַראָפּרעדן פונעם האַרצן — אפשר וועט אַביסל לייכטער ווערן... (זעצט זיך אויפן פריערדיקן פּלאַץ).

**אבנר**: וואָס איז מיט דיר ווידער, שאול? דו זעסט דאָך אויס שרעק־לעך! ווען איך בין אַנגעקומען האָסטו עפּעס געשריגן. וואָס האָסטו געשריגן און אויף וועמען?...

**שאול**: כ׳האָב געשריגן, זאָגסטו?... און איך האָב מיר גאָרנישט גע־געבן קיין רעכענונג... ס׳איז ווידער די אַלטע געשיכטע: אומענדלעך לאַנגע, קאָשמאַרנע, אויסמאַטערנדיקע נעכט און פּייַנפולע, מיט פינצטער־שווערע מחשבות איבערגעלאָדענע טעג. קיין חשק צו עסן און טרינקען און קיין הנאה פון דעם. פאַרביטערונג, פאַרצערנדיקע פאַרביטערונג אויף זיך אַליין און אויף אַנדערע.

**אבנר**: און דאָס אַלץ צוליב דעם אַלטן נביא? לאָז אים אָפּ. פאַרגעס אים און טראַכט נישט וועגן אים. ער איז דאָך שוין אַ זקן — וועט ער שטאַרבן און דו וועסט אינגאַנצן פּטור ווערן פון אים. ער וועט דיר מער קיין שלעכטס נישט קענען טאָן.

**שאול**: כ׳האָב מורא, אַז דו וועסט נישט טרעפן. ווער ווייסט צי וועט ער מיך כאָטש לאָזן צורו נאָך זיין טויט? אָט זענען שוין פאַרביי יאָרן זינט איך האָב מיך מיט אים נישט געטראָפן און דאָך זע איך אים יעדן טאָג אָט־אַזוי ווי דאָס לעצטע מאָל: אַן אָנגעשפּאַנטן, אַן אָנגעלאָדענעם מיט כעס, מיט פונקען־שפּריצנדיקע אויגן, אַ דראָענ־דיקן ווי אַ בייזער גורל... אָט־דאָס איז עס: דער בייזער גורל! אַז איך האָב קיין מזל נישט און אַלץ לאָזט זיך ביי מיר אויס צום שלעכטן...

**אבנר**: פאַרוואָס זאָלסטו זיך איינרעדן אַזעלכע פאַלשע זאַכן? פאַר־קערט, איך מיין אַז דו האָסט שטענדיק ביז איצט געהאַט גליק. ביסט געגאַנגען זוכן עטלעכע פאַרלוירענע אייזלען און האָסט געפונען די מלוכה איבער ישראל, האָסט געהאַט אַ גוטן מזל מיט דיין רעגירונגס־ווערק און האָסט געוואונען כמעט אַלע דיינע מלחמות קעגן אונדזערע שונאים. קיינער קען נישט פאַרלאַנגען, אַז זיין לעבן זאָל אַריבער

אַן אַ וואָלקנדל. מאַלע וואָס אַן אַלטער אייפערזיכטיקער נביא האָט געזוכט אויף דיר חטאים...

ש א ו ל : עס איז נישט אַזוי איינפאַך און לייכט ווי דו שטעלסט עס פאָר. כמעט פון זינט כ׳האָב איבערגענומען די מלוכה, האָב איך צוליב נישטיקע סיבות געדאַרפט איבערטראָגן די בייזוויליקייט און אַפילו די קללה פון דעם הייליקסטן מאַן פון ישראל. עס האָט דאָך אָבער געקענט אויך אַנדערש זיין. איך וואָלט דאָך געוועזן געקענט געפינען חן אין זיינע אויגן, ער זאָל אויפנעמען מיט וואוילגעפעלן מיינע מעשים...

א ב נ ר : מאַלע וואָס עס וואָלט געקאָנט זיין...

ש א ו ל : ס׳איז נישט נאָר צוליב דעם אַלטן נביא. זע, נאָך אַ ביישפּיל ווי ביי מיר גייט אַלץ אויס צום שלעכטן. אָט איז די געשיכטע מיט דעם יינגל דוד בן ישי פון בית־לחם. איז אים געראָטן די אַוואַנ־טורע מיט דעם פלישתי גלית, אָדער לאָמיר זאָגן אַז עס האָט זיך אים טאַקע איינגעגעבן דורכצופירן אַ גרויסע העלדנטאַט, הייבן באַלד אָן אַלע קאַטשקעס און גענדז אין די דערפער און שטעט פון ישראל צו קוואַקען און צו גוגערן: „שאול האָט געשלאָגן טויזנטער און דוד האָט געשלאָגן צענטויזנטער!״ און מען טאַנצט אים אַנטקעגן מיט גלעקלעך און פייקלעך און מען לויבט אים אין אַלע גאַסן. דאָס קרענקט מיך ביז אין ביין אַריין! מיטאַמאָל זענען שאולס און אבנרס נצחונות איבער די בני עמון, די פלישתים, די עמלקים און אַנדערע פעלקער גאָרנישט ווערט געוואָרן און איין אויפטו דודס ווערט גע־שאַצט צענפאַכיק מער. אַלץ איז אָפּהענגיק פונעם מזל! און דאָס פאַרדריסט מיך ביז טיף אין דער נשמה אַריין...

א ב נ ר : וואָס נעמסטו זיך אַזוי צום האַרצן דעם פאַרבייגייענדיקן דער־פאָלג פון אַ יינגל, מלך שאול? ס׳איז דאָך באַוואוסט, אַז די „חכמה״ פון אַזאַ איינעם, וואָס פאַרמאָגט נאָך דערצו בלאָנדע לאָקן, בלויע אויגן און אַ שיין פנימל, מאַכט אָפּטמאָל אַ בעסערן רושם ווי די סאָלידע העלדישקייט פון ערנסטע מענער. און אפשר? אפשר זענען די עטלעכע טראָפּנס פון פרעמדן מואבישן בלוט, וואָס פליסן אין

זיינע אָדערן, אַזאַ שטאַרקע צוציאונגס־קראַפט?... אונדז איז שטענ־דיק געפעלן געוואָרן דאָס פרעמדע...

**שאול:** איך האַלט מיך ביי מיינעם. איך און מיינע קינדער האָבן נישט קיין מזל. אויך מיין בכור יהונתן איז אַ שיין ייִנגל געווען, ווען ער האָט זיך אַריינגעשמוגלט, אינאיינעם מיט זיין נושא־כלים בלויז, אינעם פלישתים־לאַגער, האָט אַרויסגערופן צווישן זיי אַ פּאַניק און אונדז פאַרהאָלפן צו דערגרייכן אַ גרויסן נצחון. יהונתנס העלדיש־קייט איז זיכער נישט קלענער געווען פון דודס און דאָך האָט אים קיינער נישט אַקעגנגעטאַנצט מיט גלעקלעך און פייקלעך און קיינער האָט אים קיין לויב־געזאַנגען נישט געזונגען. און אין דודן זענען פאַרקאָכט נישט נאָר דאָס גאַנצע פאָלק, נאָר אויך מיינע אייגענע קינדער, אויף וועמען ער וואַרפט אומבאַרעכטיקטערהייט אַ שאָטן, זענען פאַרליבט אין אים. יהונתן האָט מיט אים געשלאָסן אַ פריינט־שאַפטס־בונד אויף לעבן און טויט און די קלענערע טאָכטער מיכל איז פאַרליבט אין אים ביז איבער די אויערן. מען דערציילט מיר, אַז זי הערט נישט אויף אים צו זוכן, צו רעדן וועגן אים און צו זיפצן נאָך אים. (אויף די טרעפּ באַווייזט זיך אחינעם מיט אַ בעכער אין דער האַנט) אָט גייט אַחינעם, זי וואָלט דיר געקענט עפּעס דערציילן וועגן דעם.

**אחינעם:** (קומט אַריין) אַ גוטן מאָרגן דיר אבנר! און דו, שאול, ווי דו זעסט אויס! האָסט זיך שוין ווידער מצער געווען מסתמא. (דערלאַנגט אים דעם בעכער) נעם טרינק, מיין טייערער, און זאָל דיר זיין צו רפואה.

**שאול:** איך וויל נישט טרינקען. דאָס געטראַנק העלפט מיר דאָך סיי־ווי־סיי נישט.

**אחינעם:** אין אָנהייב האָט עס דיר דאָך געהאָלפן. עס איז דיר דע־מאָלט פיל בעסער געוואָרן און דו האָסט אַפילו דערנאָך געקענט אַרויסגיין אויף דער מלחמה. טרינק, מיין ליבער, און עס וועט דיר אויך איצט בעסער ווערן.

**שאול:** פאַר דער מלחמה האָט עס אַביסל געהאָלפן, אָבער איצט זענען

מיר דאָך שוין נאָך דער מלחמה. זינט דעמאָלט האָבן זיך זאַכן געענדערט...

אחינעם: אויב דו וועסט נישט נעמען די מיטלען וואָס יענער רופא האָט דיר געגעבן, וועט מען מוזן זוכן עפּעס אַן אַנדערע הילף פאַר דיר. אַ מענטש טאָר זיך דאָך נישט לאָזן אויפעסן פון אַ קראַנקייט! מען איז מחויב אויסצופּרואוון אַלע מעגלעכע היילמיטלען...

שאול: וואָס פאַר אַנדערע מיטלען וועסטו זוכן?...

אחינעם: איך ווייס?... אפשר וועט מען דאַרפן רופן אַן אָפּשפּרעכער? איך גלויב נאָך אַלץ, אַז אַזאַ איינער וואָלט דיר געהאָלפן. דער נביא שמואל און זיינע לייט האָלטן טאַקע נישט פון זיי, אָבער דאָס פּראָסטע פאָלק האַלט פון זיי שטאַרק און איך שטאַם דאָך אויך פון דעם פּראָסטן פאָלק.

שאול: שוין אַזוי פיל יאָרן, אַז איך יאָג און פאַרפאָלג די כלערליי אָפּשפּרעכערקעס און מכשפים — וועסטו שוין מער נישט קענען געפינען קיין איינעם פון זיי אין גאַנצן לאַנד.

אחינעם: פאַרלאָז דיך אויף מיר. אויב דו וועסט נאָר מסכים זיין, וועל איך נאָך היינט רופן צו דיר אַן אָפּשפּרעכערקע, וואָס וועט דיר לייכטער מאַכן.

שאול: טאָ זאָג דו אַליין, אחינעם, מיינסטו אַז איך קען אין איין מאָמענט צונישט מאַכן דאָס אַלץ וואָס איך האָב געטאָן אין משך פון יאָרן? האַלטסטו, אַז איך קען מיך אַזוי איינפאַך אויסשטעלן אויף לייטיש געלעכטער?

אחינעם: וואָס עפּעס גאָר?... מען קען דער אָפּשרעכערקע הייסן קומען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, ווען קיינער וועט זי נישט זען — וועלן לייטן קיינמאָל גאָרנישט געוואויר ווערן...

שאול: ניין, דאָס וועלן מיר נישט טאָן... גיב מיר שוין בעסער דעם בעכער. (נעמט דעם בעכער פון אירע הענט).

אחינעם: (ביים אָפּגיין) שפּעטער וועל איך דיר אַריינשיקן דעם לירעשפּילער אויך.

ש א ו ל: ניין! ניין! אחינעם, דעם לירע־שפּילער וויל איך היינט אויף קיין פאַל נישט זען;

א ח י נ ע ם: גוט, ווען מיר עס לאָזן אויף מאָרגן, אָבער זאָג מיר צו, אַז דו וועסט היינט שוין מער נישט צולאָזן צו זיך קיין צער און וועסט אָפּטרייבן פון זיך די בייזע געדאַנקען.

ש א ו ל: איך זאָג דיר צו אַזוי צו טאָן. (אחינעם אָפּ).

א ב נ ר: איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט מיט וואָס איך וואָלט דיר געקענט העלפן און האָב מיך טאַקע צו עפּעס דערטראַכט.

ש א ו ל: לאָמיך הערן וואָס דאָס איז אַזוינס.

א ב נ ר: מילא, אַקעגן דעם אַלטן נביא קען איך גאָרנישט טאָן, אָבער צו דודן פון בית־לחם וואָלט איך געהאַט אַן עצה...

ש א ו ל: וואָס־זשע פאַר אַן עצה?... רעד שוין!...

א ב נ ר: היץ זיך נישט, איך בעט דיך, און באַטראַכט זיך גוט איידער דו זאָגסט יאָ! אָדער ניין! איך מיין, אַז דעם יונגן מאַן וואָלטן מיר געקענט נאָכגעבן דאָס וואָס ער וויל, דאָס צו וואָס ער רייסט זיך באַשיינפּערלעך. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו באַווייזן העלדנ־טאַטן, זאָל ער זיי באַווייזן נישט איינמאָל, נאָר אַ סך מאָל. מיר וועלן אים געבן די געלעגנהייט דערצו דורך דעם, וואָס מיר וועלן אים שיקן אויף געפערלעכע פלעצער אויף די גרענעצן און וואו אַזעל־כע וועלן נאָר זיין. וועט פאַסירן איינס פון די ביידע: אָדער עס וועלן אים נמאס ווערן די העלדנטאַטן און ער וועט זיך אומקערן אין מדבר אַריין צו זיינע שאָף, אָדער ביי איינער פון די העלדנטאַטן וועט ער פאַרלירן דאָס לעבן... אַזוי צי אַזוי, וועט ער סיי־ווי־סיי ווערן אויס העלד און דיר וועט ער מער קיין שאָדן נישט טאָן...

ש א ו ל: (פאַרטראַכט) איך קען דאָס נישט טאָן, אבנר! איך קען דאָס אויף קיין פאַל נישט טאָן! דאָס וואָלט דאָך געהייסן פאַראורטיילן אַן אומשולדיקן, וויסנדיק אַז ער האָט נישט געזינדיקט. ווייל וואָס איז דוד שולדיק אין דעם וואָס די טעכטער פון ישראל האָבן אים אויפ־געכאַפּט פאַר אַ העלד?... איך קען דאָס נישט טאָן, אבנר, ווייל דורך דעם וואָלט איך מיר בלויז שווערער געמאַכט. איך וואָלט באַלאָדן

מיין געוויסן מיט אַ מוראדיקער לאַסט, וועלכע וואָלט מיך נאָך מער געדריקט דערפֿאַר ווייל... ווייל... נו, איך מוז מיך מודה זיין פֿאַר דיר, אבנר: איך אַליין האָב אים אויך ליב, דעם דוד פֿון בית־לחם! מיר געפֿעלט זיין אויפֿריכטיקע פֿרישקייט, זיין אוממיטלבאַרע נאַטירלעכקייט. מיט איין וואָרט: עפּעס איז דאָ אין אים אַ צויבער וואָס ציט מיך צו!... ווי־זשע זאָל איך, ווי־זשע קען איך אַזוינס טאָן?...

אבנר: מלך שאול! דו דאַרפֿסט גאָרנישט טאָן. דו דאַרפֿסט נישט נעמען אויף זיך קיין שום שולד. דו דאַרפֿסט בלויז אַוועקקוקן. דו דאַרפֿסט זיך בלויז נישט ווּיסנדיק מאַכן — דאָס איבעריקע קענסטו שוין לאָזן פֿאַר מיר...

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט שנעל).

# דאָס זעקסטע בילד

די קיניגלעכע שאַצקאַמער. רעכטס אַ פעסטע, שווערע טיר. אין הינ־טערגרונט און לינקס פענצטער, כמעט אונטערן סופיט, וואָס פאַרנעמען כמעט די גאַנצע לענג פון די ווענט, זענען אָבער לפי־ערך שמאָל. די פענצ־טער זענען פאַרזיכערט מיט געדיכטע, דיקע און שטאַרקע קראַטעס, וועלכע זענען באַזעצט מיט פאַרשיידנפאַרביקע קרישטאָלן, וואָס לאָזן דורך פונקט אַזאַ פאַרשיידנפאַרביק געדעמפט ליכט. נעבן די ווענט, אין הינ־טערגרונט און לינקס, זענען אויסגעשטעלט קונציק געשניצטע וויטרינעס און גלאָז־שרענק, אין וועלכע עס ווערן באַהאַלטן: דעם מלכס קרוין און דער מלכהס דיאַדעם, זייער צירונג און זייערע גאַלאַ־מלבושים וואָס זיי טראָגן בלויז אין פייערלעכע מאָמענטן. אין אַ ספּעציעל־אָנזיכטיקער וויט־רינע ליגן: די מיט איידלשטיינער רייך־פאַרצירטע שווערד, דער גרויסער מלוכה־זיגל און די פאַרמעטענע מגילה וואו עס איז פאַרשריבן דאָס גרונט־געזעץ, וועלכע שאול האָט באַקומען ביי דער קרוינונג. אויף צוגעפּאַסטע געשטעלן הענגען עטלעכע פּרעכטיקע פאַראַדנע פאַנצערס און רייכע כלי־זין. אַנטקעגן דער טיר, אינמיטן סצענע, אַ קליין טישל מיט דריי שטולן. נעבן דער טיר רעכטס, עטלעכע טאַבורעטקעס.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף עפנט שאול די טיר, גייט אַריין און לאָזט אַדורך יורמען, וועלכער בלייבט איבערראַשט צוליב דער טונקל־קייט און דער שפע פון רייכע זאַכן.

ש א ו ל: האָסט געזאָגט, אַז דו ווילסט רעדן מיט מיר פאַרטרוילעך?
אין דער שאַצקאַמער קומט קיינער ניט אַריין, אויסער דער מלכה און מיר, וועט מען אונדז נישט שטערן...

י ו ר ם: זייער גוט, מיין האַר. דערווייל קען איך דאָ כאַפּן אַ בליק אויף

די אַלע שיינע זאַכן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דיין שאַצקאַ־מער אין משך פון יאָרן.

ש א ו ל : דאָס וועסטו טאָן שפּעטער. איצט זעץ זיך אַט־דאָ (ווייזט אים אָן אויפן שטול רעכטס פונעם טישל און אַליין זעצט ער זיך ליגקס) וועלן מיר זיך דורכריידן. איך בין נייגעריק צו וויסן וואָס פאַר פאַר־טרוילעכער ענין האָט דיך געבראַכט. דו קומסט איצט פון דיין היים אין רמה, צי פון ערגעץ אַנדערש?

י ו ר ם : איך קום דירעקט פון רמה צו דיר. כ׳האָב דיך שוין היפּש לאַנג נישט געזען. איצט באַמערק איך, אַז דו האָסט זיך אַביסל געעל־טערט, מיין האַר.

ש א ו ל : דאָס איז נישט קיין חידוש. כ׳האָב אַ סך דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרן. (קורצע פּויזע) וואָס־זשע מאַכט עפּעס דאָרטן דער אַל־טער נביא שמואל?...

י ו ר ם : ער איז שוין איצט גרייז און גרוי און איז נאָך אַלץ אַזאַ כעסן און אַזוי שטרענג ווי שטענדיק, אפשר נאָך שטרענגער. אָבער מען דאַרף מודה זיין, אַז ער האָט אויפגעטאָן און טוט אויף אויך איצט, גרויסע זאַכן פאַר אונדזער פאָלק ישראל. זיין לערנהויז אין רמה איז זיך צעוואַקסן און עס ווערן דאָרטן צוגעגרייט הונדערטער גייסטיקע פירערס פאַרן פאָלק. אויסערדעם ווערן אַדאַנק אים אויסגעהאַלטן אַ גרויסע צאָל אָנפאַנג־שולן אין די שטעט און דערפער פון אונדזער לאַנד...

ש א ו ל : דאָס איז אַלץ שיין און פיין, אָבער אין מיין נשמה איז ער געבליבן שטעקן ווי אַ דאָרן, וועלכן איך קען נישט אַרויסרייסן...

י ו ר ם : איך ווייס עס און דעריבער בעט איך דיך טאַקע דו זאָלסט זיך שטאַרקן און אויפנעמען מיינע רייד רואיק און געלאַסן, אַפילו אויב עס וועט דיר גורם זיין פאַרדראָס און צער. איך קען עס נישט פאַר־שווייגן, ווייל צופיל גוטס האָט איר מיר געטאָן, דיין ערנווירדיקער פאָטער און דו. עס האָט טאַקע אַ שייכות מיטן אַלטן נביא, מיט דיר און מיט נאָך איינעם...

ש א ו ל: איך בין שוין נייגעריק צו הערן, אָבער מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז ס'איז נישט קיין גוטס.

י ו ר ם: האָבן מיר אָפּגערעדט, מיין האַר! — וועסט זיך צוימען און רואיק אויסהערן. (פויזע) דו ווייסט דאָך שוין, אַז דער נביא האָט געזאַלבט אַ צווייטן אַלס מלך אויף דיין אָרט, ווייל ער מאַכט נישט פון דעם קיין סוד פאַר קיינעם. אָבער צי ווייסטו ווער יענער צווייטער איז? ווייל דאָס האַלט דער אַלטער דווקא זייער בסוד.

ש א ו ל: איך ווייס טאַקע נישט ביז איצט ווער דער צווייטער איז, כאָטש איך האָב געהייסן מיינע נאָענטע לייט עס אויסצופאָרשן און געוואויר צו ווערן לויט אַלע מעגלעכקייטן. אַזוי ווי זיי זענען גאָרנישט דערגאַנגען, האָב איך שוין געמיינט, אַז דאָס איז בלויז דעם נביאס אַ דראָאונג.

י ו ר ם: ליידער איז עס נישט בלויז קיין דראָאונג. איך בין פון דעם גאַנצן ענין געוואויר געוואָרן צופעליק, אָבער פון אַ זיכערן מענטשן.

ש א ו ל: (קענטיק אויפגערעגט, אָבער געצוימט) האַ! עס איז אַלזאָ נישט קיין דראָאונג... עס איז טאַקע ריכטיק...

י ו ר ם: אין מיין אכסניה קומען אָפּט אַריין אויף אַ גלעזל וויין די בני־הנביאים און ווי עס איז דאָך דיר באַקאַנט, ווייסן יענע אַ סך געהיימע זאַכן. דאָ נישט לאַנג האָב איך באַמערקט, אַז עטלעכע פון זיי שושקען זיך עפּעס שטאַרק בסוד. האָב איך מיך כלומרשט אומשולדיק עטלעכע מאָל דורכגעדרייט נעבן זיי און פון די איינציקע ווערטער וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט, איז מיר קלאָר געוואָרן אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ וויכטיקן ענין, וועלכער האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט. שפּעטער האָב איך אָוועקגערופן אָן אַ זייט איינעם פון זיי, וועגן וועלכן איך ווייס אַז מיט אַ פיינער מתנה קען מען ביי אים פועלן ער זאָל עפענען דאָס מויל. האָב איך אים געגעבן די מתנה און אויסערדעם האָב איך אים מכבד געווען מיט נאָך עטלעכע בעכערס וויין און זיין צונג האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעבונדן... ער האָט מיר דערציילט ווער עס איז דער געזאַלבטער אויף דיין אָרט און ווי־אַזוי די זאַך איז פאָרגעקומען.

ש א ו ל : (אומגעדולדיק. זיין אויפרעגונג שטייגט) ווי־אַזוי די זאַך איז פאָרגעקומען, דאָס איז אפשר נישט אַזוי שטאַרק וויכטיק... אָבער ווער איז דער געזאַלבטער?...

י ו ר ם : איך וועל עס דערציילן בקיצור, מיין האַר. באַלד נאָך דער מלחמה מיט עמלק איז עס געווען. אין אַ פאַרטאָג, כמעט נאָך ביי־נאַכט איז עס געווען, איז געקומען דער נביא שמואל מיט צוויי באַ־גלייטערס אין הויז פון ישי פון בית־לחם און האָט געזאַלבט זיין יינגסטן זון דוד אַלס דיין פאַרטרעטער...

ש א ו ל : אַזוי? דוד איז עס דער געזאַלבטער?... (העכסט איבערראַשט).

י ו ר ם : ס'איז אמת — דער אַלטער ישי האָט פון אָנפאַנג נישט גע־וואָלט הערן, אָבער דער נביא האָט אים איבערצייגט, אַז דאָס איז דער ווילן פונעם אַלמעכטיקן.

ש א ו ל : (פאַרלוירן) דוד איז עס! באַלד דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען, האָט מיר מיין האַרץ פאָרויסגעזאָגט, אַז פון אים האָב איך נישט צו דערוואַרטן קיין גוטס. ווען ער האָט שפּעטער דערשלאָגן דעם פלישתי גלית און דאָס פאָלק האָט אים אויפגענומען ווי אַ העלד, האָט זיך דאָס געפיל אין מיר נאָך מער פאַרשטאַרקט. אבנר האָט עס אויך פאַרשטאַנען און דעריבער האָט ער אים געשיקט אויף אַלע געפערלעכסטע פלעצער, אפשר וועט ער אומקומען און מיר וועלן פּטור ווערן פון אים. אָבער אומעטום האָט ער מצליח גע־ווען און זיין רום איז געשטיגן און דאָס פאָלק האָט אים אַלץ מער אַרומגערינגלט מיט זיין פאַרערונג און ליבשאַפט. האָב איך אים געוואָלט פעסטער צובינדן צו זיך מיט משפחה־פעדים און האָב אים געגעבן מיין יינגערע טאָכטער מיכל פאַר אַ ווייב. אָבער... ווייזט אויס... דער גורל... יאָ! דוד איז דער געזאַלבטער שוין יאָרנלאַנג און ער האָט עס פאַרבאָרגן פאַר מיר די גאַנצע צייט. (שרייט אויף) אָבער דאָס איז דאָך פאַרראַט! (זעט אָנקומען אחינעמען. באַהערשט זיך מיט די לעצטע כוחות) אין נאָמען פון אונדזער אַלטער פריינטשאַפט בעט איך דיך, יורם בן עכן, זאָלסט קיינעם נישט דערציילן קיין וואָרט

וועגן דעם וואָס מיר האָבן דאָ היינט גערעדט. (בלייבט זיצן שטאַרק דערשלאָגן).

י ו ר ם : מעגסט רואיק זיין, מיין האַר מלך, קיינער וועט נישט געוואויר ווערן פון מיר אַפילו קיין איין איינציק וואָרט...

א ח י נ ע ם : איך האָב געמיינט, אַז איר וועט קומען אין זאַל אַריין, האָב איך צוגעגרייט ווייַן מיט צובייסן. אָבער, אַז איר זענט נישט געקומען אַהין, בין איך איצט געקומען אַהער.

ש א ו ל : איך בעט דיך, מיין אחינעם, הייס מיר ברענגען אַהער דעם לירע־שפּילער. די בייזע געדאַנקען הייבן מיך אָן צו פּייניקן. אפשר וועט זיין שפּילן מיר לייכטער מאַכן.

א ח י נ ע ם : דאָ איז טונקל און אומעטיק, איז נישט קיין חידוש וואָס עס באַפאַלן דיך די בייזע געדאַנקען. לאָמיר אַריבערגיין אין זאַל אַריין, וועל איך אויך דעם לירע־שפּילער הייסן קומען אַהין.

ש א ו ל : ניין, מיין טייערע, פאָלג מיך — לאָמיר בלייבן דאָ און הייס אויך דעם שפּילער קומען אַהער.

א ח י נ ע ם : זאָל זיין ווי דו ווילסט. (גייט אַרויס).

י ו ר ם : נעם דיר די זאַך נישט אַזוי שטאַרק צום האַרצן, מיין האַר. דער עיקר איז וואָס איצט ווייסטו דאָך שוין פאַר וועמען דו דאַרפסט זיך היטן. דו ביסט דאָך דער מלך און אין דיין האַנט ליגט דאָך די מאַכט זיך צו באַפרייען פון דיינע קעגנער, אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן איינעם וואָס דער נביא האָט געזאַלבט...

ש א ו ל : ביסט גערעכט, מיין פריינט יורם בן עכן. (פאַרזינקט אין געדאַנקען).

א ח י נ ע ם : (קומט ווידער אַריין) דערציייל־זשע מיר, יורם בן עכן, ווי אַזוי לעבט זיך דיר אין רמה? און וואָס מאַכט דיין משפחה? (זעצט זיך אויפן שטול צום הינטערגרונט).

י ו ר ם : מיין משפחה, זי זאָל מיר געזונט און שטאַרק זיין, מאַכט מיך גליקלעך. איך האָב זייער אַ גוט ווייב, וועלכע איז פאַר מיר אַ גרויסע הילף אין אַלע פרטים, און מיר האָבן שוין פיר געראָטענע קינדערלעך.

אחינעם: דאָס וואָס דו דערציילסט, איז טאַקע באמת דערפרייענדיק. און וואָס הערט זיך מיט פרנסה?...

יורם: אויך אויף דעם קען איך מיך נישט באַקלאָגן. די אכסניה, וואָס מיר האַלטן, דערנערט אונדז בכבוד און מיר קענען אַפילו עפּעס אָפּ־שפּאָרן. פאַראַיאָרן האָבן מיר אויסגעבויט אַ שיין הויז און מיר האָבן אויך אַ גרויסן גאָרטן מיט אַלערליי ירקות און פּרוכטן. עס גייט אונדז גוט, אַ לויב און דאַנק דערפאַר אונדזער אַלמעכטיקן גאָט.

אחינעם: איך בין באמת צופרידן דאָס אַלץ צו הערן. (צו דער טיר) קום אַריין נענטער, דוד בן ישי. דער מלך וויל דו זאָלסט פאַר אים היינט שפּילן אין דער שאַצקאַמער. מיר האָבן אויך אַ זייער אָנגע־לייגטן גאַסט. (דוד קומט אַריין. בלייבט שטיין נישט ווייט פון יורמען. אין זיין האַנט טראָגט ער אַ לירע).

שאול: יאָ, דאָס איז יורם בן עכן. מיינער אַן אַלטער גוטער פריינט. אַמאָל האָט ער געוואוינט דאָ אין גבעה און היינט איז ער אַ תושב אין רמה.

דוד: עס פרייט מיך צו באַגעגענען אַן אַלטן פריינט פון מיין האַר מלך.

יורם: און דו ביסט עס דוד בן ישי אַליין. כ׳האָב געהערט אַ סך דער־ציילן וועגן דיר.

שאול: מיין פריינט יורם ברענגט פאַר דיר אויך גרוסן פון רמה.

דוד: פאַר מיר גרוסן פון רמה? איך האָב דאָרט נישט קיינע באַקאַנטע.

שאול: האָסט פאַרגעסן! איין באַקאַנטן האָסטו ווייניקסטנס דאָרטן יאָ. דו קענסט דאָך דעם אַלטן נביא שמואל...

דוד: ווער קען נישט דעם נביא שמואל? קינד און קייט אין הויז פון ישראל קענען אים דאָך.

שאול: טאַקע דער אַלטער נביא שמואל שיקט פאַר דיר גרוסן...

דוד: איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס ער זאָל דאָס טאָן? איך בין נישט זיינער קיין קרוב און קיין גואל און אַפילו זיינער קיין תלמיד בין איך נישט.

שאול: יאָ, אָבער דו ביסט זיין אויסדערוויילטער און דאָס איז פיל מער.

ד ו ד: (איבעררַאַשט) זיין אויסדערוויילטער?...

ש א ו ל: יאָ, זיין אויסדערוויילטער! וואָס־זשע, האָסט שוין פאַרגעסן יענעם פאַרטאָג, ווען ער איז, אינאיינעם מיט צוויי באַגלייטערס, גע־קומען אין דיין פאָטערס הויז און האָט דיך געזאַלבט פאַר מלך אי־בער ישראל?...

ד ו ד: דאָס וואָס עס איז געשען יענעם פאַרטאָג קען אפשר האָבן עפּעס אַ באַדייטונג פאַר דער ווייטערער צוקונפט און אפשר דאָס אויך נישט. דער נביא האָט מיך געזאַלבט, בכדי פאַרויסצוזען, אַז טאָמער, אפשר... וועט געשען אַן אומגליק און עס וועט נישט זיין קיין מלך איבער ישראל, זאָל איך דעמאָלט איבערנעמען די מלוכה, בכדי צו פאַרמיידן דעם פאָלק די איבערגאַנגס־צייט פון אָפּהענטיקייט און רייסערייען.

ש א ו ל: דאָס וואָס עס איז געשען יענעם פאַרטאָג, איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אויסדרוק פון שנאה צו מיר און צו מיין הויז מצד דעם נביא און דיר.

ד ו ד: בשום אופן נישט! איך בין נישט געגאַנגען צום נביא, נאָר ער איז געקומען צו אונדז און גאָרנישט לייכט האָבן מיר, מיין פאָטער און איך, מסכים געווען צו דעם וואָס ער האָט פון אונדז פאַרלאַנגט. מיר האָבן עס געטאָן ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט עס שטרענג גע־פאָדערט אין נאָמען פון אונדזער האַר יהוה. איך בין נישט דער וואָס דאַרף ענטפערן פאַרן אַלטן נביא שמואל, אָבער איך רעכן, אַז אויך בנוגע אים האָסטו אַ טעות, ווייל ער אַליין האָט ביי מיר געפאָדערט אַ פייערלעכן צוזאָג, און איך האָב אים טאַקע אַזאַ צוזאָג געגעבן, אַז איך וועל קיינמאָל גאָרנישט אונטערנעמען קעגן דיר. איך האָב דעם צוזאָג ביז היינט פּינקטלעך מקיים געווען און איך האָף דאָס צו קע־נען טאָן אויך אין דער צוקונפט, מיט דעם אַלמעכטיקנס הילף.

ש א ו ל: ווי עס זאָל נישט זיין, שטעקט אין דעם פייגטשאַפט און דער בעסטער באַווייז פאַר דעם איז דאָס וואָס דו האָסט עס געהאַלטן בסוד. דו ביסט יאָרנלאַנג אַריינגעגאַנגען אין מיין הויז, האָסט גע־שלאָסן אַ נאָענטע פריינטשאַפט מיט מיין עלטסטן זון, האָסט חתונה

געהאַט מיט מיין יינגסטער טאָכטער און האָסט קיינעם פון אונדז נישט געזאָגט קיין איין וואָרט וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענעם פאַרטאָג. אויב דו האָסט עס אַזוי שטאַרק אויסבאַהאַלטן, איז אַ סימן אַז דו האָסט עס געהאַלטן פאַר עפּעס שלעכטס און עס האָט געדריקט אויף דיין געוויסן...

ד ו ד : (אין פאַרלעגנהייט) ניין, מיין האַר מלך... דיין אויסטייטשונג איז...

א ח י נ ע ם : (רייסט אים איבער) גענוג!... (צום מאַן) וועסט מיר מוחל זיין, מלך שאול. איך האָב אייך נישט געוואָלט פריער איבעררייסן... אָבער צי מיינסטו נישט אויך, אַז פאַר אַזאַ געשפּרעך ווי דער, דאַרף מען זוכן אַן אַנדערע געלעגנהייט?... יעדנפאַלס שיינט מיר, אַז עס איז נישט צוגעפּאַסט אין קעגנוואַרט פון אַ גאַסט, פאַר וועמען די אַלע ענינים זענען פרעמד...

ש א ו ל : יורם איז טאַקע אַ גאַסט, אָבער אויך אַן אייגענער מענטש, און די אַלע ענינים זענען פאַר אים גאָרנישט אַזוי פרעמד ווי דו מיינסט. זאָל אָבער איצט שוין זיין גענוג, ווי דו ווילסט.

י ו ר ם : פאַר מיר וועט אפשר איצט שוין זיין דאָס בעסטע אָוועקצוגיין...

ש א ו ל : ניין, אויף קיין פאַל! בלייב נאָך מיט אונדז, יורם!

א ח י נ ע ם : זיכער וועסטו בלייבן מיט אונדז, יורם. דו קומסט אַזוי זעלטן קיין גבעה, וועל איך דיך גאַר לאָזן אַוועקגיין, איידער דו וועסט זיין אונדזער גאַסט ביים מיטאָג־מאָלצייט? איך האָב דאָך געהייסן צוגרייטן פאַר דיר ספּעציעל די מאכלים וואָס זענען דיר שטענדיק געפעלן געוואָרן...

ש א ו ל : איך וועל בעטן ביי דודן, ער זאָל אויפשפּילן בלויז איינע פון זיינע מעלאָדיעס, וועסטו אויך הערן וואָס פאַר אַ פיינער מוזיקער ער איז. דערנאָך וועלן מיר אַריבערגיין אין זאַל. (צו דודן) זעץ דיך אויף דער טאַבורעטקע נישט ווייט פון דער טיר און שפּיל אונדז עפּעס אויף. פון דער ווייטנס וועט מיר זיין בעסער צו הערן... (דוד זעצט זיך אויפן אָנגעוויזענעם אָרט און הייבט אָן שפּילן אויף דער לירע. אחינעם און יורם הערן זיך אויפמערקזאַם צו. שאול שטייט מיטן

פנים צו דער וואַנט לינקס און כאַטש ער באַהערשט זיך מיט אַלע כוחות, איז צו מערקן, אַז אין זיין נשמה קומט פאָר אַ שווערער געראַנגל. דוד זעצט פאָר דאָס שפּילן. אָבער ער באַטראַכט געשפּאַנט שאולס יעדע תנועה. פּלוצים רייסט זיך אַרויס פון שאולס ברוסט אַ פאַרשטיקטער אויסגעשריי) איצט וועסטו מיר באַצאָלן פאַר אַלץ!... (ער כאַפּט בליצשנעל אַראָפּ פון אַ שטענדער אַ רייך־פאַרצירטע שפּיז, דרייט זיך אויס און וואַרפט זי אויף דודן. אין דעמזעלבן אויגנבליק שפּרינגט דוד אָפּ און שאַרט זיך פלינק אַרויס דורך דער אָפענער טיר. דער שפּיז בלייבט שטעקן אין דער וואַנט רעכטס. אחינעם און יורם שפּרינגען אויך אויף פון זייערע ערטער און דערנענטערן זיך שנעל צו שאולן, וועלכער שטייט אַ צעמישטער און וואַקלט זיך לייכט. זיי כאַפּן אים אונטער די אָרעמס).

**אחינעם:** וואָס איז מיט דיר געשען, מיין טייערער! וואָס האָסטו דאָ געוואָלט טאָן?...

**יורם:** שטאַרק דיך, מלך שאול, און באַרואיק דיך!

**שאול:** איך האָב עס געמוזט טאָן, אָבער עס האָט זיך נישט איינגעגעבן... זאָל דאָס באַטייטן, אַז איך האָב שוין פאַרשפּילט? (קורצע פּויזע) וואָס פאַרשפּילט?... איך האָב דאָך ביז איצט זיך בלויז באַקלאָגט אויף מיין גורל... געקעמפט האָב איך נישט... (פעסט) איצט האָב איך מיך געשטאַרקט! פון איצט אָן וועל איך קעמפן! וועל איך מיך ראַנגלען מיט מיין גורל אויף לעבן און טויט!

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

# דאָס זיבעטע בילד

אַ פֿאַרבאַרגן ווינקל אין קיניגלעכן גאָרטן. אינמיטן סצענע אַ וואַ־סער־באַסיין, אין וועלכן עס וואַקסן ליליעס און אַנדערע וואַסער־בלומען און געוויקסן. נעבן באַסיין, צום פֿאָדערגרונט, אַ געשניצטע באַנק. אַרום און אַרום בלומען־בייטן, ציר־קוסטן און ביימער.

ווען דער פֿאָרהאַנג גייט אויף, זיצן דוד און יהונתן אויף דער באַנק און שמועסן.

ד ו ד : (מיט אַ ציטערדיקן קול פֿון עמאָציע) איצט האָב איך דיר אַלץ דערציילט, מיין טייערער פֿריינט יהונתן. איך האָב מיך מתוודה געווען פֿאַר דיר ווי פֿאַר מיין אייגענעם געוויסן. איך פֿיל מיך אומ־שולדיק קעגן דעם מלך שאול, דיין פֿאָטער, און קעגן אייער גאַנצן הויז. אָבער אויב דו האַלטסט, אַז איך בין יאָ שולדיק, דאַן גיב איך מיך פֿרייוויליק איבער אין דיינע הענט. מאַך דו אַ סוף צו מיין לעבן מיט דיין שווערד, אָדער שפּיז.

י ה ו נ ת ן : איך געפֿין, אַז דו ביזט ריין פֿון יעדער זינד. דו האָסט גע־מוזט נעמען אויף זיך אַ גורל, וואָס עס האָט אַרויפֿגעלייגט אויף דיר די העכערע מאַכט, איך פֿאַרשטיי עס. אָבער איך פֿאַרלאַנג פֿון דיר דו זאָלסט אויך פֿאַרשטיין די האַנדלונג פֿון מיין פֿאָטער. פֿאַר אים ביסטו די האַנט, מיט וועלכער דער האַר יהוה וויל אים שטראַפֿן, אפֿשר צו שטרענג, באַשטראָפֿן און עס איז פֿאַרשטענדלעך אַז ער וויל אָט־די האַנט אומשעדלעך מאַכן. אָבער היינט האָט ער געהאַנדלט מסתמא אונטער אַן אינסטינקטיוון אימפּולס. דו ווייסט דאָך אַזוי גוט ווי איך, אַז אין תוך איז ער אָרנטלעך און גוט און איך גלויב,

אַז וויבאַלד גאָר עס וועט זיך אויסוועפן זיין כעס, וועט ער זיך באַ־דענקען.

ד ו ד : טאַקע אין דעם גייסט עס איצט: געוואויר צו ווערן צי דיין השערה איז ריכטיק...

י ה ו נ ת ן : וואָלט עס זיך געווענדט בלויז אין מיין פאָטער ,וואָלט איך דיר געקענט פאַרזיכערן, אַז מיין השערה איז ריכטיק. אָבער ער האָט דאָך אַזעלכע יועצים ווי אבנר, כלידע און די איבעריקע, וועלכע קע־נען אים באַאיינפלוסן צום שלעכטן קעגן דיר...

ד ו ד : דעריבער טאַקע און ווייל איך דאַרף וויסן וואָס איך האָב ווייטער צו טאָן — וויל איך דיך בעטן, אין נאָמען פון אונדזער פריינט־שאַפט, זאָלסט מיט מיר טאָן אַ חסד און ווען דו וועסט מיך דאָ פאַרלאָזן, זאָלסטו גיין אין דיין פאָטערס הויז, זיך באַמיען לויט אַלע מעגלעכקייטן צו דערגיין דאָס וואָס איך דאַרף וויסן און מיר איבער־געבן די ידיעה.

י ה ו נ ת ן : נאַטירלעך וועל איך דאָס טאָן און נישט ווי אַ באַזונדערן חסד, ווייל דאָס איז דאָס מינדעסטע וואָס איין פריינט קען טאָן פאַרן אַנדערן. נאָך מיין אַוועקגיין וועסטו דיך אויסבאַהאַלטן אין דער געדיכטעניש פון די גראָזן, קוסטן אוןביימער ביז די זון וועט פאַר־גיין. דערנאָך וועסטו דיך פאַרזיכטיק, אַזוי אַז קיינער זאָל דיך נישט באַמערקן, אומקערן אין דיין היים, וועסט גוט פאַרשפאַרן די טיר, אָבער דאָס פענצטער וועסטו עפענען און וועסט וואַרטן אויף מיין ידיעה.

ד ו ד : אַזוי וועל איך טאָן!

י ה ו נ ת ן : פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז איך וועל פערזענלעך נישט קע־נען דיר ברענגען די ידיעה. וועלן מיר איצט דאַרפן באַטראַכטן דעם אופן ווי־אַזוי עס צו טאָן. (פאַרטראַכט זיך).

ד ו ד : מיר איז עפּעס איינגעפאַלן און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אַ גלייכע זאַך.

יהונתן: גוט, לאָמיך הערן דיין איינפֿאַל.

דוד: קענסט קריגן צוויי קליינע ייִנגלעך, וואָס זאָלן האַלטן אַ סוד כאָטש ביז מאָרגן אינדערפֿרי?

יהונתן: זיכער קען איך געפֿינען אַזעלכע צוויי ייִנגלעך צווישן די באַדינערס פֿון מיין הויז.

דוד: טאָ הער אויס מיין איינפֿאַל. זאָלן זיך די ייִנגלעך כלומרשט שפּילן מיט פֿייל און בויגן נאָך זונענפֿאַרגאַנג פֿאַר מיין פֿענצטער. דאָס וועט נישט רופֿן קיינעמס אויפֿמערקזאַמקייט, ווייל ביים שיין פֿון דעם נייעם לבֿנה־סערפּ איז נישט קיין זעלטנקייט, אַז קינדער זאָלן זיך שפּילן. וועסט אויסלערנען איינעם פֿון די ייִנגלעך, וואָס וועט נאַטירלעך נישט וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ער זאָל אויסרופֿן אויף אַ קול אונטער מיין פֿענצטער איין שפּורך בלויז צו זיין חבֿרל, וועלכער וועט זיך געפֿינען אַביסל ווייטער פֿון אים. דעם שפּרוך וועסטו אים נאַטירלעך אויסלערנען, אין איינקלאַנג מיט דער ידיעה וואָס דו וועסט האָבן פֿאַר מיר. אויב דאָס ייִנגל וועט אויסרופֿן: „דער פֿייל איז געפֿאַלן נענטער פֿון דיר, דודל, קענסט זיך אומקערן און אים אויפֿהייבן!" — וועל איך וויסן, אַז עס איז קיין געפֿאַר נישטאָ. איך וועל דאַן איבערוואַרטן אַ טאָג אָדער צוויי, און דו וועסט מיט מיר גיין צום מלך שאול און זען אונדז איבערצובעטן. אויב אָבער דאָס ייִנגל וועט אויסרופֿן: „דער פֿייל איז געפֿאַלן ווייטער פֿון דיר, דודל, לויף וועסטו אים געפֿינען!" — וועל איך וויסן, אַז עס דראָט מיר אַ סכּנה און איך מוז אַנטלויפֿן. איך וועל מיך דעמאָלט אַוועקלאָזן אין מדבר אַריין און וועל אָפּוואַרטן צו זען וואָס די צייט וועט מיר ברענגען.

יהונתן: דיין פּלאַן איז אויסגעצייכנט און איך וועל האַנדלען לויט ווי דו זאָגסט. (קורצע פּויזע) איצט וועל איך באַלד דאַרפֿן גיין. עס איז אַ שאָד צו פֿאַרלירן איבעריקע צייט. אָבער איידער איך גיי, וויל איך מיר זאָלן באַנייען אונדזער פֿריינטשאַפֿטס־בונד.

**דוד: זיכער וועלן מיר אים באַנייען, כאָטש ער וואָלט געבליבן גילטיק אויך אָן דעם, ווייל דו ביסט מיר איינגעבאַקן טיף אין האַרצן, מיין**

טייערער פריינט, און גאָרנישט וועט דיך קענען אויסמעקן פון מיין נשמה, סיידן דער טויט אַליין.

י ה ו נ ת ן : איך וויל מיר זאָלן איצט נאָכאַמאָל צושווערן איינער דעם אַנדערן, אַז מיר וועלן פאַרבלייבן געטרייע פריינט איינער דעם אַנ־דערן אויפן גאַנצן לעבן. וועלן מיר ביידע לעבן לאַנג, וועלן מיר זיך ברידערלעך טיילן מיט די ליידן און פריידן. וועט אָבער איינער פון אונדז אַוועק פון דער וועלט פיל פריער פונעם אַנדערן, וועט דער לעבנגעבליבענער זיך אָננעמען און זאָרגן פאַר די אָפּשטאַמיקע פון דעם פאַרשטאָרבענעם נישט ערגער ווי פאַר זיינע אייגענע קינדער און קינדס־קינדער. איך שווער דיר צו, דוד בן ישי, הייליק מקיים צו זיין דאָס אַלץ וואָס איך האָב דאָ נאָר־וואָס געזאָגט, אינעם נאָמען פון אונדזער האַר יהוה.

ד ו ד : זאָל מיר אַזוי העלפן דער אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל, ווי אויך איך וועל הייליק מקיים זיין אונדזער פריינטשאַפטס־בונד, מיין האַרצנס־ברודער יהונתן.

י ה ו נ ת ן : און איצט וועלן מיר זיך געזעגענען... אויף יעדן פאַל דאַרפן מיר זיך געזעגענען. עס קען זיין, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועל איך דיך ווידער זען אַ געזונטן און שטאַרקן. ס'קען אָבער אויך זיין, אַז אונדזער צעשיידונג וועט זיין אַ לאַנגע, ווייל שלעכטע מענטשן, וועלכע זענען דאָ אויף דער זינדיקער וועלט מער ווי גוטע, וועלן האָבן אַריינגעטריפט זייער גיפט אין מיין פאָטערס האַרצן. (קורצע פויזע. דערנאָך מעלאַנכאָליש) און אפשר... אפשר וועלן מיר זיך שוין קיינ־מאָל מער נישט זען אין לעבן. איך האָב דאָס פאָרגעפיל, אַז אַ גרויס אומגליק הויערט אויף אונדז, אויף מיין פאָטער און זיין הויז...

ד ו ד : פאַרוואָס זאָלסטו ריידן אַן אַ סיבה אַזעלכע טרויעריקע רייד, מיין פרעכטיקער און האַרציקער יהונתן?... פאַרוואָס זאָלסטו אַרויסרופן אומזיסט אַן אומגליק?... מיר וועלן נאָך אויף אַ סך שמחות טאַנצן אינאיינעם און אַ סך בעכערס זיסן וויין וועלן מיר נאָך צוזאַמען

אויסטרינקען אין פריידן. נו, זיכער! מיר וועלן נאָך אויך אין אַ סך שלאַכטן שלאָגן די שונאים פון אונדזער גאָט און פון אונדזער פאָלק!

י ה ו נ ת ן : אמן! הלוואַי זאָל עס זיין אַזוי ווי דו זאָגסט! אָבער איצט איז שוין די העכסטע צייט צו גיין. זיי געזונט, מיין דוד בן ישי!

ד ו ד : זיי געזונט און פריילעך, מיין יהונתן בן שאול! (זיי אומאַרמען און צעקושן זיך).

(דער פאָרהאַנג פאַלט פאַמעלעך).

# דאָס אַכטע בילד

דודס און מיכלס שלאָפֿצימער. מיט די צוקאָפּנס צום הינטערגרונט, עטוואָס אָפּגערוקט פֿון די זייטיקע ווענט, די צוויי בעטן. איבער די נידעריקע קאָפּ־אָנלענען צוויי פּאָליצעס, אויף וועלכע עס זענען אָנגעשטעלט פֿאַרשיידענע ציר־ און געברויך־קעגנשטאַנדן. צווישן די צוויי בעטן, אַ גרויסער געשניצטער קאַסטן אויף צו באַהאַלטן וועש און קליידער. לינקס אַ פֿענצטער און רעכטס אַ טיר. ביי יעדער פֿון די זייטיקע ווענט צו צוויי טאַבורעטקעס. צווישן ביידע בעטן, אַ פּילפּאַרביקער, דיקער טעפּיך. אין רעכטןווינקל, אַ הילצערנע סטאַטוע פֿון אַ געץ פֿון נאַטירלעכער מענטשלעכער גרויס. פֿונעם סופֿיט הענגט אַראָפּ אויף אַ קופּערנער קייט אַן אייללאָמפּ, וועמענס פֿלעמל עס באַלייכט זייער קאַרג די קאַמער.

ווען דער פֿאָרהאַנג גייט אויף, זיצן מיכל און דוד אויפֿן בעט לינקס. דוד איז פֿאַרטראַכט און באַזאָרגט, נישט לויט זיין שטייגער. מיכל לאַשטשעט זיך צו אים.

מ י כ ל : וואָס איז דיר, מיין טייערער? עפּעס ביסטו היינט אַנדערש ווי אַלע טעג. איז מיט דיר עפּעס געשען?... עפּעס שלעכטס, חלילה?...

ד ו ד : ס׳איז גאָרנישט, מיין שוואַרץ־חנעוודיק קעצעלע. ס׳זענען נארישקייטן, מיין צאַרט טייבעלע... מאַלע וואָס עס קומט פֿאַר צווישן מענער און נאָך קריגסלייט דערצו...

מ י כ ל : איך זע דאָך, אַז מיט דיר איז עפּעס פֿאָרגעקומען, און דווקא נישט קיין קלייניקייט. ביסט היינט אַ גאַנצן טאָג אין דער היים נישט געווען און איצט ביסטו געקומען אַ טרויעריקער, אַ צערודערטער. שטענדיק ביסטו דאָך פֿריילעך און שפּאַסיק, און היינט... זאָג מיר, מיין ליבינקער, וואָס איז מיט דיר געשען?

ד ו ד : ס׳איז נישט גוט, אַז אַ ווייב זאָל וויסן אַלע קלייניקייטן, האַרץ־געליבטע מיינע. אויב דו וועסט וויסן פון אַלץ, נשמה־שיינקייט מיי־נע, וועסטו אויך אָפּטמאָל מוזן זיין אומעטיק און פאַרזאָרגט און דו וועסט גאָר גיך פאַרזויערט ווערן...

מ י כ ל : ניין, עס איז נישט אַזוי, קרוין פון מיין לעבן. אַ ווייב דאַרף וויסן אַלץ וואָס עס קומט פאָר מיט איר מאַן. געטרייע מאַן און ווייב דאַרפן זיין איינס און זיי דאַרפן זיך טיילן סיי מיט ליידן, סיי מיט פריידן. טאָ זאָג־זשע מיר שוין סוף־כל־סוף, העלדישער מאַן מיינער, וואָס עס האָט מיט דיר היינט געטראָפן.

ד ו ד : אויב דו ווילסט עס דורכויס וויסן, גראַציעזע נייגעריקע היגדין מיינע — מוז איך עס דיר דערציילן. דער מלך שאול, דיין פאָטער, האָט אויף מיר היינט געוואָרפן אַ שפּיז. ס׳האָט געפעלט אַ האָר ער זאָל מיך טרעפן און דערהאַרגענען.

מ י כ ל : ווי שרעקלעך דאָס איז... ווי שוידערלעך... פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן?...

ד ו ד : נו, דו ווייסט דאָך, מיין טייערסטער אוצר. עס איז צוליב זיין מרה־שחורה... גראָד היינט האָבן אים שטאַרק געפּייניקט זיינע בייזע געדאַנקען און איך האָב געשפּילט פאַר אים אויף דער לירע... פּלוצים האָט ער געכאַפּט דעם שפּיז און געוואָרפן אויף מיר...

מ י כ ל : וואָס־זשע וועט איצט זיין, מיין אָנשפּאַר און באַשיצער? עפּעס ציטערט אַזוי מיין האַרץ פון אומרואיקייט, ווי אַ בלאַט אויפן ווינט...

ד ו ד : וואָס קען דאָ זיין, ציטערדיק הערצעלע מיינס?... איינס פון די ביידע: אָדער אַלץ וועט זיך אויסדרייען צום גוטן, דער מלך וועט זיך באַרואיקן און ער וועט זיך צוריק איבערבעטן מיט מיר. דעמאָלט וועט אַלץ ווידער גוט ווערן. אָדער... אַך דער ביטערער אָדער... אָדער איך וועל מוזן אַנטלויפן פון דאַנען פאַרן צאָרן פונעם מלך.

מ י כ ל : אַנטלויפן גאָר? אוי ווי ביטער איז מיר! און מיך וועסטו דאָ לאָזן אַליין?

ד ו ד : ערשטנס ווייסן מיר דאָך נאָך נישט צי וועט עס נייטיק זיין;

צווייטנס, וועסטו דאָך בלייבן צווישן אייגענע און דריטנס, וועט עס זיין נישט אויף לאַנג, טייער לעבן מיינס.

מ י כ ל : ניין, דוד מיינער, איך וועל נישט קענען בלייבן דאָ אָן דיר אַליין. איך וועל אויסגיין פון בענקעניש און פון אומרואיקער באַזאָרגטקייט פאַר דיר. דעריבער וועל איך אַנטלויפן מיט דיר אינאיינעם, ווען דער מאָמענט וועט קומען.

ד ו ד : דאָס וועט נישט מעגלעך זיין, אומשולדיק קינדעלע מיינס. איך וועל מוזן אַנטלויפן וויט־ווייט, ביז אין וויסטן מדבר אַריין מסתמא. איך וועל מוזן לויפן טאָג און נאַכט, ווי אַ געיאָגטע חיה; איך וועל דאַרפן זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלדז־שפּאַלטן און היילן, בכדי עס זאָל מיך נישט קענען דערגרייכן שאולס צאָרן, וועלכער וועט מיך זיכער פאַרפאָלגן. עס וועט מיר זיכער נישט איינמאָל אויסקומען צו ליידן פונעם זונבראַנד בייטאָג און פון דער קאַלטקייט פון דער נאַכט. עס וועלן אויך אָן ספק זיין טעג, ווען עס וועלן מיך פּייניקן דער הונגער און דער דאָרשט, ווייל דאָרטן וואו איך וועל מיך געפינען, וועט נישט זיין צו קריגן קיין ברויט און קיין וואַסער. אָבער עס האַלט דאָך דערווייל נאָך נישט דערביי... איך וויל האָפן, אַז די זאַך וועט זיך אויסוויקלען צום גוטן...

מ י כ ל : ווען, מיינסטו, וועלן מיר עס וויסן?

ד ו ד : איך וואַרט אויף אַ ידיעה יעדע מינוט. (שפּיצט אָן די אויערן און האָרכט. אונטערן פענצטער הערט זיך אַ לייכט גערויש פון טריט און באַלד נאָכדעם אַן אויסגעשריי).

יי נ ג ל ס ש ט י מ ע : דער פייל איז געפאַלן ווייטער פון דיר, דודל, לויף ווּעסטו אים געפינען!

מ י כ ל : וואָס זאָל דאָס באַדייטן, מיין דוד?...

ד ו ד : (אויפגערעגט) דאָס איז דער אָפּגערעדטער סימן, וועלכער זאָגט מיר אָן, אַז איך מוז אומפאַרזאַמט אַנטלויפן. איך טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט...

מ י כ ל : ווי איז צו מיר, וועל איך טאַקע מוזן בלייבן אַליין און אויפ־

געפּרעסן ווערן פון אומרואיקייט, אומעטיקייט און בענקשאַפט נאָך דיר...

ד ו ד : איצט טאָר מען זיך נישט פאַרלירן אין קלאָגערייען. שטאַרק זיך, טאָכטער און שוועסטער פון גיבורים, און העלף מיר זיך וואָס גיכער צוגרייטן, ווייל עס קען געמאָלט זיין אַז דער מלך שאול זאָל באַלד שיקן אַהער נאָך מיר זייַנע מענטשן. (קורצע פּויזע) ברענג מיר אַ לעבל ברויט, אָדער נאָך בעסער צוויי, אַ קעזל, געטריקנטע פרוכטן און... יאָ, און ברענג מיר מייַן פאַסטוך־שטעקן, ער שטייט אָנגעשפּאַרט אין ווינקל אין פירהויז. כ'האָב טאַקע איצט נישט קיין סטאַדע, אָבער דער וואונדערלעכער שטעקן קען מיר גוט צונוץ קומען.

מ י כ ל : איך גיי דיר שוין ברענגען די אַלע זאַכן (אָפּ).

ד ו ד : (עפנט די דעק פונעם קאַסטן צווישן די בעטן און זוכט עפּעס) אָט איז זי. (נעמט אַרויס זיין אַלטע טאַרבע און עפנט זי) דער שלייַדערער איז דאָ און די שטיינער זענען אויך פאַראַנען. פּונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געווען געזאָגט איך זאָל דאָס אַלץ באַהאַלטן, ווייל עס וועט נאָך קומען אַ צייט אויף דעם. אויב עס איז גוט געווען פאַרן פּלישתי גלית, קען עס אפשר נאָך אַרויסהעלפן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט אויך... (מיכל קומט אַריין און דערלאַנגט אים די זאַכן. דאָס עסנוואַרג אָרדנט ער איין אין דער טאַרבע, וועלכע ער לייגט אַוועק אויפן בעט רעכטס, און דעם שטעקן לייגט ער אַוועק דערנעבן). יאָ, און דעם עיקר האָב איך דאָ כמעט פאַרגעסן... (נעמט אַראָפּ פון דער פּאָליצע איבערן בעט לינקס דאָס קעסטעלע מיט דער לירע. עפנט עס און פאַרמאַכט עס באַלד צוריק). ווי־אַזוי וואָלט איך געקענט אויסקומען אָן דיר אויף אַזאַ ווייטן וועג, מיין צויבער־קעסטעלע? ווי־אַזוי וואָלט איך געקענט אַריבערטראָגן אַ שווער שטיקל צייט אָן דיר, מיין פרייַנט־אינסטרומענט?... (נעמט אַנטאָן דאָס קעסטעלע אויף די פּלייצעס, לייגט עס ווידער אַוועק נעבן די אַנדערע זאַכן).

מ י כ ל : דערמאָן זיך גוט, מיין אַנטלויפנדיק גליק, צי האָסטו נישט נאָך עפּעס פאַרגעסן?...

ד ו ד : מיין ליב פייגעלע, מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב נישט פאַרגעסן גאָרנישט... (זיין בליק פאַלט אויפן געץ אין רעכטן ווינקל) און דאָך האָב איך שיעור נישט פאַרגעסן, אַז איך האָב אינזינען געהאַט... (גייט צום ווינקל און נעמט אַרויס דעם געץ, וועלכער האָט אַ גראָ־טעסק־לאַכנדיק פּנים. באַטראַכט אים אונטערן שיין פונעם אייל־לאָמפּ). דו ביסט עס טאַקע דער סאַמע ריכטיקער שליח פאַר דעם וואָס איך וויל. דו פאַרשטייסט דאָך, אַז אויב עס וועלן מיך קומען זוכן אַהער דעם מלך שאולס מענטשן, וועט מיין מיכל זיי אפשר נישט קענען זאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט אין מיין נאָמען. זי טאָר זיך דאָך אויף קיין פאַל נישט אייננרייסן מיט איר פאָטער. אָבער דו, מיט דיין חוזק־געלעכטער אויפן פּנים, וועסט זיי קענען זאָגן אַז איך לאַך מיך אויס פון זיי... אַז איך...

מ י כ ל : וואָס טוסטו דאָרטן, דודי?... אין אַ מאָמענט פון העכסטער גע־פאַר שפּילסטו דיך גאָר מיטן געץ?... האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט...

ד ו ד : גיין, איך שפּיל מיך נישט און איך פאַרליר נישט קיין צייט... דאָס וואָס איך טו, איז גענוג וויכטיק. איך שיק איבער דורך דעם געץ אַ גרוס פאַר מיינע פאַרפאָלגער, אויב זיי וועלן מיך קומען זוכן אַהער... (לייגט אַריין דעם געץ אין בעט לינקס, לייגט אים אונטער דאָס קישן אונטערן קאָפּ און דעקט אים גוט צו). גוט! אַזוי וועט דיר זיין באַקוועם צו ליגן. איך רעכן, אַז לאַנג צו וואַרטן וועט דיר נישט אויסקומען. (קורצע פּויזע) נו, איצט איז געקומען דער מאָמענט זיך צו געזעגענען. (אומאַרמט מיכלן און קושט זי הייס). פאַרבלייב גע־זונט, מיין ליב ווייבעלע, און פאַרגעס מיך נישט. געדענק מיך, אָבער בלויז צום גוטן...

מ י כ ל : גיי מיט גאָט און זיי מצליח, מיין שפּאַספויגל! און זאָם דיך נישט צו לאַנג, ווייל איך וואַרט אויף דיר אומגעדולדיק. (דוד טוט אָן דאָס קעסטעלע מיט דער לירע אויף די פּלייצעס, טוט אָן די טאָרבע אויף דער לינקער זייט, נעמט דעם שטעקן אין דער רעכטער

האַנט אַריין און לאָזט זיך צום פענצטער). וואוהין גייסטו?... דורכן פענצטער גאָר ווילסטו?... (לאָזט זיך נאָך דודן).

ד ו ד: יאָ, איך וועל אַנטלויפן דורכן פענצטער. דאָס איז ראָמאַנטישער (שמייכלט סאַרקאַסטיש) און דער עיקר איז עס אויך אַ קליין ביסל זיכערער. איצט נאָך איין לעצטער קוש.

מ י כ ל: נישט איינער, נאָר צען. (זי קושט אים עטלעכע מאָל. ווען דוד נעמט דערנאָך קלעטערן איבערן פענצטער, העלפט זי אים, דערלאַנגט אים די זאַכן און רעדט בשעת מעשה). איצט בין איך רואיקער וועגן דיר, מיין ליבלינג, ווייל איך זע אַז דו ביסט ווידער גוט אויפגעלייגט און האָסט צוריק געוואונען דיין גוטן מוט.

ד ו ד: (אַראָפּשפּרינגענדיק פונעם פענצטער) אויף ווידערזען, מיין אייבזאַם, טייער פייגעלע!

מ י כ ל: אויף ווידערזען, גאָר אינגיכן (זי קוקט אים נאָך) ווי לייכטפיסיק און פלינק ער איז... ווי אַ יונגער הירש שפּרינגט ער לייכט איבער די שטרויכלונגען... אָט האָט ער שוין דערגרייכט צו דעם וועלדל... דאָרטן איז ער זיכערער, וואָלט דאָך מ'יין האַרץ געדאַרפט זיין רואיקער... אָבער עס איז נישט אַזוי — עס קלאַפּט גאָר אומרואיק... און דער אויסטערלישער לבנה־סערפּ, ווי מאָדנע ער באַלייכט איצט די אַזוי גוט באַקאַנטע לאַנדשאַפט... עפּעס זעט זי דאָך אויס גאָר אַנדערש, אַזוי פרעמד... און אַזאַ טיפער אומעט איז אויסגעשפּרייט איבער איר... (פּויזע) וועל איך אים נאָך אַמאָל זען?... איך וואָלט קיניגלעך באַלוינט דעם, וואָס וואָלט מיר געקענט געבן אַ באַשייד... ווי מקנא האָבן מיך געוועזן מיט אים מיינע חברטעס און אפשר די טעכטער פון גאַנץ ישראל! ער איז דאָך דער אויסדערוויילטער צווישן די מענער. ער איז דאָך דער שטאָלץ פון אונדזער פאָלק, זיין העלד און האָפענונג... (פּויזע) איצטער איז ער פאַרשוואונדן דאָרטן צווישן דיביימער ווי אַ שאָטנדיקער חלום... וועט ער נאָך אַמאָל צוריקקומען צו מיר?... (פּויזע) נישט פאַרגינערינס וועלן זיך איצט פרייען מיט מיין שאָדן... זיי וועלן זיך צונויפקומען אין די טונקעלע קאַמערן און וועלן זיך שושקענדיק איבערגעבן די

נייעס... זיי וועלן נאָך צולייגן פון זיך אַליין נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע פּרטים, בכדי זייערע דערציילונגען זאָלן אויסקו־מען נאָך מער טשיקאַווע, נאָך קיצלדיקער. (נעבן דער טיר הערט זיך דאָס טופּען פון מענערשע פיס און שפּעטער קלעפּ אין טיר. זי דער־שרעקט זיך קודם און באַרואיקט זיך באַלד) דאָס קומען זיי איצט נאָך אים... ס׳איז גוט וואָס ער איז באַצייטנס אַוועק פון דאַנען! (צו דער טיר) ווער קלאַפּט דאָרט?

כ ל י ד ע : (פון יענער זייט טיר) עפן, מיכל בת שאול, האָב נישט קיין מורא. מיר זענען שליחים פון דיין פאָטער.

מ י כ ל : וואָס־זשע קומט איר אַהער ביינאַכט? פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען פריער מיט עטלעכע שעה, אָדער פאַרוואָס האָט איר נישט צוגעוואַרט ביז מאָרגן אינדערפרי?...

כ ל י ד ע : ס׳איז אַ דרינגענדיקער ענין...

מ י כ ל : (עפנט די טיר. ס׳קומען אַריין כלידע און דריי באַוואָפנטע קריגער פון דעם מלכס גוואַרדיע) וואָס ווילט איר דאָ, איר מענער?

כ ל י ד ע : מיר דאַרפן נייטיק האָבן דיין מאַן דוד. דער מלך דאַרף אים זען תיכף ומיד.

מ י כ ל : וואָס־זשע איז די איילעניש? ער דאַרף אים אפשר שיקן אויף עפּעס אַ ניי מלחמהלע?

כ ל י ד ע : ניין! דאָסמאָל דאַרף ער אים האָבן אויף עפּעס אַנדערש... מיר דאַכט זיך, אַז ער דאַרף אים געבן אַן אויסצייכענונג, אַ באַלוי־נונג פאַר זיינע מעשים טובים... (באַדייטונגספול) ס׳קען זיין, אַז ער וויל אים געבן אַ קניפּ אין בעקל... אָדער ערגעץ אַנדערש... (פויזע) וואו־זשע איז ער, דוד בן ישי, דיין מאַן?

מ י כ ל : איך ווייס נישט. ער איז היינט אַ גאַנצן טאָג נישט געווען אין דער היים.

כ ל י ד ע : אַזוי גאָר... ער קומט נישט אַהיים גאַנצע טעג צו זיין ווייב? האָט ער דיר אפשר צו וויסן געגעבן וואו ער געפינט זיך?

מ י כ ל : ניין! אָבער דו און די אַנדערע יועצים פון מיין פאָטער, וואָלטן דאָך געדאַרפט וויסן...

ע ר ש ט ע ר  ק ר י ג ע ר : זיי מיר מוחל, מיין האַר, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די פרוי פירט אונדז בכיוון פאַר די נעזער, ווייל דאָרטן אין בעט ליגט עמעצער...

צ ו ו י י ט ע ר  ק ר י ג ע ר : יאָ, מיין האַר, איך האָב עס שוין לאַנג באַמערקט, אַז דאָרטן אונטער דער דעקע ליגט פאַרזיכטיק באַהאַלטן אַ מענטש...

ד ר י ט ע ר  ק ר י ג ע ר : בלי ספק איז עס דוד בן ישי...

כ ל י ד ע : ס'איז ריכטיק! אַז מען קוקט זיך גוט איין, זעט מען טאַקע, אַז דאָרטן איז פאַרבאָרגן אַ מענטש. פאַרוואָס־זשע, ווייבעלע, האָסטו אונדז גענאַרט? פאַרוואָס האָסטו אונדז געזאָגט, אַז דו ווייסט נישט? (צו די קריגער) שלעפּט אים אַרויס פון בעט אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן. אָבער מאַכט עס פאַרזיכטיק. איר ווייסט דאָך ווער דער פויגל איז. ער האָט ביי זיך זיכער אַ שווערד, אַ מעסער, אָדער אַן אַנדער כלי־זיין. אויסערדעם איז ער דאָך שלוי און קען געפינען עפּעס אַ מעגלעכקייט זיך אויסצודרייען אין לעצטן מאָמענט פון אייערע הענט. פאַרלאָזט זיך דעריבער נישט צופיל אויף אייערע כוחות, נאָר זייט געוואָרנט. איצט נעמט אים און זאָל אייך גאָט העלפן!

ד י  ד ר יי  ק ר י ג ע ר : (דערנעענטערן זיך פאַרזיכטיק צום בעט און טוען זיך אַלע מיטאַמאָל אַ וואָרף אַרויף אויף דעם. ווען זיי זעען, אַז די פיגור, וואָס ליגט דאָרטן, רירט זיך נישט — טוען זיי האַסטיק אַ רייס אַראָפּ די דעקע און בלייבן פאַרבליפט. אין כאָר) אָ, וואָס איז דאָס?...

כ ל י ד ע : יאָ, וואָס איז טאַקע דאָס?... ברענגט עס אַהער, לאָמיר זען...

ע ר ש ט ע ר  ק ר י ג ע ר : (הייבט אויף דעם געץ און טראָגט אים אונטער צו כלידע) עס איז פּשוט די סטאַטוע פון אַ געץ. כאַ... כאַ... כאַ... אַ לאַכנדיק פאַרזעעניש...

כ ל י ד ע : (פאַרווירט און פאַרשעמט, באַטראַכט אַ ווײַלע די פיגור און דערנאָך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ) אַך, יענער פאַרשאָלטענער לץ! דער ליידאַק! דער גאַרנישט! ער האָט געוואַגט אַזוי רעספּעקטלאָז

אָפּצולאָכן פון דעם מלכּס אַן אַלטן מיניסטער. אָפּילו אין זיין העכס־
טער נויט, איז אים נאָך געלעגן אין זינען אַזוי אָפּצושפּעטן פון אונדז,
די קיניגלעכע בכבודיקע שליחים. אַזאַ האַלעדריגע! אַזאַ הולטאַי!
אַזאַ נישטיקער לץ!

מ י כ ל : ער פאַרשטעקט אייך אַלעמען אין קנאַפּל...

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

# דאָס נײַנטע בילד

שאולס טראָנזאַל. רעכטס און לינקס אַרײַנגענג און האַלב־רונדע באַ־לוסטראַדעס צווישן צוויי קאָלומנעס, צו אײנער ביי די סאָמע ברעגן פון ד'ער בינע און צו אײנער מער אינמיטן. הינטער די מיטלסדיקע קאָלומנעס, דריי פּאַראַדנע, ברייטע טרעפּן און הינטער די טרעפּ, ביז צום הינטער־גרונט אַ געראַמע פּלאַטפאָרם. די טרעפּן און די פּלאַטפאָרם זענען אויך אָפּגעגרענעצט, רעכטס און לינקס, דורך באַלוסטראַדעס. די צוגענג, טרעפּן און פּלאַטפאָרם זענען פאַרשפּרייט מיט רייכע לויפערס און טעפּיכער. רעכטס און לינקס גרויסע פענצטער מיט פילפאַרביקע שויבן. הינטער די האַלב־רונדע באַלוסטראַדעס, צו איין גרויסער, געשניצטער וואַזע מיט בלומען פון יעדער זייט. אויף דער פּלאַטפאָרם שטייט אינמיטן אַ הויכער טראָן־שטול, צו וועלכן מען גייט אַרויף מיט דער הילף פון צוויי צוגע־שטעלטע טרעפּלעך. רעכטס און לינקס צו צוויי פּאַראַדנע שטולן אין זעלבן סטיל וואָס דער טראָן.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצט שאול, אין פּאַראַדנע קליידער, אויפן טראָן. רעכטס פון אים (לינקס פונעם צושויער) זיצן אבנר און כלידע און לינקס פון אים יהונתן און פלטי בן ליש, אַלע אויך אין פּאַראַדנע קליידער. אויף דער טו־עפּ נידעריקער פון דער פּלאַטפאָרם, שטייען צוויי מענער פון זיף.

ש א ו ל : וואָס ברענגט אײַך צו מיר און וואָס איז אײַער פאַרלאַנג, איר שליחים פון זיף?

ע ר ש ט ע ר  מ אַ ן  פ ו ן  ז י ף : מיר קומען זיך באַקלאָגן פאַר דיר, אונדזער האַר מלך, אויף דײַן געוועזענעם הויפּמאַן און קריגפירער דוד בן ישי.

**צווייטער מאַן פון זיף:** און מיר ווילן דיך אונטערטעניק בעטן, מעכטיקער מלך פון ישראל, דו זאָלסט אונדז באַשיצן פאַר זיינע איבערפאַלן.

**שאול:** דערציילט אַלץ וואָס איר ווייסט וועגן אים אין אַלגעמיין, ווייל שוין זינט אַ שטיק צייט האָב איך נישט קיין שום ידיעות וועגן אים. און דערקלערט אויך אויספירלעכער אייער אייגענעם ענין, וועל איך מיר בעסער אָפּגעבן רעכענונג וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

**ערשטער מאַן פון זיף:** זינט אָט־דער דוד בן ישי איז אַנט־לאָפן פון דיין הויף, בלאָנקעט ער זיך אַרום אין דרומדיקן מדבר. צוערשט האָט ער געהאַט מיט זיך געציילטע מענטשן. דאָס זענען גרעסטנטיילס געווען זיינע קרובים, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר דעם מלכס צאָרן, אָדער זיינע פריינט און חברים פון בית־לחם, אַזעלכע אַוואַנטוריסטן ווי ער, וועלכע זענען געקומען צו אים וויבאַלד ער האָט זיי צו וויסן געגעבן וואו זיי קענען אים געפינען. דער מדבר איז דאָך גרויס, האָבן זיי געוואַנדערט פון איין אָרט אויפן אַנדערן. דאָרט וואו זיי האָבן געטאָגט, האָבן זיי נישט גענעכטיקט. גרעסטנ־טיילס האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אַרום די פּאַסטעכער מיט זייערע סטאַדעס, האָבן געהאָלפן זיך באַשיצן פון ווילדע חיות און פון בייזע מענטשן און דערפאַר פלעגן זיי באַקומען עטלעכע לאַבנס ברויט, אַ קעזל, אַ שטיק פלייש און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. אַזוי ווי זיי זענען געווען ווייניק אין צאָל, זענען זיי לייכט דורכגעקומען.

**שאול:** פאַרוואָס זענט איר ביז איצט נישט געקומען צו מיר?... איר האָט דאָך געוואוסט, אַז דוד איז מיין שונא.

**ערשטער מאַן פון זיף:** פון אונדז ביז גבעה איז אַ שווע־רער און ווייטער וועג און מיר זענען פאַרנומענע מענטשן. איז כּל־זמן ער איז געווען שוואַך און אומשעדלעך, האָבן מיר עס אָפּגע־לייגט.

**צווייטער מאַן פון זיף:** אָבער איצט איז ער גאַנץ מעכטיק און געפערלעך געוואָרן און ער ברענגט אויך אונדז אַליין באַדייטנ־דיקע שאָדנס — זענען מיר געקומען אַהער. ווי־אַזוי איז ער יעדעס

מאָל שטאַרקער געוואָרן? — עס האָבן זיך אַלץ מער אָנגעהויבן צו זאַמלען אַרום אים כל המיגים אַנטלאָפענע פונעם ישוב, וועלכע האָבן זיך געמוזט אויסהיטן פון באַשטראָפט צו ווערן פאַר גנבות, געשלעגן, נישט באַצאָלטע חובות און אַנדערע „מעשים טובים״. ווען די מחנה איז אַלץ גרעסער געוואָרן, איז אַלץ שווערער געוואָרן פאַר איר זיך אויסצוהאַלטן פון די קליינע מתנות וואָס זי האָט באַקומען פון די פאַסטוכער און פויערים. דעמאָלט האָבן זיי אָנגעהויבן אָנצופאַלן אויף די מדבר־שבטים און אַפילו אויף די פלישתישע גרענעץ־אייג־וואוינערס, צורויבנדיק ביי זיי אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען.

ש א ו ל : וויפיל מענטשן האָט ער היינט מיט זיך?

צ ו ו ײ ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : זעקס הונדערט, לויט מען האָט אונדז איבערגעגעבן. אָבער דאָס זענען איינס און איינס מוטיקע און געוואַגטע מענער, אַ טייל פון זיי פאַרצווייפלטע, וואָס האָבן שוין נישט וואָס אָנצואָווערן און זיי זענען אַנטשלאָסן אויף אַלץ.

ע ר ש ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : זעקס הונדערט איז בלויז די צאָל פון זייערע קריגער, אָבער אַ סך פון זיי האָבן שוין איצט מיט זיך זייערע פרויען און קינדער און זיי זענען געוואָרן גרויסע געברויכערס; אַ סך מיילער, וואָס דאַרפן שלינגען, אַזוי ווי אַ מחנה היי־שעריקן. סטייעט פאַר זיי שוין לעצטנס נישט דאָס וואָס זיי קענען קריגן פון פרעמדע און זיי האָבן געמוזט אָנהייבן צו מאַכן איבער־פאַלן אויף די דערפער פונעם לאַנד יהודה. זיי זענען לעצטנס געוואָרן ממש אַ פלאָג פאַר יענע געגנטן פון אונדזער לאַנד און עס איז פאַ־ראַנען אַ חשש, אַז זיי זאָלן דאָס איינגיכן ווערן אויך פאַר אַנדערע טיילן. דעריבער בעטן מיר דיך דרינגלעך, אונדזער האַר מלך, דו זאָלסט אַרויס קעגן דעם דוד בן ישי מיט דיין חייל און זאָלסט אייג־מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרענדיקן מיט אים. (לענגערע פויזע).

ש א ו ל : (איז געווען פאַרטראַכט) איר האָט געזאָגט, אַז אַ סך פון דודס מענטשן האָבן מיט זיך זייערע פרויען און אַפילו קינדער — און ער אַליין?

ע ר ש ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : ער אַליין האָט מיט זיך צוויי ווײ־

בער, מיט וועלכע ער האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט. (שאול גיט אַ
נערוועזן פּאַטש מיט די הענט).

**א קריגער:** (קומט אַריין פון לינקס. פאַרנייגט זיך) זאָל מיין האַר
מלך באַפעלן.

**שאול:** גיי און ברענג אַהער מיין יינגערע טאָכטער מיכל, אָבער אומ־
פאַרזאַמט און אָן תירוצים.

**יהונתן:** (ציטערט אויף) זאָל מיר מיין האַר מלך און פאָטער דער־
לויבן צו זאָגן בלויז געציילטע עטלעכע ווערטער, איידער ער שיקט
אַוועק דעם קריגער.

**שאול:** (צום קריגער) גיי! און פיר אויס דיין שליחות, ווי איך האָב
דיר באַפוילן. (קריגער אָפּ. צו יהונתנען) דו ווייסט דאָך, מיין זון,
אַז איך שאַץ דיך אָפּ זייער הויך און איך האַלט דיך פאַר איינעם
פון די וויכטיקסטע מענטשן וואָס זענען פאַראַנען ארום מיין טראָן.
איך הער דיך דעריבער גאָר אָפט געדרן אויס און פאָלג נישט איינ־
מאָל דיין עצה. אָבער עס איז פאַראַנען איין ענין, דו ווייסט שוין
וועלכער, אין צוזאַמענהאַנג מיט וועלכן דיין וואָרט איז פסול, ווייל
דו ביסט אַ צד, און דעריבער האָט עס נישט קיין שום צוועק איך זאָל
דיך אויסהערן און נעמען אין אַכט.

**אבנר:** (טראַציק) ס׳איז אַ שאָד. ווערסט אויף מיר זיכער צערענען, מיין
מלך שאול, אָבער איך מוז דיר זאָגן פריי און אויפריכטיק מיין מיי־
נונג. גראָד איצט האָסטו געדאַרפט אויפמערקזאַם אויסהערן דאָס
וואָרט פון דיין עלטסטן זון יהונתן און עס גאָר ערנסט נעמען אין
אַכט.

**שאול:** (צו אבנרן) אויך דיין מיינונג קען איך נישט נעמען אין אַכט
און דו האָסט זי מיר איצט גאָרנישט געדאַרפט זאָגן. (צו די מענער
פון זיף) גוט! איך קער מיך אום צום פריערדיקן ענין. איך וועל נאַ־
טירלעך נישט לאָזן אויספּלינדערן קיין איין ווינקעלע פון אונדזער
לאַנד. אויסערדעם האָב איך אַן אַלטן חשבון מיט דעם דוד בן ישי.
דעריבער בין איך גרייט אַרויסצוגיין אין קאַמף קעגן אים. אָבער
איך דאַרף פריער נאָך וויסן צוויי זאַכן: צי זענט איר גרייט און בכוח

מיר אַנצואווייזן געגנוי דעם פּלאַץ וואו ער געפינט זיך און אונדז צו פירן אויף אַזעלכע וועגן עס זאָל אונדז מעגלעך זיין אַנצופאַלן אויף אים אומגעריכטערהייט? און צי נעמט איר זיך אונטער צו פאַר־זאָרגן מיינע מענטשן, אין דער צאָל פון לערך דריי מאָל אַזויפיל ווי דוד האָט, אין מדבר מיט שפּייז, בכדי מיר זאָלן זיך נישט דאַרפן שלעפּן מיט שווערן פּראָוויאַנט און מיר זאָלן קענען דורכ־פירן די גאַנצע אָפּעראַציע אין דער קירצסטער צייט.

ע ר ש ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : מיר נעמען זיך אונטער דורכצו־פירן פּינקטלעך דיינעביידע באַדינגונגען, אונדזער האַר מלך.

צ ו ו י י ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : און מיר דאַנקען דיר האַרציק, אונדזער גענאַדפולער מלך. פאַר אַלדאָס גוטס וואָס דו גייסט טאָן צו אונדז.

ש א ו ל : אויב אַזוי וואָרט צו עטלעכע טעג, ביז מיר וועלן זיין גרייט זיך אַרויסצולאָזן אין וועג אַריין.

ע ר ש ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : פרידן צו דיר, שאול מלך ישראל!

צ ו ו י י ט ע ר מ אַ ן פ ו ן ז י ף : אַ ברכה אויף דיין געזאַלבטן קאָפּ, באַשיצער פונעם פאָלק ישראל! (ביידע מענער פאַרנייגן זיך טיף און גייען אָפּ לינקס).

ש א ו ל : מיינע פריינט אבנר און כלידע: גרייט מיר צו דריי טויזנט געקליבענע קריגער און פאַרזאָרגט זיי מיט אַלעם נייטיקן. די קו־מענדיקע וואָך וויל איך אַרויסגיין און ענדגילטיק פאַרענדיקן מיין חשבון מיט דעם שונא דוד בן ישי.

כ ל י ד ע : אַלץ וואָס עס ווענדט זיך אָן מיר וועט דורכגעפירט ווערן אין דער בעסטער אָרדענונג, לויט מיין מעכטיקן מלכס באַפעל.

א ב נ ר : אַלעס נייטיקע וועט געטאָן ווערן, מיין מלך שאול!

ש א ו ל : (צו פלטי בן ליש) דו האָסט שוין עטלעכע מאָל געבעטן ביי מיר איך זאָל דיר געבן מיין טאָכטער מיכל פאַר אַ ווייב און ביז איצט האָב איך דיר נישט געקענט געבן קיין תשובה. האָלטסטו אויך איצטער אָן דיין ביטע, פלטי בן ליש?

פ ל ט י : (שטעלט זיך אויף און פאַרנייגט זיך חניפהדיק) זיכער האָלט

איך אָן די ביטע, מיין נאָבעלער און איידעלער האַר מלך! עס וועט זיין דער גליקלעכסטער טאָג פון מיין לעבן, ווען איך וועל באַקומען דיין הסכמה.

**ש א ו ל:** איך גיב דיר איצט מיין הסכמה!

**פ ל ט י:** ווי־אַזוי זאָל איך דיר אָפּדאַנקען, מיין גרויסער מלך? איך ווייס, אַז איך בין צופיל מינדערוויכטיק צו פאַרדינען דיין גרויסן חסד. וועל איך מיך אויף להבא באַמיען צו זיין ווירדיק פאַר דעם גרויסן צוטרוי, וואָס דו ווייזט מיר אַרויס, און צו זיין דאַנקבאַר פאַר דער אויסערגעוויינטלעכער אויסצייכענונג. איך וועל שטענדיק פאַרבלייבן דיין איבערגעגעבענער דינער און קנעכט.

**ש א ו ל:** גוט! (פלטי זעצט זיך. שאול פּאַטשט מיט די הענט. עס קומט אַריין פון לינקס אַ קריגער) איז שוין געקומען אַהער מיין טאָכטער מיכל?

**ק ר י ג ע ר:** זי וואַרט שוין אויפגענומען צו ווערן, מיין האַר מלך.

**ש א ו ל:** טאָ ברענג זי אַריין! (קריגער אָפּ רעכטס).

**מ י כ ל:** (קומט אַריין פון רעכטס. גייט לאַנגזאַם אַרויף, איבער די טרעפּ, צו דער פּלאַטפאָרם. בלייבט שטיין פאַר שאולן מיט זיינע יועצים. פאַרנייגט זיך). פרידן צו דיר, מיין גערעכטער האַר מלך און פאָטער! פרידן צו אייך, געליבטער ברודער יהונתן, מיין עלטער־פעטערס זון אבנר און איר מלוכה־לייט! זאָל אייך דער האַר יהוה בענטשן אין אייערע וויכטיקע טועכצן און זאָל ער אייך איינגעבן גוטע און גליק־לעכע געדאַנקען. (אַלע ענטפערן איר דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ).

**ש א ו ל:** כ'האָב דיך געשיקט רופן, מיין טאָכטער, ווייל כ'האָב פאַר דיר ידיעות פון דיין דוד בן ישי. ערשט נאָר־וואָס זענען דאָ געווען צוויי מענער פון זיף, אַ פּלאַץ נאָענט פון דאָרטן וואו ער האַלט זיך איצט אויף.

**מ י כ ל:** (איבעררואַשט און געשפּאַנט) וואָס־זשע דערציילן זיי וועגן אים, פאָטער? איז ער געזונט?

**ש א ו ל:** אָ, ער איז געזונט און שטאַרק, נו, און ער לעבט פון דער שווערד.

מ י כ ל : ווי זאָל איך דאָס פֿאַרשטיין? וואָס זאָל דאָס באַטייטן?

ש א ו ל : גאַנץ איינפֿאַך, טאָכטער מײַנע. דײַן אויסגערופֿענער העלד, דײַן גערימ'טער פֿאַרפֿאָסער פֿון פֿרומע מזמורים פֿאַרן אַלמעכטיקן גאָט פֿון ישראל, איז געוואָרן אַ פּשוטער באַנדיט. ער שלײַכט זיך אַרום איבער די מדבר־וועגן, פֿאַלט אָן אויף פֿרידלעכע מענטשן און באַ־רויבט זיי פֿון זייער גוטס. מען קען נישט לייקענען — אַ ווירדיקער מאַן איז ער פֿאַר דער טאָכטער פֿונעם מלך פֿון ישראל...

מ י כ ל : איך קען אים גוט. אויב ער טוט דאָס, און איך גלויב אַז דאָס וואָס עס האָבן דיר דערציילט די מענער פֿון זיף איז אמת, איז נישט אַנדערש נאָר ווײַל עס צווינגט אים דערצו די העכסטע נויט.

ש א ו ל : פֿאַרטיידיק אים נישט. אים צווינגט דערצו זײַן אייגנגעבוירע־נער שלעכטער יצר און זײַן בייז האַרץ! די נויט קען צווינגען אַן אָרנטלעכן מענטשן צו אַרבעטן ווי אַ קנעכט און אַפֿילו צו בעטלען, ווען ער קען נישט אויפֿהאַלטן אין זיך זײַן שטאָלץ, אָבער נישט צו לעבן פֿון דעם פֿאַרברעכן, ווי ער טוט עס. איבעריקנס גייט אים דער־בײַ גאָרנישט שלעכט און ער האָט אַפֿילו ווידער ביים ווערן אַ מעכ־טיקער מאַן.

מ י כ ל : (אויף איר פּנים באַווייזט זיך אַ שמייכל) עס איז אַ משוגעת עס צו פֿרעגן, אָבער מײַן נאַריש האַרץ האָט נאָך נישט אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג און עס שטויסט מיך עס צו טאָן. — האָט ער נישט געשיקט די מענטשן פֿון זיף זיי זאָלן מיר ברענגען צו אים?...

ש א ו ל : (סאַרקאַסטיש) ער דאַרף דיך גייטיק האָבן. ער האָט דאָרטן איצט צוויי אַנדערע ווײַבער, יאָ, גאַנצע צוויי פֿאַר איינער. דיך האָט ער שוין לאַנג פֿאַרגעסן.

מ י כ ל : (שרייט אויף) עס קען נישט זײַן! (פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט די האַנטפֿלאַכן).

ש א ו ל : (שטרענג) עס איז אָבער פּונקט אַזוי! (פּויזע) איצט, טאָכטער, בין איך אַנטשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו דעם אומגליקלעכן מצב. אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך אַרויסגיין מיט מײַנע געקליבענע קריי־גער קעגן אָט־דעם דודן און איך וועל אים פֿאַרניכטן. אָבער פֿריער

וועל איך דיר געבן פּאַר אַ ווייב צו פּלטי בן ליש, וועלכער האָט דאָס שוין פיל מאָל געבעטן ביי מיר!

מ י כ ל : (יאָמערט אויף) ניין, פאָטער! וועסט עס נישט טאָן! וועסט מיך נישט אומגליקלעך מאַכן! וועסט נישט גרויזאַם צעברעכן מיין לעבן! איך האָב גאָרנישט צו דיין יועץ פלטי בן ליש... איך קען אים גאָרנישט און איך וויל אים נישט קענען... ער איז מיר אַ ווייטער און פרעמדער... מיין הארץ האָב איך שוין אויף אייביק אָוועקגעגעבן מיין דודן!

ש א ו ל : (שטרענג אין העכסטן גראַד) ווידערשפעניק נישט, מיין אומ־געהאָרכזאַמע, אומגליקלעך פאַרנאַרטע טאָכטער! איך וועל מיין וואָרט נישט צוריקציען! נאָך איידער איך וועל אַרויסגיין אויף דער מלחמה, וועט פאָרקומען דיין חתונה מיט פלטי בן ליש!

מ י כ ל : (פאַלט צו זיינע פיס. יאָמערט פאַרצווייפלט) ניין!... ניין!... ניין!...

ש א ו ל : (הייבט זיך אויף) איצט איז עס פאַרענדיקט. (שטויסט אָפּ מיכלען. גייט אַראָפּ איבער די טרעפּן און אויף אַ קורצער דיסטאַנץ הינטער אים גייען נאָך כלידע און פלטי. אבנר און יהונתן הייבן אויף מיכלען, נעמען זי אונטער די אָרעמס און פירן זי אַראָפּ פּאַמע־לעך. שאול, כלידע און פלטי אָפּ רעכטס. אבנר יהונתן און מיכל פאַרהאַלטן זיך אין פאָדערגרונט).

י ה ו נ ת ן : (טרויעריק־רעזיגנירט) איך הייב נישט אָן צו דערקענען מיין פאָטער...

א ב נ ר : זיין בלינדע שנאה, רויבט ביי אים צו זיין שכל הישר. ווער מאַכט עס אַליין אומגליקלעך זיינס אַ קינד צוליב אַ צווייפלהאַפטער נקמה, אויב נישט איינער וואָס האַלט ביים פאַרלירן דעם זינען?...

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל).

# דאָס צענטע בילד

לינקס אַ פּעלזיקער באַרג־אָפּהאַנג. באַוואַקסן מיט קאַקטוסן און אַנ־דערע שטעכנדיקע און אויסגעדאַרטע קוסטן. אין הינטערגרונט ציט זיך אַ קייט פון בערגלעך, צופוסנס פון וועלכער עס שלענגלט זיך אַ קליין טייכל. איבער די בערגלעך, אַן אויסגעשטערנטער הימל. אויף די ברעגן פונעם טייכל עטלעכע ביימלעך. אין פאָדערגרונט רעכטס, די לעצטע עטלעכע ביימער פון אַ וועלדל. מער צום הינטערגרונט רעכטס, עטלעכע געצעלטן. די סצענע איז אַ גרינע לאָנקע.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף לאָזן זיך פאָרזיכטיק אַראָפּ איבערן אָפּהאַנג לינקס די סילועטן פון דוד און אבישי.

ד ו ד : (פליסטערנדיק) זעסט, אבישי, דאָרטן צווישן דעם וואַלד און דעם טייכל געפינט זיך שאולס לאַגער. ווערסט נישט קיין מורא האָבן זיך מיט מיר צוזאַמען אונטערצושלייכן אַהינצו?

א ב י ש י : קענסט מיך פאַר אַ שרעקעוודיקן? איך בין גרייט מיט דיר אינאיינעם צו גיין וואוהין נאָר דו ווערסט ווען.

ד ו ד : (בשעת זיי גייען איבער דער בינע) גוט! וועלן מיר זיך אונטער־גנבענען צווישן די ביימער ביז גאָר נאָענט צום לאַגער און מיר וועלן זען: אויב די וואַכן וועלן שלאָפן, אָדער עס וועלן אינגאַנצן נישט זיין קיין וואַכן — וועלן מיר אַריינגיין אין סאַמע לאַגער אַריין...

א ב י ש י : איך פאַרשטיי... דו ווערסט איבערראַשן שאולן אַ שלאָפנדיקן און מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן. ווילסט זיך נוקם זיין אַן אים פאַר די אַלע יאָרן פון זיין נע־ונד און פון ליידן אַזויפיל שלעכטס און פיין.

ד ו ד : זאָל מיך גאָט אויסהיטן פון צו טאָן אַזוינס. איך וועל אויפן גע־זאַלבטן פון גאָט קיין האַנט נישט אויפהייבן. איך וואָלט בלויז וועלן

אים באַווייזן, ווען דאָס זאָל גאָר מעגלעך זיין דורכצופירן אויף עפּעס אַן אופן, אַז ער איז געווען אין מיינע הענט און קיין איין האָר זיינע אַפילו האָב איך נישט אָנגערירט אויף זיין קאָפּ. גרויסער האַר יהוה, איך בעט דיך פונעם גאַנצן האַרצן זאָלסט באַווייליקן מיר צו העלפן דאָס צו טאָן!

א ב י ש י : איך אויף דיין אָרט וואָלט טאָקע גאָר אַנדערש געהאַנדלט.

ד ו ד : ניין, אבישי, אַזוי ווי דו ווילסט טאָן, טאָר מען נישט (פּויזע) איצט לאָמיר, מיט גאָטס הילף, אַריינגיין אין וואַלד אַריין... (ביידע פאַרשווינדן צווישן די ביימער. די סצענע בלייבט אַ ווײַלע ליידיק. דערווייל גייט אויף איבער די בערגלעך אין הינטערגרונט, זייער פּאַמעלעך, אַ בלייכע לבנה און באַלייכט אַלץ העלער די לאַנדשאַפט. אינצווישן קערן זיך אום איילנדיק דוד און אבישי. דוד טראָגט אַ מעכטיקן שפּיז און אַ פעלד־פלאַש. שפּעטער קלעטערן זיי אַרויף אויפן אָפּהאַנג ליגקס און זעצן זיך אַוועק אונטער אַ גרופּע קוסטן).

א ב י ש י : (גייענדיק איבער דער בינע) האָסט געזען ווי רואיק און זיכער זיי זיינען עס געשלאָפן? פּונקט ווי ביים טאַטן אין ווײַנגאָרטן! זיי האַלטן הפנים, אַז דערפאַר וואָס זיי זענען אַזוי פיל מער ווי מיר — דאַרפן זיי נישט מורא האָבן פאַר אונדז און איך נישט זיין פאַרזיכטיק. זיי האָבן דאָך אַפילו קיין וואַכן נישט אַוועקגעשטעלט.

ד ו ד : דאָס איז דאָך נישט קיין מלחמה מיט די געצנדינער... דאָס איז דאָך אַן ענין מיט אייגענע... און מיין כוונה איז הפנים דעם האַר יהוה וואוילגעפעלן — האָט ער אויף זיי אָנגעוואָרפן אַזאַ טיפן שלאָף. (אין אַ ווײַלע אַרום פון הינטער קוסטן) אבנר בן נר! (ווען קיינער ענטפערט נישט, אין אַ ווײַלע אַרום נאָך העכער) אבר בן נר! אבנר בן נר!

א ב י ש י : לאָז אים צורו... זעסט דאָך, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ הינערפלעט!

ד ו ד : (רופט אויף די העכסטע קולות) אבנר בן נר! אבנר בן נר, ענטפער מיר!

א ב נ ר : (זיין שטים צווישן די קוליסן רעכטס). ווער רופט עס מיך אין

מיטן דער נאַכט? (דערשיינט צווישן דיביימער) ווער קען מיך דאָס רופן אַזוי שפּעט?... איך זע דאָך קיינעם נישט. עס איז דאָך אוממעגלעך עס זאָל זיין אַ בת־קול פון הימל. (סאַרקאַסטיש) אַזעלכע קולות הערן בלויז פרומע לייט, נביאים, און איך בין אַן איינפאַכער בשר ודם, נאָך דערצו אַ זינדיקער. ענטפער מיר, צו אַלדי טייוואָלים, ווער האָט מיך גערופן?

ד ו ד : איך האָב דיך גערופן, הויפטמאַן איבער די חיילות פון ישראל. איך האָב דיך אויפגעוועקט פון אַזאַ געשמאַקן שלאָף, בכדי דיך צו וואָרענען, אַז עס לוינט נישט פאַר אַזאַ דערפאַרענעם קריגער ווי דו, זיך אַזוי אומפאַרזיכטיק צו פאַרזינקען אין אַ טיפן שלאָף אינמיטן פעלד. עס קען אַמאָל עפּעס מיט דיר פּאַסירן... אויסערדעם וויל איך דיר מאַכן אַ פאַרוואורף פאַרוואָס דו היטסט נישט בעסער אָפּ דעם מלך פון ישראל...

א ב נ ר : אָבער נאָכאַמאָל, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווער איז עס דער „איך“ וואָס רופט מיך?

ד ו ד : דער „איך“ איז דיינער אַן אַלטער באַקאַנטער.

ש א ו ל : (באַווייזט זיך אויך צווישן די ביימער נעבן אבנרן) דאָס איז דאָך דער תכשיט דוד בן ישי.

א ב נ ר : (מיט אַ שמייכל) כ'האָב מיר שוין מיט אַ ווײַלע צוריק אָפּגעגעבן רעכענונג וועגן דעם.

ש א ו ל : (אין כעס) העי, דו אויסוואָרף! דו זינדיקער מורד! דו פאַרשאָלטענער לץ! האָסט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעלערנט צו זיין אַ ביסל מיושבדיקער, אַביסל ערנסטער? האָסט נאָך אַלץ חשק צו קומען אַהער מאַכן שפּאַסן מיט אונדז אינמיטן דער נאַכט? זיי וויסן, אַז מאָרגן וועל איך אונטערציען דעם חשבון מיט דיר און מיין שטראָף וועט פאַלן אויף דיר אומברחמנותדיק גרויזאַם. איך וועל דיך צעהאַקן אויף שטיקער, ווי דער אַלטער נביא שמואל האָט אַמאָל געטאָן מיט אגג, דעם קיניג פון עמלק!

ד ו ד : האַלט איין דיין גרימצאָרן, מלך שאול! און שטער נישט איצט די רו פון דעם אַלטן נביא שמואל. ער ליגט שוין איצט אין זיין קבר

און איז אָפּגעשיידט פון אונדז. און ווייטער וויל איך דיר נאָך זאָגן, אַז איך בין בשום אופן נישט געקומען אַהער צו מאַכן שפּאַס מיט אייך. קיין זאַך איז נישט ווייטער פון מיר ווי דאָס. מיין קומען האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער צוועק. איך בין געקומען דיר צו וויסן געבן, אַז דיין שפּיז וואָס האָט היינטיקע נאַכט געשטעקט אין דער ערד דיר צוקאָפּנס און דיין וואַסער־פלאַש וואָס איז געלעגן נעבן דיין זייט, געפינען זיך איצט אין מיין רשות אַלס אַנדענק פון דיר. ווען איך האָב געמוזט אַזוי אומגעריכט פאַרלאָזן דיין הויף, האָב איך מיטגענומען בלויז מיין לירע, מיין שטעקן און מיין טאָרבע. קיין אַנדערן קעגנשטאַנד אַלס אַנדענק, האָב איך דעמאָלט נישט געקענט מיטנעמען — בין איך איצט געקומען עס טאָן...

א ב נ ר : (פאַר זיך אַליין) אַך, דו פּראַכט־יונג איינער! זאָלן זיך מערן אַזעלכע ווי דו אין ישראל! (צו שאולן) ער האָט אונדז היינטיקע נאַכט געהאַט אין זיינע הענט און האָט אונדז אַפילו נישט אָנגערירט. (צו איינעם פון די קריגער, וואָס שטייען אויך צווישן די ביימער) גיי ברענג מיר דעם מלכס שפּיז און זיין פעלד־פלאַש!

ש א ו ל : (געפּלעפט) איז עס טאַקע ריכטיק, דוד בן ישי, אַז דו ביסט נאַר־וואָס געווען אין מיין לאַגער? איז עס אמת, אַז דיין שווערד האָט מיך געקענט דערגרייכן אַ שלאָפנדיקן און דו האָסט מיך נישט אָנגערירט? איז עס וואַרהאַפטיק, אָדער בלויז אַזאַ חלום? (פּויזע) אויב עס איז אמת, צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן...

ד ו ד : וואָס הייסט, צוליב וואָס האָב איך עס געטאָן? דאָס איז דאָך אַזוי קלאָר און זעלבסטפאַרשטענדלעך און עס איז פאַראַנען מער ווי איין סיבה פאַר דעם. ערשטנס, האָב איך צוגעזאָגט דעם נביא שמואל גאָרנישט צו אונטערנעמ'ען קעגן דיר. צווייטנס, ביסטו דער געזאַלבטער פון גאָט, ווען עמען איך טאָר קיין שלעכטס נישט טאָן. דריטנס, ביסטו דער פאָטער פון דער פרוי, וועמען איך האָב געשאָנקען מיין ערשטע יוגנט־ליבע. פערטנס, פיל איך אַליין צו דיר קיין שום שנאה, נישט קוקנדיק דערויף וואָס דו פאַרפאָלגסט מיך אַזוי ביטער שוין אַזויפיל יאָרן. פינפטנס, און דאָס איז אפשר דאָס וויכטיקסטע —

ווער בין איך, איך זאָל דיך משפּטן? דער גרויסער גאָט פון ישראל וועט אונדזביידן אַמאָל משפּטן מיט גערעכטיקייט. אָבער ביז דע־מאָלט...

ק ר י ג ע ר : (איז צוריקגעקומען) מיין האַר אבנר בן נר! כ'האָב גענישט־טערט און געזוכט אויפן אָרט וואו דער האַר מלך איז היינטיקע נאַכט געלעגן און איך האָב נישט געפונען, נישט זיין שפּיז און נישט זיין פעלד־פלאַש.

א ב נ ר : גוט, ס'איז רעכט! (צו שאולן) איצט איז שוין אין דעם קיין שום ספק נישטאָ. ער האָט אונדז געהאט אין זיין מאַכט און האָט אונדז פאַרשוינט.

ש א ו ל : (נאָך אַן אינערלעכן קאַמף) איך אנערקען, דוד בן ישי, אַז איך בין שולדיק און זינדיק אַנטקעגן דיר! (פּויזע. שרייט פּלוצים אויף) אָבער ניין! עס איז אויף קיין פאַל נישט אַזוי! ווי אַזוי האָב איך עס נישט פאַרשטאַנען באַלד פון אָנהייב? דאָס וואָס דו האָסט היינט געטאָן, איז ווידער אַן אויסדרוק פון דיין שלעכטסקייט. דאָס איז אַ ביי־זוויליקע און ראַפינירטע נקמה. צו וואָס האָסטו געזאָלט אויס־לעשן מיין לעבן און מאַכן אַ סוף מיטאַמאָל צו אַלע מיינע ליידן און צו מיין גאַנצער פּיין?... אַז דאָ האָסטו דאָך געהאָט אַ מעגלעכקייט צו באַווייזן אויף וויפל איידעלער און נאָבעלער דו ביסט פון מיר... אַז דו האָסט דאָך געקענט מיך לאָזן ווייטער זיך צאַפּלען אין מיין אייגענער פאַרצווייפלונג... איצט וועל איך צעריסן און אויפגעפרעסן ווערן פון מיין אייגענער געוויסנספּיין... (שרייט אויף) דוד בן ישי, פאַרוואָס האָסטו נישט צוגענומען מיין לעבן?...

(פאָרהאַנג).

# דאָס עלפטע בילד

**די דעקאָראַציע איז ווי אין צענטן בילד, אָבער ביי טאָגליכט.**

**ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף זיצן אינמיטן דער בינע, אין אַן אומ־רעגלמעסיקער גרופּע, דוד, אליאב, אבינדב, שמה, יואב, אבישי, עשהאל, גד דער נביא, אביתר דער כהן, אביגיל הכרמלית און אחינעם היזרעאלית, דודס פרויען, און אַנדערע פרויען און מענער. טייל זיצן אויף שטיינער און אַנדערע אויף דער ערד.**

ד ו ד : איצט האָט שאול אָפּגעצויגן פון דאַנען אַן צו קעמפן מיט אונדז, מסתמא אונטער דער השפעה פון אבנרן. דער אַלטער קריגסמאַן איז לעצטנס נישט שטענדיק שוה בשוה מיטן מלך, ווי איך האָב געהערט, און שאול נעמט אָפּטמאָל נישט אין אַכט זיינע מיינונגען. אָבער דאָסמאָל האָט ער זיך ווארשיינלעך געמוזט רעכענען מיט אים, ווייל ער האָט געהאט שטאַרקע אַרגומענטן צו פאָדערן דעם צוריקצוג. אָבער דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז שאול האָט שוין אויף שטענדיק אויפגעגעבן די רדיפות אויף אונדז. פאַרקערט, לויט ווי איך קען אים, וועט ער מיר בשום אופן נישט מוחל זיין די גרויסמוטיקייט וואָס איך האָב אים אַרויסגעוויזן, שענקענדיק אים דאָס לעבן, און עס וועט זיכער נישט לאַנג געדויערן ביז ער וועט ווידער אונדז אָנהייבן צו פאַרפאָלגן. באַדאַרפן מיר איצט זיך באַטראַכטן און באַראַטן וואָס צו טאָן פאַר אונדזער בעסערן שוץ. וועגן דעם וואָלט איך וועלן הערן אייער מיינונג.

י ו א ב : מיין עצה איז, מיר זאָלן זיך אָוועקלאָזן טיפער אין מדבר אַריין. מיר זענען דאָרטן באַקאַנט גוטע היילן צום וואוינען, אויסערדעם וועלן מיר דאַרפן אויסנוצן די עטלעכע מאָגאַטן, וואָס פאַרבלייבן

נאָך ביז צום ווינטער, צו מאַכן אָפּטערע אָנפאַלן אויף די שבטים וואָס וואוינען אין צפון און אויף דרום פון ים המלח, אויך אויף די פון מזרח־זייט, בכדי מיט דעם זאַקרויב זאָלן מיר קענען צוגרייטן שפייז, באַקליידונג און באַשוכונג פאַר דער קאַלטער צייט.

עטלעכע מענער: מען דאַרף זיך צוהערן צו יואבס ווערטער. — דאָס וואָס ער זאָגט איז גאַנץ באַזאַכט און שכלדיק.

אביגיל: דאָס וואָס יואב האָט געעצהט, קען מסתמא זיין גוט פאַר די מענער, אָבער פאַר אונדז פרויען, באַזונדערס פאַר יענע פון זיי וואָס האָבן קינדער, זענען די לאַנגע וואַנדערונגען איבערן מדבר און דאָס וואוינען אין די היילן, אַ שווערע פּלאָג. דאַרף מען זען צי איז נישט פאַראַנען עפּעס אַן אַנדער אויסוועג.

עטלעכע פרויען: ס׳איז ריכטיק! מיר זענען שוין אויסגעשעפּט פון שטענדיקן אַרומשלעפּן זיך אין די מדבריות! — מיר קענען שוין לענגער נישט וואוינען אין די פינצטערע היילן! —

אחינעם: אפשר וואָלט מעגלעך געווען איבערצוזיין אַ געוויסע צייט אין דעם גוט פון נבל, וועלכעס באַלאַנגט איצט צו אביגילן זינט יע־נער איז געשטאָרבן. דאָרטן זענען פאַראַנען הייזער, שייערן, שטאַלן וכדומה. דאָס איז בעסער פון היילן און דער פּלאַץ איז דאָך נאָענט פון דאַנען.

אביגיל: איך לאָז אייך גערן פריי דאָס גוט, אָבער לויט מיין מיינונג איז עס נישט דער ריכטיקער אויסוועג. דאָס גוט איז נישט צוגעגרייט און נישט גענוג גרויס פאַר אַזוי פיל פאָלק ווי מיר האָבן. וועט אויסקומען, אַז אַ טייל וועלן וואוינען אין גוטע באַדינגונגען און דער גרעסערער טייל וועט זיך ווייטער אַרומוואַלגערן אפשר נאָך ערגער ווי אין די היילן. דאָס וועט אַרויסרופן אומצופרידנקייט און מחלוקתן און עס וועט דערפירן צו קנאה און שנאה. און נאָך אַלעמען וועלן אונדז דאָרטן אונדזערע שונאים ערשט לייכט קענען דערגרייכן.

אליאב: אביגילס ווערטער זענען ריכטיק. נבלס גוט איז נישט גע־נוגנדיק פאַר אַזוי פיל מענטשן ווי ביי אונדז איז פאַראַנען. מען דאַרף ריכטן די געדאַנקען אויף עפּעס אַנדערש.

דוד: איך וואָלט געקענט אייך מאַכן אַן אַנדער פאָרשלאַג, אָבער איך האָב מורא, אַז איר וועט מיך פאַרשרייען אַלס... איך וויל עס בע־סער נישט ברענגען אויף די ליפּן...

עטלעכע מענער: רעד, דוד בן ישי, מיר וועלן דיך אויסהערן. — מיר וועלן דיך נישט פאַרשרייען, ווייל מיר קענען דיך און דיינע מעשים. —

יואב: דוד, מיין פריינט, מיר זענען געשפּאַנט צו הערן וואָס דו האָסט אונדז צו זאָגן, ווייל מיר ווייסן אַז דו האָסט אַ קאָפּ אויף די פּליי־צעס.

דוד: די ערשטע טעג נאָכדעם וואָס איך בין געהאַט אַנטלאָפן פאַר שאולן, האָב איך מיך איינער אַליין אַרומגעשלעפּט איבער די פעל־דער און וועלדער, אויסמיידנדיק די ישובים, בכדי נישט דערקענט צו ווערן. איך בין געווען אַזוי הונגעריק, מיד און צעבראָכן, אַז עס איז מיר אַזש טונקל געוואָרן פאַר די אויגן און עס איז מיר געווען גלייכגילטיק וואוהין עס טראָגן מיך מיינע פיס. גייענדיק אַזוי, בין איך פאַרקראָכן איבער דער פּלישתישער גרענעץ, נישט ווייט פון גת, און זייערע אַ וואַך האָט מיך איבערגענומען. הקיצור מען האָט מיך געבראַכט צום קיניג אָכיש, דעם מושל פון יענער שטאָט. דאָרט איז געווען איינער וואָס האָט מיך געזען קעמפן מיט זיין בן־עיר גלית און ער האָט מיך פאַרקלאָגט פאַרן קיניג אָכיש. ווען איך האָב געזען, אַז עס ווערט שלעכט, האָב איך געלייקנט שטיין אוןביין, האָב מיך אָנגעהייבן משוגע צו מאַכן און האָב מיך אויסגעגעבן פאַר אַ קונצנ־מאַכער. קודם־כל האָב איך געבעטן זיי זאָלן מיר געבן זאָט אָפּצו־עסן און דערנאָך האָב איך זיי געוויזן פאַרשיידענע קונצן. די בני־צרויה ווייסן, אַז איך קען אָט־די מלאכה, נאָך פון די קינדעריאָרן אָן. איך בין שוין פאַרבליבן מיט זיי אַ שטיק צייט און פון דעמאָלט אָן קען איך דעם קיניג אָכיש פון גת.

אבישי: וואָס־זשע פאַר אַ שייכות האָט עס מיט אונדזער ענין?

עשהאל: יאָ, טאַקע, ווי קומט דער קיניש אָכיש צו דער פראַגע וואָס שטייט דאָ פאַר אונדז?

ד ו ד : האָט געדולד, וועט איר זיך באַלד דערוויסן. לויט ווי איך האָב אים דערקענט, איז יענער קיניג אַכיש אַ גוטמוטיקער מענטש גאָר נישט לויטן פלישתישן שטייגער, און אויב עמעצער געפעלט אים, האָט ער ליב צו ווערן מיט אים אַ גוטער ברודער. דעריבער דענק איך, אַז ער וואָלט איינגעגאַנגען צו דערלויבן מיר זאָלן זיך באַזעצן אין איינער פון זיינע קלענערע שטעט, אויב מיר זאָלן אים גאָר אָנ־באָטן צו ווערן זיינע פאַרבינדעטע...

א ל י א ב : אָבער דאָס וואָלט דאָך געהייסן, אַז מיר דאַרפן אַריבערגיין אויפן צד פון אונדזער פאָלקס ערגסטן שונא...

א ב י נ ד ב : אַלס אכישס פאַרבינדעטע וואָלטן מיר דאָך אַפילו געדאַרפט אַרויסגיין מיט אים אין אַ מלחמה קעגן אונדזערע ברידער...

ש מ ה : וואָס דאַרף מען דאָ לאַנג ברייען, ברודערקע דוד, דאָס וואָס דו לייגסט אונדז פאָר, איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי פאַרראַט.

ד ו ד : האָב איך דאָך נישט אומזיסט מורא געהאַט, אַז איר וועט מיך פאַרשרייען טאָקע אַלס פאַררעטער. און עס זעט טאָקע אַזוי אויס, ווען מען גייט צו צו דעם ענין פראָסט פשוט און מיט אַזוי פיל אָרנטלעכקייט ווי איר טוט עס. אָבער די זאַך זעט שוין גאָר אַנדערש אויס, ווען מען באַטראַכט זי מיט אַביסל שלויקייט, וועלכע איז אָן ספק דערלויבט בשעת עס גייט אין געפינען אַן אויסוועג פון אַ שווערלעכער לאַגע...

י ו א ב : זיכער איז דערלויבט אַביסל שלויקייט, און אויב נייטיק קען מען אַביסל פאַרבייגן די אָרנטלעכקייט אויך אין אַן אויסנאַמפאַל...

ד ו ד : ס'וואָלט זיך אונדז צוליב אַ סך טעמים געלוינט צו באַזעצן אין איינער פון די פלישתישע שטעט. ערשטנס וואָלט אונדז שאול דאָרטן נישט דערגרייכט, ווייל ער וואָלט אונדז דאָך נישט נאָכגעלאָפן אין אַ פרעמד לאַנד אַריין, און דעריבער וואָלטן מיר געווען זיכערער. צווייטנס, וואָלטן מיר מיט אונדזערע משפחות געקענט וואוינען אַ סך מענטשלעכער אין אַ שטאָט. דריטנס, וואָלטן די פון אונדז וואָס זענען באַקאַנט מיט האַנטווערק אָדער האַנדל, געקענט אַרבעטן פאַר דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג און האַנדלען מיט איר; דאָס

וואָלט פאַר אונדז מעגלעך געמאַכט נישט צו דאַרפן זיך איינגאַנצן פאַרלאָזן אויפן זאַקרויב. פערטנס, וואָלטן מיר אין אַ שטאַט געקענט איבערלאָזן היפש ווייניקער מענער צו באַשיצן די משפחות, בשעת מיר לאָזן זיך אַרויס אין מדבר אַריין. פינפטנס, וואָלטן קודם־כל אונ־דזערע קינדערלעך, אָבער אויך מיר אַליין, נישט אַזוי פאַרווילדעוועט געוואָרן ווי אין וויסטן מדבר, ווייט פון מענטשן.

**א ב י ש י:** ס׳קומט אויס, אַז דיין פאַרשלאָג האָט בלויז מעלות טובות און קיין איין חסרון נישט.

**ד ו ד:** וואַרט צו אַביסל, וועסטו עפּעס הערן אויך וועגן די חסרונות. מיר וועלן, פאַרשטייט זיך, דאַרפן צאָלן אַכישן אַ טריבוט, זיכער נישט קיין קליינעם, ווייל גערלט האָט ער דווקא זייער שטאַרק ליב. און מיר וועלן דאַרפן אָנקומען צו אַביסל שלויקייט און אָפּנאַרעריי. מיר וועלן אים צוזאָגן אָנצופאַלן בלויז אויף די בני־ישראל, אָבער מיר וועלן זיך אַרויסדרייען און נישט האַלטן קיין וואָרט. מיר וועלן ווייטער פירן אונדזערע קאַמפן מיט די געצנדינערס פון מדבר. אין מלחמה מיט ישראל וועט אונדז מסתמא נישט אויסקומען צו גיין אינאיינעם מיט די פלישתים, ווייל די איבעריקע מושלים זייערע וועלן עס נישט דערלאָזן, נישט וועלנדיק זיך פאַרלאָזן אויף אונדזער געטריישאַפט. אָבער אין פאַל מען זאָל פון אונדז פאַרלאַנגען, האָבן מיר דאָך שטענ־דיק די ברירה אַריבערצוגיין די גרענעץ און צוריק צו ווערן אויס מחותנים מיטן קיניג אַכיש.

**ש מ ה:** איך מוז איצט מודה זיין, אַז ווי דו מאָלסט דעם ענין, שמעקט אין דעם נישט קיין פאַרראַט, אָבער...

**א ב י נ ד ב:** איינגאַנצן אָרנטלעך איז די זאַך בשום אופן נישט...

**א ל י א ב:** יאָ, דער ענין איז גאָר ווייט פון צו זיין איינגאַנצן כשר.

**ד ו ד:** אויב אַזוי, לאָמיר אַ פרעג טאָן ביים כהן אביתר. אויף כשרות איז ער מער מבין פון אונדז.

**א ב י ת ר:** כשרות איז נאָכאַלעמען אַן ענין, וועגן וועלכן מ׳קען דרייען אַהין און אַהער...

ד ו ד: נו, איר זעט דאָך, אַז דער כהן וויל זיך אַרויסדרייען. וואָס איז דיין מיינונג, נביא גד?

ג ד: איך האַלט מיט דיר, דוד בן ישי. מ'דאַרף זיך באַזעצן צייטווייליק אין איינער פון די פלישתישע גרענעץ־שטעט, אויב דאָס זאָל נאָר מעגלעך זיין...

אַ ס ך  מ ע נ ע ר  א ו ן  פ ר ו י ע ן: מיר נעמען אָן דודס עצה! — מיר זענען מסכים מיט דער מיינונג פון אונדזער הויפּטמאַן דוד בן ישי! —

ד ו ד: אויב אַזוי, דאַרפט איר איצט באַשטימען די דעלעגאַציע, וועלכע זאָל גיין פאַרהאַנדלען מיט אָכיש, דעם קיניג פון גת.

ש ט י מ ע ן  פ ו ן  מ ע נ ע ר  א ו ן  פ ר ו י ע ן: זאָל גיין דוד! — און מיט אים אינאיינעם יואב, אליאב און גד! —

י ו א ב: דוד דאַרף בלייבן דאָ. זאָל גיין אַנשטאָט אים דער כהן אביתר, וועלן נישט אַנטשטיין קיין קנאה און שנאה צווישן אים און דעם נביא.

ש ט י מ ע ן  פ ו ן  מ ע נ ע ר  א ו ן  פ ר ו י ע ן: יואבס ווערטער זענען ריכטיק! — זאָל דער הויפּטמאַן בלייבן מיט זיין מחנה אויף יעדן פאַל און זאָל גיין דער כהן אביתר! —

(פאָרהאַנג).

## דאָס צוועלפטע בילד

דער מאַרקפּלאַץ פון דער צעשטערטער שטאָט ציקלאַג. אין הינטער־גרונט און רעכטס און לינקס, שטיינערנע הייזער אין גריכישן סטיל. נעבן די הייזער ליגן צעבראָכענע קאָלומנעס, באַלוסטראַדעס און שטיינער פון איינגעוואָרפענע גאַניקעס און באַלקאָנען. די ווענט אַרום די אייבערשטע טיילן פון די טירן און פענצטער זענען פאַרסאַזשעט פון די פייערפלאַמען וואָס האָבן דאָרט אַרום אַרויסגעשלאָגן פון אינעווייניק. אינמיטן דער בינע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער מזבח, אַרום וועלכן עס פאַ־רעט זיך אביתר, בראַטנדיק דאָס קרבנות־פלייש מיט דער הילף פון עט־לעכע יינגלעך. אויף די איינגעוואַלגערטע שטיינער און ברוכשטיקער זיצן מידע מענער און פרויען.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף קומען אָן פון אַ געסל רעכטס: דוד, אליאב, אבינדב, שמה, יואב, אבישי און עשהאל — אַלע באַוואָפנט. זיי שטעלן זיך אָפּביים מזבח.

ד ו ד : אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל! איך דאַנק דיר און לויב דיך פאַר אַלע חסדים וואָס דו האָסט מיר באַוויזן אין משך פון די לעצטע טעג. דו האָסט איינגעגעבן די סרני פלישתים דעם געדאַנק זיי זאָלן אונדז אויסשליסן פון צו קעמפן מיט זיי אינאיינעם קעגן אונדזערע ברידער און האָסט אונדז פאַרשפּאָרט צו שטיין פאַר אַ גרויסן נסיון. דאַנק איך דיר און לויב דיך דערפאַר! הללויה! הללויה!

ז יי נ ע ב אַ ג ל יי ט ע ר : אַ דאַנק און לויב דעם האַר יהוה! הללויה! הללויה!

ד ו ד : דו האָסט איבערגעגעבן אין אונדזערע הענט די עמלקים, אונדזע־רע דם־שונאים, וועלכע זענען איבערגעפאַלן אונדזער שטאָט, האָבן

זי אויסגערויבט און פֿאַרברענט, האָבן אַוועקגעפֿירט אין געפֿאַנגענ־שאַפֿט אונדזערע פֿרויען און קינדער און באַדראָט זייערע לעבנס, אין דער צייט ווען מיר זענען געווען אונטערוועגס צום שלאַכטפֿעלד אינ־איינעם מיט די פּלישתּים. מיט דיין מעכטיקער הילף, האָבן מיר צוריק דעראָבערט אונדזערע משפּחות, אונדזער גוטס און אויך דאָס גוטס פֿון אונדזערע איבערגעפֿאַלענע ישובֿים אינעם לאַנד יהודה. דאַנק איך און לויב דיך דערפֿאַר מיין גאָט! הללויה! הללויה! זאָל דיין גרויסער נאָמען אויף אייביק זיין געאַכפּערט און דערהויבן! אמן! אמן סלה!

**זיינע באַגלייטער:** אַ דאַנק און לויב אונדזער אַלמעכטיקן גאָט! הללויה! הללויה! זאָל זיין הייליקער נאָמען אויף אייביק זיין געאַכפּערט און דערהויבן! אמן! אמן סלה!

**דוד:** (צו זיינע באַגלייטער) מיר וועלן נישט אָפּקומען בלויז מיט אַ תּפֿילה. ווי אויפֿריכטיק אַ תּפֿילה זאָל נישט זיין, איז זי בשום אופֿן נישט גענוג. מיר וועלן אויסדריקן אונדזער דאַנקבאַרקייט מיט גוטע מעשׂים. איר וועט אַ גרויסן חלק פֿון די סטאַדעס, וואָס זענען אַריינ־געפֿאַלן אין אונדזערע הענט, אָפּגעבן די געליטענע שטעט און דער־פֿער פֿון יהודה, בכדי כאָטש טיילווייז צו פֿאַרגיטיקן זייערע שאָדנס. איר וועט גערעכטיק אויסקלייבן יונגע און פֿעטע שאָף און רינדער.

**יואָב:** ס'וועט געשען אַזוי ווי דו באַפֿעלסט אונדז, אונדזער הצלחה־דיקער הויפּטמאַן!

**אליאָב:** אין זכות פֿון דיין גוטסקייט, וועט דער אַלמעכטיקער האַר יהוה דיך אויך באַגליקן אויף אַלע דיינע ווייטערדיקע וועגן, מיין ברודער און האַר.

**דוד:** איצט וועלן מיר נהנה זיין פֿונעם זבחים־פֿלייש און מיר וועלן אונטערהאַלטן די הערצער מיט וויין, אָבער זעט קיינער זאָל נישט איבערכאַפּן די מאָס און זאָל זיך נישט לאָזן צופֿיל גוט גיין, ווייל אין דערזעלבער צייט וואָס מיר קענען דאָ רואיק עסן און טרינקען, שטייען מסתּמא אונדזערע ברידער איצט אין אַ שווערער שלאַכט מיט די פּלישתּים. דעריבער וועלן מיר היינט נישט מאַכן קיין דאַנק־

סעודה. מיר וועלן בלויז איבערכאַפּן, בכדי זיך עטוואָס צו שטאַרקן. עסט און טרינקט, ברידער און שוועסטער, און זאָל עס אייך וואויל באַקומען. (די קינדער באַקומען פונעם כהן שטיקער פלייש און דער־לאַנגען די עלטערע. רעכטס פונעם מזבח ווערן אַוועקגעלייגט שטיי־נער און ברוכשטיקער, אויף וועלכע עס זעצן זיך אויס: דוד מיט זיינע ווייבער, זיינע ברידער און די בני־צרויה מיט זייערע ווייבער, דער נביא גד און צום סוף דער כהן אביתר. בשעת מען האַלט אינ־מיטן עסן, ברענגט אַ וואַך־קריגער אַריין אַן אָפּגעריסענעם און פאַר־שטויבטן מענטשן, קומענדיק פון אַ געסל לינקס, און ווענדט זיך צו דודן).

וו אַ ך ־ ק ר י ג ע ר : מיין האַר הויפּטמאַן! אָט־דער מענטש וויל רעדן מיט דיר.

ד ו ד : איצטער עסן מיר — זאָל ער צוואַרטן. ווי עס ווייזט אויס, קומט ער פון אַ גאַר ווייטן וועג — איז ער זיכער הונגעריק. דערוו־בער גיט אויך אים צו עסן. (אין אַ ווײַלע אַרום צו יואבן, וועלכער זיצט נעבן אים) ווייזט דיר נישט דער מענטש אויס צו זיין אַן עמלקי?... (באַטראַכט ווייטער שאַרף דעם פרעמדן, וועלכער ווערט אַוועקגעפירט אין אַ ווינקל און באַקומט עסן).

י ו א ב : ריכטיק! לויטן אויסזען דאַרף ער זיין אַן עמלקי.

ד ו ד : און דאָך זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז ער קומט פונעם טאָל יזרעאל, וואו עס איז שוין זיכער פאָרגעקומען די גרויסע שלאַכט צווישן יש־ראל און די פלישתים. נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער זעט אויס רואיק און גלייכגילטיק, פיל איך אַז ער ברענגט נישט קיין גוטע ידיעות. די פלישתים האָבן געהאַט צו אַ גרויסן איבערגעוויכט פון כוחות... (לעב־גערע פויזע) כהן אביתר, זאָג איצטער דאָס פאַרקירצטע שפּייז־בענטשן, מיר זענען דאָך נאָך כמעט ווי אונטערוועגס.

א ב י ת ר : (זאָגט פראַזענווייז — און אַ טייל פונעם פאָלק זאָגט אים נאָך) געבענטשט און געלויבט ביסטו אונדזער גאָט, באַשעפער און האַר פון דער וועלט, פאַר דער גוטער שפּייז וואָס דו האָסט אונדז געגעבן! — מיר דאַנקען דיר פאַר די זאַטע מתנות וואָס דו האָסט

אונדז געגעבן היינט און וואָס דו גיסט אונדז יעדן טאָג, האַר פון דער וועלט, און אויך דערפאַר וואָס דו העלפסט אונדז ווי אַ געטרייער פאָטער קעגן אַלע אונדזערע שונאים. הללויה!

ד ו ד : איצט ברענגט אַהער דעם פרעמדן! (ווען מען האָט יענעם גע־בראַכט) ווער ביסטו און וואָס איז דיין באַגער?

ע מ ל ק י : (מיט אַ זעקל אין האַנט) איך שטאַם פון די עמלקים, אָבער איך האָב געדינט אַלס קנעכט ביי אַ ישראלישן בעל־הבית. (פאַרנייגט זיך חניפהדיק) איך ברענג דעם גרויסן העלד דוד בן ישי, וועמען מען האָט שוין יינגלווייז געזונגען לויב־לידער, אַ ידיעה, פאַר וועלכער ער וועט מיך זיכער באַפרייען פון קנעכטשאַפט און רייך באַלוינען מיט אַנדערע מתנות. איך בין צוויי טעג און צוויי נעכט געלאָפן ביז אַהער, כדי צו ברענגען דער ערשטער די וויכטיקע ידיעה.

ד ו ד : פון וואַנען ביסטו געלאָפן צוויי טעג און צוויי נעכט, עמלקי?

ע מ ל ק י : פון דעם באַרג גלבוע, וואו עס איז פאָרגעקומען די שלאַכט צווישן די ישראלים און די פלישתים.

ד ו ד : (איבערראַשט און אויפגערעגט) ווער האָט מנצח געווען?

ע מ ל ק י : די ישראלים זענען שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן און זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן. עס זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד דער מלך שאול, זיין עלטסטער זון יהונתן און אַלע זיינע איבעריקע זין. אויך זייער אַ סך פונעם פאָלק זענען געפאַלן. עס איז געווען אַן אמתער אומגליק פאַר שאולס חייל און פאַר אים מיט די זייניקע. אָבער פאַרן האַר דוד בן ישי איז דאָס אפשר געווען אַ גליק... איצט וועט שוין נישט זיין קיינער וואָס זאָל אים פאַרפאָלגן אויף אַלע וועגן און שטעגן...

ד ו ד : (בייז) שווייג דו געצנדינער! פון וואַנען קען איך זיין זיכער, אַז דו זאָגסט נישט קיין ליגן און אַז דער מלך שאול איז טאַקע געפאַלן אינאיינעם מיט יהונתן און די איבעריקע זין?

ע מ ל ק י : איך ברענג דיר אַ זיכערן באַווייז, דוד בן ישי. (שלעפּט אַרויס פון זיין זעקל אַ קרוין און אַן אַרעמבאַנד) אָט־די זאַכן האָבן באַלאַנגט צו דעם מלך שאול. ס׳קען זיין, אַז דו דערקענסט זיי נאָך.

(חניפהדיק) איך האָב זיי געבראַכט צו דיר, גרעסטער פון די העלדן, ווייל זיי וועלן זיך פּאַסן צו דיר. דאָס איז נישט בלויז מיין מיינונג. איך ווייס אַז גאַנץ ישראל טראַכט דאָסזעלבע.

ד ו ד: (מיט טיפן צער) עס איז אמת... דאָס אומגליק איז טאַקע געשען... (פּויזע) וואו האָסטו געגומען די זאַכן, עמלקי? פון וואַנען קומען זיי צו דיר?

ע מ ל ק י: ווען די שלאַכט האָט זיך דערוויטערט פונעם באַרג גלבוע און די פּלישתים האָבן זיך געיאָגט נאָך די בני ישראל, בין איך ארויפגעגאַנגען אַהין. ס'האָט מיך געטריבן די נייגעריקייט צו זען וואָס עס איז פאָרגעקומען דאָרטן און אויסערדעם האָב איך געהאָפט עפּעס צו געפינען, אַזעלכעס וואָס וועט מיר טאַקע צונוץ קומען...

י ו א ב: שעמסט זיך גאָרנישט דאָס צו דערציילן, דו היענע, אַז ביסט געגאַנגען באַרויבן די נאַרוואָס געפאַלענע?...

ע מ ל ק י: ס'קען זיין, אַז איך וואָלט מיך געדאַרפט שעמען, אָבער איך וויל דאָך אייך דערציילן דעם ריינעם אמת... אויסערדעם איז עס גאָרנישט אויסערגעוויינטלעכעס, אַלע קנעכט טוען, אַזוי ווי איך...

ד ו ד: דערצייל ווייטער, געצנדינער; וואָס איז ווייטער געשען?

ע מ ל ק י: בשעת איך האָב אַזוי געגישטערט אין די ווינקלעך, האָב איך דערהערט אַ יאָמערנדיקע, ווייטאָגלעכע און אַנגסטלעכע שטים, וועלכע האָט גערופן נאָך הילף. איך האָב מיך דערנענטערט און האָב באַלד דערקענט, אַז דאָס איז דער מלך שאול. עס איז נישט געווען איבעריק שווער צו טרעפן צוליב זיין קרוין, אָבער איך האָב אים שוין פריער געהאַט געזען און האָב אים דערקענט. ער איז געלעגן אויף זיין שווערד, אויף וועלכער ער האָט זיך געהאַט אַרויפגעוואָרפן, אַ שווער פאַרוואונדעטער, אָבער נאָך אַ לעבעדיקער. אַרום און אַרום האָבן זיך נאָך געיאָגט רייטערס און קריגס־וועגענער און ס'איז גע־ווען אַ סכנה ער זאָל נישט צעטראָטן ווערן ווי אַ וואָרעם.

א ל י א ב: היט דיין גיפטיקע צונג, דו נבזהדיקער קנעכט! רעד נישט אַזוי וועגן דעם מלך און געזאַלבטן פון ישראל!

ע מ ל ק י: זיי מיר מוחל מיין האַר... (הכנעהדיק און שלוי) איך האָב

גערעכנט, אַז צווישן אייך, וועמען ער האָט אַזוי פיל יאָרן גערודפט, מעג מען רעדן...

ד ו ד : (אומגעדולדיק און שטרענג) דערצייל ווייטער, אָבער מאַך עס בקיצור!

ע מ ל ק י : ער האָט טאַקע הפנים מורא געהאַט מען זאָל אים נישט צע־טרעטן און אויסערדעם האָט ער באַשיינפּערלעך געליטן שרעקלעכע ווייטיקן און זיין אַמאָל אַזוי מעכטיקער קערפּער האָט זיך געקאָר־טשעט אין מוראדיקע קראַמפּן. ווען איך האָב מיך דערנענטערט צו אים, האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אים אויסלייזן פון די ליידן און אים טויטן. איך האָב געזען, אַז בלייבן ביים לעבן וועט ער שוין נישט קענען און עס איז ביי מיר דורכגעלאָפן דער געדאַנק, אַז פאַר מיר וועט עס זיין אַ גליק אויב איך וועל ברענגען צום האַר דוד בן ישי זיין קרוין און אַרעמבאַנד. האָב איך אַרויסגענומען מיין מעסער און האָב אים פאַרענדיקט. נישט ווייט פון אים איז שוין אויך געלעגן טויט יהונתן...

ד ו ד : (מיט אַ געיאָמער) דו האָסט געוואַגט אויפצוהייבן אַ האַנט אויפן געזאַלבטן מלך פון ישראל, דו פאַרשאָלטענער קנעכט? דיין אייגן טמא מויל האָט דיך איצט פאַרמשפּט צו טויט־שטראָף! (צו די אַרו־מיקע) נעמט אים און פירט באַלד אויס די שטראָף! (יואב און אבישי האַלטן דעם עמלקי פעסט ביי די הענט. עס קומען צו לויפן עטלעכע קריגער און נעמען אים איבער. יואב נעמט ביי אים צו די קרוין און דעם אַרעמבאַנד און גיט עס איבער דעם נביא גד).

י ו א ב : באַהאַלט די זאַכן, נביא! און היט זיי אָפּ, ביז מען וועט זיי באַדאַרפן האָבן...

ע מ ל ק י : (ראַנגלט זיך מיט די קריגער, וואָס פירן אים אַוועק) דאָס איז דיין לעצט וואָרט, דוד בן ישי? דאָס איז דער לוין וואָס דו באַ־צאָלסט מיר? ביי די פלישתים און ביי יעדן אַנדערן פאָלק, וואָלט מען מיך גאַנץ אַנדערש באַלוינט, פאַר דעם וואָס איך האָב געטאָן. אָבער איר, ישראלים, זענט אַ גאָר אַנדערע אומה, אַן ערגערע פון

אַלע. טאַקע דעריבער האָסט מען אייך... (מען פירט אים אַוועק לינקס).

ד ו ד: (רייסט איין אויף זיך זיין בגד און זעצט זיך פאַרצווייפלט אויף אַ שטיין) אָ, ווי גרויזאַם און ליידפול איז געווען דיין סוף, מיין האַר שאול, ערשטער מלך פון ישראל, און ווי שרעקלעך און מוראדיק איז געווען דיין פאַל, פונקט אַזוי ווי עס איז געווען דיין לעבן. און דיך, מיין האַרצנס־פריינט און ברודער, דו העלדישער און נאָבעלער יהונתן, פאַרוואָס האָט דיך געטראָפן אַזאַ העכסט־אומגליקלעכער און ביטע־רער גורל? פאַרוואָס זענען אומגעקומען און געפאַלן אויף איין מאָל אַזויפיל גיבורים פון ישראל? יהונתנס פייל־און־בויגן האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט זיין ציל און שאולס שווערד האָט שטענדיק געטראָפן זיינע שונאים. שאול און יהונתן, שטאַרקע ווי לייבן און פלינקע ווי אַדלערס, איר האָט זיך ליב געהאַט ביים לעבן און אויך ביים טויט האָט איר זיך נישט צעשיידט! כאָטש דו האָסט מיך פאַרפאָלגט, מלך שאול, האָב איך אויף דיר קיין פאַרדראָס נישט געהאַט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז דיין אייגן אומגליק האָט דיך געבראַכט צו פאַר־צווייפלונג. און דיין הייסע פריינטשאַפט, ברודער יהונתן, איז פאַר מיר געווען זיסער פון פרויען־ליבע. דעריבער באַקלאָג איך און באַ־וויין איך אייך! (פויזע) איר בערג פון גלבוע! זאָל אויף אייך נישט פאַלן קיין טוי און קיין רעגן, דערפאַר וואָס איר האָט געזען דאָס גרויסע אומגליק און איר האָט זיך נישט געעפנט צו פאַרשלינגען די שונאים! אייביק וועט בלייבן אין מיין האַרצן די טיפע וואונד און אויך דער אָנדענק פון די געליבטע גיבורים! אָבער אייביק זאָל אויך בלייבן דערהויבן און געהייליקט דער נאָמען פון אונדזער אַלמעכטיקן האַר יהוה, וועמענס משפט עס איז גערעכט!...

אַ ל ע  אַ ר ו ם  א י ם: געלויבט און געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען פונעם אַלמעכטיקן האַר יהוה אויף אַלע אייביקייטן, אמן סלה!... (פויזע).

א ל י א ב: נאָכדעם וואָס עס איז געשען, דאַרפן מיר אַ טראַכט טאָן וואָס זאָלן מיר ווייטער טאָן...

עשהאל: נישט מיר דאַרפֿן, נאָר מיר מוזן דאָס טאָן און באַשליסן וואָס גיכער.

אביגדב: איינס איז שוין קלאָר: אין אָט־דער צעשטערטער שטאָט קענען מיר לענגער נישט בלייבן.

אבישג: און אויפֿבויען צוריק אַ שטאָט פֿאַר די פּלישתים, לוינט זיך אונדז באין אופֿן נישט.

שמה: מיר טאָרן אַפֿילו אויף איין רגע נישט אַ טראַכט טאָן צו בלייבן דאָ, איצט ווען עס איז פֿאַר אונדז פֿריי געוואָרן ווייניקסטנס דער וועג צוריק קיין יהודה.

יואב: זיכער האָבן מיר דאָ מער נישט וואָס צו טאָן! מיר דאַרפֿן זיך וואָס שנעלער אומקערן אין אונדזער אייגן לאַנד אַריין, ווייל מען וועט אונדז דאָרטן באַלד נייטיק דאַרפֿן האָבן, נישט בלויז אין יהודה, נאָר אויך אין ישראל.

מענער און פֿרויען פֿונעם פֿאָלק: לאָמיר זיך אומ־פֿאַרזאָמט אומקערן אין אונדזער געגאַרט לאַנד! — לאָמיר אויפֿגיין קיין יהודה און ישראל! —

גד: הערט מיך אויס, מיינע ברידער! לאָמיר מאָרגן פֿאַרטאָג גיין קיין חברון, דער אוראַלטער שטאָט פֿון אונדזערע אבות, וואו עס רוען אין דער הייליקער ערד זייערע ביינער. דאָרטן וועלן מיר איינזאַמלען אַ סך פֿאָלק און מיר וועלן קרוינען אונדזער הויפּטמאַן דוד אַלס מלך פֿון יהודה. אַזוי־אַרום וועט מקוים ווערן דער ווילן פֿונעם אַלמעכטיקן האַר יהוה, ווי דאָס האָט פֿאָרויסגעזאָגט דער גרויסער נביא שמואל, געבענטשטש זאָל זיין זיין אָנדענק, אמן סלה!

פֿאָלק: לאָמיר מאָרגן פֿאַרטאָג אויפֿגיין אין דער הייליקער שטאָט חברון! — לאָמיר דאָרטן קרוינען אונדזער הויפּטמאַן דוד בן ישי אַלס מלך איבער יהודה! — זאָל געשען דער רצון פֿון אונדזער גרויסן גאָט! — זאָל אונדז זיין געזאַלבטער דוד ווייטער פֿירן אין נאָמען פֿון אונדזער מעכטיקן גאָט, אין פֿרידן און אין דער מלחמה, מיט קלוגשאַפֿט, שטאַרקייט און הצלחה! —

דוד: (איז געווען פֿאַרזונקען אין געדאַנקען, זיצנדיק אויפֿן שטיין. איצט

שטייט ער אויף אַן אויפגעמונטערטער) ווען איך הער איצט ריידן
וועגן אומקערן זיך אין אונדזער הייליקן און געבענטשטן לאַנד אַריין,
דאַכט זיך מיר, אַז עס איז אַ חלום... מיין האַרץ צאַפּלט זיך פון
שמחה... מיין מויל גלוסט זיך צו לאַכן פון גרויס פרייד און מיינע
ליפּן רייסן זיך צו זינגען אַ הייטער לויבגעזאַנג...

**ג ד :** אַזוי ווערט דער מענטש געוואָרפן צווישן טרויער און פרייד...
צווישן טרויער און פרייד...

**פּ אָ ל ק :** קיין חברון! קיין חברון, אין נאָמען פון גאָט!

(פאָרהאַנג)

סוף

# נימעראָווער קדושים

## היסטאָרישע דראַמע אין דריי אַקטן

זאָל דאָס שטיק דינען אַלס באַשיידענע מצבה נאָך אַלע אומגליקלעכע קינדער פון אונדזער געפּלאָגטן פאָלק, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן פון רוצחישע הענט אויף דער פאַרבלוטיקטער ערד פון מיטל- און מזרח-אייראָפּע, אין משך פון הונדערטער יאָרן, ביז צו אונדזערע היינטיקע צייטן.

**דער מחבר.**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

דער נימעראָווער רב
די רביצין
רייזעלע, זייער טאָכטער
מירעלע, איר חברטע
ראש־הקהל
ערשטער זקן
צווייטער זקן
שליח־בית־דין
שליח פונעם קאַשטעליאָן
אַ יידס שטים פון דרויסן
גאָניאַ, א קאַזאַקן־פירער
ערשטער קאָזאַק (אַן אלטער)
צווייטער קאָזאַק (א יונגער)
האַווריליאָ, א וואַיט
ערשטער גאָספּאָדאַר
צווייטער גאָספּאָדאַר
ערשטע דרוזשקע
צווייטע דרוזשקע
קאָזאַקן
דאָרפישע מענער, פרויען און מיידלעך, חתונה־געסט
מוזיקאַנטן

די האַנדלונג קומט פאָר אין דער שטאָט נימעראָוו און אין אַ דאָרף אין איר סביבה, אין אוקראַינע, אין דער צייט פון די קאָזאַקן־מלחמות, וואָס כמעלניצקי האָט געפירט מיט דער קרוין פוילן.

# ערשטער אקט

דעם גימעראָווער רבס לערך־ און בית־דין־שטוב. ביי דער וואַנט אין הינטערגרונט ספרים־שאַפעס. רעכטס (פונעם צושויער אין אַלע אַקטן) אַן אַריינגאַנג־טיר אין אַ צווייטן חדר אַריין. לינקס אַ גרויס פענצטער אין גאַס אַרויס. ביים פענצטער אַ סאָפע. פון ביידע זייטן פענצטער בילדער פון פאַרצייטיקע רבנים. אינמיטן צום פאָדערגרונט, אַ מאַסיווער טיש, איבערגעדעקט מיט אַ טישטוך און בענקלעך אַרום אים.

ס׳איז שבת נאָכמיטיק. די זון שיינט אַריין דורכן פענצטער. ביים טיש שטייט רייזעלע, קוקט אַ ווײַלע פאַרטראַכטערהייט אַריין אין אַ געעפנטן ספר, דערנאָך קושט זי אַ פאַרטרוימטע דאָס אָפענע בלאַט. פונעם דערבייאיקן צימער דערהערט זיך אין דעמזעלבן מאָמענט אַ פרויען־קול. רייזעלע כאַפּט זיך שנעל אויף און גייט צו דער טיר זען ווער ס׳קומט.

## ערשטע סצענע

מ י ר ע ל ע : (פון יענער זייט טיר נאָך) קיינער איז נישטאָ אין דער היים?...

ר יי ז ע ל ע : (ביי דער טיר) האָ, מירעלע? דו ביסט עס? באמת אַן אַנגעלייגטער גאַסט! (נעמט מירעלען אונטערן אָרעם און פירט זי אַריין).

מ י ר ע ל ע : גוט־שבת! כ׳האָב געמיינט, אַז קיינער איז נישטאָ אין דער היים... ווייס איך?... אַז אין פאָדערשטן חדר האָב איך קיינעם נישט געטראָפן... (קורצע פויזע) כ׳בין געקומען אַזוי אַביסל... זען וואָס דו מאַכסט...

ר ײ ז ע ל ע : גוט האָסטו געטאָן ביסט באמת שוין לאַנג נישט געווען בײ מיר. פאַרוואָס?

מ י ר ע ל ע : גאָרנישט... סתם אַזוי... ווי קומט עס וואָס דו זיצסט גאָר אין דײן טאַטנס לערן־שטוב און דערצו נאָך אײנגנאַצן אַלײן?...

ר ײ ז ע ל ע : (אַביסל צעמישט) כ׳בין גלאַט אַזוי אַרײנגעגאַנגען אויף אַ מינוט.

מ י ר ע ל ע : און דאָס אָפענע ספר, האַ?...

ר ײ ז ע ל ע : זײ האָבן דאָ ביז ערשט נישט לאַנג געלערנט, דער טאַטע מיט הערשעלען. איצט זענען זײ אַוועקגעגאַנגען צום מנחה־דאַווענען.

מ י ר ע ל ע : האָבן זײ גאָר געלאָזט אָפן דאָס ספר? דאָס קען דאָך נישט זײן. דאָס וואָלט דאָך געווען אַן אומכבוד פאַרן ספר, און אַזעלכע פרומע ײדן ווײסן דאָך וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט.

ר ײ ז ע ל ע : זײ האָבן עס צוגעמאַכט. (אין פאַרלעגנהײט. מיט אַ שמײ־כעלע) איך האָב עס צוריק געעפנט...

מ י ר ע ל ע : אַזוי גאָר?... (באַדײטונגספול) צו־וואָס אײגנטלעך האָסטו עס געטאָן? פאַרשטײסט עפּעס אין די דריבנע אותיותלעך?...

ר ײ ז ע ל ע : (נאָך מער צעמישט) נײן... כ׳האָב גלאַט אַזוי געוואָלט קושן די הײליקע אותיות...

מ י ר ע ל ע : (שטיפעריש) כאַ־כאַ! איך פאַרשטײ... (קורצע פויזע) האָט נישט הערשעלעס האַנט נאָר־וואָס געהאַלטן דאָס ספר?... (שמײכלט באַדײטונגספול).

ר ײ ז ע ל ע : אותיות זענען הײליקע — קושט מען זײ...

מ י ר ע ל ע : איך ווײס שוין... איך אַלײן בין דאָך אויך אַזוי געווען ווי דו.

ר ײ ז ע ל ע : פאַרוואָס זאָגסטו געווען? און איצט ביסטו נישט מער אַזוי? האָסט דען דײנעם שוין מער נישט ליב?...

מ י ר ע ל ע : אַן אָרנטלעכע ײדישע טאָכטער מוז ליב האָבן איר מאַן, ווײל צוליב אים איז דאָך אויך זי זוכה צו האָבן אַ חלק עולם־הבא. (קורצע פויזע) וואָס איז דיר עפּעס אײנגעפאַלן דאָס צו פרעגן?

ר ײ ז ע ל ע : גלאַט אַזוי. (פויזע) נאָר צוליב עולם־הבא, הייסט עס, מוז מען ליב האָבן דעם מאַן, און חוץ דעם פאַר גאָר נישט מער?...

מ י ר ע ל ע : איך ווייס נישט.

ר ײ ז ע ל ע : פאַר זיין גוטסקייט, געטריישאַפט און צערטלעכקייט נישט?

מ י ר ע ל ע : איך ווייס נישט.

ר ײ ז ע ל ע : פאַרוואָס ענטפערסטו עפּעס אינאיינעם פאָרט „איך ווייס נישט"?

מ י ר ע ל ע : ווייל ביי מיינעם זע איך נישט קיין גוטסקייט, נישט קיין געטריישאַפט און אוודאי נישט קיין צערטלעכקייט.

ר ײ ז ע ל ע : אויב אַזוי, האָט ער דיך אפשר נישט ליב?...

מ י ר ע ל ע : ס'קען זיין יאָ און ס'קען זיין ניין. אין האַרצן, אָדער אין מוח אַריין צו אַ מענטשן קען מען דאָך נישט אַריינקריכן און אַפילו נישט אַריינבליקן.

ר ײ ז ע ל ע : (בייגעריק) וואָס הייסט?... רעדט ער דען מיט דיר קיינמאָל נישט אַליין וועגן דעם? זאָגט ער דיר דען קיינמאָל נישט קיין ליבע ווערטער?...

מ י ר ע ל ע : וואָס רעדסטו קינדעלע? ער איז דאָך זייער אַ פרומער ייד, מיינער. ער רעדט נישט קיין דברים־בטלים. מיר זענען דאָך קיין גויים נישט, חלילה, אַז מיר זאָלן זיך פירן אַזוי ווי זיי להבדיל.

ר ײ ז ע ל ע : (איר קול ציטערט לייכט פון בושה) און ווען איר זענט אינגאַנצן אַליין און קיין זייטיקער הערט אייך נישט?...

מ י ר ע ל ע : ניין, אויך דעמאָלט איז ער אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט.

ר ײ ז ע ל ע : (קאַפּריזנע) אויב אַזוי איז ער זיכער אַ שלעכטער!... (פויזע) ס'קען דאָך זיין, אַז ער זידלט דיך אַפילו אַמאָל?...

מ י ר ע ל ע : קיין שלעכטער איז ער נישט. איך האָב נאָך קיין שלעכט וואָרט קיינמאָל פון אים נישט געהערט. נאָר ער קוקט נישט אויף מיר און רעדט נישט צו מיר. מייגסטנס זיצט ער אין בית־מדרש און לערנט און ווען ער קומט שוין סוף־כל־סוף אַהיים, נאָכדעם ווי איך האָב אויף אים אַזוי לאַנג געוואַרט מיט אומגעדולד, זענען מיר דעמאָלט טאַקע אַליין, אָבער איך האָב דעם איינדרוק, אַז ער זעט

מיך נישט כמעט. שטענדיק טראַכט ער עפּעס, שווייגט, קנייטשט דעם שטערן און איך בין פאַר אים באַשיינפּערלעך ווי אויף דער וועלט נישט פאַראַנען.

ר יי ז ע ל ע: און דו וואָס טוסטו?

מ י ר ע ל ע: גאָרנישט! וואָס קען איך טאָן? איך שווייג אויך און ווייס, אַז אַזוי מוז עס זיין. דער גורל פון אַ פרומער יידישער טאָכטער איז צו שווייגן.

ר יי ז ע ל ע: מער טוסטו גאָרנישט?...

מ י ר ע ל ע: נו, דאָס האַרץ פאַרקלעמט אַפּט אַזוי מאָדנע און דעמאָלט לויפן אָן די אויגן פון זיך אַליין מיט טרערן... איך וויל מיט אַלע כוחות איינהאַלטן די טרערן, אָבער עס איז אומזיסט. עפּעס אַ בענקעניש באַפאַלט מיך דעמאָלט, עפּעס אַ טרויער צעגיסט זיך איבער מיר און דאָס געמיט ווערט עפּעס אַזוי שווער... (פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און הייבט אָן שטיל צו כליפּען).

ר יי ז ע ל ע: (אָוועקנעמענדיק מילד אירע הענט) וויין נישט, נאַרעלע, דאָס איז דאָך קיין סגולה נישט... דאָס העלפט דאָך גאָרנישט...

מ י ר ע ל ע: אַ, עס העלפט; אַז איך וויין זיך אַזוי שטילערהייט גוט אויס, ווערט מיר גרינגער.

ר יי ז ע ל ע: (נאָך אַ ווײַלע טראַכטן) ווייסט וואָס, מירעלע?...

מ י ר ע ל ע: וואָס?

ר יי ז ע ל ע: ווען איך וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך דיר אַן עצה געגעבן.

מ י ר ע ל ע: שעם דיך נישט, זאָג! קיינער איז דאָך נישטאָ. וואָס פאַר אַן עצה?...

ר יי ז ע ל ע: (אין פאַרלעגנהייט) איך... אויף דיין אָרט... איך וואָלט געפּרוּוּט אפשר גוט זיין צו אים... רעדן ליבע ווערטער... צובינדן אים צו זיך... אַ פרוי קען איבעראַנדערשן אַ מאַן, אויב זי וויל עס נאָר באמת גאָר שטאַרק...

מ י ר ע ל ע: (פאַרשעמט) וואָלסטו מיט הערשעלען אויך אַזוי געטאָן?

ר יי ז ע ל ע: לעת־עתה זענען מיר כמעט נאָך פרעמדע, אָבער נאָך דער חתונה וואָלט איך עס מסתמא געטאָן, ווען עס וואָלט נייטיק געווען...

מ י ר ע ל ע: איך האָב שוין אויך געקלערט עס צו טאָן, אָבער איך שעם מיך...

ר יי ז ע ל ע: וואָס איז דאָ פאַראַנען זיך צו שעמען? מיר זענען דאָך אַלע בלויז מענטשן. זיי זענען נאָר צופיל אַריינגעטאָן אין לערנען און צוליב דעם פאַרגעסן זיי אָן זיך אַליין און אָן אַנדערע. מוז מען זיי דערמאָנען. (פויזע).

מ י ר ע ל ע: האָסט באמת ליב הערשעלען?

ר יי ז ע ל ע: אוודאי... ער איז דאָך מיין חתן... און אויסערדעם... (אַ ביסל אויפגעלעבטער) ווייסט, מירעלע, דער טאַטע זאָגט, אַז הערשעלע האָט דעם בעסטן קאָפּ צום לערנען צווישן אַלע בחורים אין שטאָט, אָבער איך ווייס נאָך עפּעס וואָס דער טאַטע ווייסט נישט. ער איז טאַקע אויך דער שענסטער בחור אין שטאָט! יאָ! ווער פאַרמאָגט נאָך אַזעלכע שוואַרצגעקרייזלטע פאַהלעך ווי ער, אַזאַ ווייס־אויסגעאיידלט פּנימל, אַזעלכע פלאַמענדיק־שוואַרצע אייגעלעך, אַזעלכע קאַרשנרויטע ליפּעלעך און אַזאַ כשרע תמימות? נו, קען איך אים דען נישט ליב האָבן?

מ י ר ע ל ע: ווען וועט ביי אייך זיין די חתונה?

ר יי ז ע ל ע: ס'איז נאָך נישט באַשטימט, אָבער איך מיין, אַז גאָר אינגיכן. ווייסט, מירעלע, אָפט ליג איך ביינאַכט און טראַכט... אין טאַטנס שטוב לערנען זיי דעמאָלט מיט אַזאַ זיסן ניגון. אין דרויסן רוישן שטיל די ביימער און די געררוישן גיסן זיך צונויף מיט דעם ניגון. און מיין האַרץ קלאַפּט עפּעס אַזוי מאָדנע. אין מוח מאָלן זיך וואונדערלעכע בילדער. איך זע, דאַכט זיך, ווי מיר שטייען אונטער דער חופה און איך פיל זיין אָטעם. איך דערקען יעדן איינעם פון די שטאָטלייט, וואָס זענען געקומען. אין מיינע אויערן הילכט דער חופה־מאַרש. אַזוי ליג איך און טראַכט און קען נישט אַנטשלאָפן ווערן. (פויזע) ווייסט נאָך וואָס, מירעלע? איך האָב געהערט מיין טאַטן רעדן מיט זיינעם. פאַרבאַהאַלטענערהייט האָב איך אונטערגע־

האָרכט. זיי האָבן געזאָגט, אַז ווי באַלד הערשעלע וועט באַקומען סמיכה, וועט ביי אונדז זיין די חתונה. (פויזע).

מ י ר ע ל ע : מ'רעדט אין שטאָט, אַז דער פּריץ האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף הערשעלעס פאָטער. מען זאָגט, אַז ער וועט ביי אים צונעמען די אַרענדע פון די מילן און וועלדער און וועט זי איבערגעבן צו אַן אַנדערן.

ר יי ז ע ל ע : אַזוי גאָר? און דו מיינסט, אַז עס איז טאַקע אמת?...

מ י ר ע ל ע : איך ווייס נישט. אָבער טאָמער איז עס אמת, וועט ער פאַרלירן אַ סך פון זיין פאַרמעגן. אפשר וועט ער גאָר אינגאַנצן פאַראָרעמט ווערן... (פויזע) וועסטו אויך דעמאָלט נאָך וועלן נעמען הערשעלען?

ר יי ז ע ל ע : פאַרוואָס נישט? דעם פּריצס מילן און וועלדער זענען טאַקע געווען וויכטיק, אָבער אויף יעדן פאַל זענען זיי נישט דער עיקר. אויך אָן דעם קען דער רבונו של עולם העלפן, אויב מען איז נאָר ווערט ביי אים.

מ י ר ע ל ע : טאָמער וועט אָבער דעמאָלט דיין פאָטער מער נישט וועלן דעם שידוך?

ר יי ז ע ל ע : ער וועט יאָ וועלן... און טאָמער נישט, וועל איך אים אַזוי לאַנג בעטן און קושן זיינע הענט, ביז ער וועט מוזן וועלן, ביז ער וועט מסכים זיין.

מ י ר ע ל ע : וואָלסט דיך נישט געשעמט עס צו טאָן?...

ר יי ז ע ל ע : ניין! איך וואָלט אויף גאָרנישט געקוקט!

## צווייטע סצענע

(דאָס העלע טאָגליכט ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער. קעגן סוף פון דער סצענע גייט עס איבער אין טיפן פורפור).

ד י ר ב י צ י ן : (נאָך אויף דער שוועל רעכטס) אַ גוטן שבת אייך, קינדערלעך. איר זיצט גאָר אין דער בית־דיך־שטוב?

ר יי ז ע ל ע: דאָ איז אַביסל ליכטיקער, מוטער. דאָס טאָגליכט פאַלט אַהער פון גאַס אַריין — זענען מיר דעריבער דאָ געזעסן.

ד י ר ב י צ י ן: נו, מירעלע, האָסט זיך פאַרבענקט נאָך די מיידלשע שמועסן, האַ? (נאַקיוועט איר גוטמוטיק מיטן פינגער) ס'פּאַסט נישט פאַר אַ פרום ווייבל, ס'פּאַסט נישט...

מ י ר ע ל ע: כ'האָב מיך שוין לאַנג נישט געזען מיט רייזעלען, ביז איך אַריינגעגאַנגען אויף אַ ווײלע זען וואָס עס מאַכט די בעסטע חברטע, האַ, רייזעלע? (רייזעלע פּאַטאַקעוועט).

ד י ר ב י צ י ן: (מילד) נישקשה, קינדעלע. ס'איז רעכט. כ'האָב עס דאָך נישט געמיינט אַזוי ערנסט אויף אַן אמת. כ'האָב בלויז געמיינט צו טרייבן אַביסל קאַטאָוועס. (זעצט זיך צום טיש. קורצע פּויזע) יאָ, רייזעלע, האָסט געלייענט דאָס, וואָס כ'האָב דיר פריער אַנגעוויזן אין טייטש־חומש?

ר יי ז ע ל ע: כ'האָב געלייענט פאַרשיידענע זאַכן, מוטער, און איך געדענק שוין נישט איצטער וואָס דו מיינסט.

ד י ר ב י צ י ן: (ערנסט, כמעט טרויעריק) איך מיין יענע מעשה מיט דער שיף, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנקעט אין ים און איז אַזוי לאַנג אַרומגעשוואומען אָן אַ ציל, ביז זי איז אָנגעקומען צו אַן איינזאַמען אינדזל...

ר יי ז ע ל ע: איך ווייס שוין, מוטער. (כאַפּט אונטער און דערציילט ווייטער) און די לייט פון יענער שיף זענען אַראָפּ אויף דער יבשה, בכדי אָנצולייגן אַ פייער און אָפּצוקאָכן אַ מאַלצייט. ווײַבאַלד דאָס פייער האָט זיך אָבער צעפלאַקערט, האָט פלוצים דאָס אינדזל אַ שטאַרקן ציטער געטאָן און האָט אַראָפּגעטרייסלט פון זיך די שיפס־לייט אין ים אַריין און האָט אַ שטויס אַוועק געטאָן פון זיך די שיף. זענען פיל מענטשן דערטרונקען געוואָרן און בלויז אַ קליינע צאָל איז ניצול געוואָרן. ווען די געראַטעוועטע האָבן זיך שווימענדיק קוים צוריק דערשלאָגן צו דער שיף און זענען ווייטער אָפּגעפאָרן אַ מהלך וועגס, האָבן זיי פון דערווייטנס דערקענט, אַז דאָס אינדזל, אויף וועלכן זיי האָבן אָנגעלייגט דאָס פייער, איז גאָר קיין אינדזל נישט

געוועזן. דאָס איז גאָר געוועזן דער גרויסער לויתן, וואָס שווימט אַרום אין אומענדלעכן אוקיינוס. (פּויזע).

די רביצין: דו האָסט עס אויך געלייענט, מירעלע?

מירעלע: אויך איך האָב עס געלייענט. ס'איז זייער אַ שיינע מעשה.

די רביצין: דאָס איז אפשר גאָרנישט קיין פּראָסטע מעשה, ווי עס ווייזט זיך אויס אויפן ערשטן בליק, און צי האָט איר כאָטש ריכטיק פאַרשטאַנען איר באַטייט, קינדערלעך? אפשר איז עס גאָר אַ משל אַנטקעגן אונדזער הייליקן פאָלק ישראל, אונטער וועמענס פיס עס איז אויך די ערד נישט פעסט... (מיט אַ זיפץ) יאָ, עס איז אַ משל, קינדערלעך, און טרויעריק איז דעם, וועמען עס מיינט...

מירעלע: איר זענט טאַקע אַ קלוגע, רביצין, נישט אומזיסט האַלט אייך די גאַנצע שטאָט פאַר אַזעלכער, און נישט אומזיסט ליבט מען אייך.

די רביצין: אַלץ איז פון זיין ליבן נאָמען, מיין קינד, און אים מוז מען ליבן. (גייט צו צום פענצטער, קוקט אַ ווײַלע אַרויס, דערנאָך דרייט זי זיך ווידער האַלב אויס צו די צוויי יונגע. אויף איר געשטאַלט און פּנים פאַלט דער פּורפּורשיין) די זון פאַרגייט שוין, קינדערלעך, אין בית־מדרש צינדט מען שוין אָן ליכט. דער הייליקער טאָג פון שבת איז אַוועק און מיט אים צוגלייך די הייליקע רו... (גייט צוריק צום טיש) שוין צייט צו זאָגן „גאָט פון אברהם“.

אַלע דריי: (מיט כוונה, אָבער שטיל) גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב! באַהיט דיין ליב פאָלק ישראל אין דיינעם לויב. די זיבן טעג זאָלן צו אונדז קומען צו גליק און צו הילף, צו פּרנסה טובה, צו בשורות טובות און צו ישועות ונחמות אויף צו פרומען. אונדזער ליבער שבת קודש גייט אַהין — די וואָך זאָל אונדז קומען צו מזל און צו ברכה און צו אַלעם גוטן געווינ. אמן סלה!

שרה, רבקה, רחל, לאה און אַלע גוטע מלאכים זאָלן אונדז בענטשן.
מיר זאָלן קיינמאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין מענטשן.
אליהו הנביא איז אין אונדזער הויז,
אַלדאָס בייזע זאָל פון אונדזער הויז אַרויס.

**אַלדאָס גוטע זאָל אין אונדזער הויז אַריין,**
**אליהו הנביא זאָל אייביק מיט אונדז זיין.**
**נאָר דו אַליין, גאָט, זאָלסט אונדז און אונדזער הויזגעזינד שפּייזן**
**און אונדז שטענדיק אַלע גוטע וועגן ווייזן.**
**אליהו הנביא האַלט דעם בעכער אין דער רעכטער האַנט**
**און מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד.**
**ס׳גאַנצע לאַנד זאָל זיך מערן**
**און גאָטס ברכה זאָל אין זיי מקוים ווערן.**
**אמן סלה!**

הילף פון יעקב, פון תורה־לערנען, איז איין קול פון יעקב. אַ געזאַנג און אַ פרייד וועט זיין צו יעקב. גאָט וועט מאַכן ווידערקערן דאָס געפענקעניש פון יעקב. גאָט טוט געבן רעכטפאַרטיקע ליבשאַפט צו יעקב. דרום פאַרכט ד׳יך נישט מיין קנעכט יעקב. אמן סלה! (זיי בלייבן שטיל. קורצע פּויזע).

מ י ר ע ל ע : נו, איצט מוז איך שוין גיין. מייגער וועט קומען פונעם בית־מדרש, וויל איך נישט ער זאָל וואַרטן אויף מיר. אַ גוטע וואָך, רביצין! אַ גוטע וואָך רייזעלע! (גייט).

ד י ר ב י צ י ן א ו ן ר יי ז ע ל ע : אַ גוט יאָר! גיי געזונטערהייט!

## דריטע סצענע

די רביצין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אירע ליפּן שעפּטשען ווייטער. אין לערן־שטוב איז שוין גאַנץ טונקל געוואָרן.

ר יי ז ע ל ע : פאַרוואָס זיצסטו אַזוי פאַרטראַכט, מוטער? מיר דאַכט זיך אויס, אַז דו ביסט עפּעס טרויעריק און עפּעס דריקט אויף דיר...

ד י ר ב י צ י ן : יאָ, מיין קינד, איך בין טאַקע טרויעריק און אַ שווערע משא דריקט אויף מיר. בייזע ווינטן האָבן אָנגעהויבן זיך צו טראָגן פון די ווייטע סטעפּעס. עפּעס שלעכטס הענגט אין דער לופטן איבער

אונדז. דאָס האָרץ איז אומרואיק און עס ציטערט פאַר פּחד. שלעכ־טע ידיעות זענען שוין אָנגעקומען, טאַכטער. פון יענער זייט דניעפּר, זאָגט מען, קאָכט זיך עפּעס נישט גוטס. אַן אומגליק לאָקערט אויפן פאָלק ישראל. מען מוז האָבן רחמים, קינד מיינס..

ר יי ז ע ל ע : אַן אומגליק?... אויפן פאָלק ישראל?.. פון יענער זייט דניעפּר?... ווער וויל אונדז שלעכטס טאָן, מוטער?...

ד י ר ב י צ י ן : ווי מען הערט, בונטעווען זיך די קאָזאַקן קעגן די פּריצים און דעם מלך און וואו עפּעס, לאָזט זיך עס דאָך אויס צום אַלעם ערשט צו די יידישע קעפּ. אַזאַ איז שוין אונדזער מזל. מחנות־ווייז, זאָגט מען, לאַגערן די צעווילדעוועטע מורדים אויפן אַנדערן ברעג, גרייטע אָנצופאַלן דאָס לאַנד, צו פאַרפלייצן עס מיט פייער און בלוט און חרוב צו מאַכן אַלץ. עס טראָגן זיך שוין אַרום שמועות פון שוידערלעכע מעשים. די האָר שטעלן זיך קאַפּויר פון גרויל און פּחד און דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט פון מורא, ווען מען הערט בלויז דערציילן וואָס עס טוט זיך. מען מוז בעטן רחמים ביי אונ־דזער גרויסן גאָט, טאַכטער מיינע.

## פערטע סצענע

ד ע ר ר ב : (קומט אַריין) אַ גוטע וואָך!

ב יי ד ע פ ר ו י ע ן : אַ גוטע וואָך! אַ גוט יאָר!

ד ע ר ר ב : (באַמערקט זייער טרויער. פאַר זיך אַליין) זיי האָבן שוין הפּנים געהערט. (צו די פרויען) נישט געטרויערט אשות. דער גרוי־סער דערבאַרעמדיקער גאָט איז איבער אונדז, וועט ער פאַרגעבן אונ־דזערע זינד און וועט אונדז נישט פאַרלאָזן! דער הייליקער שבת איז נאַרוואָס אַוועק און אַ נייע וואָך הייבט זיך אָן פאַר אונדז און פאַר כל־ישראל, טאָר מען זי נישט באַגעגענען און אָנפאַנגען מיט טרויער, אַז נישט בלייבט, חס וחלילה, דער טרויער און ער וויל זיך שוין מער

פון אונדז נישט אָפּטאָן אין משך פון אַלע זיבן טעג. (פּויזע) מעגסט שוין אָנצינדן אַ ליכט, טאַכטערקע, איך וויל מאַכן הבדלה.

ר ײ ז ע ל ע: (גייט אַרויס און קומט באַלד צוריק טראָגנדיק אַ ברענענ־דיק ליכט, אַ ווײַנפלאַש, אַ בעכער, אַ בשמים־ביקסל און אַ געפלאָכ־טענע וואַקסענע הבדלה) אַ גוטע פולע וואָך!

ד ע ר ר ב א ו ן ד י ר ב י צ י ן: אמן, רבונו של עולם! אַ גוטע פולע וואָך איבער אונדז און איבער כלל־ישראל!

ד ע ר ר ב: (שעפּטשעט תפילות, דערנאָך גיסט ער אָן דעם בעכער און הייבט אים אויף אין דער הויך. רייזעלע צינדט אָן די הבדלה) הייב אויף העכער די הבדלה, קינד מײַנס, בכדי עס זאָל אין דעם זכות דערהויבן ווערן אונדזער מזל און ס'זאָל לײַכטן איבער אַלע פעלקער אונדזער פאָלק, אַזוי ווי עס לײַכט אָט־די הבדלה איבער דער גאַנצער שטוב. (מיט אַן אָנגעווייטיקט שמייכעלע) און נאָך צו עפּעס קען עס זײַן אַ סגולה, טאַכטערקע! וואָס העכער דו וועסט האַלטן די הבדלה, אַלץ העכער וועט זײַן דער חן פון דײַן באַשערטן ביי לײַטן אין די אויגן און אַלץ העכער אייער ביידנס זכות פאַרן כסא הכבוד. (הייבט אויף דעם קאָפּ און פאַרזשמורעט די אויגן) הנה אל ישועתי אבטח ולא אפחד. כי עזי וזמרת יה ויהיה לי לישועה. ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה. על עמך ברכתך סלה. (זאָגט ווייטער שטילערהייט, אַזוי אַז דער ניגון הערט זיך קוים).

ד י ר ב י צ י ן: (נאָך אַ פּויזע) זאָל איך גרייטן צום טיש דאָ? (ווען דער רב איז מסכים מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, נעמען זיך די רביצין און רייזעלע גרייטן צום טיש. דערנאָך זעצן זיך אַלע צום טיש און שווייגנדיקע עסן זיי שלוש־סעודות).

## פינפטע סצענע

(עס קומען אַריין דער ראש־הקהל און נאָך צוויי זקנים פון שטאָט).

**אַלע דריי אָנגעקומענע:** אַ גוטע וואָך, רבי! ברוכים היושבים!

**די שטוביקע:** אַ גוט יאָר!

**דער רב:** זעצט אייך, ליבע יידן.

**די זקנים:** אַ דאַנק! (זעצן זיך אויף די אָנגעוויזענע שטולן).

**ראש־הקהל:** (נאָך אַ קורצער פויזע) איר שטעלט אייך שוין מן־הסתם פאָר, רבי, צוליב וואָס מיר זענען געקומען צו אייך. אויך איר האָט אַוודאי שוין געהערט די טרויעריקע נייעסן...

**דער רב:** (מיט געמאַכטער אויפגערוימטקייט) יאָ, אויך איך האָב געהערט, אָבער מען דאַרף נישט זיין טרויעריק. מיר האָבן דאָך אַ גרויסן גאָט, וואָס קען אויסהיטן פון אַלעם בייזן, מוז מען האָבן בטחון אין אים. מיר זענען דאָך זיין אויסדערווײלט פאָלק, די היטערס פון זיין הייליקער תורה — וועט ער אונדז דען חלילה לאָזן אונטערגיין אין אַן עת צרה? (ענדיקט עסן) כאָטש אַזוי, דערציילט, ליבע יידן, די ווייטערדיקע נייעסן וואָס זענען אָנגעקומען אין שטאָט אַריין און דערנאָך וועלן מיר האַלטן אַן עצה, אויב מ׳וועט באַדאַרפן. (פויזע. די רביצין און רייזעלע ראַמען שנעל אַראָפּ פונעם טיש און דערנאָך גייען זיי אַרויס. דער רב בענטשט).

**ראש־הקהל:** שלעכטע בשורות, רבי, איינע ערגער פון דער אַנדע־רער. האַלטן אין איין אָנקומען פון יענער זייט דניעפּער. נאָר־וואָס זענען פון דאָרטן אַריבערגעקומען עטלעכע פּליטים און ס׳איז אַ מורא זיי אָנצוקוקן און אַ פּחד צו הערן וואָס זיי דערציילן.

**ביידע זקנים:** (זיפצן) יאָ, רבי, ס׳איז אַ שרעק...

**ראש־הקהל:** ווי די מוראַשקעס האָבן זיך דאָרטן צונויפגעקליבן מחנות כאַמעס, דער אָפּשוים פון די ישובים פון דער זייט טייך, איינ־איינעם מיט די זאַפּאָראָזשצעס. זיי זענען באַוואָפנט און בלוטדורש־

טיק ווי די ווילדע חיות. זייער אַטאַמאַן און פירער איז באָגדאַן כמיעלניצקי, וועלכער איז שוין פון לאַנג גוט באַקאַנט אין אונדזער סביבה פאַר אַ כיטרען רשע, און ער רייצט אויף זייערע געמיטער מיט גרויזאַמע נידעריקע ווערטער און מאַכט אויפקאָכן זייער טריפע בלוט מיט בראַנפן, בכדי זיי זאָלן אַנפאַלן אויפן לאַנד עס אויסצורויבן און חרוב צו מאַכן און זיי זאָלן פאַרטיליקן די פריצים אינאיינעם מיט די יידן. אויך די טאַטערן פון דער גילדערנער האָרדע, וועלכע לעבן שטענדיק פון רויב און מאָרד אין די ווילדע סטעפּעס, האָט ער דורך רייכע מתנות און פאַרלאָקנדיקע צוזאָגענישן אונטערגעקויפט און אײַ־בערגערעדט צו ווערן זיינע פריינט און שותפים און זיי זענען אין די פילע טויזנטער געקומען צו אים אויף זייערע קליינע פערדלעך. אויס־טערלישע ברואים זענען זיי, דערציילט מען, מיט געלע פּרצופים און קאָסאָקע אייגעלעך, פון וועלכע עס שפּריצן פונקען פון ווילדקייט, ביייזקייט און צאָרן, און קיין שום אכזריות איז פאַר זיי נישט צופיל אוממענטשלעך. זיי לאַגערן איצט אַלע פון יענער זייט טייך, שיכורן, באַרוישן זייערע זינען, בכדי אָפּצוטויטן אין זיך יעדעס מענטשלע־כע געפיל. זיי זענען גרייט טייכנווייז צו פאַרגיסן אומשולדיק בלוט, צו רויבן, צו שענדן און צו טרעטן מיט די פיס אַלץ וואָס זיי וועלן נאָר אָנטרעפן.

ב ע ד י י ע ז ק נ י ם : ס'אַ שרעק צו הערן, רבי! אוי וויי איז צו אונדז.

ר א ש ־ ה ק ה ל : לויט מען הערט, האָבן זיך שוין זייערע ערשטע שאַי־קעס אַרויסגעלאָזט פון די נעסטן אויף די פּאָראָגעס, זענען אַנגעפאַלן אויף די קהילות פּערעיאַסלאַוו, פּריאַטין, ליובין און לאָכוויץ, האָבן דאָרטן אויסגעקוילעט די יידן און פּריצים, האָבן די שטעט פאַר־ברענט אינאיינעם מיט די שולן און הייליקע ספרים און מיט די קלויסטערס, להבדיל, און זייערע רעליקוויעס.

ע ר ש ט ע ר ז ק ן : אַ שוידער לויפט דורך איבערן לייב, הערנדיק אַזעלכעס.

ר א ש ־ ה ק ה ל : דאָס דערציילן די אַנטלאָפענע, רבי, וואָס האָבן שוין דערגרייכט צו אונדזער שטאָט. זייערע קליידער זענען צעריסן און

צעשליסן און מיט בלוט באַפלעקט. זייערע אויגן זענען פאַרווירט און צעמישט פון טויט־אַנגסט. זייערע צונגען, וויבאַלד זיי ווערן ווידער ריידעוודיק נאָך דער געלעמטקייט פונעם גרויל, דערציילן דאָס שרעקלעכע וואָס העגגט איבער אונדז און איבערן לאַנד. גיט אַן עצה, רבי, וואָס מיר זאָלן טאָן. אייער קלוגשאַפט האָט אונדז שטענדיק גוט געראָטן און געוואָרנט פאַר שלעכטס — אפשר וועט אייך דער איבערשטער אויך היינט איינגעבן אַ העלפנדיקן געדאַנק.

ד ע ר ר ב : ס'איז אמת, ליבע ברידער, איך האָב אייך אָפטמאָל געוואָרנט נישט עובר צו זיין אויפן געבאָט פון אונדזער הייליקער תורה, וועלכעס הייסט שוינען דעם גר אין אונדזער מיט. איר האָט אָבער נישט געהאָרכט מיין וואָרט.

ד י ז ק נ י ם : מיר זענען מודה אונדזערע זינד, רבי!

ד ע ר ר ב : איר האָט זיי מנצל געווען פון זייער האָב־און־גוטס. איבערגעבנדיק דעם גרעסערן חלק אין די הענט פון די פריצים. ס'איז אמת, אַז אָפטמאָל האָט אייך געצוואונגען דאָס צו טאָן די נויט צו זוכן פרנסה, אָבער איר האָט געקענט זיין מילדער און פאָרזיכטיקער. איר האָט געלעסטערט זייערע הייליקטימער, האָט זיי פאַרוועדט דעם אַריינגאַנג אין זייערע צערקוועס אַריין, פון וועלכע איר האָט ביי די פריצים די שליסלען אָפּגעדונגען, בכדי דאָרטן צו פּראַווען זייערע תפילות און צערעמאָניעס אויף זייער אייגענעם שטייגער, אויב זיי האָבן נישט אַריינגעטראָגן פריער אַ הויכן אָפּצאָל.

צ ווי י ט ע ר ז ק ן : אמת, רבי, איר שטראָפט אונדז מיט רעכט.

ד ע ר ר ב : איך דערמאָן עס , ליבע ברידער, נישט בכדי צו שטראָפן. דאָס איז שוין איצט פאַרפאַלן און מען קאָן עס מער נישט אַנדערש מאַכן און צוריקכאַפּן. נו, אָבער איר פאַרלאַנגט פון מיר אַן עצה... (ישובט זיך).

ד י ז ק נ י ם : יאָ, רבי, ראָטס אונדז וואָס מיר זאָלן טאָן.

ד ע ר ר ב : טאָ הערט־זשע מיין איינציקע עצה! (אָנטשלאָסן) קיין אַנדערע האָב איך נישט! אַ מעכטיקער גאָט איז איבער אונדז, אַ פאָטער פאַר אַלע באַשעפענישן אונטער דער זון. ער איז אויך מוחל דעם

מענטשן זיינע זינד, אויב ער זעט נאָר ביי אים אויפריכטיקע חרטה. צו אים מוזן מיר זיך איצט קערן און ווענדן נאָך הילף. אים מוזן מיר באַווייזן אונדזער גלויבן און חרטה דורך דעם וואָס מיר וועלן איבערגעבן אונדזער גורל אין זיינע אַלמעכטיקע הענט און פאַרטרויען אויף זיין רחמנות. מיר מוזן בלייבן אויף אונדזערע ערטער, בעטן רחמים ביי זיין ליבן נאָמען און ער וועט זיך מרחם זיין אויף אונדז.

די זקנים: (קוקן זיך איבער נישט באַפרידיקטע) רחמים מוז מען בעטן...

דער רב: טאָמער וויל אָבער זיין ליבער נאָמען נישט אָפּווענדן פון אונדז דאָס אומגליק און ס׳איז אויך אונדז באַשערט דאָס וואָס עס האָט זיך שוין געטראָפן מיט אייניקע אַנדערע קהילות — דאַן לאָמיר בלייבן פעסט, ליבע ברידער, און לאָמיר אָננעמען באהבה דעם גערעכטן עונש.

ערשטער זקן: אָבער, רבי... וואָלט נישט גלייכער געווען... מיר זאָלן איבערלאָזן די שטאָט מיט אַלץ וואָס עס איז פעסט אין איר און מיטנעמענדיק בלויז דאָס וואָס עס לאָזט זיך, זאָלן מיר דערווייל אַנטלויפן ביז עס וועט אַריבערגיין די בייזע שעה. אונדזערע ברידער אין די ווייטערע מקומות, טיפער אין לאַנד, וועלן אונדז מסתמא גוט אויפנעמען און וועלן אונדז נישט פאַרלאָזן אין דער נויט. זיי וועלן אונדז זיכער געבן שפייז צו דערהאַלטן די נשמה און אַ ווינקל וואו אַנצושפּאַרן דעם קאָפּ. עס איז דאָך דער חוב פון איין ברודער צו העלפן דעם אַנדערן בשעת הרום...

דער רב: ס׳איז נישט פאַראַנען קיין אַנטרינונג פונעם אַלמעכטיקנס רצון און ער קען דערגרייכן אַפילו אין אַנדערן עק וועלט. טאָ לאָמיר האָבן בטחון, ברידער, און גלויבן אין זיין גענאָד.

צווייטער זקן: גרוי זענען שוין מיינע האָר און אין משך פון די פילע יאָרן וואָס האָבן אייגגעבויגן מיין רוקן, האָב איך שוין נישט ווייניק געזען און איבערגעלעבט. פאַרשטיי איך נישט, ברידער, פאַרוואָס דאַרפן מיר איצט זיין איבערגעשראָקן ווי די קינדער?... האָבן

מיר דען נאָך ווייניק געזען דעם אייבערשטנס חסדים, ווי ער האָט אונדז שטענדיק מציל געווען פון די שונאימס הענט? האָט ער דען נישט איצט אויך געשיקט אויף אונדז אינאיינעם מיט זיין צאָרן, בולטע סימנים פון הילף? לאָקערט נישט כמיעלניצקי אויך אויף די פוילישע מעכטיקע פּאַנעס, וועלכע זייער קיניג און די ברידער פון דער שליאַכטע וועלן דאָך זיכער נישט דערלויבן צו טאָן קיין שלעכטס? דאַרפן מיר גלויבן, אַז צוזאַמען מיט די פּריצים וועלן אויך מיר געראַטעוועט ווערן דורכן קיניגס חיילות, וועלכע שטייען גרייט ביי דער גרענעץ.

ר א ש - ה ק ה ל : גרויס איז די מאַכט פון דער קרוין־פוילן און שטאַרק גענוג איז נאָך דער קיניג וולאַדיסלאַוו צו צעטרייבן עטלעכע טויזנט קאַזאַקן און טאָטערן, זיי צו פאַרניכטן, אָדער צו פאַריאָגן דאָרטן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, זיי זאָלן קיינמאָל מער נישט וואַגן צוריקצוקומען אין אונדזערע מקומות. און די שמועות וואָס דערטראָגן זיך צו אונדז, דאַרף מען געבן זייער ריכטיקן ווערט. שרעקלעכער מאָלט דאָס קוים שרעקלעכע דעם געיאָגטן און דערשראָ־קענעם מענטשן זיין צעשפּילטער כוח־הדמיון. יענע אויגן, וואָס האָבן איינמאָל געזען פאַר זיך דעם טויט, זיי זעען אים שוין שטענדיק ביי דער מינדסטער געפאַר און אַפילו ווען די סכנה איז שוין לאַנג פאַר־ביי. זענען דען נישט דעם קיניגס חיילות פאַראַנען צו היטן די גרע־נעצן? לאָמיר זיך דעריבער נישט אומזיסט און פאַר דער צייט שרעקן, ליבע ברידער!

## זעקסטע סצענע

ר יי ז ע ל ע : (אויף דער שוועל) אַ שליח איז געקומען פונעם קאַשטע־ליאַן. ער האָט איבערצוגעבן וויכטיקע זאַכן און פאַרלאַנגט מען זאָל אים אויסהערן.

ד ע ר ר ב : זאָל ער אַריינקומען. (רייזעלע גייט אַרויס).

שליח: (קומט אַריין און קוקט זיך אויפמערקזאַם אַרום) זענט איר די עלטסטע פון דער היגער יידישער קהילה?
אַלע פיר מענער: מיר זענען עס!
שליח: איז דער ראש־הקהל אויך צווישן אייך? איך האָב אים גע־זוכט אין זיין הויז, האָט מען מיך געשיקט צום פּאַן ראַבין.
ראש־הקהל: איך בין עס.
שליח: טאָ דערלויבט מיר צו ריידן און הערט זיך גוט איין! זיין הויכ־קייט דער פּאַן קאַשטעליאַן, שיקט מיך צו אייך, איך זאָל אייך אָנ־זאָגן אַ גאָר וויכטיק וואָרט.
אַלע פיר מענער: רעדן! מיר הערן דיך אויס!
שליח: (פייערלעך־ערנסט) זייט וויסן, אַז צעשלאָגן איז די אַרמיי פון זיין הויכקייט, דעם גראַף פּאָטאָצקי, וואָס האָט אָפּגעהיט אונדזערע גרענעצן. צעגאָסן האָבן זיך די כאַמסקע האָרדעס, ווי אַ פאַרפליי־צונג, איבערן לאַנד פראַנק און פריי. וואו עס טרעט זייער פאַרשאָל־טענער פוס, בלייבן חורבות און אַש. אַ טייך פאַרגאָסן מענטשנבלוט צייכנט מיט רויטע סליאַדעס זייער וועג. פרויען און בתולות שענדן זיי...
די זקנים: וויי און ווינד איז אונדז!...
שליח: ווער עס ראַטעוועט זיך דאָס לעבן און באַהאַלט זיך אויס ער־געץ אין אַ ווינקל פון אַ געדיכטן וואַלד, דעם געפינען שוין אויס די טאַטערישע שקלאַפנהענדלערס און זיי קלייבן צונויף גאַנצע מזנות פון אַזעלכע געפאַנגענע, בכדי זיי דערנאָך צו פאַרקויפן אַלס קנעכט אויף די מערק פון די ווייטע שטעט פון דער טערקישער מדינה.
די זקנים: באַהיט און באַשירעם אונדז, גרויסער גאָט, פון אַזאַ שרעקלעכן אומגליק!...
שליח: דאָס אַלעס לאָזט אייך וויסן זיין הויכקייט, דער פּאַן קאַשטע־ליאַן און ער הייסט אייך אויסערדעם אָנזאָגן נאָך דאָס: אונדזער גויט איז אַ בשותפותדיקע — צוזאַמען מוזן מיר זי אויסטראָגן! מאָרגן וועלן פאַרהאַקט ווערן די טויערן פון אונדזער באַפעסטיקטער שטאָט. קיינער וועט נישט טאָרן אַריין און אַרויסגיין. שוין פון פריער האָבן

מיר אַנגעגרייט גענוג שפּייז אויף אַ לענגערער צייט, צו קענען אויס־האַלטן די באַלאַגערונג פונעם שונא. מיר האָבן אויך מענער צו באַ־שיצן די מויערן און אויב עס וועלן אויספעלן אונדזעריקע מענער, זאָגט זיין הויכקייט דער פאַן קאַשטעליאַן, דעמאָלט וועלן אויך אייע־רע יידישע מענער וואָס זענען פעאיק צו טראָגן געווער, מוזן אַרויס־העלפן אין דעם קאַמף. מיר וועלן זיך אַזוי לאַנג האַלטן, ביז עס וועט אָנקומען הילף פון זיין מאַיעסטעט, דעם קיניג וולאַדיסלאַוו. אין אונ־דזערע קירכעס ווערן אָפּגעריכט גאָטעסדינסטן — בעט אויך איר צו אייער גאָט, ער זאָל אונדז אַלע שטאַרקן צו קענען אַריבערטראָגן דאָס בייזע און פאַלגט געטריי אויס אין אַלע פּרטים די באַפעלן און פאַר־אָרדענונגען פון זיין הויכקייט, דעם פאַן קאַשטעליאַן! (פאַרנייגט זיך און גייט).

## זיבעטע סצענע

ד ע ר ר ב : גרויסער באַשעפער פון גאַר דער וועלט! דיין אומגליקלע־כער גזר־דין דערנענטערט זיך. דאָס האַרץ זאָגט קיין גוטס נישט אָן. איך בויג מיך פאַר דיין הייליקן באַשלוס! טו ווי דיר געפעלט!

צ ו יי ט ע ר ז ק ן : אל תבטח בנדיבים — האָט אונדזער מלך דוד געזאָגט. איך האָב עס פאַרגעסן און האָב מיך שווער פאַרזינדיקט...

ר א ש ־ ה ק ה ל : (שטייט אויף) איצט האָבן מיר נישט מער וואָס צו האַלטן קיין עצות! דער רבונו של עולם אַליין האָט געהאַלטן זיין עצה איבער אונדז! קומט, ברידער, ס'איז צייט צו גיין! (אַלע אי־בעריקע שטייען אויך אויף פון זייערע ערטער).

ד ע ר ר ב : מאָרגן אם ירצה השם לאָז איך מכריז זיין אין שטאָט וועגן אַלץ וואָס עס איז געשען, זאָל מען זיך פאַרזאַמלען אין די בתי־תפילה, זאָל מען זאָגן תהילים און בעטן רחמים! (אויף אַלע פּנימער מאָלט זיך שרעק און דערשלאָגנקייט).

ר א ש ־ ה ק ה ל א ו ן ז ק נ י ם : אַ גוטע נאַכט רבי! (גייען אָפּ).

**דער רב:** אַ גוטע נאַכט, יידן! פאַרגעסט נישט, אַז אַלץ איז ביי אונ־
דזער גרויסן און מעכטיקן גאָט אין די הענט און אַז ער איז נאָך
תמיד מיט אונדז און מיט כלל־ישראל. צווייפלט נישט אין דעם, אַז
ער קען אונדז נאָך העלפן און אויסלייזן פון ווילדע שונאימס נעגל!

**(פאָרהאַנג).**

# צווייטער אַקט

די סצענע איז ווי אין ערשטן אַקט. די פרימאָרגן־דעמערונג האָט נאָך נישט אינגאַנצן גובר געווען די נאַכט־שאָטנס.

## ערשטע סצענע

ד ע ר ר ב : (אין טלית און תפילין) אַלמעכטיקער פאָטער אין הימל! שוין וואָכנלאַנג זענען מיר אונטער מויערן פאַרשפאַרט, אָפּגעשיידט פון דער איבעריקער וועלט. ווילדע האָרדעס פון שונאים רינגלען אונדז אַרום און שטרעקן אויס זייערע לאַפּעס נאָך אונדזער גוטס און לייב און לעבן. זענען טאַקע די וועגן פון אונדזערע תפילות אויך פאַרשפאַרט געוואָרן, וואָס דו האָרכסט זיי נישט אויס? איידער די זון גייט אויף, הייבן מיר אָן אונדזערע תחנונים צו דיר און ווען האַלבע נאַכט איז שוין לאַנג פאַרביי, ריכטן מיר נאָך אָפּ חצות אין דיין הויז. זענען אונדזערע זינד באמת צו גרויס דו זאָלסט זיי קע־נען פאַרטראָגן און פאַרגעבן? אויב אַזוי זאָלן כאָטש אונדזערע תפילות אויספּועלן עס זאָלן פאַרקירצט ווערן אונדזערע מאַטער־נישן און פּיינען.

ש ל י ח ־ ב י ת ־ ד י ן : (פאַלט אַריין אַ פאַרסאָפּעטער) אַ פרייד איז געקומען אויף אונדז, רבי, אַן אומגעריכטע פרייד! גאָט האָט אויס־געהערט אונדזערע תפילות! אַ ישועה איז געקומען איבער דער שטאָט!

ד ע ר ר ב : (רואיק און שטיל, כמעט פאַר זיך אַליין) פאַרוואָס פרייס־טו דיך נישט מיין האַרץ?... פאַרוואָס נעמסטו נישט אויף מיט שמחה די גוטע בשורה?...

שליח־בית־דין: הערט, רבי, וואָס עס איז געשען: דעם קיניג וולאַדיסלאַווס סאָלדאַטן האָבן היינטיקע נאַכט, ווען קיינער האָט עס כמעט נישט געהערט, פאַריאָגט די שונאים צו אַל די בייזע רוחות. אונדזער קיניגס העלדן לאַגערן איצט פאַר די טויערן פון נימעראָוו און בעטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן. אַ נס האָט באַוויזן אונדזער גרויסער גאָט!

דער רב: פאַרוואָס־זשע ליגט אַזאַ שווערע משא אויף מיין ברוסט? פאַרוואָס דריקן דאָרטן אַזעלכע טרויעריקע געפילן ווי מילשטיינער?...

שליח־בית־דין: נעכטן נאָך, בשעת די זון האָט זיך געזעצט אין מערב, האָבן די אויסשפּירערס אויף אונדזערע מויערן אָראָפּגעקוקט אויף אומצאָליקע מחנות פון ווילדע קאָזאַקן און היינט, בשעת די זון איז קוים אויפגעגאַנגען, האָבן זיי דערזען אונדזערע רעטערס אין מאַרגנשיין!

דער רב: (אויסטוענדיק טלית און תפילין) געוואוין דיך צו, מיין האַרץ, צו דער פּלוצעמדיקער שמחה! און איר, טרויעריקע געפילן, ווייכט צוריק פאַר דער גרויסער פרייד!

שליח־בית־דין: זייערער אַ רייטער איז געקומען צו די מויערן און האָט איבערגעגעבן די פריילעכע בשורה. האָט מען אַהין געבראַכט דעם פאַן קאַשטעליאַן אַליין, בכדי ער זאָל מיט זיינע אייגענע אויגן זען און מיט זיינע אייגענע אויערן הערן. ער האָט אַליין גערעדט מיטן רייטער און האָט באַלד געהייסן ברייט צעעפענען די טויערן און מיט יובעלדיקער פרייד אויפנעמען די אַנגעלייגטע געסט, צו מאַכן אַ פריילעכן יום־טוב אין דער גאַנצער שטאָט. (אין דרויסן הערן זיך פון גאַנץ ווייט פאַרצווייפלטע געשרייען, וועלכע דערנעענטערן זיך אַלץ מער און ווערן אַלץ דייטלעכער. דער שליח־בית־דין ווערט געפּלעפט).

דער רב: (דערשטוינט) וואָס איז דאָס?... זענען דאָס די אויסרופן פון יובעל און פרייד?... הערן אפשר מיינע אויערן פאַלש? אָדער איז טאַקע מיין האַרץ געווען גערעכט, ווען עס האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען די פרייד?... (ער גייט צום פענצטער, עפנט עס אויף און

רופט אין גאס אריין) פארוואס יאמערט און קלאגט איר אזוי, מענטשן? צוליב וואס ברעכט איר פארצווייפלט אייערע הענט? ווייסט איר דען נישט פון אונדזער באפרייאונג און דערלייזונג?...

**א יידס שטים פון דרויסן:** ווי אונדז, רבי, א בראך האט אונדז געטראפן! דאס אומגליק האט אונדז שוין דערגרייכט! די קאזאקן זענען אריין אין שטאט אריין! איבערגעטאן אינעם קיניגס סאלדאטן־קליידער זענען זיי געקומען, האבן אפגענארט דעם קאש־טעליאן, האבן אלעמען די אויגן פארבלענדט און מיר האבן מיט די אייגענע הענט ברייט צעעפנט די טויערן פאר אונדזערע מערדער. ווען מען האט זיך געכאפט, איז שוין געווען צו שפעט אפצוהאלטן דאס בייז. ווינד און ווי איז צו אונדז! א בראך איז אונדז געשען! (דער ייד לויפט ווייטער, אבער זיין שטים הערט זיך נאך א ווײלע. ביי די לעצטע ווערטער איז דער שליח־בית־דין ארויסגעלאפן און באלד דערנאך פאלן אריין די רביצין און רייזעלע צעמישטע און צעשראקענע).

**די רביצין:** וואס איז געשען?...

**דער רב:** דאס צו וואס מיר זענען שוין וואכנלאנג צוגעגרייט. די קאזאקן זענען אין שטאט.

**רביצין און רייזעלע:** (ברעכן ביידע די הענט) וואס וועט מיט אונדז ווייטער זיין? וואס וועלן מיר איצט טאן, רבונו של עולם אין הימל?... (קורצע פויזע).

**דער רב:** (איז א ווײלע געשטאנען מיט אן איינגעבויגענעם קאפ א פארלוירענער, באזארגטער און באהערשטער פון פחד. אין די אויגן האבן פארבייגייענדיק א גלאנץ געטאן איינגעהאלטענע טרערן און דער גאנצער גוף האט א ציטער געטאן. מיטאמאל קומט ער צו זיך, הייבט פלוצים שטאלץ אויף דעם קאפ און א מאיעסטעטישע רואי־קייט צעגיסט זיך איבער זיין גאנצער געשטאלט) איר פרעגט וואס מיר וועלן טאן? מיין ווייב, מיין קינד! ווייסט איר דאס באמת נישט? ווייסט איר נישט וואס געטרייע קינדער פון זיין ליבן נאמען מוזן טאן, ווען ער רופט זיי צו זיך? גיין מוזן מיר צו אים, לויפן מוזן

מיר צו אים מיט שמחה און געזאַנג. מיר מוזן אים לויבן פאַר דער זכיה וואָס מיר האָבן צו הייליקן זיין נאָמען. צוגרייטן מוזן מיר זיך איידער ס'ווערט צו שפּעט, אויסצירן אין טייערסטן, שענסטן און בעסטן וואָס מיר פאַרמאָגן, בכדי צו קומען יום־טובדיק פאַר זיין כסא־הכבוד. ברענגט מיר, טייערינקע, דעם קיטל, די שבתדיקע קאַפּאָטע און דעם סויבעלנעם ספּאָדיק, וועל איך מיך צוגרייטן. דערנאָך גייט אויך איר, טוט אָן אייערע שנעסטע קליידער און דאָס טייערסטע צירונג, און גרייט אייך צום הייליקן און געפּערלעכן לעצטן גאַנג. (די פרויען גייען אַרויס. דער רב נעמט דערווייל ווידער אַרויס דעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה. דערנאָך ברענגט רייזעלע אַריין די זאַכן, וואָס ער האָט פריער פאַרלאַנגט).

ר יי ז ע ל ע : איך וועל דיר העלפן, פאָטער, ביים אָנטאָן. (טוט עס און בשעת־מעשה שטייען טרערן אין אירע אויגן).

ד ע ר ר ב : דו וויינסט גאָר, טאָכטער? נישט יעדער דור איז דאָך זוכה דערצו...

ר יי ז ע ל ע : (פאַרשטיקט די טרערן) איך וויין נישט, פאָטער...

ד ע ר ר ב : איך ווייס ווי שווער עס איז אָזוי יונג זיך צו שיידן פונעם לעבן... אין דעם פּרט איז עס פאַר אונדז, עלטערע לייט, פיל גרינגער. איך קען מיר אויך פאָרשטעלן וואָס דאָס האַרץ האָט געפילט און דער כוח־הדמיון האָט אויסגעמאָלן פאַר דער צוקונפט. אָבער זיין הייליקער רצון, געלויבט זאָל ער זיין, איז מעכטיקער פון אַלץ און מיר מוזן זיך בייגן פאַר אים.

ר יי ז ע ל ע : (קען זיך נישט איינהאַלטן און וויינט פאַרשטיקט) מיר בייגן זיך...

ד ע ר ר ב : הער אויף צו וויינען, טאָכטער מיינע! (גלעט צערטלעך אירע האָר מיט ציטערנדיקע הענט) זע ווי לייכט עס איז פאַר דיין פאָטער צו באַגעגענען דעם טויט, וואָס הייליקט גאָטס ליבן נאָמען. (פויזע) איצט גיב מיר נאָך דאָס סידור וועל איך אָפּשליסן מיין חשבון...

ר יי ז ע ל ע : (דערלאַנגענדיק דאָס סידור) דאַרפסט אפשר נאָך עפּעס, פאָטער?...

ד ע ר ר ב : מער גאָרנישט, מיין קינד. איצט גיי און ציר דיך אויס ווי צו דיין חופּה. גאָט, ברוך הוא, וויל אַזוי! (רייזעלע גייט. דער רב זעצט זיך, קוקט אין סידור אַריין און זיינע ליפּן באַוועגן זיך. ער שלאָגט זיך אין האַרצן אַריין, דערנאָך שטיל) האָר איבער הימל און ערד! מיין גאַנץ לעבן לאַנג האָב איך דיר געדינט און מיך געפּלייסט צו גיין אין דיינע וועגן. דיר געפעלט עס אָבער היינט מיך און מיין עדה צו צעטרעטן ווי די ווערעם. ווער וועט עס וואַגן דיר צו זאָגן אַ דעה?... ווער האָט דעם מוט מהרהר צו זיין נאָך דיינע מעשים? דו ביסט גערעכט! איך בין מוכן ומזומן צו נעמען אויף זיך דיין שטראָף. נאָר איין בקשה האָב איך צו דיר און איך בעט דיך זי מיר נישט אָפּצוזאָגן. זאָל דאָס זיין מיין שכר, אויב איך האָב אַמאָל עמעצן עפּעס גוטס געטאָן דאָ אויף אָט־דער ערד. לאָז מיך, רבונו של עולם, אינאיינעם מיט מיין ווייב און קינד שטאַרבן אַ ריינעם טויט, אָן מכשולים און שאַנד! (פּויזע).

ד י ר ב י צ י ן א ו ן ר יי ז ע ל ע : (קומען אַריין אויסגעפּוצטע אין זיידענע קליידער און תכשיטים) מיר זענען שוין גרייט! (זעצן זיך צום טיש. זייערע ליפּן ציטערן. פון דרויסן דערהערן זיך אַלץ דייט־לעכערע פאַרצווייפלטע וויי־געשרייען פון די קרבנות און ווילדע־רציחהדיקע קולות פון די מערדער. דער רב קוקט אָן איבעררייס אין סידור אַריין).

ר יי ז ע ל ע : (קוקט אַ דערשראָקענע אויף אירע עלטערן און מורמלט) סאַראַ פּחד, אַ גרויל...

ד ע ר ר ב : (פעסט) פאַרלירט נישט דעם מוט, מיינע טייערע, און גלויבט אינעם חסד פון זיין ליבן נאָמען! (די לעצטע ווערטער ווערן שוין כמעט פאַרהילכט דורך די ווילדע קולות און דעם טופּען פון פיס, וואָס דערנענטערן זיך אַלץ מער).

ק ו ל ו ת : (גאָר נאָענט) דאָ וואוינט זייער ראַבין! — לאָמיר אַריינגיין אַהער!

## צווייטע סצענע

עס פאַלן אַריין עטלעכע קאָזאַקן מיט גאַניאַן בראש. צוליב דעם פייערלעך רואיקן און אומבאַוועגלעכן בילד, מיט וועלכן זיי טרעפן זיך אָן, בלייבן זיי אין ערשטן מאָמענט צעמישט און געפּלעפט. אָבער באַלד קומען זיי צו זיך פון דער ערשטער איבערראַשונג.

ג אַ נ י אַ : (מאַכט עטלעכע געגנוג אומדרייסטע טריט פאָרויס) העי, אַל־טער, ביסטו דער ראַבין פון דער שטאָט נימעראָוו?...

ד ע ר ר ב : (קוים עטוואָס אויפהייבנדיק דעם קאָפּ) ווי דו זעסט...

ג אַ נ י אַ : (שפּאָטיש) האָסט דיך פיין אויסגעפּוצט, אַלטער. בכדי אונדז הפנים אויפצונעמען ווי עס געהער צו זיין. אנערקען איך, אַז דאָס איז זייער לייטיש פון דיין זייט, אָבער איצט לאָז צו רו דיין ספר און מאַך דיך פאַרטיק צו גיין מיט אונדז.

ד ע ר ר ב : איך בין שוין פאַרטיק פון לאַנג צו מיין לעצטער שעה...

ג אַ נ י אַ : אויב אַזוי, נעמט זיי, מאָלאָיצעס, און גאָפּט נישט אַזוי! פירט זיי אַוועק אויפן מאַרק־פּלאַץ צו די איבעריקע! (זיין בליק פאַלט אויף רייזעלען און ער בלייבט דערשטוינט. מיט אַנטשלאָסנקייט צו די פאַרוואונדערטע קאָזאַקן, וואָס האָבן נישט אַנגעטראָפן קיין שום ווידערשטאַנד ביז איצט) העי, קינדערלעך! אַט־דאָס מיידל לאָזט מיר איבער דאָ! (צו די צוויי קאָזאַקן, אייגער אַן אַלטער און דער צווייטער אַ יונגער, וועלכע שטייען נעבן אים) איר ביידע בלייבט מיט מיר דאָ און היט זי מיר אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ. אָבער וויי וועט זיין צו יענעם פון אייך, וואָס וועט וואַגן זי אָנצורירן! איר קענט מיך דאָך! איר ווייסט דאָך, אַז עס לוינט זיך נישט מיך צו דערצע־רענען! איצט גיי איך מיט די איבעריקע קאָזאַקן, אָבער ווי־נאָר איך וועל מיך ספּראַווען מיט די דרינגענדיקסטע עסקים, וועל איך באַלד צוריקקומען אַהער.

ד ע ר ר ב : ווילדער רשע! וואָס האָט זי געזינדיקט מער פון אונדז? פאַרוואָס ווילסטו זיך נוקם זיין אין איר מער ווי אין אונדז אַלע?

ג אַ נ י אַ : (סאַרקאַסטיש) ביסט שוין צו אַלט, פאַרשיוועּ זשיד! וועסט עס נישט וועלן פאַרשטיין... וועסט אומזיסט אָנמאַכן געוואַלדעס — איך קען אייך דאָך. אָבער איך ווייס שוין וואָס איך האָב צו טאָן. (צו די קאָזאַקן וואָס גאַפן אויף רייזעלען) העי, מאַלאַיצעס, וואָס שטייט איר ווי פון דונער געטראָפענע? קענט איר אייך מער נישט רירן פון אָרט? נעמט זיי און פירט זיי אַוועק וואוהין איך הייס אייך! באַלע־מוטשעט נישט! היידאַ, געגאַנגען זאָל ווערן! (גייט אָפּ).

ד ע ר ר ב : (טרויעריק, שטיל) רבונו של עולם! אַפילו די איינע קליינע בקשה ווילסטו מיר נישט צוליב טאָן? איך קריך אין שטויב פאַר דיר... דו ביסט גערעכט...

ר ב י צ י ן : (פאַרצווייפלט־דערשלאָגן) מיין ליב קינד! מיין טעכטערל! מיין אומשולדיק רייזעלע! ריי־זע־לע!...

ר יי ז ע ל ע : גרויסער גאָט! פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי האַרט?... (ווען די קאָזאַקן ווילן אויף כוח אַרויספירן דעם רב און די רעביצין, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געהאַלטן ווירדיק־רואיק און שטאָלץ, הייבן זיי זיך אָן ראַנגלען ווי צעיושעטע לייבן. אויך רייזעלע רייסט זיך פאַרצווייפלט צו זיי).

א יי ן ק אָ ז אַ ק : העי, זשידעס פאַרשאָלטענע! הערט אייך אויף צו רייסן ווי די משוגעים!

אַ צ וו יי ט ע ר ק אָ ז אַ ק : דערצערנט אונדז נישט, אומגליקלעכע הינט, ווייל מיר וועלן אייך ממיתן דאָ אויפן אָרט, נאָך איידער מיר ברענגען אייך צום מאַרקפּלאַץ.

ר יי ז ע ל ע : (נאָכדעם ווי מען האָט אַוועקגעפירט אירע עלטערן, אָפּ־געריסענע און צעביילטע. אויסער זיך) איך בלייב נישט דאָ, אַפילו ווען איר צעהאַקט מיך אויף שטיקער (ראַנגלט זיך).

ע ר ש ט ע ר ק אָ ז אַ ק : מ׳וועט דיך שוין דערשלאָגן, מיידעלע, און צעהאַקן, ווען עס וועט קומען דיין צייט! (האַלט זי צוריק אָן אַן אי־בעריק גרויסער אָנשטרענגונג) איצט אָבער בלייב דאָ און זיי שטיל, ווייל דיין ראַנגלען זיך וועט דיר גאָרנישט העלפן... דו זעסט אויס

צו זיין נישט קיין נאַרישע — דאַרפסטו דאָך אליין פאַרשטיין און נישט פאַרשאַפן קיין אומנוצלעכע שוועריקייטן...

ר ײ ז ע ל ע : (עטוואָס באַרואיקט) לאָזט מיך אָפּ... איך וועל זיין רו־איק... (די צוויי קאָזאַקן לאָזן זי אָפּ און זי זינקט אַנידער אויף אַ שטול ביים טיש. איינער האַלט זיך נישט ווייט פון איר און דער צווייטער זוכט און נישטערט אין אַלע ווינקעלעך און נעמט צו אַלץ וואָס האָט עפּעס אַ ווערט).

## דריטע סצענע

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (לאַכט) העי, ברודערל! ווייסט צוליב וואָס גאַניאַ האָט איבערגעלאָזט דאָס מיידל און עס געהייסן אַזוי שטאַרק אָפּהיטן?...

צ װ ײ ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (אַביסל אַנגעכמורעט) איך ווייס... ער וועט זיך צוטיילן אַביסל פאַרגעניגן מיט איר, ווי מיט די אַנדערע פריער. ער וועט פאַרבר־ענגען מיט איר אַ פריילעכע נאַכט און ווען זי וועט אים דערנאָך צוגעגעסן ווערן, וועט ער זי זיכער דערשלאָגן.

ר ײ ז ע ל ע : (פאַרמאַכט די אויגן און פאַרשטאָפּט די אויערן. מורמ־לענדיק פאַר זיך) גרויסער גאָט! מאַך פאַרשטומען אָט־די פּאַסקודנע טריפהנע מיילער. צעשטער זייערע רשעותדיקע געדאַנקען. שיק אויף מיר אַ ריינעם טויט פון דיין הייליקער האַנט. דערבאַרעמדיקער פאָ־טער! מיט וואָס האָב איך מיך אַזוי שטאַרק פאַרזינדיקט קעגן דיר, וואָס דו האָסט מיך איבערגעגעבן אין די פאַרבלוטיקטע טמא לאַפּעס פון אָט־די חיות רעות?...

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : ס'איז באמת אַ שיינע מויד, ברודערקע! אונ־דזער גאַניאַ איז אַ חריף און ער ווייסט וואָס ער טוט. יאָ, אונדזער גאַניאַ איז אַ יונג מיט ביינער און אַ גרויסער מבין אויף אָט־דעם מין סחורה...

צ װ ײ ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : ביסט גערעכט, פאָטערל, אויף מיין וואָרט אַ

שיינע מויד! איך אַליין וואָלט אַ בעלן געווען צו ווערן מיט איר אַ קרוב, ווען נישט... (טוט פאַרדראָסיק אַ קרים דאָס פּנים און אַ מאַך מיט דער האַנט).

ערשטער קאַזאַק: היט זיך, ברודערל! לאָז נישט זיך צעשפּילן דיינע געבליטן! טרייב אָפּ פון זיך די געפערלעכע געדאַנקען! גאַניאַ וואָלט דיר אַרויסגעלאָזט די קישקעס, אָדער צעשפּאָלטן דעם שאַרבן, ווען דו רירסט זיך בלויז צו צו איר. אַ גוטער איז גאַניאַ ווילאַנג מען דערצערנט אים נישט, אָבער ווי איז צו דעם, אויף וועמען ער ווערט בייז... דו קענסט אים דאָך פּונקט אַזוי ווי איך...

צווייטער קאַזאַק: (פאַרביסן) איך קען אים און היט מיך טאַקע... אָבער עס איז ווייט נישט אין אָרדענונג... צווישן קאַזאַקן וואָלט געדאַרפט אַנדערש זיין...

רייזעלע: (האָט אַ ווײַלע פריער געהאַט געעפנט די אויגן און אויפ־געשטאָפּט די אויערן) געגנאַדפולער פאָטער אין הימל! איז דאָס דער גאַנצער חסד וואָס דו טוסט מיט מיר? פון אָט־די שמוציקע הענט בלויז ווילסטו מיך מציל זיין, בכדי מיך איבערצוגעבן אין נאָך שמו־ציקערע און טמאערע! אָדער... — איז דאָס אפשר אַ סימן פון דיר צו שטאַרקן מיין געבראָכן געמיט?... צו געבן מיר אַ נייע האָפע־נונג?... (פּויזע, בשעת וועלכער די קאַזאַקן נישטערן און רויבן ווײַ־טער).

ערשטער קאַזאַק: געדענקסט נישט, בחור, ווי־אַזוי האָבן זי די אַלטע לייט גערופן?

צווייטער קאַזאַק: פאַרוואָס זאָל איך נישט געדענקען? רייזעלע האָבן זיי זי גערופן. (פאַרטראַכט זיך אַ קורצע ווײַלע) איך געדענק, ווען איך בין נאָך גאָר אַ קליינער געווען און איך פלעג הייצן די זשידאָווסקע אויוונס און פאַרלעשן זייערע לאָמפּן אום שבת, אין שטעטל פון וואַנען איך בין, איז ביי איינעם אַ רייכן זשיד אויך גע־ווען אַ טעכטערל מיט דעם זעלביקן נאָמען. דאָס איז ביי זיי זייער אַ פאַרשפּרייטער נאָמען. אויך יענע איז געווען אַזאַ שיינע... איך געדענק עס ווי היינט, כאָטש זינט דעמאָלט זענען שוין עטלעכע

יאָרן אָוועק. ס׳איז דאָך נאָך געווען איידער כ׳בין אַריבער צו אייך איבערן דניעפּר, אין די סטעפּעס אַריין...

עֶרשטער קאָזאַק: רייזעלע, זאָגסטו? רייזעלע... ערגעץ האָב איך שוין געהערט דעמדאָזיקן נאָמען, איך קען מיך אָבער איצט נישט דערמאָנען וואו...

צווייטער קאָזאַק: אָ, אויב אַזוי האָב איך שוין אַ בעסערן זכרון, ווי דו זעסט. כאָטש עס זענען שוין זיבנט דעמאָלט אַזויפיל יאָרן פאַר־גאַנגען, געדענק איך אַלץ פּינקטלעך און אַלעס שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן פונקט ווי היינט...

עֶרשטער קאָזאַק: (זעצט זיך אויף דער סאָפע) רייזעלע... ריי־זעלע... דער זכרון דינט מיר שוין באמת נישט אַזוי גוט. כ׳קען מיך נישט דערמאָנען... (טראַכט אָנגעשטרענגט) אַהאַ! אָט האָב איך עס! כ׳האָב מיך דערמאָנט! אַ שטאַרבנדיקער זשידאָווסקער בחורל האָט היינט אויסגערופן אָט־דעם נאָמען. דאָס איז געווען אין יענעם גרויסן הויז אינמיטן מאַרק. כ׳האָב אים דאָס מעסער אַריינגעשטאָכן אין האַרצן אַריין, אָבער איך מוז מיך מודה זיין צו מיין שאַנד — לייכט איז עס מיר נישט אָנגעקומען. אַ שיין יינגל איז עס געווען, נאָך גאָר אַ יונגס, מיט בלייכע בעקלעך, צאַרט און אומשולדיק ווי אַ מיידל, אָדער ווי אַ לעמעלע. איך מוז מיך טאַקע שעמען, ברודערקע, ווייל כ׳האָב אים אין אַנהייב בשום אופן נישט געקענט טאָן קיין שלעכטס. — לאָז אים לעבן — האָב איך געטראַכט — ער איז דאָך נאָך כמעט אַ קינד... — דערווייל דערזע איך ווי ביי אים שטייט עפּעס אָפּ די קעשענע. — וואָס האָסטו דאָרטן? — פרעג איך אים. — ער ענט־פערט נישט און ציטערט פון שרעק און פון אומרואיקייט. וויל איך שוין אויף כוח זען וואָס ער האָט דאָרטן, אָבער ער לאָזט נישט און ראַנגלט זיך. ס׳קומט אויס נישט אַנדערש נאָר אַז ער באַהאַלט דאָרטן אויס אַן אוצר. — פאַרשיווע זשידעס! — שריי איך שוין אויס אין כעס — ווייניק האָט איר נאָך ביז איצט אונדזער בלוט געצאַפּט און געזויגן דעם מאַרך פון אונדזערע ביינער? — דאָס בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט און כ׳האָב אים דאָס מעסער אַריינגעשטאָכן אין

דער ברוסט אַריין. דערנאָך האָב איך פון זיין קעשענע אַרויסגעריסן אַט זע אַליין וואָס, כאַ־כאַ־כאַ (באַווייזט אַ גאָלדגעשטיקט תפילין־זעקל. רייזעלע קוקט אויף דעם מיט ברענענדיקע, אָנגעשטרענגטע און גלאַנציקע אויגן און זיפצט ביטער דערביי.) כ׳לעבן ס׳איז נישט כדאַי געווען.

צווייטער קאָזאַק: (שטרעקט אויס די האַנט) אַנו, באַווייז נאָר.

ערשטער קאָזאַק: דו זעסט דאָך. דאָס באַנוצן די יידן ווען זיי מאָליען זיך צו זייער גאָט. דאָס בחורל איז אַנידערגעפאַלן אַ באַגאַ־סענער מיט בלוט, שרייענדיק יענע אויסטערלישע ווערטער וואָס אַלע זשידעס שרייען פאַרן שטאַרבן. ווען דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן שוואַכער צו ריזלען, האָבן זיך די אויגן ביי אים פאַרשלייערט און ער האָט אָנגעהויבן צו מורמלען: רייזעלע... רייזעלע!... אויף זיין פנים האָט זיך באַוויזן אַ מאָדנע שמייכעלע, וועלכעס דער טויט האָט שוין מער נישט געקענט אויסמעקן און אָפּווישן פון דאָרטן...

צווייטער קאָזאַק: (שאָקלענדיק מיטן קאָפּ) אַ משונהדיק פאָלק זענען זיי, די זשידעס...

רייזעלע: גאָטס צאָרן איבער אייך, איר מערדערס פון אַלץ וואָס עס איז מיר ליב און טייער! איך זיץ דאָ מיט אייך ווי אַ פייגעלע אין שטייגל און איך קען אַפילו נישט טראַכטן נקמה צו נעמען פון אייך. (פויזע) איך וואַרט אויף מיין שאַנד און הייב נישט אָן צו וויסן ווי־אַזוי וואָלט איך זי געקענט אָפּווענדן פון מיר. ווי בין איך דיך איצט מקנא, מיין הערשעלע! דו ביסט אַוועק פון דער וועלט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן — אָבער ווער ווייסט וואָס עס איז מיר באַשערט?... (ציטערט פאַרצווייפלט) פאָטער אין הימל! פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי אָן רחמנות? האָבן דען נישט געקענט געליימט ווערן די צינגער פון אָט־די רוצחים און פאַרשטומט ווערן זייערע מיילער, איידער זיי האָבן מיך דערמאָנט אָן מיין ווייטיק און שאַנד? דאָס תפילין־זעקל, וועלכעס ס׳האָלט יענע מגושמדיקע האַנט וואָס האָט אומגעבראַכט מיין אומשולדיקן הערשעלען, פאַרוואָס האָסטו עס מיר גראָד איצט געמוזט ברענגען פאַר די אויגן? איך געדענק ווי איך האָב עס מיט

פרייד געשטיקט אַלס מתנה פאַר הערשעלען, ווי איך האָב אַריינגע־שטיקט אין דעם אַזויפיל צאַרטע ליבשאַפט און וואונדערלעכע חלומות פאַר דער צוקונפט און איצט האָט עס די מערדער־האַנט באַ־פלעקט מיטן איידעלן בלוט. זאָל מיין לעצטע שעה, אַ חוץ שאַנד און מיאוסקייט, נאָך פאַרסאַמט ווערן מיט גאַל־ביטערניש און גיהנום־ווייטיקן?... ( פאַרבייסט די ליפּן, שטיקנדיק אין זיך דאָס געוויין) רבונו של עולם! ווילסטו נישט לאָזן מיך פאַרגעסן כאָטש אויף אַ ווײַלע דאָס אומגליק?

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : הער אויף צו ברייען, זשידאָווקעלע! (קוקט אַרויס דורכן פענצטער. צו זיין חבר) ס׳איז אַ נחת צו קוקן ווי בריהש פלינק עס אַרבעטן אונדזערע מענטשן.

צ ו וו יי ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : כוואַטעס זענען זיי באמת.

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : אָט לויפן זיי דאָרטן באַלאָדענע מיט גאָלד־און זילבערוואַרג. ס׳איז אַזש אַ חיות צו זען. ווען וואָלטן אונדזערע לייט געווען דערלעבט אַזעלכעס, ווען נישט אונדזער האַרציק פאַ־טערל כמיעל?...

צ ו וו יי ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : ער איז טאַקע אונדזער גואל, ברודערל (פויזע).

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (ווידער אַרויסקוקנדיק) אַ גרויסער שאָד, כ׳לעבן, וואָס מיר ביידע מוזן דאָ נעבעך זיצן.

צ ו וו יי ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (אומצופרידע) מיר מוזן דאָך... אַ ברירה האָבן מיר?... גאַניאַ האָט דאָך באַפוילן... אָבער גאָר יושרדיק איז עס נישט!

ר׳ יי ז ע ל ע : ווילסטו, גרויסער גאָט, אומענדלעך גרויס מאַכן מיין שמאַרץ? צו וואָס? (פויזע) האַ, אפשר ווילסטו, אַלמעכטיקער, מיך פּאָרט אויפרייצן צו נקמה? בין איך דאָך אָבער בלויז אַ שוואַך מיידל און איך וועל נישט האָבן קיין קראַפט...

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : ס׳וואָלט שוין צייט געווען, מיין איך, אַז גאַניאַ זאָל צוריקקומען. איך שטיי שוין ווי אויף שפּילקעס. אַלע אונ־דזעריקע קריגן זייערע חלקים בשפע און מיר...

צ וו יי ט ע ר  ק אָ ז אַ ק: מיר וועלן נאָך אויך באַווייזן... ס'איז פאַ־ראַנען אַ סך...

ר יי ז ע ל ע: (מיט געבעט) לאָז מיך, אייביקער באַשעפער, שטאַרבן אַ ריינעם טויט, אַזוי ריין ווי איך האָב געלעבט!... (פאַרזינקט אין געדאַנקען. פלוצים לייכט אויף אַ געדאַנק אין איר מוח און באַשיינט איר פּנים) איצט ווייס איך שוין וואָס צו טאָן! אַ דאַנק און אַ לויב דיר, מיין גוטער באַשעפער! (אין דעמזעלבן מאָמענט פאַלט אַריין גאַניאַ. נאָך אויף דער שוועל ווינקט ער צו די צוויי קאָזאַקן זיי זאָלן גיין. רייזעלע פאַלט צוזאַמען פון שרעק און ציטערט).



## פערטע סצענע

ג אַ נ י אַ: (שרייט נאָך די צוויי קאָזאַקן) גייט, ברידערלעך, גייט! כ'האָב אייך שוין סיי־ווי־סיי צו לאַנג אויפגעהאַלטן דאָ, אָבער איר וועט נאָך באַווייזן אָנצוזאָגן דאָס פאַרזאַמטע. (פויזע. קוקט זיך שאַרף אַרום. דערנאָך צו רייזעלען) איצט קום איך צו דיר, מיין ליב טייבעלע.

ר יי ז ע ל ע: (אַ ווייַלע לייגט זי אויף אים קיין שום אַכט נישט, דער־נאָך שטייט זי אויף געפּאַסט, דערנענטערט זיך צו אים פּאַמעלעך עטלעכע טריט, אָנקוקנדיק אים מיט שטאָלצע און שאַרפע בליקן) דו ביסט דאָך אַ מערדער, קאָזאַקן־פירער. (ווייזט אויף איר ברוסט) טאָ שטעך דאָ אַריין דיין מעסער!

ג אַ נ י אַ: (ווערט געפּלעפט פון איר דרייסטקייט, אָבער גלייכצייטיק הייבן אָן זיינע אויגן גזלניש צו ברענען פון כעס צוליב איר באַליי־דיקונג. באַהערשט זיך באַלד. לאַנגזאַם און געמאָסטן. מיט אַ שמייכעלע) נישט אויף אַריינצושטעכן מעסערס איז אַזאַ ברוסט ווי דיינע באַשאַפן געוואָרן, מיידעלע מיינס! (פויזע) ווי גוט וואָלט זיך אויף איר געקענט אויסרוען מיין קאָפּ...

ר י י ז ע ל ע : דיין קאָפּ, כאַם, זאָל רוען אויף מיין ברוסט? וואָס פּאַלט דיר איין?...

ג אַ ב י אַ : (ווערט צאָרנדיק) טרייב נישט מיט מיר קיין שפּאַס, זשי־דאָווקעלע! היט דיך מיך אַזוי אויפצורעגן, אַז איך זאָל פאַרגעסן די גרענעצן! קענסט מיך נאָך נישט, אומגליקלעכע...

ר י י ז ע ל ע : (פעסט) דער טייוול זאָל דיך קענען! וואָלסט געבליבן ביי אים אין גיהנום, איידער דו ביסט געקומען אַהער.

ג אַ ב י אַ : (ווערט ממש ווילד) היט דיך, זשידאָווקעלע, וואָרן איך דיך נאָכאַמאָל! איך בין גאַניאַ, דער שרעקלעכער הערשער איבער צען טויזנט קאָזאַקן! אַז איך טו נאָר איין וואונק, בינדן דיך מיינע לייט צו די עקן פון צוויי פייערדיקע פערד און דו ווערסט פון זיין צעריסן אויף שטיקער אין איין ווייַלע. (זיין כעס האָט דערגרייכט די העכס־טע מדרגה. דאָס פּנים ווערט אָנגעלאָפן מיט בלוט. די האַנט טאַפּט ציטערנדיק דאָס מעסער) און אַז איך וויל...

ר י י ז ע ל ע : (שנעל און שטיל, פאַר זיך אַליין) פאַרלענגט מיך, אַלמעכ־טיקער פאָטער, אָבער אַן שאַנד (צו גאַניאַן, אַרויספאָדערנדיק און מיט שפּאָט) און אַז דו ווילסט... וואָס פאַראַ נישטיקער וואָרעם ביס־טו אַנטקעגן אונדזער גרויסן גאָט. וואָס איז דיין נישטיקער כוח אַנטקעגן זיין אַלמאַכט. זאָל איך מיך פאָרכטן פאַר דיר, אומרייַנער הונט, מער ווי פאַר אים?...

ג אַ ב י אַ : (פאַרלירט כמעט די הערשאַפט איבער זיך אַליין און איז גרייט זיך צו וואַרפן אויף איר מיטן מעסער) אָט וועסטו באַלד אויס־פּרואוון מיין כוח!... (פּלוצים האַלט ער זיך איין. באַהאַלט געלאָסן דאָס מעסער. זיין צאָרן פאַרשווינדט אינגאַנצן. קאַלט און באַוואוסט־זיניק איינגעהאַלטן, מיט אַ שמייכעלע) ביסט אַ שטאָלצע און אַ כיט־רע, מיידל! האָסט בכיוון געוואָלט צעבלאָזן מיין גרימצאָרן ווי אַ העליש פייער און מיך אויפרייצן, איך זאָל אָפּטאָן אַ נאַרישקייט און דיך טויטן. אָבער גאַניאַ איז נאָך כיטרער. ער איז צו קלוג זיך צו לאָזן פירן ביי דער נאָז פון אַ מיידל. צו שיין ביסטו, איך זאָל דיך טויטן, איידער כ׳האָב דיך גענאָסן, ווי מען געניסט פון אַ זעלטע־

נער און געשמאַקער פּרוכט. (גייט צו דער סאָפע און זעצט זיך. פעסט) קום אַהער, מיידל! (פויזע. דערנאָך מילד און גאַלאַנט) קום, זעץ דיך אויף מיין שויס מיט גוטן. (פויזע. זעצט פאַר סאַרקאַס־טיש) דו ביסט דאָך נישט קיין נאַרעלע, ווי איך זע. מוזסטו דאָך פאַרשטיין, אַז דו געפינסט דיך אין מיין מאַכט און איך קען דיך צווינגען. (פויזע. ווידער מילד) אָבער איך וויל דאָס נישט טאָן. דו געפעלסט מיר באמת זייער שטאַרק, גייט עס מיר אין דעם דו אַליין זאָלסט איינזען, אַז גאַניאַ איז איידל און ווערט געליבט צו ווערן. קום אַהער צו מיר גוטוויליק, גן־עדן־פייגעלע, און צווינג מיך נישט צו באַנוצן געוואַלט. איך קען דיך מאַכן גליקלעך אָן דעם.

ר יי ז ע ל ע : (איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטום און כלומרשט גלייכ־גילטיק ביים טיש. איצט טוט עפּעס אַ בליץ אויף אין אירע אויגן. צו זיך אַליין) נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג. פון צוויי מיאוסקייטן מוז מען אויסקלייבן די קלענערע. (אין דעם מאָמענט דערנענטערט זיך גאַניאַ צו איר און ציט זי מיט זיך צו דער סאָפע. זי ווערט זיך נישט, ציטערט בלויז פון עקל און מורא און עס איז קענטיק, אַז אין איר קומט פאָר אַן אינערלעכער קאַמף. מיטאַממאָל הייבט זי אָן קאָ־קעט שמייכלען צו גאַניאַן) האָסט געזאָגט, אַז איך בין שיין... איז עס טאַקע אמת? איך האָב עס ביז איצט נישט געוואוסט... ביז היינט האָט מיר נאָך קיינער דאָס נישט געזאָגט...

ג אַ נ י אַ : צי ס׳איז אמת, מיידעלע? זיכער איז דאָס אמת. כאָטש מען האָט עס דיר ביז איצט נישט געזאָגט און דו האָסט עס נישט גע־וואוסט. צי ווייסט דען די בלום אין גאָרטן וועגן איר אייגענער שיינ־קייט? און דו ביסט די שענסטע בלום פון אַלע גערטנער אין גרויסן לאַנד אוקראַינע...

ר יי ז ע ל ע : (צוטרווילעך) זאָג מיר נאָך עפּעס וועגן דעם. ס׳איז אַזוי גוט עס צו הערן...

ג אַ נ י אַ : ווי קאַרשן־בליטן ווייס איז דיין פּנימל און ווי קאַרשן־בליטן, אויסגעמישט מיט געווירצטע דופטן פון טויזנט בשמים־קרייטעכצער, שמעקט דיין שלאַנקער גוף. אויסגעלייטערט ווי דער הימל אין

קלאָרע זומערטעג, איז דיין ריינער שטערן. פינקלענדיק ווי צוויי שטערנדלעך אויפן הימל אין די זומערנעכט זענען דיינע אויגן, ווי צוויי שטערנדלעך־ברידער וואָס ווינקען פונעם הימל אַראָפּ צום קאָזאַק און ציען צו זיך זיין נשמה, בשעת ער יאָגט זיך אַרום אויפן פערד איבערן ווילדן סטעפּ. ווי ראָזיקע עפּעלעך זענען דיינע בעקעלעך. ווי גליענדיקע וויינשל, וואָס ווינקען פונעם בוים אַראָפּ באַגאַסענע מיט זונליכט, זענען דיינע ליפּעלעך. דעם קאָליר פון צייטיקע קאַשטאַנעס האָבן דיינע פּלאָטערנדיקע לאָקן. ווי די קופּאָלן פון הייליקע צערקוועס, וואָס רונדיקן זיך אין דער ווייטנס, זענען דיינע בריסטלעך געוועלבט. בויגעוודיק־שלאַנק, ווי אַ ציטערדיקע יונגע טאָפּאָלע איז דיין גאַנצער גוף. יאָ! דו ביסט וואונדערלעך שיין, טייבעלע מיינס, און מיין האַרץ ברענט און פלאַטערט צו דיר...

ר יי ז ע ל ע: (פיקסירט אים מיט שמייכלענדיקע בליקן) ווי שיין דו קענסט עס ריידן... ווער וואָלט זיך עס געוועןגעריכט, אַז אַ ווילדער קאָזאַקן־פירער זאָל דאָס קענען?... (אַ לייכטער דראָזש לויפט דורך איבער איר קערפּער).

ג אַ נ י אַ: פאַרוואָס־זשע ציטערסטו אַזוי, מיין קעצעלע? (גלעט זי איבערן קאָפּ).

ר יי ז ע ל ע: איך פאַרכט מיך פאַר עפּעס... (פּויזע) איך וויל דיך עפּעס פרעגן, אָבער ענטפער מיר דעם ריינעם אמת.

ג אַ נ י אַ: איך וועל ענטפערן דעם אמת.

ר יי ז ע ל ע: זאָג: וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?... (באַטראַכט אים מיט אומצוטרוי, פאָרשנדיק און פעסט).

ג אַ נ י אַ: איך וויל קושן דיינע ליפּן... דיינע אויגן... איך וויל דיך איינשליסן אין מיינע אָרעמס... מיך אויסרוען אויף דיין שויס... (אַביסל צעגערנדיק) יאָ, איך וויל דיר זאָגן דעם פולן אמת — איך וויל נאַשן פון דיין האָניק, ווי אַ בין אויף די לאָנקעס טוט נאַשן דעם האָניק פון די בלומען־בעכערס...

ר יי ז ע ל ע: איך גלויב דיר וואָס דו האָסט געזאָגט... און דיינע ווערטער, וואָס דו האָסט געזאָגט נאָך פריער, האָבן אַזוי שיין און אָנגע־

נעם געקלונגען אין מיינע אויערן. (מיט געמאַכטער אַנטוישונג) אָבער איך פיל, אַז דו האָסט געזאָגט בלויז אַ האַלבן אמת. האָסט עפּעס נישט דערזאָגט. איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט מיך טאַקע באמת ליב באַקומען, אַזוי אויפריכטיק ווי דו האָסט געזאָגט, און מיין האַרץ האָט דערביי אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו שלאָגן נאָך דיר. דו מיינסט אָבער הפּנים בלויז זיך אַ שפּיל צו טאָן... טוט עס מיר וויי, אָבער איך קען עס נישט ענדערן... טו מיט מיר אַלץ וואָס דיר געפעלט! איך בין דאָך אין דיינע הענט...

ג אַ נ י אַ : איך בין נישט אויסן קיין שפּיל, מיידל. גאַניאַ איז קיין ליג־נער נישט. איך האָב דיך באמת ליב מיט דער גאַנצער נשמה און אויב דו פאַרלאַנגסט עס אַזוי, ריר איך דיך היינט אַפילו נישט אָן, גאַ־ניאַ איז נישט אַזאַ ווילדער און אויסגעלאַסענער ווי דו מיינסט.

ר יי ז ע ל ע : (מוטיקער) דאָס וועט מען באַלד זען און איך וועל וויסן וואָס עס דערוואַרט מיך. (קורצע פּויזע) עס איז דאָך דיר היינט נישט צום ערשטן מאָל — וואָס האָסטו געטאָן מיט די אַנדערע?...

ג אַ נ י אַ : (אויסווייכנדיק) ביז איצט האָב איך נישט אָנגעטראָפן אַזאַ ווי דו...

ר יי ז ע ל ע : (שטייט צו) איך וויל וויסן דעם אמת! האָסטו מיר דאָך נאָרוואָס געזאָגט, אַז גאַניאַ איז קיין ליגנער נישט. וואָס האָסטו געטאָן מיט די אַנדערע?

ג אַ נ י אַ : (אומווילּיק) כ׳האָב זיי געשענדעט...

ר יי ז ע ל ע : און דערנאָך?...

ג אַ נ י אַ : גאָרנישט מער...

ר יי ז ע ל ע : זאָג דעם אמת! האָסט מיר דאָך צוגעזאָגט!

ג אַ נ י אַ : מיך האָט דערנאָך די שלאַכט גערופן, יאָ אָפּגעריסן פון זיי, האָב איך זיי איבערגעלאָזט... (צעגערנדיק) די גאָר שיינע האָב איך דערשלאָגן, איידער כ׳בין אַוועק פון זיי, בכדי קיין אַנדערער מאַן זאָל זיי נאָך מיר מער נישט באַזיצן.

ר יי ז ע ל ע : וועסטו מיט מיר אויך אַזוי טאָן... איצט ווייס איך...

ג אַ נ י אַ : ניין! דו ביסט אַנדערש פון אַלע איבעריקע. יענע זענען גע־

פאַלן צו מײַנע פיס. װען זײ האָבן מיך דערזען, האָבן זיך געבעטן איך זאָל מיך דערבאַרעמען און האָבן צו מיר געדעדט װי שקלאַפינס צו אַ האַר. דערבאַרעמען זיך האָט מען מיך קײנמאָל נישט געלערנט — האָב איך מיט זײ געטאָן װי אַ האַר מיט זײַנע קנעכט. (פּויזע) דו אָבער ביסט די שענסטע און שטאָלצסטע פון אַלע. דו ביסט מיר אַנטקעגנגעקומען אונטערשטעלנדיק די ברוסט און האָסט צו מיר געזאָגט: שטעך אַרײַן דײַן מעסער! ביסטו מיר געפעלן, מײדל, אויך צוליב דײַן מוט, און איך האָב דיך ליב...

ר ײ ז ע ל ע : (לענגערע פּויזע. טראַכט אינטענסיװ) הער אויס, גאַניאַ, װאָס איך װעל דיר זאָגן.

ג אַ נ י אַ : (נײַגעריק) זאָג, מײַן פײגעלע! ביסט דאָך אַ קלוגע און גאַניאַ שאַצט אָפּ קלוגע רײד און האָט ליב זײ צו הערן.

ר ײ ז ע ל ע : איך װײס — עס ציטערט פאַר אײַך קאָזאַקעלעך איצט גאַנץ קרוין־פּוילן... די מאַגנאַטן און פּריצים אַנטלויפן פאַר אײַך, װי די איבערגעשראָקענע קינדער...

ג אַ נ י אַ : (מיט שטאָלצן ביטול) אַ, דאָס זענען דאָך מער קײן מענער נישט. פון צופיל װאוילטאָג זענען זײ צעפּיעשטשעט און שװאַך געװאָרן װי די װײַבער...

ר ײ ז ע ל ע : זיכער װעט עס נישט לאַנג געדויערן ביז עס װעט אײַנגענעמען מיט אײַך דאָס קלוגע פאַטערל כמיעל די גאַנצע מדינה און װעט הערשן איבער איר. װײַל געשטאָרבן איז דער קיניג װלאַדיסלאַװ און צװישן די מאַגנאַטן איז אויסגעבראָכן צאַנק און שטרײַט, קנאה און שנאה, װעלכע לאָזן זײ נישט אײניק אַרויסטרעטן צו דער מלחמה קעגן אײַך.

ג אַ נ י אַ : מיר װײסן דאָס אַלץ, מײַן קלוגע שײנקײט.

ר ײ ז ע ל ע : און אַז הערשן װעט כמיעל איבער גאַנץ פּוילן, װעט דאָך זיכער אויך גאַניאַ דערהויבן װערן צװישן זײַנע ראַטגעבערס און העלדן. ער װעט דיך זיכער מאַכן פאַרן מושל איבער אײנעם פון די פּוילישע לענדער! װעסט אַרומגײן אָנגעטאָן אין זײַד און אין סאַמעט, אין טײַערן פּעלצװאַרג. װעסט טראָגן אויף זיך צירונג פון

גאָלד און זילבער און טייערע איידלשטיינער. וועסט וואוינען אין אַ מאַגנאַטסקען פּאַלאַץ, מיט פּאַרקן און פאָנטאַנען, מיט מירמעלשטיי־נערנע סטאַטועס און וואונדערלעכע בילדער, מיט רייכע מעבל און מיט טייערע, שיינע טערקישע און פּערסישע קאָבערצעס. וועסט האָבן צו באַפעלן איבער הונדערטער דינערס און קנעכט...

ג אַ נ י אַ : (דערשטוינט) פון וואַנען ווייסטו, מיין טייבעלע, די געהיימס־טע און פאַרבאָרגנסטע וואונטשן, וואָס זענען באַהאַלטן טיף אין מיין האַרצן? (פּויזע) יאָ, איך בין טאַקע געבוירן געוואָרן צו הערשן אי־בער טויזנטער מענטשן. דאָס האָב איך שוין געפילט, ווען איך בין נאָך אַ קליין קינד געווען. (פּויזע) אין עק דאָרף איז געשטאַנען מיין מוטערס כאַטקע און די אָרעמסטע פון אַלע איז זי געווען. אַ שלעכטן נאָמען האָט געהאַט מיין מאַמע ביי די שכנישע גאָספּאָדאַ־רעס. מן הסתם האָבן זיי געוואוסט פאַרוואָס. ווען איך פלעג מיך וועלן שפּילן מיט זייערע קינדער, האָט מען מיך געשלאָגן און מען איז אַנטלאָפן פון מיר. פאַרשטויסענע זענען מיר געווען און דאָס האָט שוין קינדווייז געטאָטשעט אין מיין ברוסט, ווי אַ וואָרעם. מיין האַרץ האָט שוין דעמאָלט געגלוסט צו זיין אויסדערוויילט פון טויזנ־טער. איך ווייס נישט פון וואַנען אָט־דאָס קומט צו מיר. מיין מו־טער איז דאָך געווען אַ שטילע און אַן אונטערטעניקע. סיידן איך האָב עס געירשנט פון מיין פאָטער, וועלכן איך האָב נישט געקענט. אפשר איז ער געווען עפּעס אַ יחוסדיקער פּריץ, ווייל מיין מוטער איז געווען אַ שיינע, גאָר אַ שיינע. ווי־נאָר איך בין אונטערגעוואַקסן, בין איך אַוועק אין שטעטל אַריין און ווען איך בין געוואָרן אַ בחורל בין איך אַריבער איבערן טייך צו די קאָזאַקעלעך. ווי דו זעסט, בין איך היינט געוואָרן ביי זיי איינער פון די אָנפירערס, אָבער דאָס איז מיר נישט גענוג. איך וויל נאָך גרעסער און מעכטיקער ווערן ווי איך בין!

ר יי ז ע ל ע : איך בין זיכער, אַז דו וועסט עס דערגרייכן! (פּויזע) אָבער דעמאָלט וועט עס זיך נישט פּאַסן פאַר דיר זיך צו פירן ווי אַן איינ־פאַכער ווילדער קאָזאַק (לאַשטשעט זיך קאָקעט צו אים).

גאַניאַ: ביסט גערעכט, מיין קלוג מיידעלע...

רייזעלע: ווערסט זיך דאַרפן אָנהייבן פירן ווי אַן אמתער, געבוירע־נער הערשער... ווערסט דאַרפן זיך אויסקלייבן אַ פּאַניע...

גאַניאַ: גערעכט! (פאַרטראַכט זיך. מיטאַמאָל ווערט אים עפּעס קלאָר) אָ, איצט ווייס איך שוין וואָס איך האָב צו טאָן מיט דיר! אויך דיין קלוגשאַפט דאַרף איך האָבן, ווען איך וועל אָנהייבן צו פירן אַ פריי־ציש לעבן און איך וועל דיך מאַכן פאַר מיין פּאַניע. אויב דו ווילסט, גיי איך מיט דיר אַפילו מאָרגן צום סליוב!

רייזעלע: (קווענקלט זיך כלומרשט) איך... איך...

גאַניאַ: איך וועל דיך היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ! און טאָמער וועט זיך אַמאָל אין מיר צעשפּילן דאָס ווילדע בלוט, זאָלסטו מיך דער־מאָנען, אַז דו האָסט מיך ערשט דערהויבן, וועל איך מיך באַרואיקן און דיר דערפאַר קושן די הענט...

רייזעלע: (כלומרשט דערפרייט) נעם מיך, ליבינקער, כ'האָב שוין לאַנג געוואָרט אויף אַזעלכן ווי דו ביסט!

גאַניאַ: (אַנטשלאָסן, צו דער טיר. רופט אַריין עטלעכע קאָזאַקן) זעט איר, ברידערלעך, אָט־דאָס מיידל?

די קאָזאַקן: מיר זעען.

גאַניאַ: זי איז אייער הערשערין! מאָרגן גיי איך מיט איר צום סליוב! (די קאָזאַקן גאַפן) און איצט, קינדערלעך, לויפט שנעל און ברענגט אַהער אירע פאָטער און מוטער, דעם ראַבין מיט זיין ווייב, איר ווייסט דאָך, אויב איר וועט זיי נאָך אָנטרעפן ביים לעבן. אָבער גיט גוט אַכטונג, חברה, אַז קיין האָר זאָל זיי נישט געקרימט ווערן! (די קאָזאַקן לויפן אַוועק).

רייזעלע: (נאָך אַ קורצן איבערלעגכן געראַנגל, יאָמערט זי אַרויס) ניין! ניין! איך וויל נישט מען זאָל זיי ברענגען אַהער!...

(פאָרהאַנג פאַלט שנעל)

# דריטער אַקט

די נאַכט צומאַרגנס. דעם וואַיטס פּאַדווירע אין אַ דאָרף אין דער סביבה פון נימעראָוו. די נאַכט האַלט שוין ביים סוף. לינקס אַ בלומען־גערטנדל מיט עטלעכע אויבסט־ביימער, אַרומגעצוימט מיט אַ פּלויט פון גריבע קוסטן, אין וועלכן מ׳גייט אַריין דורך אַ פאַרטקע. אין היגטערגרונט אַ הויכער שטאַכייטן־צוים מיט אַ וואָראָטע קעגן דער מיט צו. פון יענער זייט צוים פירט אַ וועג. פון דער ווייטנס זעט מען דאָרפישע שטיבלעך און אַ צערקווע. רעכטס אַן עק פונעם וואַיטס הויז. אין דער פאַדערוואַנט צוויי פענצטער און אַן אַריינגאַנג־טיר. די ווענט זענען ווייס געקאַלכט, נאָר גאַנץ אונטן וואו עס איז די פּריזבע, ציט זיך אַ טונקלגרויער פּאַס. אין דער זייטיקער וואַנט אויך צוויי פענצטער. אין די פענצטער ברענען לאָמפּן און ליכט און וואַרפן אַ קנאַפּע שיין אויף דער גאַנצער פּאַדווירע. דאָ און דאָרט ברענען אויך אינדרויסן שטורקאַצן. אין מיטן הויף שטייען עטלעכע אַלטע פאַרצווייגטע ביימער, ווייטלעך איינער פונעם אַנדערן. אונטער די ביימער זענען אויסגעשטעלט דעמבענע טישן און בענק, אויף וועלכע עס זיצן אַלטע פּויערים, פּויערטעס און קאָזאַקן. אויף די טישן זענען אויסגעשטעלט ערדענע כלים מיט עסנוואַרג און געטראַנקען. אין אַ ווינקל זיצן מוזיקאַנטן: פידל, באַס, פלייט, פּויק און טאַצן. זיי שפּילן אוקראַאינישע טאַנץ־מעלאָדיעס. פּויערישע זין און יונגע קאָזאַקן טאַנצן מיט די פּויערים־טעכטער.

ביי אַ טיש אין מיטן, צום פאָדערגרונט, זיצן אויבנאָן: רייזעלע אין דיזעלבע יום־טובדיקע קליידער פונעם פריערדיקן אַקט און גאַניאַ, אויך אַן אויסגעפּוצטער. רעכטס און לינקס פון זיי זיצן דער וואַיט, די חשובס־טע גאָספּאָדאַרעס און קאָזאַקן־עלטסטע. אַלע זענען זיי פריילעך און גוט אויפגעלייגט צוליב די שאַרפע משקאות, וואָס מ׳האַלט אין איין טרינקען. בשעת־מעשה ווינטשעוועט מען זיך יעדעס מאָל צו: „אונדזער חתן זאָל

לאַנג לעבן! — אַ סך יאָרן זאָל אים גאָט געבן! — זיין אויסדערוויילטע כלה זאָל לאַנג לעבן! — אַ סך גליק זאָל זיי גאָט געבן!" — אָפּט קומען אויך צו יונגע קאָזאַקן און פויערים און פאַרבעטן רייזעלען צום טאַנץ. זי טאַנצט מיט אַלע און ווערט פון זיי מיט פיל דרך־ארץ צוריק אָפּגעפירט אויף איר אָרט. דערביי איז זי שטאַרק פריילעך און איבערמוטיק.

## ערשטע סצענע

וואָיט: (שטעלט זיך אויף אַ וואַקלענדיקער. גיסט אָן פול די שכנימס האַלב־ליידיקע גלעזער. זיינע אויגן גלאַנצן און גייען איבער פונעם פילן טרינקען) טרינקט, מיינע ליבע! איר זענט דאָך היינט מיינע אַנגעלייגטע געסט. אויב מען טרינקט, אָדער מען טרינקט נישט — אַלצאיינס מוז מען דאָך שטאַרבן. איז טאַקע גלייכער צו טרינקען! (פּויזע) סיי־ווי־סיי זענען מיר דאָך קנעכט. קיין אַנדערע פרייד אין לעבן האָבן מיר נישט — טאָ לאָמיר כאָטש טרינקען ביז אין ווייסן טאָג אַריין. איך טרינק פאַרן גליק פון חתן־כלה און פאַרן געזונט פון אונדז אַלעמען! (טרינקט, אָבער די איבעריקע טוען דאָס גרעסטנ־טיילס נישט).

ערשטער גאָספּאָדאַר: (איז נאָך האַלב־ניכטער) ווער זאָגט עס, שכן, אַז מיר זענען קנעכט! הערשן נישט אונדזערע קאָזאַקן־ברידער איבערן לאַנד? נעמט זיך דאָס פּאָטערל כמיעל נישט אָן פאַר אונדזערע קריוודעס? איז ער זיך נישט נוקם אין די פּאַנעס און זשידעס פאַר דעם וואָס זיי האָבן אונדז געטאָן עוולות און געהאַלטן אין קנעכטשאַפט?

וואָיט: דאָס איז טאַקע אמת, ברודערל, און דאָך זאָג איך, אַז מיר זענען קנעכט און מיר וועלן פאַרבלייבן קנעכט אויף אייביק. אַזאַ וועלט איז עס. טאָ קום־זשע, פריינד מיינער, וועלן מיר זיך צעקושן, ווייל מיר בלייבן קנעכט אויף אייביק...

גאַנזאַ: (בייזלעך) הערט אויף, וואָיט, צו רעדן אַזעלכע נאַרישקייטן!

זענען מיר נישט די באַלעבאַטים פונעם לאַנד און זענען מיר נישט אַלע ברידער פון איין שטאַם?

וואַיט: זאָג איך דאָך, אַז דאָס איז אמת... מיר זענען טאַקע אַלע ברידער... דעריבער לאָמיר זיך צעקושן אויפן אָרט! מיר זענען אַלע לייבלעכע קינדער פון איין מאַמע ערד, אָבער איך זאָג מיר פאַרט מיינס — מיר זענען דאָך קנעכט! מיר פויערים, נישט איר קאָזאַקן... וואָס פאַר אַ חילוק איז עס מיר וועמען איך דאַרף זיין אונטערטעניק, אַ פוילישן פריץ, אָדער אַ ברודער פון דעמזעלבן שטאַם?...

גאַניאַ: (איז שוין אַריין אין כעס) הערט שוין באַלד אויף, וואַיט, זאָג איך אייך, ווייל איר כאַפּט שוין איבער די דערלויבטע מאָס אַפילו פאַר אַ שיכור!...

ערשטער גאָספּאָדאַר: (באַמיט זיך אים איינצונעמען) בייזער דיך נישט, העלדישער גאַניאַ, זעסט דאָך, אַז ער איז נישט מיט אַלעמען. ער ווייסט דען וואָס ער רעדט? (צום וואַיט) העי, סוסידע! שעמט איר זיך דען נישט? איר האָט ביי אייך אַזעלכע חשובע געסט, אַזוי פריינטלעך האָט איר זיי אויפגענומען, האָט געמאַכט פאַר זיי אַזאַ שיינע סעודה און מיטאַמאָל הייבט איר גאָר אָן צו רעדן נאַרישקייטן, זיי אויפצורייצן און צו באַליידיקן...

וואַיט: (קוקט אים אָן מיט אויסבאַלושעטע אויגן, אַ צעמישטער און פאַרלוירענער, ווי דערמאָנענדיק זיך אָן עפּעס) ביסט טאַקע גערעכט, ברודערל, איך האָב זיי גאַסטפריינטלעך אויפגענומען און געמאַכט אַ שמחה... זיי זענען מיינע געסט... דאַכט זיך, אַז מיר האָבן אויך געטרונקען אינאיינעם, האַ? (פויזע) מען טאָר זיי נישט רייצן, ברודער, דאָס איז אמת. איך וועל טאַקע שוין שווייגן... (זעצט זיך).

צווייטער גאָספּאָדאַר: (וויל איבעררייסן די אָנגעצויגנקייט. שטייט אויף, אויפהייבנדיק זיין גלאָז) לאָמיר טרינקען פאַרן נצחון פון די קאָזאַקישע ברידער! זאָלן זיי מצליח זיין איינצונעמען די גאַנצע וועלט און לאַנג הערשן איבער איר! (פון אַלע זייטן הייבט מען די גלעזער און מען שרייט „הורראַ!").

עטלעכע גאָספּאָדאַרעס: (ביי גאַניאַס טיש) גוט געזאָגט! — אָט איז אַ קלוגער גאָספּאָדאַר! — אַזוי דאַרף מען רעדן!
צווייטער גאָספּאָדאַר: גרויס זאָל ווערן דער נאָמען פון דער מוטערל אוקראַינע און דערהויבן זאָל זי ווערן פון טיפסטער קנעכטשאַפט איבער אַלע פעלקער און לענדער! (הוראַ־געשרייען פון אַלע זייטן).
עטלעכע גאָספּאָדאַרעס: אויסגעצייכנט גערעדט! — קלוג גערעדט! — דאָס איז געווען נאָך בעסער ווי פריער! (אַלע טרינקען ווידער).
ערשטער גאָספּאָדאַר: (פאַרגינט נישט יענעמס דערפאָלג, וויל ער אים איבערשטייגן און רופן די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך) האָט איר בעסער שוין געהערט די לעצטע נייעסן?
עטלעכע גאָספּאָדאַרעס: וועלכע? — מיר האָבן נישט געהערט! — דערציילט, גוטער פריינט!
ערשטער גאָספּאָדאַר: (זיך וויכטיק מאַכנדיק) עס הייסט, אַז די ליאַכעס פירן שוין אונטערהאַנדלונגען מיט אונדזער כמיעלן... (קורצע פויזע) זיי ווילן שוין מיט אים שלום מאַכן. צוגלייך מיט אַלע פירשטן האָבן זיי אים אויך פאַרבעטן צום סיים, אויף וועלכן מ'וועט אויסקלייבן אַ נייעם קיניג...
צווייטער גאָספּאָדאַר: נישטאָ קיין בעסערער קיניג פונעם פאָטערל כמיעל! אויב ר'איז זיכער, אַז זיי וועלן אים אויסקלייבן — זאָל ער גיין. אויב אָבער נישט — זאָל ער ווייטער מיט זיי מלחמה האַלטן, ביז ער וועט אויף כוח אַרויסרייסן די קרוין פון זייערע הענט.
ערשטער גאָספּאָדאַר: ער וועט שוין אָן דיין קלוגער עצה אויך וויסן וואָס ער האָט צו טאָן. קענסט זיך פאַרלאָזן אויף אים!
וואָיט: (איז געווען ביז איצט פאַרדומעט. ביי די לעצטע ווערטער כאַפּט ער זיך אויף) ס'קען זיין, אַז ער וועט טאַקע נישט וויסן וואָס ער האָט צו טאָן, ברידערלעך, מוז מען עס אים אויפקלערן. מען מוז פאַלן צו זיינע פיס, קושן דעם שטויב און אַזוי צו אים זאָגן: גרויס־מעכטיקער פאָטערל כמיעל! מיר גיבן זיך איבער אין דיינע הענט

און דו הערש איבער אונדז! נעם מיט אונדז איין די גאַנצע וועלט און הערש איבער איר! טו אָן די גילדערנע קרוין, מיט איידלשטיי־נער באַזעצט, און ווער אונדזער גרויסער מלך! — אַזוי מוז מען צו אים ריידן, ברידערלעך!...

ג אַ נ י אַ : (שמייכלט) דאָס זענען שוין גאָר אַנדערע דיבורים, פּאַניע וואַיט!

ע ר ש ט ע ר  ג אַ ס פּ אָ ד אַ ר : ר׳האָט היינט געטרונקען אַבּיסל צו־פיל, דעריבער קען ער זאָגן אַזוי און אויך פאַרקערט.

וו אָ י ט : לאָמיר זיך צעקושן, ברידערלעך, כמיעל ווערט זיין אונדזער קיניג! לאָמיר זיך פרייען, האַרציקע פריינט! לאָמיר זיך אַרומנעמען ווי אמתע ברידער, טייבעלעך, און ווייטער טרינקען וויפיל עס גייט נאָר אַריין...

ע ר ש ט ע ר  ג אַ ס פּ אָ ד אַ ר : ביי אים גייט שוין אָבער קיין סך נישט אַריין... (באַרואיקט אים) הערט שוין אויף, פּאַניע וואַיט. זעצט אייך צוריק און זייט רואיק (פויזע. אין מזרח הייבט זיך אָן דער הימל צו רויטלען און מ׳ווערט וואָס אַמאָל אַלץ ליכטיקער) שוין צייט צו גיין זיך אויסרוען, מיינע ליבע! מאָרגן מוז מען דאָך נאָך גיין צום סליוב. (דער עולם פּאַטאַקעוועט) ווער עס וואוינט נישט וויט און די פיס דינען אים נאָך, דער זאָל גיין אַהיים. די איבעריקע זאָלן זיך אויסזוכן ערטער אין שטוב, אָדער אין שייער. (מען שטייט פּאַמע־לעך אויף און מ׳גייט זיך פונאַנדער. דאָס יונגוואַרג טאַנצט אָבער ווייטער. צום יונגוואַרג) שוין גענוג פאַר היינט, כלאָפּצעס און מיידן! גייט שלאָפן און לאָזט אויך די מוזיקאַנטן איבערכאַפּן דעם אָטעם. איר דרוזשקעס אָבער, גייט אין גאָרטן אַריין, רייסט אָן בלומען און פלעכט אויס אַ שיינעם קראַנץ פאַר דער כלהס וועגן, אָבער אַזעלכן ווי עס באַדאַרף צו זיין! (גייט. אויך דאָס יונגוואַרג צעגייט זיך אומ־וויליק).

א  ד ר ו ז ש ק ע : קומט, שוועסטערלעך, לאָמיר גיין אין שטוב אַריין ברענגען אַלע מכשירים וואָס זענען נייטיק אויסצופלעכטן דעם קראַנץ. (גייען אין שטוב אַריין רעכטס).

## צווייטע סצענע

די צוויי קאַזאַקן פונעם צווייטן אַקט קומען אַן, זוכנדיק אַן אָרט צום שלאָפן. פאַרבייגייענדיק שמועסן זיי זיך דורך.

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : האָסט היינט געזען, ברודערקע, די שיינע יידישקע?...

צ ו ו יי ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : אוודאי, כ׳האָב אַפילו געטאַנצט מיט איר אויך. (באַגייסטערט) איז דאָס אַ מויד, כאָטש נעם און דערשטיק זי, כאָטש פרעס זי אויף קושנדיק.

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : שוין ווידער?... כ׳האָב דאָך דיך שוין נעכטן געוואָרנט זיך נישט צו שפילן מיט פייער. וואָלט גאַניאַ נאָר געהערט דיינע ווערטער, וואָלט געוועזן אַ סוף צו דיינע יונגע יאָרן.

צ ו ו יי ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : איך קען נישט אַנדערש, פאָטערל... זי האָט מיך אונטערגעצונדן מיט אירע אויגנפלאַמען!... אַ בראַנד איז פון איר אַריבער אין מיין בלוט בשעת כ׳האָב מיט איר געטאַנצט. כ׳האָב איצט פאַר גאָרנישט מער קיין מורא...

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : נו, קיין חידוש איז עס טאַקע נישט. גאַניאַ איז דאָך אויך פאַרנאַרט אין איר און ער איז דאָך תמיד געווען אַ האַרטער יונג. דו אָבער גיב גוט אַכטונג. (פויזע. צו זיך אַליין) איינס וואונדערט מיך פונדעסטוועגן — פון וואַנען קומט אָט־דאָס פייער צו אַ יידיש מיידל? איך קען זיי דאָך שוין פון לאַנג. ווייס איך דאָך ווי צניעותדיק זיי זענען שטענדיק און ווי אָפּגעהיט פון פרעמדע מענערשע בליקן. נאָך נעכטן איז זי אַליין אויך אַזוי געווען און היינט איז זי צעלאָזן און לייכטזיניק ווי אַ פלאַטערל. דאָ איז עפּעס נישט אַלץ אין פולער אָרדענונג... דאָס איז עפּעס נישט גלאַטיק...

צ ו ו יי ט ע ר  ק אַ ז אַ ק : (האָט דערהערט די לעצטע ווערטער) איך האַלט דיך פאַר אַ קלוגן און דו פאַרשטייסט נישט אַזאַ פשוטע זאַך. האָסט נאָך קיינמאָל נישט געהערט פון יענע וואולקאַנען, וואָס זענען פאַראַנען אין די ווייטע לענדער? יאָרנלאַנג קאָכט ביי זיי אינעווייי־

ניק אַ העליש פייער און קיינער באַמערקט עס אַפּילו נישט. און מיטאַמאָל, ווען ס'קומט די צייט, צערייסט דאָס פייער די שאָלעכץ, ברעכט אַרויס מיט דונערן און מיט בליצן און צעגיסט זיך מעכטיק, מיטרייסנדיק אַלץ אַרום זיך...

ערשטער קאָזאַק: אַט־דער פאַרגלייך זעט מיר נישט אויס צו זיין ריכטיק און ער פאַרענטפערט מיר נישט דאָס וואָס איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך...

צווייטער קאָזאַק: און איך האָב מיר אַנדערע ספקות: ווען איך קוק מיך גוט אַרום, דאַכט זיך מיר אויס, אַז עפּעס איז ביי אונדז בכלל נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין. (פויזע) זענען מיר באמת טאַקע אַלע פריי און גלייך, ווי מען וויל אונדז איינרעדן?...

ערשטער קאָזאַק: זיכער איז עס אַזוי! וואָס זענען דאָס פאַר אַ רייד וואָס דו רעדסט?...

צווייטער קאָזאַק: אויב עס איז טאַקע אַזוי — מיט וועלכן רעכט נעמט גאַניאַ אַט־די פּרעכטיקע יידישקע פאַר זיך אַליין אינגאַנצן? פאַרוואָס קומט זי נאָר אים אַליין? האָבן מיר נישט אַלע גלייך ווי ער איינגעשטעלט אונדזערע לעבנס אין קאַמף מיטן שונא? דאַרפן אויך די געווינסן זיין גלייכע...

ערשטער קאָזאַק: אומגליקלעכער! וואָס רעדסטו?... וואַאַהין פליען דיינע ווילדע געדאַנקען? דאָס איז דאָך שוין צופיל. האָט דיך טאַקע באמת אויף אַזוי ווייט פאַרכישופט די יידישע מויד, אַז דו האָסט שוין אינגאַנצן פאַרלוירן דעם געזונטן פאַרשטאַנד? איך האָב שטאַרק מורא, ברודערקע, אַז פון דעם וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען... און דיך וואָרן איך נאָכאַמאָל... (גייען אָפּ הינטער דער שטוב).

# דריטע סצענע

רייזעלע און גאַניאַ קומען אָן פונעם הינטערגרונט.

גאַניאַ: פאַרוואָס ביסטו היינט געווען אַזוי צעלאָזן־פריילעך, מיידעלע?

רייזעלע: זאָל איך נישט זיין פריילעך אינעם טאָג פון אונדזער חתונה?

גאַניאַ: האָסטו, הייסט עס, שוין פאַרגעסן, אַז ערשט נעכטן האָט מען אומגעבראַכט דיינע טאַטע־מאַמע און מיינע מענטשן זענען געווען זייערע מערדערס?

רייזעלע: אָ, איך האָב נישט פאַרגעסן... אָבער דאָס איז שוין פאַרפאַלן! צו וואָס־זשע דאַרפסטו מיך דערמאָנען אין דעם? דווקא ווייל איך וויל עס פאַרשטיקן, שטרענג איך מיך אָן פריילעך צו זיין.

גאַניאַ: נאָך איידער דאָס איז געשען, האָסטו מיך שוין אָנגערופן מערדער, און איצט ווילסטו עס גאָר פאַרשטיקן? דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיק, אָדער ווייניקסטנס אומפאַרשטענדלעך. (קורצע פויזע) דו באַהאַלטסט עפּעס אויס פאַר מיר... (קוקט אויף איר שאַרף און פאַרשנדיק) איך וויל וויסן וואָס עס איז אַזוינס וואָס דו פאַרבאַרגסט פאַר מיר!...

רייזעלע: (איבערראַשט) גאָרנישט פאַרבאַרג איך פאַר דיר, סיידן מיינע הייסע און גליענדיקע געפילן. מיך האָט פאַרכישופט דער שאַרפער ריח פון דער סטעפּאָווער פרייהייט, וועלכע דו האָסט צו מיר געבראַכט. איך גלי נאָך דיר און עס קאָכט מיין בלוט! קוק מיר טיף אין די אויגן — וועסטו זען צי זענען מיינע ווערטער וואָר.

גאַניאַ: פאַרדרייסט מיר דעם קאָפּ, מיידל! (פויזע) פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט געוואָלט, אַז מען זאָל צוריקברענגען דיינע עלטערן? פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן, ווען איך האָב באַפוילן די קאָזאַקן עס צו טאָן? האָבן זיי דיך דען נישט אויסגעכאָוועט און געצערטלט? האָבן זיי דיך דען נישט ליב געהאַט ווי זייער לעבן?...

ר ײ ז ע ל ע: איך האָב זײ ליב געהאַט נאָך מער װי מײן אײגן לעבן...

ג אַ נ י אַ: און דאָך האָסטו נישט געװאָלט מען זאָל זײ אָפּראַטעװען אין לעצטן מאָמענט. (מיט כעס) אַט זעסטו װי דו װילסט מיך נאַרן און פירן מיט מיר אַ פאַלשע שפּיל! אָבער איך װאָרן דיך, פאַלש קעצע־לע, װײ איז צו יענעם װאָס רײצט אויף די װילדע חיה אין גאַניאַן! װען זי דערװאַכט, מאַכט זי אַן חורבן מיט אירע שרעקלעכע לאַפּעס און דעמאָלט פאַרניכטעט זי דאָס סאַמע ליבסטע...

ר ײ ז ע ל ע: ביטער און װײ איז צו מיר! װי עס שנײדן זיך אײן דײנע װערטער אין מײן האַרצן אַרײן! װײסטו דען נישט אַלײן, אַז פאַר מײנע טאַטע־מאַמע װאָלט עס געװען פיל ערגער װי דער טויט, װען זײ דאַרפן מיך זען גײן מיט דיר אין צערקװע צום סליוב? מײן פאָ־טער איז דאָך געװען אַ רב בײ יידן, אַן אויפריכטיק גאָטספאַרכטי־קער מאַן און אַ פירער פון זײן פאָלק. און מײן מוטער איז דאָך גע־װען זײן װירדיקע לעבנס־באַגלײטערין. דאָס װאָלט דאָך פאַר זײ געװען ערגער פון דער ערגסטער גיהנום־פּײן. זײ װאָלטן זיך דאָך אויסגעװײנט די אויגן און װאָלטן פאַרװיאַנעט געװאָרן פאַר מײנע אויגן װי אונטערגעהאַקטע בײמער. מײנסטו, אַז איך האָב זײ גע־קענט און געדאַרפט פאַרשאַפן אַזױפיל לײדן, אויב איך האָב זײ טאַקע באמת אַזױ שטאַרק ליב געהאַט? פאַרשטײסטו דען נישט אַלײן װי גרויזאַם דאָס װאָלט געװען פאַר מיר?...

ג אַ נ י אַ: (קוקט אויף איר דורכדרינגענדיק, שאַרף און פאַרביסן) עס קומט אויס ריכטיק דאָס װאָס דו זאָגסט און דאָך פיל איך, אַז עפּעס שטימט דאָ נישט. גאַניאַ איז כיטרע, מײדל, און עס איז נישט לײכט אים אָפּצונאַרן. דאָס אַלעס װאָס דו האָסט געזאָגט קלינגט נישט פאַר מיר װי דער רײנער אמת...

ר ײ ז ע ל ע: װאָס־זשע זאָל איך טאָן, בכדי דיר צו באַװײזן דעם אמת? איך װעל אַרויסרײסן מײן האַרץ פון דער ברוסט, עס אונטערטראָגן צו דײנע אויגן און װעל זאָגן: זע! עס איז רײן פון פאַלשקײט. (זינקט אַנידער אויף אַ באַנק, כליפּענדיק).

ג אַ נ י אַ: (פאַרביסן װי פריער) װײן נישט! (לענגערע פּויזע. אַזױ װי

זי הערט נישט אויף, עטוואָס ווייכער) איך וויל נישט דו זאָלסט וויינען.

ר יי ז ע ל ע : פאַרוואָס־זשע פייניקסטו מיך אַזוי?... פאַרוואָס גלויבסטו מיר נישט?...

ג אַ נ י אַ : גוט, איך גלויב דיר... אָבער הער שוין אויף...

ר יי ז ע ל ע : (באַרואיקט זיך עטוואָס) האָסטו נישט ערשט נעכטן געזאָגט צו מיר: איך וועל דיך היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ! און טאָמער וועט זיך אַמאָל אין מיר צעשפּילן דאָס ווילדע בלוט, זאָלסטו מיך דערמאָנען, אַז דו ערשט האָסט מיך דערהויבן — איצט מוז איך דיך שוין דערמאָנען אין דעם...

ג אַ נ י אַ : ביסט גערעכט, מיין טייערע, איך האָב נישט גוט געטאָן. (אַביסל פאַרשעמט) קום נעענטער צו מיר, וועט פאַרשווינדן ביי מיר יעדער חשד... (גייען זיך אַנטקעגן. ער נעמט זי אַרום) איך גאַר נאָך דיר, מיידל! דערלויב מיר דיך צו קושן. זאָל דער קוש באַשטעטיקן און פאַרזיגלען דיינע ווערטער און מיך פולשטענדיק באַרואיקן. (ער קושט זי הייס. פויזע. פונעם וואַיטס כאַטע קומען אַרויס די דרוזשקעס. זיי טראָגן אַ שלייער און פאַרשיידנפאַרביקע סטענגעס. גאַניאַ לאָזט אָפּ רייזעלען, קוקט איר אַריין טיף אין די אויגן אַריין מיט אַ שמייכל. די מיידלעך גייען פאַרביי אין בלומען־גערטנדל אַריין) איך גיי מיך אויסרוען, מיין טייבעלע.

ר יי ז ע ל ע : גיי, טייערער, און איך וועל בלייבן אינאיינעם מיט די מיידלעך...

ג אַ נ י אַ : (גייט פּאַמעלעך צום פּלויט פונעם בלומען־גערטנדל. שטיל און אין שפּאַס צו די מיידלעך) העי, דרוזשקעס, איך לאָז איבער מיט אייך מיין כלה. פלעכט אויס פאַר איר אַ שיינעם קראַנץ און היט זי מיר גוט אָפּ. גיט גוט אַכטונג אויף איר! (גייט אַריין אין וואַיטס כאַטע).

## פערטע סצענע

ר ײ ז ע ל ע : (בײם טיש אין מיטן פון דער בינע) גרויסער גאָט! װי ער האָט מיך געפּײניקט. װי אכזריותדיק ער האָט מיך דערמאָנט אין מײן אָפּגרונט־טיפן שמאַרץ און אויפגעריסן נאָכמער די פרישע װאונדן. אָבער אויך זײן אײגענע ברוסט האָט ער געקאַליעטשעט. (פויזע) װי זיס עס איז צו זען דעם שונא, די מעכטיקע רויב־חיה, זיך צאַפּלען פון אײפערזוכט אין די אײגענע שװאַכע, פאַרצװײפלט פאַרבראָכענע הענט. איך דאַנק דיר, רבונו של עולם, פאַרן כוח און מוט װאָס דו האָסט מיר געגעבן אויסצוהאַלטן אַלץ, װאָס איז געשען ביז איצט. דער קוש זײנער! ברררר... כ׳װאָלט גיכער געװען געקושט אַ גליטשיקע, קאַלטע זשאַבע פונעם זומפּ, אײדער אָט־דאָס מער־דערישע פּרצוף. און די זיסע רײדעלעך... איך װאָלט זײ גיכער געװען געזאָגט דעם טײװול אַלײן, אײדער אים. איצט איז שוין צום גליק נאָך אַלעמען. כ׳בין עס איבערגעקומען בשלום. פאַרלאָז־זשע מיך נישט אויך אויף װײטער, גאָט פון מײנע אָבות!...

ע ר ש ט ע ד ר ו ז ש ק ע : (זינגט אין גאָרטן, בשעת זײ פלעכטן דעם קראַנץ):

פון דער װײטער שטאָט,
פון אַ פרעמדן סאָד,
גאַניאַ האָט געבראַכט זײן בלום —
פרײט אײך, שװעסטערלעך, דערום!

ר ײ ז ע ל ע : (שטיל, פאַר זיך אַלײן) זײן בלום... יאָ, ז ײ ן בלום!

ע ר ש ט ע ד ר ו ז ש ק ע :

בײגט אײך, שװעסטערלעך, געשיקט.
פאַר דער שענסטער בלומען פליקט,
פאַרבנרײך, באַטויט מיט גלאַנץ —
בינדט פון זײ אַ חופּה־קראַנץ!

פרייט אייך, שוועסטערלעך, און זינגט
פריש אַ ליד וואָס פריילעך קלינגט.
מישט מיט זיסן בלום־גערוך
אויס אַ קלוגן וואונטשן־שפּרוך!

(די מיידלעך מאַכן טאַנץ־באַוועגונגען, וואָס דאַרפן אילוסטרירן דאָס פלעכטן דעם קראַנץ און די חופּה־צערעמאַניע. דערנאָך זינגען זיי אַלע אינאיינעם).

כ אָ ר  פ ו ן  ד י  מ יי ד ל ע ך :
פון דער ווייטער שטאָט,
פון אַ פרעמדן סאָד,
גאַניאַ האָט געבראַכט זיין בלום —
פרייט אייך, שוועסטערלעך, דערום!

צ ו ו ײ ט ע  ד ר ו ז ש ק ע :
פאַר דער כלה וועלן מיר רייסן
שמעקעדיקן יאַסמין, ווייסן,
דער דופט וואָס אָט־די בלומען שפּרייטן
דאָס לעבן זייערס זאָל באַגלייטן!

כ אָ ר  פ ו ן  ד י  מ יי ד ל ע ך :
דער דופט וואָס אָט־די בלומען שפּרייטן
דאָס לעבן זייערס זאָל באַגלייטן!

ר יי ז ע ל ע : (באַגלייך מיט די מיידלעך) יאָ! ער וועט באַגלייטן... ווער ווייסט ווי לאַנג...

צ ו ו ײ ט ע  ד ר ו ז ש ק ע :
רייסן וועלן מיר רויזן ווייס און רויט,
וואָס אין זונשיין גליען.
אויסמיידן זיי זאָל די ביטערע נויט,
גליק אויף זייער וועג זאָל בליען!

כאָר פון די מיידלעך:
אויסמיידן זאָל זיי די ביטערע נויט,
גליק אויף זייער וועג זאָל בליען!

רייזעלע: (באַגלייך מיט די מיידלעך) ס׳וועט בליען... אפשר גראָז אויף אַ קבר... און אפשר גאָר דאָס אויך נישט...

צווייטע דרוזשקע:
פון באַרווינאָק און פון מירטנשטרויך
נעמען מיר לויט מנהג און געברויך —
פיל קינדער זאָלן זיי געבוירן ווערן,
אוצרות זאָלן זיך אין קופערט מערן!

כאָר פון די מיידלעך:
פיל קינדער זאָלן זיי געבוירן ווערן,
אוצרות זאָלן זיך אין קופערט מערן!

רייזעלע: (באַגלייך מיט אַלע מיידלעך) כאַ, כאַ, כאַ! קינדער זאָלן זיי געבוירן ווערן...

צווייטע דרוזשקע:
אויף די גילדערנע תבואה־זאַנגען
פאַרגעסן, שוועסטער, מיר נישט טאָרן!
דערפילן זאָל זיי די פאַרלאַנגען
גאָט, און שענקען לאַנגע יאָרן!

כאָר פון די מיידלעך:
דערפילן זאָל זיי די פאַרלאַנגען
גאָט, און שענקען לאַנגע יאָרן!

רייזעלע: (באַגלייך מיט אַלע מיידלעך) דערפיל מיר, גרויסער גאָט, מיינע פאַרלאַנגען! (די מיידלעך פאַרענדיקן דאָס פלעכטן דעם קראַנץ.

זיי נעמען צונויף זייערע זאַכן און לאָזן זיך אַרויס צו רייזעלען)
קינדער?... כאַ, כאַ, כאַ! איך וויל נישט האָבן קיין קינדער. איז נישט
שענער זיך צו שפּילן אין די זומער־נעכט מיט די סאָלאָווייען און
ליכט־ווערעמלעך, איידער צו וויגן קינדערשע וויגעלעך?... איז נישט
בעסער זיך צו יאָגן דורך דעם קלאָרן לופט־חלל אויף די פליגלען
פון פרישע נאַכט־ווינטעלעך, איידער צו הערן קינדערש געוויין?...
(פויזע) און די שטים וואָס באַאומרואיקט דאָס האַרץ?... — שווייגן
זאָל זי! און די האָפּענונגען וואָס האָבן אויסגעפּולט די ברוסט?... —
צערינען זאָלן זיי ווי זייפנבלעזלעך! קינדער? צו וואָס באַדאַרף איך
קינדער האָבן? זענען זילבער־פישעלעך, וואָס יאָגן זיך פייל אויסן
בויגן אויפן דנאָ פון קרישטאָלענע וואַסערן נישט שענער? איז אַ
קיניגלעכער פעלדזן־טראָן, פיין אויסגעבעט מיט ווייכן מאָך ווי מיט
גרינעם סאַמעט, אַרומגערינגלט מיט הויכע וואַסער־געוויקסן, נישט
שענער? איז אַ קלייד געוועבט פון פּערל, אויפגעצילעטע אויף לבנה־
שטראַלן, אַרומגעזוימט מיט זילבערנע טאַשמעס פון פיש־לוסקעס,
באַהאַנגען מיט באַרג־קרישטאָלן, נישט שענער? זענען רויטע שנירן
קרעלן נישט שענער? וואָס טויגן מיר נאָך אַנדערע אוצרות?... (די
מיידלעך קומען אָן).

**ביידע דרוזשקעס:** שוין פאַרטיק, שוועסטערל, איז דער קראַנץ.
איצט וועלן מיר דיך אויספּוצן אין אים. (זיי טוען איר אָן דעם
שלייער און קראַנץ. לייגן אויס די פאַלדן פונעם קלייד און פונעם
שלייער. נאָך עטלעכע מיידלעך העלפן).

**רייזעלע:** (פאַרטראַכט) זאָגט מיר נאָר, קינדערלעך, וואוהין פירט
דער וועג פון יענער זייט פלויט?

**ערשטע דרוזשקע:** דורכן דאָרף, איבערן טייך, ביי דער צערק־
ווע פאַרביי און דערנאָך ווייטער, ווייטער אין דער גרויסער וועלט
אַריין. מיט דעם וועג וועט מען דיך באַלד פירן צום סליוב.

**רייזעלע:** איז נישט מעגלעך מען זאָל מיך פירן מיט אַן אַנדערן וועג
אויך?...

**צווייטע דרוזשקע:** ניין, שוועסטערל. (פאַרוואונדערט) אָבער,

צוליב וואָס שטעלסטו אַזעלכע מאָדנע פֿראַגעס, געפֿעלט דיר נישט דער וועג?

ר ײ ז ע ל ע : איך וואָלט נישט וועלן מ'זאָל מיך פֿירן דורכן דאָרף. די לייט וועלן מסתמא אַרויסקומען קוקן און איך האָב פֿיינט, אַז מען גאַפֿט אויף מיר.

ע ר ש ט ע ד ר ו ז ש ק ע : ביי אונדז, פֿאַרקערט, איז עס אַ כבוד ווען אַ סך מענטשן קומען אַרויס קוקן. (פּויזע).

ר ײ ז ע ל ע : זאָגט, איך בעט אייך, איז עס אַ שיינער טייך, איבער וועלכן מען וועט מיך פֿירן? (פּויזע) זענען זיינע וואַסערן קלאָר און די ברעגעס גרין? איז ער טאַקע טיף און שטראָמיק?

צ ו ו ײ ט ע ד ר ו ז ש ק ע : (שטאָלץ) דאָס איז דאָך אונדזער שיינער טייך! זיינע וואַסערן זענען קלאָר ווי קרישטאָל און קיל, זיינע ברעגעס זענען געדיכט באַוואַקסן מיט קוסטן און גראָזן, און טיף איז ער, אַז שטעלן זיך אין זיין מיטן קען מען נישט! אויסערדעם זענען זיינע וואַסערן רייסנדיק־שטראָמיק און פֿול מיט קעסל־גריבער.

ר ײ ז ע ל ע : ר'איז באמת שיין, אייער טייך...

ע ר ש ט ע ד ר ו ז ש ק ע : (פֿאַרוואונדערט) אָבער צוליב וואָס פֿרעגסטו אַזוי מאָדנע אויס וועגן דעם אַלעמען, מיין שוועסטערל? (פּויזע).

ר ײ ז ע ל ע : וואָס מיינט איר, מיידלעך, ס'וואָלט אפֿשר נישט שלעכט געווען זיך איצט אָפּצובאָדן אין אייער שיינעם טייך? ביי מיר איז היינט דאָס בלוט צעקאָכט און עס איז מיר הייס...

צ ו ו ײ ט ע ד ר ו ז ש ק ע : וואָס רעדסטו? ס'איז נאָך צו קאַלט זיך צו באָדן אַזוי פֿרי. אויסערדעם האָט אונדז דיין חתן אָנגעזאָגט גוט אַכטונג צו געבן אויף דיר. ביים באָדן זיך אָבער קען נאָך, גאָט באַהיט, געשען עפּעס שלעכטס...

ר ײ ז ע ל ע : איך וואָלט מיך אַזוי גערן אָפּגעפֿרישט אין טייך... קומט, מיידלעך, קיינער וועט נישט וויסן.

ע ר ש ט ע ד ר ו ז ש ק ע : ניין, שוועסטערל, מ'טאָר נישט. גאַניאַ וואָלט זיך שטאַרק געבייזערט אויף אונדז. (פּויזע) אָבער פֿאַרוואָס דיר איז אַזוי הייס, שטעל איך מיר פֿאָר...

ע ט ל ע כ ע  מ יי ד ל ע ך: פאַרוואָס?... נו, זאָג אָקאָרשט.
ע ר ש ט ע  ד ר ו ז ש ק ע: איך קען נישט...
ע ט ל ע כ ע  מ יי ד ל ע ך: זאָג, זאָג! — מיר בעטן דיך זייער שטאַרק.
צ ו ויי ט ע  ד ר ו ז ש ק ע: וואָס פאַרשטייט איר נישט... זי קען זיך נישט דערוואַרטן... זי בענקט נאָך איר חתן...
ר יי ז ע ל ע: איז ער כאָטש אַ שיינער, מיין חתן, ווי מיינט איר?...
ע ר ש ט ע  ד ר ו ז ש ק ע: דו פרעגסט ערשט? ער איז דער שענסטער פון אַלע בחורים און איר ביידע וועט זיין אַן אויסגעצייכנט פּאָרל, ווי צוגעקליבן.
צ ו ויי ט ע  ד ר ו ז ש ק ע: מיר זענען דיך אַלע מקנאַ!
ר יי ז ע ל ע: אָ, איר דאַרפט מיר נישט מקנא זיין, מיידלעך! (פּויזע) ס'זענען דאָך נאָך פאַראַנען גענוג אַנדערע שיינע בחורים אויך פאַר אייך...
ע ר ש ט ע  ד ר ו ז ש ק ע: איצט זענען מיר פאַרטיק געוואָרן, שוועסטערל, און מיר זענען גרייט דיך צו פירן צום סליוב. עס איז שוין טאַקע צייט אויפצואוועקן דעם גאַנצן עולם און זיך צו גרייטן.
ר יי ז ע ל ע: (פאַרטראַכט) צום סליוב, זאָגט איר?... (באַדייטונגספול) נו, דעם וועג ווייס איך דאָך שוין...

(פאָרהאַנג).

## פינפטע סצענע

### (פאַרוואַנדלונג)

אין די רעכטע און לינקע קוליסן שטיבלעך פון אַ דאָרפישער גאַס. אויף די שוועלן שטייען דערוואַקסענע און קינדער. זיי קוקן אַרויס אויף עפּעס מיט אומגעדולד און דערוואַרטונג. די סצענע אַליין שטעלט מיט

זיך פֿאַר אַ וועג. אין הינטערגרונט איז פֿאַראַנען אַ הילצערנע בריק איבער אַ טייך. פֿוןביידע זייטן בריק וואַקסן קוסטן און איינציקע ביימער, הינטער וועלכע עס זעט זיך אַרויס דער פֿאַרטאַל פֿון אַ דאָרפֿישער צערקווע. דער ברייט־צעעפֿנטער אַריינגאַנג־טויער איז באַצירט מיט פּרימיטיווע האַלצשניצערייען. פֿון ביידע זייטן טויער זענען פֿאַראַנען פֿענצטער מיט פֿילקאָלירנדיקע שייבלעך. אויף די עטלעכע שטיינערנע טרעפּן פֿאַרן טויער שטייען אויך מענטשן און קוקן אויף עפּעס אַרויס.

הינטער די קוליסן רעכטס דערהערט זיך, אינעם מאָמענט ווען דער פֿאָרהאַנג גייט אויף, אַ פֿריילעכער אוקראַינישער חופּה־מאַרש. גלייכצייטיק הייבן זיך אָן צו שושקען און צו טייטלען מיט די פֿינגער אין יענער ריכטונג די מענטשן אויף די שוועלן און פֿאַר דער צערקווע. די מעלאָדיע פֿונעם מאַרש הערט זיך וואָס אַמאָל אַלץ דייטלעכער און באַלד באַווייזט זיך אין פֿאָדערגרונט רעכטס דער חתונה־צוג, וועלכער באַוועגט זיך לאַנגזאַם ביז צו דער מיט פֿון דער סצענע, וואו ער שטעלט זיך אָפּ.

**אײנער פֿונעם פֿאָלק:** (אין הינטערגרונט) אָט קומען זיי שוין!

**צווייטער פֿונעם פֿאָלק:** ווי שיין עס שפּילט די קאַפּעליע!

**דריטער פֿונעם פֿאָלק:** אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט איידער זיי גייען אַריבער די בריק.

**ערשטער קאָזאַק:** (לויפֿט אַרויס פֿון פֿאַרנט, נאָכציענדיק נאָך זיך איינע פֿון די מיידלעך. טוט אַ וואונק צו די מוזיקאַנטן, וועלכע שפּילן אויף אַ קאָזאַטשאָק און ער לאָזט זיך אַוועק אין טאַנץ אינאיינעם מיט זיין פֿאַרטנערשע. אין אַ ווײַלע אַרום שטעלט ער זיך אָפּ און צעזינגט זיך):

האָפּליאַ, האָפּליאַ, האָפּ, האָפּ, האָפּ!
נאָך נישט ניכטער איז דער קאָפּ,
אָבער אָנגעטאָן שוין לאַנג

האָט די כלה שלייער, קראַנץ,
צו דער חופּה פירט איר גאַנג —
איז כדאַי געווען דער טאַנץ!

(מישט זיך צוריק אויס מיטן עולם, וועלכער אַפּלאָדירט אים פריי־לעך).

גאַביאַ: העי, ברודערקע, פון וואַנען קומען צו דיר אַזעלכע שיינע גראַמען? איך האָב זיי נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

ערשטער קאָזאַק: (אַביסל שעמעוודיק) אוודאי... כ׳האָב זיי דאָך אַליין צונויפגעשטעלט לכבוד דיר און דיין שיינער כלה. און כאָטש עס זענען פּראָסטע היידאַמאַצקע גראַמען, וויל איך דיר דאָך מיט זייער הילף באַווייזן ווי ליב און חשוב דו ביסט ביי אונדז, קאָזאַקן״ (גייט צו גאַביאַן און שטרעקט צו אים אויס די האַנט) און איצט ווינטש איך דיר נאָך דערצו אָן גראַמען, אָבער נישט ווייני־קער אויפריכטיק, אַ סך גליק און לאַנגע יאָרן! זאָלסט דערהויבן ווערן צווישן די העכסטע פונעם לאַנד, ווייל דו האָסט אונדז גע־טריי און מוטיק געפירט צום קאַמף מיט אונדזערע באַדריקערס און פייניקערס.

גאַביאַ: (האַרציק) איך דאַנק, ברודער, פונעם גאַנצן האַרצן, דיר און אַלע יענע וואָס ווינטשן מיר גוטס. און אויב עס וועלן טאַקע מקוים ווערן דיינע וואונטשן און איך וועל דערהויבן ווערן צו די עלטסטע פונעם לאַנד — וועל איך דעמאָלט זיכער נישט פאַרגעסן נישט דיך און נישט אַנדערע פריינט מיינע.

רייזעלע: (האַלט צוריק די געסט, וועלכע ווילן זיך לאָזן ווייטער גיין) העי, ליבע געסט! ווי־אַזוי מען טאַנצט ביי אייך, האָב איך שוין נעכטן און היינט געזען, אָבער אונדזערע יידישע טענץ האָבן אַ סך פון אייך מסתמא נאָך קיינמאָל נישט געזען... זאָל איך אייך באַ־ווייזן?

איין גאַסט: באַווייז! באַווייז! מיר ווילן זען אַ יידישן טאַנץ!

צווייטער גאַסט: דאָס מוז זיין זייער טשיקאַווע!

**עטלעכע געסט:** (נייגעריק) טאַנץ פּאַר אונדז, טאַנץ!

**גאַניאַ:** און איך מיין, אַז עס איז נישט גלייך צו טאַנצן אינמיטן וועג. ס׳איז נישט כדאַי.

**איין גאַסט:** היינט איז כדאַי! ס׳איז דאָך עפּעס אַן אויסערגעוויינטלעכער טאָג! אַזעלכע טעג טרעפן זיך דאָך גאָר זעלטן!

**צווייטער גאַסט:** און דיין קאָזאַקישער פריינט האָט דאָך אויך ערשט נאָר־וואָס געטאַנצט. זאָל זי טאַנצן — מיר ווילן זען!

**רייזעלע:** (אַנטשלאָסן) ווילסט מיט מיר טאַנצן, גאַניאַ, דעם יידישן ברוגז־טאַנץ?

**גאַניאַ:** איך קען דאָך נישט... איך ווייס דאָך נישט ווי־אַזוי, כאָטש כ׳האָב אַמאָל דווקא יאָ געזען..

**רייזעלע:** איך וועל דיר באַווייזן! ס׳איז גאַנץ פּשוט און לייכט — זע! איך האַלט אַ טיכעלע אין דער האַנט און דריי מיך אַט־אַזוי, גיך־גיך, רייצנדיק זיך מיט דיר. דו יאָגסט דיך נאָך מיר, ווילסט מיך כאַפּן, אַט־אַזוי. דרייסט דיך אויך נאָך מיר און אויב דו ביסט פלינק, בייגסטו איין די קני, זעצסט דיך צו דער ערד, אַט אַזוי! ס׳איז באמת לייכט. אַנו, מוזיקאַנטן, שפּילט אויף עפּעס לעבעדיקס! (זי לאָזט זיך אַוועק אין אַ שנעלן טאַנץ, וועלכער האַרמאַנירט לחלוטין נישט מיט דער מעלאָדיע. גאַניאַ קוקט זיך איין אַנהייב צו אַ צעמישטער און פאַרוואונדערטער, אָבער ווען רייזעלע דערווייטערט זיך פון אים און פון אַלע געסט, לאָזט ער זיך נאָך איר. דעמאָלט לאָזט זיך שוין רייזעלע גאָר שנעל לויפן צום הילצערנעם בריקל, כאַפּט זיך אַרויף אויפן פאַרענטש און רופט אויס סאַרקאַסטיש) האָב חתונה מיטן טייוול, גאַניאַ! נישט פאַר אַזאַ כאַם ווי דו ביסט, איז באַשערט דעם נימעראָווער רבס טאָכטער! (די מוזיק האָקט זיך פּלוצים אָפּ. אַלע בלייבן געפּלעפט, אויפרייסנדיק די מיילער און אויגן. גאַניאַ מיט עטלעכע קאָזאַקן לאָזן זיך שנעל צום בריקל נאָך רייזעלען, אָבער בליצשנעל שפּרינגט זי אַריין אין טייך אַריין. עס הילכן בלויז נאָך אָפּ בשעתן פאַלן אירע לעצטע ווערטער) שמע ישראל, ה׳ אלוהנו, ה׳ אחד!

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (מעלאַנכאָליש) אָט דאָס זענען די אויסטער־
לישע ווערטער, וואָס אַלע זייערע שרייען אויס אין לעצטן מאָמענט
פאַרן שטאַרבן...

ג אַ נ י אָ : (פאַרהאַלט זיך אינמיטן לויפן. מיט פאַרביטערונג און כעס)
כאָטש דאָס האַרץ האָט עס מיר פאָרויסגעזאָגט, אַז עפּעס נישט גוטס
וועט געשען, האָב איך מיך פאָרט געלאָזט איבערכיטרעווען פון דער
פאַרשאָלטענער יידישקע!... (קריצט מיט די ציין) צו אַלדי שוואַר־
צע יאָר מיט איר!...

צ ו יי ט ע ר  ק אָ ז אַ ק : (איז געלאָפן ביז צום בריקל. האָט זיך דאָרטן
אָפּגעשטעלט און האָט אַריינגעקוקט אין וואַסער אַריין. מיט באַ־
דויערן) ס'איז פאַרפאַלן!... זי איז אַראָפּגעזונקען צום דנאָ, ווי אַ
שטיין... זי איז דערטרונקען געוואָרן...

וו אָ י ט : (שאָקלט מיטן קאָפּ פאַרטראַכט) אַ מאָדנע פאָלק זענען אָט־
די זשידעס... מען האַלט זיי דאָך געוויינטלעך פאַר פּחדנים, וועלכע
קלאַמערן זיך מיט אַלע כוחות אָנעם לעבן און דאָך... פאַר זייער
אמונה און כבוד גייען זיי דאָך מוטיק אין וואַסער און אין פייער
אַריין!...

(פאָרהאַנג פאַלט פּאַמעלעך)

סוף.

# דער גרויסער חשבון

דראַמאַטיש-פּובליציסטישע אָפּהאַנדלונג
אין איין אַקט

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

שר האומה
אליהו הנביא
שארית־הפּליטהניק
קאַרדינאַל איינציקער
פּאַסטאָר וויניק
פּרינץ פון צפון
מאַקי
אַלצמאַכער
צווייפלער
תימנער
איראַקעזער
מאַראָקאַנער
זיאָניסט
שליח
חדסה
לערער
ראש־ישיבה
יידישיסט
ליובאַוויטשער
שרייבער
שריפטשטעלער
שווישפּילער
חלוץ
אַנדערע לאַנד־וואָוויקעס

## באַמערקונג:

דער מחבר האָט דאָ געגעבן בלויז אַ ווערטער־סקעלעט, וועלכער איז מסתמא אַליין פאַר זיך נישט גענוג סצעניש ווירקזאַם, צוליב דעם פעלן פון אַ ריכטיקער אַקציע. דאַרפן דעריבער דער רעזשיסער און דער מוזי־קער, לויט מעגלעכקייט, דערגאַנצן דאָס וואָס עס פעלט און זיי האָבן אַ סך מעגלעכקייטן דאָס צו טאָן. דער קאָמפּאָזיטאָר קען דורך זיין מוזיקאַ־לישער באַגלייטונג און אילוסטראַציע שאַפן, אָדער ווייניקסטנס פיל פאַר־שטאַרקן, די אילוזיע פון אַן אַקציע. אויסערדעם קען ער אונטערשטרייכן און מיט זיינע טענער אויסטייטשן די רייד פון די פּערסאָנאַזשן. דער רעזשיסער ווידער האָט אַ סך פּלאַץ צו באַלעבן דאָס בילד דורך דער דעקאָראַציע, דורך די פאַרשיידענערליי מאַסקעס פון די באַטייליקטע טיפּן און עס צו מאַכן אינטערעסאַנט דורך אַ וואַריאַציע פון זשעסטן, שטימען און רייד־מאַנירן. פאַר די פּערסאָנאַזשן קענען גענומען ווערן אַלס מאָדעלן באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געלעבט אָדער אַפילו אַזעלכע וואָס לעבן נאָך איצט; זאָל דאָ אָנגעוויזן ווערן אויף עטלעכע פון זיי: קאַרדי־נאַל איניצער, אָדער פּאָולהאַבער; פּאַסטאָר נימעלער; דעניש קעניג פאַרן פּרינץ פון צפון; דער פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע שומאַכער פאַר אלצמאַכער; עמנואל ניומאַן פאַר זייאָניסט; שמריהו לעווין פאַר שליח; ראָוז האַלפּערן פאַר הדרסה; אייב. קאַהאַן פאַר שריי־בער; לייוויק פאַר שריפטשטעלער; בן־גוריון פאַר חלוץ.

ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, טראָגט זיך איבער דער בינע פון לינקס (פונעם צושויער), צו רעכטס אַ שטורעם. עס בליצט און עס דונערט און ווינטן פייפן. די בליצן באַלייכטן אויף קורצע מאָמענטן די חורבות פון אַ צעשטערטער שטאָט. דער שטורעם פאַרציט זיך פּאַמעלעך און אין הינטערגרונט באַווייזט זיך אַן אויסגעשטערנטער הימל, אָבער די בינע פאַרבלייבט כמעט טונקל. אויפן באַרג פון ברוכשטיקער אינמיטן דער סצענע (קאָלומנעס, געזימסן, גאַניקעס א.א.וו.) שוועבט אַרויף פון הינטן די געשטאַלט פונעם שר האומה, וועמענס אונטערשטער טייל עס שטראַלט אַרויס פון זיך פּאָספּאָרעסצירנדיק ליכט און דער אייבערשטער טייל, איבּ־איינעם מיטן קאָפּ, פאַרלירט זיך כמעט אין דער טונקלקייט, פון וועלכער ער טיילט זיך קוים אויס ווי אַ סילועט.

שר האומה: זייט מיינע שליחים, איר פלינקע ווינטן, און צעטראָגט מיין וואָרט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט! זאָגט אַן דער שארית־הפליטה פון מיין פאָלק, אַז פון דאָרטן וואו עס האָט געלעבט און עס איז אומגעקומען דאָס וויכטיקסטע דריטל זיינס, האָט זיך דער שרעקלעכער שטורעם דערווייל דערווייטערט און פאַרבליבן זענען לענדער פאַרוויסטע מיט רואינעס און פגרים און דורכגעווייקטע מיט בלוט. איז נייטיק אונטערצופירן דעם סך־הכל פון אַ גרויסן חשבון און דעריבער גיט איבער מיין געבאָט צו די ל״ו צדיקים, צו די 36 גערעכטע, אויף וועלכע עס האַלט זיך שטענדיק דער קיום פון מיין פאָלק און פון דער גאַנצער וועלט, זיי זאָלן זיך דרינגענדיק און אומפאַרזאַמט צושטעלן אַהער, זיי זאָלן תיכף ומיד קומען אין אָט־דעם יאָמערטאָל. (פויזע. לייכטע ווינטן בלאָזן פון אַלע זייטן. אַ ליכט־שטראַל פון לינקס רייסט דורך די פינצטערניש און עטוואָס נידעריקער פונעם שר האומה דערשיינט אויף אַ צעבראָכענער שטיק קאָלומנע אליהו הנביא. דערנאָך האַלטן זיך שוין נאָך מער

ליכט־שטראַלן, וואָס קומען פון רעכטס, פון לינקס און פונעם הינ־טערגרונט, אין איין דורכרייסן די פינצטערניש און אויף די רואי־נעס באַווייזן זיך שטייענדיקע אָדער אויסגעזעצטע אין פאַרשיידענע גרופּעס די ל״ו צדיקים. פון צווישן די חורבות שטייגט פּאַמעלעך אַרויף אַ גרויסע, בלוט־רויטע לבנה און זי באַלייכט די בינע מיט אַ שוואַך געשפּענסטיש ליכט).

א ל י ה ו: איך בין אליהו הנביא, זכור לטוב, וואָס דאָס פאָלק דער־מאָנט צום גוטן...

ש ר  ה א ו מ ה: (פּאַטערלעך און מילד) איך ווייס... איך ווייס... געב־ענטשט זאָלסטו זיין, מיין געטרייער זון און העלפער פון מיין פאָלק...

א ל י ה ו: איך בין דערשיגען דער ערשטער אויף דיין רוף, ווייל איך האָב מיך געפונען דאָ נישט ווייט פון דאַנען. איך האָב קיינמאָל נישט פאַרלאָזט די מאַסן פון מיין פאָלק און אויך אין משך פון די לעצטע שוידערפולע, גרויזאַמע און אומגליק־שווערע יאָרן בין איך געווען מיט זיי. איך האָב זיי שטענדיק געבראַכט טרייסט און הילף, אויף ווי ווייט עס איז מיר נאָר מעגלעך געווען. מילא, אַרויסצו־העלפן אַן אָרעמאַן אַמאָל, וואָס האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן די אָרענדע זיין פּריץ; נישט צו לאָזן ווען עס איז פאַרשעמט ווערן אַ באַלעבאַטישן אָרעמאַן, וואָס האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו מאַכן פּסח, אָדער אַן אַנדערן יום־טוב, אַרייננבברענגענדיק אין זיין הויז אַריין אַלעס נייטיקע; ברענגען אַ רפואה שלימה אַ חולה מסוכן וכדומה זאַכן — דאָס זענען דאָך געווען מעשים בכל יום. אָבער איך האָב אויך אָפּגעשריגן גזירות וואָס רשעותדיקע מושלים האָבן געגרייט אויף גאַנצע עדות, אָדער מדינות מיט יידן; כ׳האָב נישט דערלאָזט דער אויפגערייצטער גויאישער המון זאָל מקפח פּרנסה זיין אונדזערע יידן און אָפּטמאָל, כאָטש נישט שטענדיק, האָט זיך מיר אויך איינ־געגעבן אויסצומיידן אַז די צעיושעטע ערלים זאָלן פאַרגיסן יידיש בלוט. אָבער איצט האָב איך, צו מיין גרויסן צער און באַדויערן, נישט געקענט גאָרנישט טאָן אָפּצואוועגדן די צעשטורעמטע כוואַליעס

פונעם שלעכטס. דער צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן איבער אונ־דזער פאָלק, האָט אַ פלייץ געטאָן מיטאַמאָל ווי אַ צעשטורעמטער ים און איך בין געבליבן אוממעכטיק... אַנטקעגן דעם קאַלטבלוטיק אויסגעפּלאַנטן פאַרברעכן בין איך געווען אומבאַהאָלפן. אַנטקעגן דעם מעכאַניזירטן און אינדוסטריאַליזירטן מאַסן־מאָרד האָב איך ווייניק געקענט אויפטאָן. אַנטקעגן דער חיהשער רשעות, וואָס האָט זיך אָבער באַנוצט מיט די לעצטע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, האָב איך מיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן. דעריבער האָב איך אַ צעפּייניקטער געמוזט צוזען מיט טיפן ווייטיק ווי די מאַסן פון מיין פאָלק קומען אום דורך הונגער און שקלאַפן־אַרבעט, ווי זיי ווערן דערשאָסן אין מיטן העלן טאָג אָן אַ פאַרוואָס און ווי זיי ווערן גרויזאַם און מעטאָדיש אויסגעשטיקט אומשולדיקערהייט אין די גאַז־קאַמערן. איך האָב קוים געקענט ברענגען אַ טרייסט־וואָרט דאָ און דאָרט און אָפּראַטעווען בלויז נישט קיין גאָר גרויסע צאָל פון יחידים. איצט איז דער מאָרך פון מיינע ביינער דורכגע־דרונגען און דורכגענומען מיט שוידער און שרעק און מיין נשמה איז אינגאַנצן דורכגעזאַפּט און פאַרגיפטעט מיט יאוש און פאַר־צווייפלונג... וויי! וויי! ווי וועט אונדזער אָרעם פאָלק דאָס קענען איבערטראָגן? ווי אַזוי וועט עס קענען איבערלעבן אָט־די שרעק־לעכע קאַטאַסטראָפע?...

שר האומה: שטאַרק דיך, מיין זון, און זיי געשטאַרקט! פאַר־צווייפל נישט און זיי זיך נישט מיאש! דערמאָן דיך אין די צייטן פון דער קרייצטרעגער־מהומה, פון דער שוואַרצער פעסט־מגפה, פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, פון די היידאַמאַקן־גזירות אין די יאָרן ת״ח און ת״ט, ווען די קאָזאַקישע מערדער האָבן פאַרטיליקט כמעט אינגאַנצן אונדזער פאָלק אין פוילן און אין אוקראַינע... מיינסטו, אַז דעמאָלט איז בעסער געווען?... מיינסטו, אַז דעמאָלט איז די סכנה פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק געווען קלענער?...

אליהו: מען קען נישט פאַרגלייכן יענע צייטן מיט דער היינטיקער... דעמאָלט זענען דאָך די צייטן געווען אינגאַנצן אַנדערע. דעמאָלט

איז אויך געווען אַ גאַנץ אַנדערער פאַרנעם. אָבער עס האָט זיך שוין אויסגעוויזן, אַז פון דעמאָלט אָן האָבן זיך די פעלקער פון דער וועלט שוין אַביסל מער אויסגעאיידלט, אַז זיי האָבן בעסער באַנומען די ליבע־פּאָסטולאַטן פון זייער קריסטלעכער אמונה, אַז זיי האָבן שוין מיט מער ערנסט אויפגענומען די לאָזונגען פון צווישן־פעלקערלעכער גלייכקייט, פאַרברידערונג און פרייהייט, וועלכע עס האָבן מיט זיי געלערנט זייערע שענסטע גייסטער און פירער. אויך מיר האָבן גע־האַט געגלויבט אין דעם אַלעמען און עס איז ביי אונדז פאַרשלע־פערט און אָפּגעטעמפּט געוואָרן דער אינסטינקט פון זעלבסט־פאַר־טיידיקונג. דעריבער זענען איצט דער ווייטיק און די סכנה פיל גרע־סער...

שר האומה: דו האָסט מיך דערמאָנט, מיין זון, אין איינעם פון די וויכטיקסטע הויפּט־פּאָסטנס פון אונדזער גרויסן חשבון, וואָס מיר דאַרפן מאַכן מיט דער וועלט און וועגן וועלכן מיר דאַרפן זיך דאָ איצט קלאָר ווערן. צוריק מיט כמעט צוויי טויזנט יאָר האָט אַ זון פון אונדזער פאָלק געגעבן דער וועלט, וועלכע איז דעמאָלט געווען פאַרזונקען אין טעמפּער אומוויסנקייט און אין אכזריותדיקער ברוּ־טאַליטעט, דאָס קריסטנטום, די אמונה פון מענטשן־ליבע און פון נאָך אַנדערע איידעלע און דערהויבענע עטישע און מאָראַלישע פּרינ־ציפּן, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט ביי אונדזערע חכמים און געזעצגעבער. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך וויכטיק געשעע־ניש אין דער היסטאָריע פון דער מענטשהייט און כביכול האָט דע־מאָלט ארויסגעשיקט אונדזער פאָלק אויף זיין לאַנגער גלות־וואַנדע־רונג, בכדי עס זאָל זיין אַ לעבעדיקער עדות פון דער גרויטקייט פונעם גלויבן אין איין אייציקן גאָט און זיין לערע און עס זאָל דינען ווי אַ מוסטער און ביישפּיל ווי אַזוי מען דאַרף האַלטן ריין און אָפּהיטן אָט־דעם גלויבן. דאָס קריסטנטום האָט זיך גענומען אויסשפּרייטן פון אונדזער ארץ־ישראל קיין צפון־אַפריקע און קיין רוים, פון דאָרטן ווייטער קיין שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, אי־טאַליע און דערנאָך ווייטער איבער די ענגלישע אינדזלען און די

סקאַנדינאַווישע לענדער, פּאַזע די צפון־ברעגן פון דעם מיטללענדישן ים און איבער די סלאַווישע לענדער פון מיטל־ און דרום־אייראָפּע. עס האָט טאַקע אויפן וועג אויפגענומען געוויסע געצנדינערישע עלע־מענטן, בכדי עס זאָל קענען ווערן פאַרשטענדלעכער און צוגענגלע־כער פאַר די פאַרשיידענע רויע און האַלב־ווילדע פעלקער, אָבער אין תוך איז עס פאַרט פאַרבליבן פיל דערהויבענער און איידעלער ווי די ביז דעמאָלט הערשנדיקע געצנדינערישע רעליגיעס. מיר האָבן גע־וואַנדערט אין די פוסטריט פונעם קריסטנטום אויף זיינע אַלע וועגן און מיט אונדזער עצם עקזיסטענץ און מיט אונדזער ביישפיל האָבן מיר נישט דערלאָזט, עס זאָל צו ווייט אָוועק פון זיין מקור. מען האָט אונדז געהאַלטן פאַר אומגלויביקע און פושעים קעגן דער אמונה פון קריסטוסן און מען האָט אונדז אָנגעטאָן אַלע מעגלעכע עינויים קשים. מען האָט אונדז געוואָלט צווינגען צו שמד און ווען מיר האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, האָט מען אונדז פאַרפאָלגט און געיאָגט, גע־ברענט און געבראָטן, און אומגעבראַכט מיט אַלע מיתות משונות, און אַלץ אין נאָמען פון דער רעליגיע פון ליבע. אפילו די גע־שמדטע האָט מען נישט געלאָזט צורו ביז אין צענטן דור אריין. מיר האָבן אַלץ איבערגעטראָגן און אויסגעהאַלטן, מיר האָבן מוטיק גע־טראָגן אונדזער גורל. אָבער נאָכדעם וואָס עס איז לעצטנס געשען, דאַרפן מיר זיך איצט סוף־כל־סוף קלאָר מאַכן: צי האָט דאָס קריסטנ־טום עפּעס משפּיע געווען אויף זיינע גלויביקע אין משך פון די קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר פון זיין עקזיסטענץ און צי זענען נישט געווען אומזיסט די ליידן פונעם יידישן פאָלק אויף זיין לאַנגן און שווערן גלות־וועג?... זאָלן זיך אַרויסזאָגן די עדות וועגן דעם.

שארית־הפליטהניק: איך בין אין משך פון פינף יאָר געווען אין פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און טויט־פאַבריקן, ביי צוואַנגס־אַרבעטן און אין די וועלדער צווישן פאַרטיזאַנען און אויפן סמך פון דעם וואָס איך האָב איבערגעלעבט, דאַרף איך קאַטעגאָריש באַהויפּטן, אַז אין אשכנז און אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איז דער העכערער אינהאַלט פונעם קריסטנטום נישט אַריינגעדרונ־

געזן צווישן די פעלקער ביז צום היינטיקן טאָג, דהיינו אין משך פון כמעט טויזנט יאָר, און עס איז דאָרטן פאַרבליבן באַגרענעצט בלויז צו אומוויכטיקע אויסערלעכקייטן. דאָס וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, באַווייזט אָן ספק, אַז די פאָלקסמאַסן דאָרטן זענען ביז היינט פאַרבליבן כמעט אַזעלכעווילדע און ברוטאַלע געצנדינער ווי זיי זענען לכתחילה געווען. אפילו אַ סך גייסטלעכע, און צווישן זיי אויך די העכסטע קירכן־דיגנאַטאַרן, האָבן זיך אין דער גורלדיקער שעה אַרויסגעוויזן צו זיין געצנדינעריש באַגרענעצט און גרויזאַם. האָט וועד פון זיי שוין יאָ אַמאָל געראַטעוועט דעם גוף פון אַ יידישן מענטשן, האָבן זיי דערפאַר געפאָדערט אַלס באַצאָלונג די נשמה, דאָס נפש. איינצלנע גוטע מענטשן, וואָס זענען דאָרטן געווען אַלס אויסנאַמען, באַשטעטיקן אָבער אין אַלגעמיין דעם כלל. במילא דאַרף מען זאָגן, אַז די יידישע גלות־ליידן זענען געווען אומזיסטע און דער חשבון איז געווען אַ טעותדיקער!...

**קאַרדענאַל איינציקער**: מען דאַרף נישט איבערטרייבן, מיין ליבער מענטש! איך פאַרשטיי, אַז איר זענט העכסט פאַרביטערט צוליב אַזוי פיל דורכגעמאַכטע ליידן, אָבער פונדעסטוועגן דאַרף מען דעם אמת נישט פאַרזען און אוודאי נישט פאַרדרייען. גראַד די שוידערלעכע נסיון־יאָרן האָבן דייטלעך און קלאָר באַוויזן, אַז דאָס קריסטנטום, און קודם כל ספּעציעל דער קאַטאָליציזם, האָט געהאַט אַ מעכטיקע השפעה אויף אַלע פעלקער פון אייראָפּע, אַפילו אויף די גאָר מזרחדיקסטע. ווען נישט דאָס קריסטנטום, וואָלטן די פאַרברעכנס געווען נאָך פיל שרעקלעכערע. אויב די קריסטלעכע פאָלקסמאַסן האָבן אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייקנט די העכסטע עיקרים פון זייער אמונה, האָבן זיי עס געטאָן נאָר אויסערלעך, בלויז לפנים, נאָכגעבנדיק קעגן זייער איבערצייגונג און ווילן דעם אויסערגעוויינטלעך מעכטיקן צוואַנג און דרוק פון די נאַצי־פאַרברעכער. מען קען און דאַרף נאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז אַלע דורכשניטלעכע מענטשן זאָלן איבערנאַכט פאַרוואַנדלט ווערן אין העלדישע און אָפּפערווויליקע קעמפער פאַר זייערע איבערצייגונגען און

גלויבן. דאָס קענען זיין נאָר מענטשן פון אַ העכערער מדרגה. איך אַליין האָב גענומען אויף זיך פרייוויליק אַלערליי ליידן און האָב אָפן געקעמפט מיט דער מאָדערנער געצנדינעריי. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן אַנדערע קאַטאָלישע גייסטלעכע, לויט ווי עס איז מיר באַקאַנט.

שארית־הפליטהניק: נישט צופיל גייסטלעכע לערך האָבן עס געטאָן... אָבער מיר יידן זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם פאַר אונדזער אמונה, און דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן די ערשטע קריסטן, וועלכע זענען אייגנטלעך נאָך געווען דעמאָלט מער יידן ווי עפּעס אַנדערש...

פּאַסטאָר ווײַניק: איך קען באַווייזן, אַז מער ווי דער קאַטאָליציזם, האָט דער פּראָטעסטאַנטיזם געמאַכט אַריינדרינגען צווישן די פאָלקס־מאַסן פון מיטל־, מערב־ און צפון־אייראָפּע די דערהויבענע פּרינציפּן פונעם אמתן קריסטנטום. איז טאָקע אין די לענדער פון מיטל־, מערב־ און צפון־אייראָפּע, אויך אין צפון־אַמעריקע, וואו אונדזער גלויבן איז דער הערשנדיקער, געשטעלט געוואָרן דער שטאַרקסטער ווידערשטאַנד צו דעם נאַצישן משוגעת. אויף דעם קען עדות זאָגן אויך דער נאָבעלער פּרינץ פון צפון, וועלכער געפינט זיך דאָ מיט אונדז. איך בין אַליין געווען איינער פון יענע וואָס האָבן אָפן און אַנטשלאָסן באַקעמפט דעם טעווטאָנישן פוראָר, האָבן געהאָלפן זייערע יידישע ברידער און האָבן דערפאַר יאָרנלאַנג געמוזט שמאַכטן אין די פאַרשאָלטענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

פּרינץ פון צפון: ס'איז אמת! אין אַלע סקאַנדינאַווישע לענדער, אַפילו אין יענע וואָס האָבן זיך מוראדיק געצאַפּלט אין ליידן אונטערן פייגטלעכן דייטשן שטיוול, האָט מען אָפן, ווירדיק און מוטיק געהאַסט, פאַראַכטעט און באַקעמפט די באַרבאַרישע דאָקטרין און נאָך מער די קאַניבאַלישע פּראַקטיק פון דעם דריטן רייך און אויך די מענטשן, אויף וועלכע דאָס אַלץ האָט זיך געהאַלטן. און עס איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אונטערשייד צווישן אונדזערע בירגערלעכע קרייזן און אויך אונדזער אַרבעטער־קלאַס.

מיר האָבן נישט מפקיר געווען אונדזערע יידישע מיטבירגער אויף קיין פאַל. מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, קרבנות און אָנשטרענגונגען האָבן מיר זיי פאַרטיידיקט און עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיי אָפּצוראַטעווען פון די מערדערישע הענט...

קאַרדענאַל איינציקער: אויך אין די קאַטוילישע לענדער איז פאָרגעקומען עפּעס ענלעכעס. אין פראַנקרייך, צום ביישפּיל, האָט געווירקט אַ גוט אָרגאַניזירטע ווידערשטאַנד־באַוועגונג און אין איטאַליע איז דיזעלבע געווען מער ספּאָנטאַן און אָרגאַניש. אַפילו אין דער דיקטאַטאָרישער און צום נאַציזם פרייַנטלעכער, שטרענג קאַטוילישער שפּאַניע, האָט מען אַרויסגעוויזן געפילן פון קריסטלע־כער ליבע, רחמנות און הומאַניזם צו אַלע פּליטים, נאַטירלעך אויך צו די יידישע, וועלכע דער גורל האָט אַהין פאַרוואָרפן.

מאַקי: איך בין אַן עדות, אַז אין פראַנקרייך האָבן מיר ביטער באַ־קעמפט דעם גיפטיקן און פאַרפעסטעטן „גייסט" און די אַנטיקריסט־לעכע מעטאָדן פון דעם נייעם דייטשן וואַנזין. מיר האָבן געבראַכט אַ סך קרבנות אויך, בכדי צו ראַטעווען די יידישע בירגער און איינ־וואוינער פון אונדזער לאַנד.

פּאַסטאָר ווייניק: עס איז פאַראַנען אַ גענוג גרויסער חילוק! אין די קאַטוילישע לענדער האָבן זיך טאַקע דאָ און דאָרטן אַנטקעגנ־געשטעלט דעם שלעכטס קלענערע אָדער גרעסערע גרופּן פון יחידים, אָדער אין בעסטן פאַל קלענערע אָדער גרעסערע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען, אָבער אין די פּראָטעסטאַנטישע לענדער האָבן עס גע־טאָן די גאַנצע פעלקער. סוף־כל־סוף האָבן טאַקע גורם געווען צו דער מפּלה פונעם היטלער־רייך קודם־כל די פּראָטעסטאַנטישע פעלקער פון ענגלאַנד און נאָרדאַמעריקע. דעריבער האַלט איך מיך ביי מיין מיינונג, אַז די טרעגער פונעם דערהויבנסטן קריסטנטום זענען היינט צו טאָג אין דער ערשטער ליניע די פּראָטעסטאַנטישע אומות!

אַלצמאַכער: נאָך איין מעכטיקער כוח, וואָס האָט באַקעמפט דאָס נאַציסטישע בייז און די היטלעריסטישע פאַרדאָרבנקייט איז דאָ איבגאַנצן נישט דערמאָנט געוואָרן און דאָס איז בפירוש אַן אומ־

רעכט. עס איז דאָ אינגאַנצן אויסגעלאָזן געוואָרן דער דעמאָקראַטי־שער סאָציאַליזם! אַט־דער כוח איז דער יינגסטער פון די, וועגן וועלכע עס איז דאָ גאַנץ אויספירלעך גערעדט געוואָרן, אָבער טראָץ־דעם איז זיין גייסט שוין אויף אַזוי ווייט געווען אריינגעדרונגען אין די פאָלקסמאַסן, אַז אפילו מוסאָליני און היטלער האָבן נישט גע־וואַגט אים צו פאַרלייקענען. דעריבער האָבן זיי דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אַנטקעגנגעשטעלט זייער אומזיניקן נאַציאָנאַלן סאָציאַ־ליזם, וועלכן זיי האָבן אויסגעצירט מיט אַבסורדאַלע פליטערלעך, וואָס האָבן געזאָלט צוציען די מאַסן. עס איז אמת, אַז אין דעם אַנט־שיידנדיקן מאָמענט, ווען עס איז נייטיק געווען מוט און אַנטשלאָסנ־קייט, האָט די שאָלעכץ פון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד, זיין אָרגאַניזאַציע, נישט אויסגעהאַלטן דעם שווערן פּרואוו און זי איז צוזאַמענגעפאַלן, ווי אַ קאָרטן־שטיבל. אָבער דער גייסט און דער אידעאָלאָגישער איגהאַלט פונעם סאָציאַליזם האָט אינספּירירט אַלע ווידערשטאַנד־טאַטן אין אייראָפּע קעגן די מאָדער־נע פאַרשקלאַפער פונעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז דאָך דער רוב מנין און רוב בנין פון די פעלקער. איך אַליין האָב מיך מיט די לעצ־טע כוחות אין משך פון לאַנגע יאָרן אַנטקעגנגעשטעלט דעם בייז און איך בין פאַר מיינע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען אויסגעשטאַנען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן עינויים קשים, צוליב וועלכע איך בין פאַרבליבן אַן אינוואַליד אויף מיין גאַנצן לעבן. זאָלן זיך די רעליגיעזע הערן דאָ נישט אַרויסשטעלן ווי די איינציקע פּאַלאַדינען און קאַמפּעאָנען פונעם קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער און נאַצישער ווילדקייט און געוואַלטזאַמקייט.

צווייפלער: איך האָב מיטגעפיל און דרך־ארץ פאַר דיינע ליידן, מיין געוועזענער גענאָסע און פריינט, אָבער איך באַדויער זייער צו מוזן דיר איצט ווידער ווייטאָן. קודם־כל מוז איך פעסטשטעלן, אַז דאָס קריסטנטום און דער סאָציאַליזם, איך מיין זייערע אידייאישע און מאָראַלישע אינהאַלטן, שטאַמען דאָך ביידע סוף־כל־סוף פון דעמזעלבן יידישן מקור און זיי זענען טאַקע ביידע געפּרעדיקט און

פאַרשפּרייט געוואָרן צווישע די פעלקער גרעסטנטיילס דורך די יידן. די זעלבע אידייען לערך זענען דורכן קריסטנטום באַזירט געוואָרן אין אַלטערטום אויף אמונה און רעליגיעזן גלויבן, וועלכע זענען מער צוגעפּאַסט געווען פאַרן דעמאָלטיקן פּרימיטיוון מענטשן, און דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם האָט זיי אין דער מאָדערנער צייט גע־פּרואווט באַגרינדן מער אויף פילאָזאָפישע און סאָציאָלאָגישע פּרינ־ציפּן, וועגן וועלכע ער האָט געמיינט, אַז זיי זענען פאַרשטענדלע־כער, צוגעפּאַסטער און צוגענגלעכער פאַרן היינטצייטיקן מענטשן. אָבער לאָמיר זיין אויפריכטיק און לאָמיר זיך דאָ מודה זיין, אַז מיר האָבן שווער געגרייזט, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ געוואַלטיק גרויסן טעות...

א ל צ מ א כ ע ר : (גערייצט און אויפגערעגט) איך ווייס נישט וועגן וואָסערן טעות און וועגן וואָסערע גרייזן דו רעדסט דאָ, ה' צווייפּ־לער...

צ ווי פּ ל ע ר : (קאַלטבלוטיק) דו ווייסט נישט וועגן וואָס איך רייד? פּשוט — איך רייד וועגן דעם טעות און גרייז וואָס עס איז באַגאַנ־גען די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע דורך דעם, וואָס זי אַליין האָט אויסגעליידיקט איר סאָציאַליסטישע אידייע פון איר מעכטיקער די־נאַמיק. דורך דעם וואָס מען האָט ביים סאָציאַליזם צוגענומען זיין רעליגיעזן פּאַטאָס און זיין נביאישע וויזיע און דורך דעם וואָס מען האָט געשטעלט דעם טראָפּ בלויז אויף פּאָליטיק און עקאָנאָמיע, אויף דערגרייכן נאָך עטלעכע דעפּוטאַטן אין די שטאָט־ראַטן אָדער פּאַר־לאַמענטן און אויף דערגרייכן נאָך אַ מיניסטער אין עפּעס אַ רעגי־רונג, אויף אַ שעה ווייניקער אַרבעט און אויף נאָך אַ בראָקן ברויט — דורך דעם האָבן מיר פאַרמינערט זיין אינערלעכע שפּאַנונג און אים אָפּגעשוואַכט. מיט די אייגענע הענט האָבן מיר אים פאַרוואַנדלט אין אַ ניכטערנער, פּראַזאַישער און אומוויכטיקער זאַך פון לויבבאַר־קייט, פאַר וועלכער אַ מענטש איז בדרך כלל נישט גרייט און אויך נישט מסוגל צו ברענגען דעם מינדסטן קרבן. דעריבער איז די סאָ־ציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע שענדלעך איינגעפאַלן ווי אַ קאָרטן־

שטיבל אין דער שעה פון נסיון און זי איז נישט געווען אימשטאַנד צו געבן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד אירע שונאים און אַנגרייפער. דעריבער האָט דער נאַציזם אַן איבעריקע אָנשטרענגונגען געקענט געווינען פאַר זיך די ערלעכע אַרבעטס־מענטשן, וואָס זענען געווען מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וויבאַלד ער האָט זיי נאָר געגעבן דאָס שטיק ברויט, וועלכעס מען האָט זיי איינגעוואוינט צו פאַרלאַנגען, און ער האָט דערצו נאָך באַפרידיקט זייער פוסטע נאַציאָנאַלע גאווה, וועלכע נעסטיקט דאָך געוויינטלעך אין די מענטשלעכע נשמות.

אלצמאַכער: דו גייסט צו ווייט, ה׳ צווייפלער, דו איבערטרייבסט די זאַכן גאָר שטאַרק...

צווייפלער: איך איבערטרייב שוין גאָרנישט, מיין פריינט, און אויב דו באַדאַרפסט נאָך האָבן אַן איבעריקן באַווייז, אַז איך בין גערעכט — טאָ דערמאָן זיך אינעם קאָמוניזם, וועלכער איז היינט זיגרייך און ער איז געווען ערשט נישט לאַנג צווישן די הויפט־גורמים צו באַ־קעמפן דאָס שלעכטס. לכתחילה האָט דאָך אויך דער קאָמוניזם גע־מיינט בלויז שכלדיקן סאָציאַליזם, מאַרקסיסטישן און לעניניסטן סאָ־ציאַליזם, אָבער ער האָט זיך גאָר גיך געגעבן רעכענונג, אַז אויב ער וויל האָבן אַ קיום און דעראָבערן די מאַסן, מוז ער זיך פאַרוואַנד־לען אין אַן אמונה, אין אַ פאַנאַטישן גלויבן, און דאָס האָט אים טאַקע געהאָלפן איבערצוקומען מיט דערפאָלג פאַרשיידענע קריזיסן און איבערברוכן. ליידער האָט זיך דער קאָמוניזם גיך אַוועקגעלאָזט אויף זינדיקע וועגן און ער איז דעגענערירט געוואָרן צו אַ פאַלשער, גרויזאַמער און געצנדינערישער רעליגיע. ער איז עס טאַקע געוואָרן דער מקור פון שלעכטס און ער האָט זיך טאַקע פאַרוואַנדלט אין אַ ביישפיל און מוסטער פאַר די גרויליקע מעשים פון מוסאָליניס פריער און דערנאָך פון היטלערן.

אלצמאַכער: איך בין נישט קיין ווייניקער פאַרביסענער קעגנער פונעם קאָמוניזם ווי דו, צווייפלער, אָבער...

צווייפלער: דער „אָבער״ איז איבעריק! דו ווייסט עס דאָך פונקט

אַזוי גוט ווי איך. האָט דען נישט דער קאָמוניזם קאָרומפּירט דעם גאַנצן תמצית פונעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם? האָט ער דאָך אַנ־שטאָט פרייהייט איינגעפירט טעראָר און צוואַנג. אַנשטאָט גלייכ־קייט אין בעסערן זינען פון דעם וואָרט, האָט ער דאָך אַרויסגע־צוואונגען גלייכע שקלאַפעריי צו דער מלוכה פאַר אַלעמען, אָדער גלייכע אונטערטעניקייט פאַר אַלעמען צו דער קאָמאַריליע, וואָס איז געשטאַנען ביים רודער פון דער מאַכט. אַנשטאָט יושר און צדק, האָט ער איזמפּאָנירט ציניש אומגערעכטיקייט, מורא פאַרן מאַכט־האָבער און קנעכטישע הכנעה צו אים. אַנשטאָט מאָראַל האָט ער געפּריידיקט הפקרות, אַלס קעגנזאַץ צו דער כלומרשטער בורזשואַז־נער צעקראָכנקייט. אין פאַמיליע־לעבן האָט ער אַריינגעבראַכט פאַר־דאָרבנקייט און פאַלשקייט צווישן מאַן און ווייב און פאַרראַט פון די קינדער לגבי זייערע עלטערן. און אַנשטאָט דעם אידעאַל, האָט ער אַוועקגעשטעלט ווי אַ געטשקע די פּאַרטיי, אַרום וועלכער ער האָט אַנטוויקלט אַ דערנידערנדיקן, באַליידיקנדיקן און עקלדיקן פעטישיזם, וועלכער איז נאָך אַפּשטויסנדיקער געוואָרן, ווען דעם פּלאַץ פון דער פּאַרטיי האָט פאַרנומען איין־איינציקער דיקטאַטאָר, אַרום וועלכן עס איז אַנטוויקלט געוואָרן אַן אומזיניקער און פאַרדראָסיקער פערזאָנען־קולט. איך וואָלט אַזוי נאָך ווייטער געקענט דערציילן און דערציילן וועגן די מעלות טובות פונעם קאָמוניזם, אָבער איך דענק, אַז עס איז איבעריק דאָס איצט צו טאָן אויף אָט־דעם פּלאַץ. וואָס איך האָב געזאָגט איז מער ווי גענוג און אויפן סמך פון אָט־דעם אַלעמען איז שווער צו גלויבן אין דער צוקונפט פונעם סאָציאַליזם, אַזוי גוט דעם דעמאָקראַטישן, ווי אויך דעם קאָמוניסטישן...

אלצמאַכער: און איך וויל דאָך גלויבן אין דער צוקונפט פונעם סאָציאַליזם... מיר וועלן נאָך אַלעמען דאָך גובר זיין אַלע שוועריי־קייטן, וואָס שטייען אויף זיין וועג... מיר וועלן סוף־כל־סוף ענדערן געוויסע פּרטים, וועלכע ברענגען אונדז שאָדן און מיר וועלן דאָך דערגרייכן אַביסל מער גליק פאַר די אַרבעטס־מענטשן און בכלל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט!

צ וו יי פ ל ע ר : הלוואַי זאָלן דיינע ווערטער מקוים ווערן!... (קורצע פויזע, אין משך פון וועלכער אַלע שווייגן שטיל און אומהיימלעך).

ת י מ נ ע ר : (שעמעוודיק און נאַאיוו) אויך איך בין געקומען אַהער, ברוך השם!... איך האָב צו מיין באַדויערן ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון דעם אַלעמען וואָס עס איז דאָ ביז איצט געזאָגט געוואָרן, ווייל ביי אונדז רעדט מען אַנדערש ווי ביי אייך, אשכנזים. מיר רעדן פשוט, אַזוי ווי מיר לעבן פשוט. אין אונדזערע מקומות זענען ביז איצט נאָך נישט דערגאַנגען אייערע רייד און געדאַנקען. אָבער פון שנאה און קנאה ליידן מיר גאַרנישט ווייניקער פון אייך. די קינדער און גלויביקע פונעם נביא מחמד זענען נישט קיין קלענערע רשעים און אכזרים פון אייערע נוצרים. אויך זיי טוען אונדז אָן פיל שלעכטס און זיי רודפן אונדז עד חרמה. עס איז שוין ממש באו מיים עד נפש. דעריבער האַלטן מיר, אַז משיח בן דוד מוז שוין איצט קו־מען, ווייל עס איז שוין דערגאַנגען ביז צו אַ מצב פון כולו חיב, און עס איז שוין געקומען די העכסטע צייט מיר זאָלן אויסגעלייזט ווערן פון די הענט פון אונדזערע ביטערע שונאים און פאַרפאָלגער.

א י ר אַ ק ע ז ע ר : איך האָב דאָ אויך נישט געקענט פעלן, ס'איל וואו פלע! כאָטש די בני צרפת האָבן אונדז אויסגעלערנט אַביסל פון זייער לשון און פון זייערע וויסנשאַפטן און חכמות האָב איך אויך גאָר קנאַפּ פאַרשטאַנען פון אייערע ביז איצטיקע רייד. אָבער איך דאַרף אייך איבערגעבן, אַז אויך מיר ליידן פון דער העלישער שנאה פון די מוסולמענישע בני־ישמעאל און מיר וואַרטן אויך אויף דער גאולה שלימה פונקט ווי אַלע בני ישראל, זי זאָל קומען וואָס פריער. עס איז שוין די העכסטע צייט זי זאָל קומען...

מ אַ ר אָ ק אַ נ ע ר : כן יהי רצון! זאָל טאַקע קומען די ישועה פאַר כל ישראל און אויך פאַר די יידן פון צפון־אַפריקע, וועלכע ליידן פון ביטערער נויט און פון שנאת זדים, אפשר ערגער פון אַלע יהודים אויף דער וועלט... הלוואַי זאָל טאַקע שוין קומען אונדזער גואל צדק במהרה בימנו... (פויזע).

ש ר ה א ו מ ה : האָסט אויסגעהערט, מיין זון אליהו התשבי, אָט־די

אַלע טענות און מענות, וואָס זענען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן, מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט?...

אליהו הנביא: איך האָב זיי אויפמערקזאַם אויסגעהערט!

שר האומה: מיינסטו נישט, אַז אויפן סמך פון דעם אַרויסגעזאָגטן קען מען שוין אונטערציען אַ סך־הכל פון יענעם טייל פון אונדזער גרויסן חשבון?

אליהו הנביא: איך מיין, אַז מען קען דאָס גריילעך טאָן, מיין האַר...

שר האומה: אויב אַזוי בעט איך דיך, אליהו מיין זון, עס דאָ איצט צו טאָן...

אליהו הנביא: (פייערלעך און פעסט) לויט מיין מיינונג זענען די פאַרלוסטן געווען אומפאַרגלייכלעך גרעסער פון די געווינסן, כאָטש קיין גאַנצער און פולשטענדיקער דורכפאַל איז אונדזער גלות נישט געווען. יעדנפאַלס טאָרן מיר ווייטער נישט פאַרזעצן דעם שווערן און ביטערן גלות־וועג, אויב מיר ווילן נישט שטעלן אין דער גרעסטער געפאַר די עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק. מיר דאַרפן זיך איצט צו־ריקציען פון דער וועלט־סצענע, וועלכע איז פאַר אונדז אין דער לעצטער צייט סיי־ווי־סיי געוואָרן צו גרויס, און מיר דאַרפן איינ־זאַמלען אונדזערע רעשטלעך אויף יענער ערד וואו עס איז געשטאַ־נען דאָס וויגעלע פון אונדזער אומה און זאָלן זיך אויף ווייטער זאָרגן פאַר די נשמות און פאַר דעם גייסטיקן און מאָראַלישן וואויל־זיין פון די איבעריקע פעלקער פון דער וועלט, זייערע רעליגיעזע און גייסטיקע מנהיגים אַליין, אָן אונדזער באַטייליקונג און ביישפּיל.

שר האומה: ביסט גערעכט, מיין זון! עס איז שוין געקומען די העכסטע צייט צו מאַכן אַן ענדע צום ביטערן און שווערן גלות!

זייאַניסט: עקסקיוז מי, מיסטער... סער... סער...

אליהו הנביא: נישט סער, מיין זון, נאָר שר, טאַקע שר האומה. דו האָסט דאָך נאָך אַמאָל אין דער יוגנט געלערנט אין אַ חדר, איידער דו האָסט זיך אַריבערגעשיפּט אַהער איבערן גרויסן וואַסער — טאַ ווי־

זשע קומט עס וואָס דו האָסט שוין פאַרגעסן אַרויסצורעדן ריכטיק אַ קורץ און איינפאַך לשון־קודשדיק ווערטעלע? נישט סער, מיין טייערינקער, נאָר בפירוש טאַקע שר האומה.

זייאַניסט: זאָל זיין אַזוי... אַז מען רעדט שטענדיק אויף פליין ענגליש, פאַרגעסט מען אַפילו דאָס וואָס מען האָט געלערנט אין דער יוגנט... אָבער איך מוז דאָ פּראָטעסטירן און דערקלערן, אַז מיר פון דער „זייאַניסט אָרגאַניזיישן אָוו אַמעריקא" זענען בשום אופן נישט מסכים צום אויספיר פון דעם שר האומה און פון אליהו הנביא. מיר זענען גוטע זייאַניסטן און מיר זענען שטענדיק דאָס געווען. מיר האָבן געזאַמלט און געגעבן פיל מאָנעי פאַר פּאַלעסטאַין, בכדי אונ־דזערע געיאָגטע און געפּלאָגטע אָרעמע ברידער זאָלן זיך דאָרטן קע־נען באַזעצן אין די קאָלאָניעס, וועלכע מען האָט געגרינדעט מיט אונדזער געלט. מיר טוען דאָס אויך איצט און מיר וועלן עס אויך אויף ווייטער טאָן אַזוי לאַנג ווי עס וועט נייטיק זיין. אָבער מיר מוזן פעסטשטעלן, אַז דאָס פרייע און גערעכטע אַמעריקע איז פאַר אונדז נישט קיין גלות. מיר לעבן דאָ אין גוטע באַדינגונגען און מיר זענען דאָ גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע אַנדערע בירגער פון דער מדינה. אַלע עקאָנאָמישע לעבנס־קוואַלן זענען אויך פאַר אונדז צוגענגלעך פּונקט ווי פאַר אַלעמען און אַזוי ווי מיר זענען פון נאַטור אויס פּעאיקע מענטשן, לעבן מיר טאַקע אין וואוילשטאַנד. די וועגן צו בילדונג און וויסנשאַפט זענען פריי פאַר אונדזערע קינדער און זיי גייען טאַקע פעסט און זיכער אויף דיזעלבע און צייכענען זיך אויס אַלס דאָקטוי־רים, אַדוואָקאַטן, כעמיקער און אינזשעניערן און אַלס כלערליי אַנ־דערע אינטעלעקטועלע אַרבעטער און וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, סיי ווען זיי אַרבעטן אויפן אייגענעם חשבון, סיי ווען זיי פאַרנעמען וויכ־טיקע עפנטלעכע אַמטן אין דער מלוכה. אַמעריקע איז פאַר אונדז דאָס געליבטע היימלאַנד און נישט קיין שום גלות, ווילן מיר טאַקע פון דאָרטן נישט אַוועק און אונדזערע קינדער ווילן מיר אויך האָבן נאָענט נעבן זיך.

שליח: די דייטשע יידן איז געגאַנגען מסתמא נישט ערגער פון אייך,

אַמעריקאַנער יידן, און פונדעסטוועגן איז עפּעס געשען, פון וואָס מען דאַרף לערנען אַ לעקציע און זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל...

הדסה: אויך מיר, אַמעריקאַנער יידישע פרויען און מאַמעס, זענען מסכּים מיט דער „זייאָניסט אָרגאַניזיישן אָוו אַמעריקא" און מיר ווילן אונדזערע קינדער נישט לאָזן פאָרן קיין פּאַלעסטאַין, בכדי זיי זאָלן פאַרשוואַרצט ווערן אין די דאָרטיקע גליענדיקע מדבריות. מיר ווילן זאַמלען געלט און אויפבויען האָספּיטעלער און אַנדערע וואויל־טעטיקע אינסטיטוציעס פאַר די פּאַלעסטאַין־פּייאָנערס, אָבער אונ־דזערע קינדער וועט זיך לעבן לייכטער און בעסער אין אַמעריקע, נעבן אונדז, אין די באַקוועמע און שיינע היימען וואָס מיר האָבן אויסגע־בויט און צוגעגרייט פאַר זיי. און דער ביישפּיל פון די דייטשע יידן, מיסטער שליח, איז נישט גילטיק בשום אופן פאַר אונדז. אַמעריקע איז נישט דייטשלאַנד און די אַמעריקאַנער זענען אויף קיין פאַל נישט געגליכן צו די דייטשן...

זייאָניסט: געררעכט, הדסה! בראַוואָ, הדסה! אין דער פרייער און אויפגעקלערטער אַמעריקע קען קיינמאָל נישט פּאַסירן דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, אין דער וויג פון דעם אַנטיסעמי־טיזם! בעוור! קיינמאָל נישט! און שרעקט אונדז נישט איינאיינעם פאַרט מיט דעם גרויסן אומגליק, וואָס עס האָט זיך געטראָפן מיט די דייטשע יידן!

שליח: מען דאַרף זיך נישט שרעקן סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין און מיר ווילן אייך אויף קיין פאַל נישט שרעקן גלאַט אַזוי, אָבער דענקענדיקע מענטשן זענען דאָך מחויב מוטיק צו קוקן דעם אמת אין די אויגן אַריין און זיך נישט צו לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם אַריין. הייגט לעבן די אַמעריקאַנער נישט־יידן אין וואוילטאָג און אין אי־בערפלוס און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע גוטע באַדינ־גונגען פאַרגינען זיי אייך אויך דאָס לעבן און זענען אפשר נישט קיין שונאי־ישראל לויטן אייראָפּעאישן שטייגער. איר ווידער, זענט אַרי־בערגעקומען אַהער פון יענער זייט ים געטריבענע פון רדיפות און הונגער, איז ווידער נאַטירלעך איר זאָלט זיין זייער דאַנקבאַר פאַר

די גוטע מעגלעכקייטן וואָס מען האָט אייך דאָ אָנגעבאָטן. אָבער... מען טאָר נישט פאַרמאַכן די אויגן. שוין היינט זענען פאַראַנען אין אַמעריקע קרייזן וואָס האָבן דעם יידן „ליב פון דער ווייטנס". זיי ווילן נישט האָבן קיין יידן אין זייערע אונטערנעמונגען, אין זייערע קלובן, אין זייערע האָטעלן, אין זייערע דאַטשעס, אין זייערע גאַסן, אין זייערע אוניווערזיטעטן און בכלל אין זייער נאָענטער סביבה. וואָס עס קען ווערן, אויב די צייטן וועלן ערגער ווערן — דאָס קען קיינער נישט וויסן ברוח הנבואה. אָבער מען דאַרף ציען פּאַראַלעלן, מען דאַרף פאַרויסזען פאַרשיידענע מעגלעכקייטן... און מען טאָר נישט לעבן אין עפּעס אַן איינגערעדטן עלדאָראַדאָ. עס איז אמת, אַז אויב דער גלות אין די אייראָפּעאישע לענדער, דער עיקר אין מזרח־אייראָפּע, איז געווען געגליכן צו אַ סוף־חודשדיקער פינצטערער נאַכט, איז דער גלות אַמעריקע געגליכן צו אַ מיטן־חודשדיקער קלאָרער לבנה־נאַכט. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז אַזעלכע נעכט פאַר־בלייבן נישט אייביק אַזוי ליכטיק און קלאָר... זיי קענען זיך אויך פאַרוואָלקענען... מען דאַרף טראַכטן וועגן דער צוקונפט, נישט מאַכנ־דיק זיך קיינע אילוזיעס...

**זייאַניסט:** פּליז, מיסטער שליח. איר ווייסט דאָך אַליין, אַז דער ווידערווילן צו די יידן אין אַמעריקע אויף די געביטן פונעם עקאָ־נאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז בשום אופן נישט קיין ריכ־טיקער און עכטער אַנטיסעמיטיזם און אויסערדעם נעמט אָט־די דער־שיינונג אַרום בלויז זייער באַגרענעצטע קרייזן פון דעם גרויסן אַמע־ריקאַנער פאָלק.

**הדסה:** יעס, מיי פרענד שליח! נישט קוקנדיק אויף אַזעלכע דערשיי־נונגען, וואָלטן מסתמא דער גרעסטער טייל אַמעריקאַנער, אַפילו יענע אפשר וואָס „האָבן אונדז ליב פון דער ווייטנס", זיך גערן משדך געווען מיט אונדזערע קינדער, ווען מיר וואָלטן זיך נאָר נישט אַנטקעגנגעשטעלט און מסכים געווען דערצו. אַ סך אַזעלכע שידוכים קומען טאַקע שוין פאָר...

**שליח:** פונדעסטוועגן וואָלט איר זיך גאַדאַרפט אויך דערמאָנען, איר

אַמעריקאַנער דזשוס, אין דער געהיימער אָרגאַניזאַציע פון די גרויזאַ־
מע פּאַרמאַסקירטע קו־קלוקס־קלען, וואָס זענען נישט געווען קיין
פריינט פון יידן און וואָס האָבן יאָרנלאַנג נאָך דער ערשטער וועלט־
מלחמה טעראָריזירט נישט איין געגנט פון אַמעריקע מיט זייערע
ווילדע פאַרברעכנס.

ז יי אַ נ י ס ט : האָט מען זיי טאַקע שטרענג באַקעמפט און איצט איז
פון זיי כמעט קיין שום זכר מער נישט פאַרבליבן...

ש ל י ח : אָבער דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז דאָס וואָס עס איז געווען
נעכטן קען זיך נישט ווידערהאָלן מאָרגן, אויב עס וועלן זיין צוגע־
פּאַסטע און גינציקע באַדינגונגען פאַר דעם...

ה ד ס ה : פאַרוואָס זאָל מען אויסלייגן, אַז עס קען זיך ווידערהאָלן?
פאַרוואָס זאָלן מיר זיין פּעסימיסטן און שוואַרצזעערס?

ש ל י ח : חלילה וחס... איר דאַרפט נישט זיין קיין פּעסימיסטן און קיין
שוואַרצזעערס. אָבער איר דאַרפט זיך אויך נישט פאַרשטעלן די אויגן
פאַר די פאַקטן. און אָט איז נאָך אַזאַ פאַקט, וועלכער דאַרף אייך
מאַכן נאָכדענקען אַביסל: די דיסקרימינאַציעס קעגן די נעגערס! די
לינטשעריי־יוסטיץ וואָס ווערט פּראַקטיצירט לגבי זיי!

ז יי אַ נ י ס ט : אָבער דאָס קומט דאָך פאַר בלויז אין געוויסע געגנטן
פון די דרום־שטאַטן!

ש ל י ח : היינט קומט עס פאַר בלויז אין די דרום־שטאַטן און מיט נעג־
ערס, אָבער וואו איז פאַראַנען די גאַראַנטיע, אַז מאָרגן, אָדער
איבערמאָרגן, וועט דאָס נישט פאָרקומען אויך אין די צפון־שטאַטן
און איבערן גאַנצן לאַנד מיט אַנדערע מענטשן, וועלכע מען האָט
גאָרנישט ליב, למשל, מיט אחינו בני ישראל? סוף־כל־סוף וויל איך
אייך נישט לייגן קיין שטיינער אויפן האַרצן. אַמעריקע איז דאָך
היינט־צו־טאָג אַ פרייע מדינה און לאָמיר האָפן, אַז זי וועט עס איי־
ביק פאַרבלייבן, אַזוי ווי די אַמעריקאַנער יידן ווינטשן זיך עס. איר
האָט פריער געזאָגט, אַז אייערע קינדער ווילט איר האַלטן נעבן זיך.
מיינט עס צו זאָגן, אַז איר ווילט זיי און זייערע קינדער און קינדס־
קינדער זאָלן זיין יידן. טאָ וואָס טוט איר אויף צו פאַרזיכערן דעם

יידישן קיום אין אַמעריקע. קענען אייערע קינדער יידיש אָדער העבּ־רעאיש? גלויבן זיי אין דעם יידישן גאָט? קענען זיי כאָטש אַביסל תנ״ך און יידישע געשיכטע? איך וויל שוין דאָ נישט רעדן פון גמרא, פון די גאונים, פון די שפּאַנישע דיכטער און פילאָזאָפן און פון אַלע אַנדערע קולטור־אוצרות וואָס אונדזער פאָלק האָט אָנגע־זאַמלט אין משך פון זיין לאַנגער געשיכטע...

ז יי אָ נ י ס ט : אַזוי פיל תורות קענען זיי טאַקע נישט, אָבער זיי לער־נען ביי פּריוואַטע היברו־טיטשערס און אין יידישע סקולס... אָ, יעס! זיי לערנען... זיי לערנען אַפילו אין ישיבות קטנות און גדולות, נאָ־טירלעך נישט גאָר אין קיין גרויסע צאָלן...

ש ל י ח : אויב אַזוי, טאָ זאָל אונדז טאַקע דער היברו־טיטשער דערציילן וואָס זיי לערנען און ווי אַזוי זיי לערנען... ער ווייסט עס דאָך אַמ־בעסטן... און דער עיקר זאָל ער אונדז זאָגן צי קען מען מיט אַזאַ לערנען אויפהאַלטן דעם קיום פון יידישקייט און יידן אין אַמע־ריקע...

ל ע ר ע ר : קודם־כל מוז איך דאָך קלאָר פעסטשטעלן: איך בין נישט קיין טיטשער! איך בין אפשר אַ טייטשער, אַן אויסטייטשער פון יידישקייט. איך בין אפשר אַ דערציער און איך וואָלט וועלן דער־ציען יידישע קינדער אין אַמעריקע צו אַביסל תורה און מעשים טובים. איך בין אַ לערער און איך וואָלט וועלן אויסלערנען וואָס אַ גרעסע־רע צאָל פון אונדזערע באָיס כאָטש אַ שטיקל חומש מיט רש״י. אָבער זיי באַגערן נישט צו לערנען, ווייל זייערע עלטערן דערמור־טיקן זיי נישט צו דעם און געבן זיי נישט קיין גענוגנדיקע מעגלעכ־קייטן דערצו. אַ העלפט פון אַלע יידישע קינדער אין שול־עלטער אין אַמעריקע לערנען איבערהויפּט נישט קיין שום יידישע לימודים און אַ העלפט פון דער צווייטער העלפט לערנען אין די סאַנדעי־סקולס איין מאָל אַ וואָך אין משך פון אַ האַלב יאָר, אָדער העכסטנס אין משך פון אַ יאָר צייט, דאָס הייסט אין משך פון 35, אָדער אויב פיל פון 70 שטונדן. אַז אין פאַרלויף פון אַזאַ „לאַנגער״ צייט לער־נען זיי זיך נישט אויס קיין סך תורה, דאָס פאַרשטייט זיך דאָך פון

זיך אַליין. וואָס־זשע דען לערנען זיי זיך יאָ אויס? — אין בעסטן פֿאַל באַווייזן זיי זיך אויסצולערנען צו מאַכן אַ ברכה ווען מען רופֿט זיי אויף צו דער תורה און צו האַלטן אַ באַנאַלן, אויסגעדראָשענעם בר־מצוה־ספּיטש. באַקומט זיך אַזוי אַרום אַז פּאַקטיש וואַקסן דריי פֿערטל פֿון די אַמעריקאַנער יידישע קינדער אויס אָן אַ מינימום שבמינימום פֿון יידישקייט...

זייאַניסט: דאָ איז נישט רוסלאַנד, מיין פֿרענד. דאָ מוזן קינדער זיך שפּילן אין באַל און פּייטן, אויסערדעם וואָס זיי לערנען דאָ אין דער אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול. דאַרף מען פֿאַרשטיין, אַז זיי האָבן בלויז ווייניק צייט צו לערנען יידישע זאַכן.

הדסה: דאָ מוזן קינדער אויך לערנען מוזיק: זיי דאַרפֿן זיך אויסלערנען אַביסל שפּילן אויפֿן פֿידל, אָדער אויף דער פּיאַנאָ, און מען קען זיי נישט צופֿיל אויסמאַטערן אויך, דאָס קען זיי גאָר חלילה פֿאַרשאַטן צום געזונט...

לערער: פֿון דעם לעצטן פֿערטל יידישע קינדער לערנען פֿיר פֿינפֿטל אין די תלמוד־תורות און אין די יידיש־וועלטלעכע שולעס, וואו זיי באַקומען אַביסל יידישקייט אויפֿן שפּיץ מעסער, ווייל דורכשניטלעך לערנען זיי דאָרטן קוים אין משך פֿון וואָסערע צוויי יאָר צו 285 שעה יערלעך. ווען זיי פֿאַרלאָזן די יידישע שולן, פֿאַרלירן זיי כמעט איבגאַנצן דעם קאָנטאַקט מיט יידישקייט און זיי פֿאַרגעסן אַלץ, אָדער כמעט אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרטן געלערנט. אַזוי־אַרום גייען כמעט לאיבוד די גרויסע אָנשטרענגונגען, וואָס זענען נייטיק געווען אָנצווענדן, בכדי די קינדער זאָלן זיך פּאַרט עפּעס אויסלערנען. עס איז נייטיק בייצוקומען פֿון איין זייט די נאַטירלעכע שוועריקייטן, וואָס וואַקסן אַרויס פֿון דער אַרומיקער נישט־יידישער סביבה, און פֿון דער צווייטער זייט די אומגינציקייטן, וואָס שטאַמען פֿון די יידישע היימען גופֿא, וועלכע זענען גרעסטנטיילס אויסגעליידיקט פֿון יעדן פֿונק יידישקייט, דער עיקר אָבער פֿון דער רעליגיעזער און טראַדיציאָנעלער, אָבער אויך פֿון דער אַזוי גערופֿענער וועלטלעכער. דעריבער געפֿינט זיך די היברו־סקול אין אַ כסדרדיקן ווידעראַנאַנד, אין

אַ שטענדיקן קידער־ווידער מיט דער יידישער היים, און דאָס רופט אַרויס ביים קינד אַ צעמישונג און אַן אומצוטרוי צו דעם אַלעמען וואָס דער לערער באַמיט זיך עס אויסצולערנען אין דער שולע און חשד, אַז דאָס אַלץ איז מסתמא נישט וויכטיק, אויב אין דער שטוב פון זיינע טאַטע־מאַמע איז נישטאָ אַפילו קיין אָנצייכעניש פון דעם. אַט־דער פּסיכאָלאָגישער צושטאַנד פאַרמינערט נאָך אין אַ געוואַל־טיקער מאָס די פּעולה פון דער יידישער שולע אויף די קינדער, וועלכע איז אויך אָן דעם נישט איבעריק גרויס. בלויז איין פינפטל פון אַ פּערטל פון אַלע יידישע קינדער אין שול־עלטער אין אַמע־ריקע, דהיינו די וואָס לערנען אין די ישיבות, באַקומען אַ גענוגב־דיקע יידישע דערציאונג און אַן אַנזעעוודיקן באַגאַזש פון יידישן וויסן. אָבער וועגן דעם קען אייך איבערגעבן גענויערע ידיעות דער ראש־ישיבה. איך דאַרף דאָ בלויז איבערגעבן נאָך מיין מסקנה: איך גלויב נישט אין דעם, אַז דאָס היינטיקע חינוך־וועזן אין אַמעריקע איז בכוח צו פאַרזיכערן אַפילו אין דער מינימאַלסטער מאָס דעם יידישן קיום דאָרטן!

ר א ש ־ י ש י ב ה : מיט גרויס מי און מיט פיל קרבנות איז אונדז גע־לונגען צו שאַפן אויף אַט־דער נייער ערד אַ נעץ פון שיינע תורה־אַנשטאַלטן, וועלכע ווערט אַלץ געדיכטער און זי פאַרגרעסערט זיך און ברייטערט זיך אויס אַלץ מער. וואָס שייך געוויסע אויסערלעכע פאָרמען, האָבן מיר זיך געמוזט צופּאַסן צו דער נייער סביבה, אָבער מיר האָבן באַוויזן אויפצוהאַלטן גאַנץ דעם קערן פון יידישקייט און אָפּצוהיטן זיין תוך. איז דאָס אַ גרויסע דערגרייכונג, ווייל סוף־כל־סוף איז דאָך די שאָלעכץ, די קליפּה, מינדערוויכטיק. אָבער צום באַ־דויערן נעמט אַרום אונדזער אויפטו נאָר אַ קליינעם מיעוט פונעם היגן יידישן ישוב: מיר גלויבן אין דעם, אַז אין משך פון אַ לענ־גערן צייט־אָפּשניט וואָלטן מיר געוועזן ביכולת אַריינצונעמען אין די ראַמען פון אונדזער ווערק אַ מאַיאָריטעט, אָדער אפשר טאַקע אַלע אַמעריקאַנער יידן. אָבער בינו לבינו, ביז עפּעס וואָס, וואָלטן אָפּ־געפאַלן און פאַרפרעמדט געוואָרן פון אונדז, חלילה, אומגעהייער

צאלרייכע טיילן פון יענע, וואס רעכענען זיך נאך היינט פאר יידן, און זיי וואלטן דעפיניטיוו פארלוירן געגאנגען פאר אונדז. איך האב נישט קיין דרייסטקייט צו מאכן דא וועלכע עס איז נישט אויספירן. דאס קען אבער טאן אונדזער מנהיג, דער לובאוויטשער.

יידישיסט: (נישט זייער פריינטלעך און רעספעקטפול) זייט־זשע מוחל, לובאוויטשער, זייט אזוי פריינטלעך און לאזט מיך פריער קומען צום ווארט, ווייל איך האב דא צו זאגן עפעס גאר און גאר וויכטיקעס וועגן דער יידישער קולטור אין אמעריקע.

לובאוויטשער: איך בין אייך מוחל, ר' ייד, און זאגט אייך גע־זונטערהייט דאס וואס איר דארפט.

יידישיסט: מיר האבן דא ערשט אויסגעהערט דעם לערער און זיינע ווערטער זענען געווען דורכגעזאפט מיט פיל ביטערקייט און פעסי־מיזם. ווייל איך דא נישט באהויפטן, אז ער האט פארדרייט אדער פארלייקנט דעם אמת, אבער א קליין ביסעלע האט ער אפשר פארט איבערגעכאפט די מאס מיט זיין פעסימיזם. פון אונדזערע שולן גייען אויך ארויס קינדער מיט א פיינעם יידישן וויסן און א טייל פון זיי ווערן אויך אקטיוו אין אונדזער געזעלשאפטלעכן לעבן. זיי רעדן און לייענען יידיש און דאס איז, לויט מיין מיינונג, היינט־צו־טאג מער סימן מובהק פון יידישקייט ווי רעליגיע. דאס איז איינמאל אוועק. בדרך כלל איז איצט די מערכה פון יידיש און פון אונדזער קולטור אויף מאמע־לשון אפילו א בעסערע ווי אמאל, ווען מיר זענען נאר־וואס געהאט אנגעקומען אהער קיין אמעריקע, און איר מדרגה איז אפילו א העכערע ווי דעמאלט. מיר פארמאגן היינט אין אמעריקע אזעלכע גרויסע און וויכטיקע יידיש־אנשטאלטן, וועגן וועלכע מיר האבן אין די ערשטע יארן פון אונדזער לעבן אין אמעריקע אפילו נישט געוואגט צו טרוימען. מיר האבן היינט א ייווא און א ציקא, וועלכע זענען פאר אונדז א שטאלץ און זיי ווערן אויך הויך אפגע־שאצט פון נישט־יידן. דער ארבעטער־רינג און דער יידישער נאציא־נאלער ארבעטער־פארבאנד פירן אן א שיינע, גרויסע און פארצווייג־טע קולטור־ארבעט. אונדזערע שריפטשטעלער האבן נישט אויפגע־

הערט חלילה צו שאַפן אויסגעצייכנטע ליטעראַרישע ווערק. אויך אונדזער פּרעסע האַלט זיך נאָך גאַנץ פעסט. בלויז דאָס יידישע טעאַטער איז צום באַדויערן היפּש אַראָפּ פון דער מדרגה...

לערער: איר מאָלט דאָך ממש אויס אַ גן־עדן און אויך איר גייט נישט ווייט אַוועק פונעם אמת. ווי עס ווייזט זיך אויס, מאַכט טאַקע דער טאָן די מוזיק. פאַקטן קען מען אויסטייטשן און אַריינטייטשן אַפילו ווען מען איז נישט קיין טיטשער.

יידישיסט: כאַפּט נישט, מיין פריינד, און הערט זיך איין וואָס איך וועל דאָ ווייטער זאָגן... לויט די פריערדיקע אויספירונגען מיינע, וואָלט געהייסן אַז עס איז טאַקע גאַנץ גוט, איז אָבער דערביי פאַראַנען אויך אַ היפּשע צרה און זי באַשטייט אין דעם, וואָס אונדזערע מענטשן זענען בטבע שלאַבעריק און צופיל מהיכא־תיתאדיק. עס פעלט זיי אויס אַביסל עקשנות און פאַנאַטיזם. זיי לאָזן זיך צופיל מיטשלעפּן מיטן שטראָם. ווען מיר זענען נאָרוואָס געהאַט אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָבן זיך אונדזערע פאָלקסמאַסן גאָר שטאַרק געקלאַמערט אין יידיש און איר קולטור, ווייל קיין ענגליש האָבן זיי דאָך נאָך נישט געקענט. דעמאָלט האָבן זיי נאַטירלעך גערעדט אין די היימען נאָר יידיש, געלייענט נאָר אַ יידישע צייטונג, אָדער בוך, געגאַנגען נאָר אין יידישן טעאַטער. אָבער דאָס לעבן האָט פון זיי שטרענג געפאָדערט, זיי זאָלן אויפבויען פאַר זיך אַלץ בעסערע און פעסטערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און צו דעם צוועק האָבן זיי זיך געמוזט אויסלערנען ענגליש. איז דערווייל פון זייערע היימען אַרויסגעשטויסן און אויסגערונען געוואָרן דאָס יידישע לשון און דער יידישער לעבנסשטייגער. אַזוי ווי זיי זענען צופיל פאַרהאַוועט געווען און איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין „מאַכן אַמעריקע", האָבן זיי אַפילו נישט רעכט באַמערקט, אַז עס וועפּט זיך ביי זיי אויס דער תמצית פונעם לעבן. און אַזוי איז עס געשען, אַז זייערע רייך־אויסמעבלירטע היימען זענען געוואָרן גייסטיקע חורבות און קולטורעלע מדבריות, וואו עס האָבן אַ דריסת הרגל שדים און נישט־גוטע. וואָס־זשע דאַרף מען טאָן? דאַרף מען אַראָפּלאָזן די הענט, פאַרצווייפלען און זיך

פאַרלירן? בשום אופן נישט! מען דאַרף אויפטרייסלען אויפסניי אונ־
דזערע מאַסן, ווידער אַרויסרופן ביי זיי אַביסל מער עקשנות און
אויפוועקן ביי זיי נאַכאַמאָל אַביסל פאַנאַטיזם, בכדי זיי זאָלן צו־
ריק אַריינפירן אין זייערע הייזער די יידישע קולטור און דעם וואונ־
דערלעך שיינעם יידישן לעבנסשטייגער, פון וועלכע זיי האָבן זיך
קיינמאָל נישט געהאַט אָפּגעזאָגט אין דער אמתן...

ל ע ר ע ר : אמן! כן יהי רצון! אדרבה, באַווייזט נאָר, מיין געשעצטער פריינט, אַז איר קענט נישט נאָר לאַנג און פיין ריידן, נאָר אויך פיל טאָן און גוט האַנדלען.

ש ר יי ב ע ר : איך קען נישט רואיק אויסהערן אַזעלכע פאַלש־אָפּטי־מיסטישע רייד. אונדזער וועלטל קאַרטשעט זיך אין ווייטיקן פון אַ שווערער קראַנקייט, אָדער אפשר גאָר אין גסיסה־קאָנוואולסיעס, און דאָ קומט זיך אַ מענטש און רעדט זיך אַזוי רואיק און בנעימותדיק וועגן „אויפן בוידעם איז אַ יאַריד". איך וויל נישט ריידן וועגן קיין אַלגעמיינע זאַכן, אָבער איך מוז זאָגן פאַר אייך עטלעכע ווערטער וועגן אַן ענין, וועלכער איז מיר גוט באַקאַנט, דהיינו וועגן דער יידישער פרעסע. וויפיל איז דען אין דעם, אַז דאָס יידישע צייטונגס־וועזן אין אַמעריקע איז געווען אַ מעכטיקער אויסדרוק פון אונדזער לעבן און זיין פּראָדוקציע איז געווען פאַר אונדזערע מאַסן כמעט אַזאַ געברויך־אַרטיקל ווי ברויט און פלייש? ערשט צוריק מיט וואָסערע דרייסיק יאָר האָט יעדער פינפטער ייד געקויפט אָדער אַבאָנירט אַ יידישע צייטונג, און היינט טוט עס שוין אפשר איינער פון צוואַנ־ציק. דעריבער איז דער טיראַזש פון די צייטונגען אונדזערע פון דעמאָלט אַן געפאַלן אויף אַ העלפט, כאָטש די באַפעלקערונג איז אין דער צווישנצייט כמעט ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן. און די פערס־פּעקטיוון אויף דער נאָענטער צוקונפט זענען ווייט נישט קיין סך פריילעכערע. פעלט זיך אַ יידישער צייטונגס־לייענער, ווייל ער גייט אַוועק מיטן וועג פון אַלע שטערבלעכע, לאָזט ער געוויינטלעך נישט איבער קיין יורשים און נאָכפאָלגערס וואָס זאָלן אויספילן דעם בלויז, וועלכער בלייבט איבער נאָך אים. אויף אַזאַ אופן מוז אונדזער פּרע־

סע, וואָס האָט אַמאָל מעכטיק סטימולירט, באַווירקט און באַאײנ־
פלוסט דאָס יידישע לעבן אין דעם נייעם לאַנד אַמעריקע, גיין וואָס
ווייטער אַלץ מער באַרג־אַראָפּ און ווער ווייסט וואואַהין זי וועט זיך
דערקייקלען אין די גאָענטסטע עטלעכע יאָרן...

ש ר י פ ט ש ט ע ל ע ר : איך קען אַפילו דאָ נישט ריידן וועגן קיין אַמאָ־
ליקער גלאָריע. די מערכה פון דעם יידישן שריפטשטעלער איז
שטענדיק און אומעטום נישט געווען גאָר קיין גלענצנדיקע, ווייל די
בעסערע ליטעראַרישע שאַפונגען זענען דאָך קיינמאָל נישט געווען
קיין מאַסן־אַרטיקל, פונדעסטוועגן איז צוריק מיט יאָרן דאָך נאָך
געווען ווער עס זאָל אונדז שריפטשטעלערס אויפנעמען, לייענען, אָפּ־
שאַצן, און טאַקע קויפן אונדזערע ביכער, ווען אַפילו נישט אין קיין
גרויסע צאָלן. איצט האָב איך דעם איינדרוק, ניין, איך בין טאַקע
זיכער אין דעם, אַז אונדזערע אַמאָליקע לייענערס זענען דערווייל
פּעט, אויסגעפּרעסן, ברוטאַליזירט און פאַרגרעבט געוואָרן — האָבן
זיי אונדז פולשטענדיק פאַרגעסן און זיי דאַרפן אונדז מער אינגאַנצן
נישט האָבן. קיין יונגע לייענער אָבער האָבן מיר באַשיינפּערלעך שוין
אין משך פון יאָרן נישט צובאַקומען. וואָס־זשע קומט אַרויס פון דעם
וואָס מיר שאַפן ווייטער, און אָפטמאָל אַפילו גאַנץ גרויסע און אײנ־
געגעבענע ווערק, אַז קיינער דאַרף זיי נישט האָבן און אַז מיר קומען
נישט צום אויסדרוק אַפילו אין דער קלענסטער מאָס. דער גרעסטער
טייל פון אונדז האָט נישט וואו צו דרוקן זייערע וויכטיקערע שאַ־
פונגען, סיידן אין דעם באַקאַנטן פאַרלאַג „אַליינעניו״. ווען די באַ־
רימטסטע און מזלדיקסטע צווישן אונדז דרוקן שוין יאָ אָפּ אַ בוך,
אַפילו אין נישט קיין גאָר גרויסער צאָל עקזעמפּלאָרן, בלייבט אַ
זייער גרויסער טייל פון זיי ליגן ערגעץ אויף די פּאָליצעס. דאַרף
מען זיך נישט חידושן וואָס מיר זענען אַזוי פאַרביטערט, וואָס מיר
פילן זיך אַזוי עלנט, פאַראיינזאַמט און אָפּגענאַרט און דאָס קומט
אויך אָפטמאָל צום אויסדרוק אין אונדזערע שריפטן און ווערק.

ש ו י ש פּ י ל ע ר : (מיט אַ געמאַכטן, ברייטן טעאַטראַלישן זשעסט)
האָכגעשעצטעס פובליקום! איר האָט שוין דאָ אויסגעהערט די רייד

פונעם לעזער, פונעם שרייבער און פונעם שריפטשטעלער — איצט הערט אויך אויס מיין וואָרט. אויב אויף די אַרבעטס־געביטן פון יענע וואָס האָבן געזעדט פאַר מיר וועגן יידישער קולטור איז לעצטנס פאָרגעקומען אַ גרעסערע אָדער קלענערע ירידה, איז מיטן יידישן טעאַטער געשען ממש אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, פּשוט אַן אויסער־געוויינטלעך טרויעריקע טראַגעדיע! יעס, ליידיס ענד דזשענטעלמען! אויפן יידישן טעאַטער האָט זיך אויסגעגאָסן איינפאַך דעם רבונו של עולמס צאָרן מער ווי אויף אַלעמען. ערשט מיט 25 אָדער 30 יאָר צוריק, איז דאָס יידישע טעאַטער אין אַמעריקע געווען געגליכן צו אַ מעכטיקער מלוכה. יידן זענען ממש געלאָפן אין אונדזער טעאַ־טער אַריין מיט אַזאַ התלהבות ווי מען פלעגט אַמאָל פאָרן צו אַ רבין. אין יענער צייט האָבן אין אַמעריקע געשפּילט אין משך פון פולע לאַנגע סעזאָנען וואָסערע צוואַנציק יידישע טעאַטערס, צוועלף פון זיי אין ניו־יאָרק אַליין. 15 טויזנט יידן זענען דעמאָלט דורכ־שניטלעך געקומען אונדז הערן, זען און באַוואונדערן נאַכט־איין און נאַכט־אויס. געלט האָבן מיר פאַרדינט פולע הויפנס. אויפן הימל פונעם יידישן טעאַטער האָבן דעמאָלט געשיינט נישט קיין „בלאַנ־דזשענדיקע שטערן", נאָר גרויסע וועלט־באַרימטע סטאַרן, איינגעזע־סענע גאָט־געבענטשטע בינע־קינסטלערס, וועלכע האָבן מיטגעריסן די צאָלרייכע מאַסן פון גרעסטנטיילס יונגן עולם באַזוכער. און איצט איז אַ חורבן און אַ בראַך! יעס, מיינע פריינד! איצט איז די לאַגע אַ פאַרצווייפלטע און עס איז אונדז, יידישע טעאַטער־מענטשן, אַך און וויי! היינט שפּילן אין ניו־יאָרק קוים נאָר דריי־פיר טעאַטערס און אין דער פּראָווינץ איז אַפילו שוין קיין איין איינציקער מער נישטאָ. די סעזאָנען זענען קורצע און זיי געדויערן בלויז עטלעכע וואָכן, אָדער אין בעסטן פאַל מאָנאַטן. זענען טאַקע די פאַרדינסטן נאַטיר־לעך זייער מאָגערע און אַ סך פון אונדז ליידן ממש הונגער, ס'זאָל נישט אויסגערעדט זיין. ס'ביסל צושויער אונדזערע זענען שוין איצט גרעסטנטיילס אַלטע לייט מיט פאַרגליווערטע בלוטן און קיין יונגן מענטשן זעט מען נישט היינט אין אונדזערע געמאַרקן אַפילו אויף אַ רפואה. די פּעאיקערע אַקטיאָרן פון אונדזער בינע, באַזונדערס די

יינגערע, זענען אַוועק צו דער ענגלישער סצענע, אָדער קיין האָלי־וואוד צום פילם. עס כאַפּט פשוט אָן אַ שוידער, יידן! אונדזער טע־אַטער איז שוין ממש אַ גוסס... עס האַלט שוין פשוט ביים אויס־הויכן די נשמה...

**אליהו הנביא:** לאָזט איצט, קינדערלעך, זאָגן זיין מיינונג דעם לובאַוויטשער.

**לובאַוויטשער:** ווי איר האָט געהערט, יידן, פונעם ראש ישיבה, האָבן אונדזערע ישיבות קטנות און גדולות מצליח געווען און עס גייען פון דאָרטן אַרויס יונגע לומדים, פרומע מאמינים, אויף וועלכע מען מעג לייגן האָפענונגען. איז עס דאָך גוט און דאָך בין איך ערשט נישט איינגאַנצן צופרידן, ווייל אונדזער גאַנצער אויפטו שטייט אין אַ גרויסער מאָס אויף קנאות, אויף פאַנאַטיזם, און עס איז אַזאַ מין פּראָטעסט קעגן דעם אַרומיקן, פון אינהאַלט אויסגעליידיקטן לעבן. די בחורים וואָס ווערן ביי אונדז דערצויגן, זענען טאַקע גוטע יידן, אָבער זיי זענען פאָרט נישט קיין סתם יידן, אָן קונצן און אָן פאַר־וואָסן. זיי זענען גיכער דווקא־יידן, להכעיס־יידן, וואָס גייען אויף כוח קעגן דעם אַלגעמיינעם שטראָם פונעם לעבן. מיט זיי פּאַסירט, אויף אַביסל אַן אַנדערן שטייגער, דאָס וואָס עס קומט פאָר מיט אונ־דזערע מענטשן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אויך דאָרטן לעבן זיי אין אַ שטענדיקער שפּאַנונג, ווי אַן אויסדרוק פון באַהאַלטענעם פּראָטעסט קעגן דער אָרדענונג פון ביטערן טעראָר און צוואַנג. אויך דאָרטן זענען זיי גוטע יידן, אָבער מסירת־נפשדיקע. אין ביידע דער־מאָנטע מדינות זענען זיי נישט אַזעלכע נאַטירלעכע, אָרגאַנישע יידן ווי עס פלעגן וואַקסן ביז צום לעצטן גרויסן אומגליק אין ליטע, פּוילן, גאַליציע און רוסלאַנד... יענע פלעגן נישט טראַכטן, אַז זיי זענען יידן צוליב עפּעס אַ סיבה, לאָמיר זאָגן, למשל, בכדי צו זיין אַ ביישפּיל און אַ מוסטער פאַר עמעצן. זיי זענען געווען יידן פשוט דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען יידן. אַ סך פון זיי זענען געווען קנאַפּע לומדים אפילו. די מאַסע פון בעלי־עגלות, טרעגערס, שוס־טערס, שניידערס, קירזשנערס, קצבים, בעקערס, פישערס און אַנ־

דערע זייערס גלייכן, האָבן אָפטמאָל נישט געקענט מער ווי דאַווע־נען, אָבער אין זייערס אַ קאַפּיטל תהילים איז געלעגן אַזוי פּיל עכטע יידישקייט, אַזוי פיל טיפע און אויפריכטיקע אמונה, אַז היינטיקע יידן אין אַמעריקע, אַפילו די פרומע און רעליגיעזע, קענען זיך מיט זיי אויף קיין פאַל נישט פאַרגלייכן. זיי זענען געווען נישט גע־קינצלט און גאַנץ מיט זיך אַליין, מיט דער וועלט און מיט זייער בורא. איך בין פעסט און טיף איבערצייגט, אַז אַזעלכע נאַטירלעכע און אָרגאַניש־אמתדיקע יידן וועלן שוין אין די נייע גלות־לענדער אַזוי גיך נישט מער אויסוואַקסן. דעריבער בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז מיר דאַרפן זיך אומקערן אָן איבערטראַכטענישן אין אונ־דזער הייליקן לאַנד ארץ ישראל, ווערן דאָרטן אַ מערהייט און לעבן צווישן זיך, צווישן אייגענע, אָן דעם צוואַנג פון פרעמדע סביבות און השפעות. וועלן, אם ירצה השם, ווידער אויפקומען אַזעלכע יידן ווי עס זענען געווען אַמאָל, אין דער גאָר ווייטער און אַפילו אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט...

זײַאַניסט: אויך איר רעדט אַזוי, לובאַוויטשער? און איר זענט דאָך גאָר קיין ציוניסט נישט! אָבער מיר וועלן אויך אייך נישט פאָלגן, מיר קענען אייך נישט פאָלגן. מיר און אונדזערע קינדער וועלן בלייבן אין אַמעריקע און מיר וועלן מיט אַלע כוחות העלפן די נויטבאַ־דערפטיקע יידן פון אומעטום, וואו אַזעלכע זענען נאָר פאַראַנען, עולה צו זיין און צו בויען ארץ ישראל.

הדסה: נאָך אַלעמען קענט איר אונדז דאָך נישט פאַרוואַרפן, אַז מיר זענען ערגער ווי עס זענען געווען די פוילישע, רוסישע, גאַליצישע, אָדער רומענישע יידן. אויך יענע האָבן זיך נישט שטאַרק געריסן צו פאָרן קיין ארץ ישראל און אויך זייערע קינדער האָבן זיי נישט גע־וואָלט אַהין שיקן, כאָטש עס איז זיי געווען אומפאַרגלייכלעך ערגער ווי אונדז אין אַמעריקע...

חלוץ: אויב אַזוי איז ווער־זשע, מיי דיר ליידי, האָט געלייגט די פונ־דאַמענטן פון דעם נייעם ישוב אין ארץ ישראל און אויפגעבויט דעם ערשטן שטאָק? פון וואַנען־זשע האָבן זיך גענומען אַהינצו איבער

600 טויזנט יידן, כן ירבו? ווער־זשע האָט אויפגעבויט די הונדערטער קאָלאָניעס, קיבוצים און מושבים און ווער האָט פאַרלייגט און גע־גרונטפעסטיקט די שטאָטישע ישובים אין אונדזער לאַנד? ווער־זשע האָט פאַרטיידיקט אונדזער היים אין די צייטן פון סכנה? ס׳איז אמת, אַז אויך יענע יידן זענען געקומען בלויז אין קליינע, אומגענוגנדיקע צאָלן און אויך זייערע קינדער האָבן זיי געשטערט און נישט געלאָזט עולה זיין — האָבן זיי טאַקע דערפאַר טייער באַצאָלט! הלוואַי וואָלטן זיי יאָ געווען געקומען אין גרעסערע מאַסן, וואָלט עס געווען בעסער פאַרן גאַנצן פאָלק און אויך פאַר זיי פערזענלעך, ווי יחידים. ליידער האָבן זיי דאָס נישט געטאָן. איר אָבער וואָלט זיך געדאַרפט עפּעס אָפּלערנען פון זייער דערפאַרונג און פון זייער ביטערן גורל! ווילט איר דאָס נישט טאָן, זענט איר צופיל צעבאַלעוועט, צעלאָזן און פאַרפעטסט געוואָרן צוליב דעם רייכן און גוטן לעבן, און די קליינלעכע מאָמענטאַנע אינטערעסן פאַרשטעלן פאַר אייך די גרויסע פערספּעקטיוו און דעם דערהויבענעם, אָבער שווער־דערגרייכבאַרן נאַציאָנאַלן ציל. זענען אייערע הערצער טעמפּ געוואָרן, אייערע אויגן קורצזיכטיק און אייערע אויערן שווערהעריק — ווען מיר אייך שוין מסתמא נישט קענען רירן פונעם אָרט. אָבער אייערע קינ־דער, דער עיקר די פילבאַרערע און בעסערע פון זיי, וועלן מיר נישט מפקיר זיין, ווייל מיר דאַרפן זיי האָבן און זיי דאַרפן אונדז וואָר־שיינלעך נאָך מער. מיר דאַרפן זייער ענערגיע און אינטעליגענץ, זייע־רע קענטעניש און וויסנשאַפטן, און זיי דאַרפן האָבן אַ העכערן ציל, וועלכער זאָל געבן אַ ווערט און באַדייטונג פאַר זייער לעבן. פאַר זיי האָט דער נאַקעטער דאָלאַר שוין נישט אַזאַ דאָמינירנדיקע און צוי־בערנדיקע צוואַנג־באַדייטונג ווי פאַר אייך, אַלטע לייט, וואָס איר זענט אויסגעוואַקסן אין אַ סביבה פון ביטערע פאַרפאָלגונגען, פון אָרעמקייט, דחקות און נויט. זיי דאַרפן האָבן אַ דערהויבונג, אַן עליה, אַן אויסלייזונג פון דעם נישט אינטערעסאַנטן טאָג־טעגלעכן מאַטע־ריאַליזם. וועלן מיר גיין קעגן אייער ווילן און איבער אייערע קעפּ וועלן מיר ברענגען צו זיי אונדזערע אידעאַלן פון נאַציאָנאַלער אויס־לייזונג און רעהאַביליטאַציע און פון סאָציאַלן יושר און צדק, און

מיר וועלן צעבלאָזן די פונקען וואָס טליען בלי־ספק אין זייערע נשמות אונטערן גרויען און אויסגעקילטן אַש. וועלן מיר זיי דער־ציילן וועגן די מעשי־בראשית, וואָס זענען שוין אויפגעטאָרן געוואָרן און אויך וועגן יענע טאַטן, וואָס וואַרטן נאָך אויף זייערע דורכפירער און פאַרווירקלעכער. וועלן מיר זיי איבערגעבן אויך וועגן אונדזערע קרבנות און ליידן, וועלכע מיר האָבן געמוזט ברענגען און איבער־טראָגן אין די ערשטע שווערע יאָרן פון קאַמף און נסיון. וועלן מיר זיי דערציילן אונדזערע לעגענדעס און זינגען מיט זיי אונדזערע לי־דער, וועלן מיר זיי אויסלערנען טאַנצן מיט אונדז אינאיינעם אונ־דזערע באַגייסטערטע האָראָס. און מיר זענען זיכער, אַז זיי וועלן אונדז פאַרשטיין און דערהערן, אָדער ווייניקסטנס אינסטינקטיוו דערשפירן אונדזער גרויסן און פעלדזנפעסטן אמת. און זיי וועלן קומען צו אונדז און זיי וועלן זיך שטעלן מיט אונדז אינאיינעם אין איין רייע, אויף איין פראָנט, ווייל דאָס איז אַ היסטאָרישער מוז. זיי וועלן קומען צוערשט איינציקווייז, שפּעטער גרופּנווייז, און צום סוף אין גרויסע מאַסן. און וואויל וועט זיין צו אונדז, צו זיי און צו אייך. איר וועט סוף־כל־סוף אויך געבן אייער ברכה! בעל כרחכם תענו אמן! (לענגערע פויזע).

שר האומה: קיינער האָט, ווייזט אויס, מער גאָרנישט צו זאָגן און צוצוגעבן און דאָס איז טאַקע אויך אויף קיין פאַל נישט נייטיק. דער חשבון איז קלאָר פאַר אַלעמען און עס קען שוין אונטערגעצויגן ווערן איצט דער אַלגעמיינער סך־הכל. בין איך מוכן ומזומן דאָס צו טאָן! (קורצע פויזע, דערנאָך פייערלעך און שטרענג) שמע ישראל! הער זיך איין מיין פאָלק ישראל! בהסכם רבים פון אַלע דאָ פאַר־זאַמלטע לאַמעד וואָוו צדיקים, בין איך דיר מודיע, אַז חסל פרק הגלות! עס האָט זיך פאַרענדיקט דער גרויסער און לאַנגער קאַפּיטל פון אונדזער גלות. די אויסערלעכע און אינערלעכע גורמים פאַדערן עס זאָלן איינגעזאַמלט ווערן די רעשטלעך פונעם פאָלק אויף דער אייגענער אַלטער ערד פון אונדזערע אבות און זיי זאָלן זיך דאָרטן איינקלאַמערן מיט די ציין און מיט די נעגל, קעגן דעם ווילן פון אַלע

שונאים וואָס ווילן אונדז שטערן און נישט דערלאָזן דאָס דורכצו־פירן, און אַפילו קעגן דעם ווילן פונעם גרעסטן טייל פון אונדזער פאָלק, וועלכעס האָט ליב באַקומען די טעפּ מיט פלייש און דאָס גאָלד פון די רייכע גלות־לענדער. מיר באַשליסן און זענען מוסר מודעה דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס איז פאַר אונדז דער איינציקער מעג־לעכער וועג, אויב מיר ווילן נישט אונטערגיין, אויב מיר ווילן ווייטער האָבן אַ קיום! גייט איצט, איר לאַמעד וואָוו צדיקים, אַ יעדער צוריק אַהין פון וואַנען ער איז געקומען און פאַרקינדיקט צו די בני־ישראל און צו די חסידי אומות העולם דעם גזר־דין פון אונדזער גורל! זאָלן אַלע זיין גרייט צו דערפילן זייער חוב! זאָלן קודם־כל די יידן פון דער גאַנצער וועלט צושטעלן די מיטלען צום גרויסן בנין: ציגל און ליים, געצייג און מאַשינען, געלט און מענטשן, און זאָלן אונדזערע פריינט צווישן די פעלקער אַרויסהעלפן אונדז מיט זייער השפּעה אין דער פּאָליטיק פון דער וועלט!

אַלע לאַמעד וואָוו צדיקים: (אין אַ פייערלעכן כאָר, לאַנגזאַם און ציילנדיק די ווערטער) מיר וועלן טאָן אַלעס נייטיקע, בכדי דער גזר־דין פון דער געשיכטע זאָל דורכגעפירט ווערן פּינקט־לעך און בשלימות!... (שטייען אויף פון די ערטער און הייבן אָן זיך צו צעגיין אין ליכט פון די שטראַלן וואָס קומען פון פאַרשיידענע ריכטונגען).

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם).

ס ו ף.

HUMBOLDT JUN 9 1959

NORTH TOWN

NOV 7 1961

